ש. ל. שנײדערמאַן

# צווישן שרעק און האָפענונג

GRANAT

אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל-פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע בוענאָס אײַרעס 1947

ש. ל. שניידערמאן

# צווישן שרעק און האָפענונג



די הכנסה פונעם בוך איז באשטימט פאר
דער הילפס־ארבעט פונעם פוילישן יידנטום.

ביכער-סעריע

# דאָס פּױלישע ייִדנטום

באַנד 25

רעדאַקטאָר:
מאַרק טורקאָוו
פאַרלאַגס-לייטער:
אברהם מיטלבערג

מ. פייגענבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פון בוך

ש. ל. שניידערמאַן

# צווישן שרעק און האָפענונג

(א רייזע איבער דעם נייעם פוילן)



ארויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס איירעס, 1947

# אינהאלט:

ק א פ י ט ל   א י י נ ס

# דער ערשטער בליק אויף ווארשע

בלויז צוויי שעה האָט געדויערט די פלי־רייזע פון בערלין קיין ווארשע, אָבער די צוויי שעה אין עראָפּלאַן האָבן זיך פאר מיר געצויגן ווי אן אייביקייט. איך האָב געברענט מיט נייגיר ווי אמגיכסטן צו זיין אין ווארשע, ווי אמשנעלסטן זיך באגעגענען מיט מיינע לעבנגעבליבענע חברים און פריינט און צו זען די רעשטלעך פון געטאָ, פון דעם ווארשעווער יידישן קווארטאל, וווּ יעדעס הויז און יעדע גאס איז מיר געווען אזוי נאָענט.

און אָט זענען מיר שוין געפלויגן איבער די חורבות פון דער הויפּט־שטאָט. די נאקעטע מויערן מיט די קאפּויער־שטארנדיקע קוימענס זענען געווען פארגאָסן מיט רויטן זון־ליכט. לויט דעם גרינס פון די פארקן האָב איך זיך אָריענטירט אין די געגנטן פון דער שטאָט, וווּ איך האָב פאר־בראכט די שענסטע יאָרן פון מיין יוגנט, אָבער קיין גאסן האָב איך נישט דערקענט, הגם דער עראָפּלאַן איז שוין גאָר נידעריק געפלויגן איבער דער שטאָט.

דאָס אויסזען פון דער חרובער שטאָט האָט מיך איינגאנצן פאר־כאפּט. מיין בליק איז צוגעשמידט געווען צום פענסטערל ביז צום לעצטן מאָמענט, ווען אונדזער עראָפּלאַן האָט שארף א הויב־געטון דעם רעכטן פליגל און גענומען זיך גליטשן איבערן פלי־פעלד.

די קאָנטראָל פון אונדזערע פאספּאָרטן האָט געדויערט קוים עטלעכע רגעס. די העפלעכקייט פון די באאמטע איז פאר מיר געווען אן איבער־ראשונג. איך האָב מיט נייגיר אָבסערווירט יעדע קלייניקייט אין די ביור־ראָען פון פלי־פּלאַץ, וווּ איך האָב באמערקט דעם אלטן פוילישן אָדלער, אָבער מיט אן אראָפּגעשניטענער קרוין. פון די ווענט האָבן אויך אראָפּ־

געקוקט די פּאָרטרעטן פון פּוילנס איצטיקע פירער: דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, דער פּרעמיער־מיניסטער און דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי.

די מיליטער־לייט, וועלכע האָבן דורכגעפירט די פאָרמאַליטעטן, האָבן גאָר אַנדערש גערעדט ווי די אַמאָליקע פּוילישע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך שטענדיק באַצויגן מיט ביטול צו יעדן איינעם, וועלכער האָט נישט באַלאַנגט צו זייער קאַסטע. איך האָב דערפילט, אַז עפּעס איז פאָר־געקומען אַן ענדערונג, אַז עפּעס געשעעט אין דעם חרובן לאַנד. עס איז פאַרשוווּנדן די שרעק פון דערוואַרטונג און דער אומרו, וואָס האָט מיך געהאַט דורכגענומען אין די לעצטע שעהן, איידער איך בין אין בערלין, פון סאָוועטישן פלי־פעלד, אָפּגעפלויגן קיין פּוילן.

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט אַן אויטאָמאָביל אונדז געבראַכט פאַרן האָטעל „פּאָלאָניאַ״. צענדליקער מיליטערישע אויטאָס און עלעגאַנ־טע לימוזינעס מיט די אויפשריפטן „דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס״, זענען גע־שטאַנען פאַרן האָטעל, ווו די פאַרשידענע אויסלענדישע אַמבאַסאַדעס האָבן זייערע ביוראָען. קעגנאיבער דעם האָטעל האָט געשפּענסטיק געשראָקן די ריזיקע, שטאָלענע ראַם פון דעם אַמאָליקן אַריינגאַנג צום הויפּט־באַנהויף. אין דער ראַם האָט זיך געזען די רויט־אָנגעגליטע זון, וואָס האָט זיך שנעל אַראָפּגעלאָזט איבער די חורבות.

דער ווינט האָט פונאַנדערגעטראָגן אַ געדיכטן, ווייסן שטויב פון די צעקרישלטע מויערן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין אין אַ שטאָט, ווו די באַלאַגערונג איז נאָר וואָס אַראָפּגענומען געוואָרן, אָבער ווו דער קריג גייט נאָך ווייטער אָן.

די קריגס־שטימונג אין פאַרנאַכטיקן וואַרשע איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך די צאָלרייכע סאָלדאַטן אין אָפּגעטראָגענע, צעקנייטשטע מונ־דירן און מיט מעכאַנישע פּיסטוילן אין די אָרעמס, גרייט צום שיסן, גלייך ווי זיי וואָלטן נאָר וואָס אַרויס פון די טראַנשייען. זיי האָבן געשפּאַנט הין און צוריק אויפן טראָטואַר פאַרן האָטעל און פון צייט צו צייט זיך פאַר־קירעוועט אין דער זייטן־גאַס, וואָס פירט צו דער הויפּט־פּאָסט.

ווען קריגן אַ צימער אין האָטעל „פּאָלאָניאַ״ האָט דערווייל נישט געקענט זיין קיין רייד, טראָץ דעם וואָס איך האָב עס טעלעגראַפיש געהאַט

רעזערווירט. כדי צו באַקומען אַ צימער אין דעם איינציקן רעפּרעזענטאַ־טיוון האָטעל אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט, איז נויטיק געווען אַ ספּע־ציעלע באַוויליקונג פון מיניסטאָרן־ראַט און דערויף איז שוין געווען צו שפּעט. אין דער זעלבער לאַגע האָבן זיך אויך געפונען די צוויי ספּעציעלע שלוחים פון „דזשאָינט", נחמיה גילמאָווסקי און הערבערט ב. זוסמאַן, וועלכע זענען כמעט אין דער זעלבער צייט געהאַט אָנגעקומען מיט אַ צווייטן עראָפּלאַן פון פּאַריז. מיר זענען אָבער פון האָטעל שוין נישט אַוועק. דער דירעקטאָר פון האָטעל „פּאָלאָניאַ" האָט אונדז דערווייל געלאָזט אײַ־בערנעכטיקן אין אַ צימער פון דער ארץ־ישראל דעלעגאַציע. וואָס האָט זיך גראָד געפונען אויף דער פּראָווינץ.

קיין בעסערן צופאַל האָב איך זיך גאָרנישט געקענט ווינטשן, ווייל פון דעם דאָזיקן צימער האָב איך אַמבעסטן געקענט אָבסערווירן די אמתע יידישע לאַגע אין פּוילן. דאָס איז געווען די הויפּט־קוואַרטיר פון דעם ספּאָנטאַנעם יציאת פּוילן, וואָס איז באַזונדערס פאַרשטאַרקט געוואָרן אין די טעג פון קיעלצער פּאָגראָם. צו זאָגן, אַז די דאָזיקע הויפּט־קוואַרטיר פון דער ארץ־ישראל דעלעגאַציע האָט געאַרבעט אין געהיים, אונטערער־דיש, וואָלט געווען היפּש איבערגעטריבן. ווען דער האָטעל־דינער האָט אונדז אַריינגעפירט אין צימער, האָבן מיר אויפן טיש געטראָפן הויפנס טעלעגראַמעס און בריוו פון שטעט און שטעטלעך אין פּוילן און פון קי־בוצים און יעדער דורכשניטלעכער פּאָליציי־אַגענט וואָלט פון די בריוו און טעלעגראַמעס געקענט אַרויסלייענען דעם גאַנצן סוד. איך האָב אַלזאָ גלייך געקענט אורטיילן — ווי איך האָב עס זיך שפּעטער טאַקע איבער־ציינגט — אַז די פּוילישע רעגירונג קוקט דערויף מיט פאַרמאַכטע אויגן.

די נאַכט איז האַסטיק צוגעפאַלן, אָבער קיין לאָמפּן האָבן אויף די גאַסן זיך נישט אָנגעצונדן. פון צייט צו צייט האָט אין דער פינצטערער שטילקייט אָפּגעהילכט דאָס געדיכטע געקנאַלעריי פון מאַשין־געווער, באַ־גלייט פון איינצלנע, אָבער שטאַרקערע שאָטנס פון איינפאַכע ביקסן. איך האָב דאַן איבערגעלעבט רגעס פון פאַרוואַנדלונג. עס האָט זיך מיר גע־דאַכט, אַז איך בין אין מאַדריד, אַז עס איז דער שפּאַנישער בירגער־קריג און פונקט ווי מיט צען יאָר צוריק, ווען איך בין דעם ערשטן אָוונט געהאַט אָנגעקומען אין דער שפּאַנישער הויפּט־שטאָט, האָב איך אויך אין וואַרשע

נישט געקענט איינזיצן אין צימער און אראָפּ אויף דער גאַס, טראָץ דעם, וואָס די מידקייט האָט זיך מיר שווער געלייגט אויף די אויגן.

א גרויסע, פולע לבנה האָט באַזילבערט די חורבות פון ווארשע. אין דער טיפער בלויקייט פון דער נאכט האָבן די נאקעטע מויערן אויסגעזען ווי קאפּויער־שטארנדיקע פעלזן אין מיט פון א ים און דער העל־צעלויכ־טענער האָטעל „פּאָלאָניא" האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א פארבלאָנ־דזשעטער שיף, ווּ די פּאסאזשירן באמיען זיך, דורך מוזיק און געטראַנ־קען, צו פארגעסן וועגן דעם דרויסן, וואָס רינגלט זיי ארום.

דער ריזיקער רעסטאָראַן־זאל איז געווען איבערפולט. דער אָרקעס־טער האָט געשפּילט דזשאַז־מוזיק און די קעלנער אין פּעכלדיקע, ווייסע רעקלעך מיט שווארצע שניפּסן האָבן אין איילעניש דערלאנגט פארשידענע לוקסוס־שפּייזן און געטראַנקען. פון צייט צו צייט האָבן פּאָרלעך זיך אָפּ־געריסן פון די רייך־געדעקטע טישן און זיך צונויפגעדרענגט אין א מאסע טאנצנדיקע מענטשן, וואָס האָט קאָנוואַלסיוו זיך געוויגט לויטן ריטם פון דער מגושימדיקער דזשאַז־מוזיק.

איך בין געשטאַנען אויף די טרעפּלעך, וואָס פירן פון האָטעל־קאָ־רידאָר צום רעסטאָראַן־זאל און במשך פון א לאַנגער ווײַלע נישט געקענט שלום מאכן מיט דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאר מיינע אויגן.

מיט א ווײַלע צוריק האָב איך אין דרויסן געזען א טויט־פינצטערע שטאָט, ווּ אונטער די קופּעס שטיינער און אש ליגן נאָך טויזנטער מענטש־לעכע קערפּערס און דאָ — א פּרעכטיקער זאל מיט גרעלענדיקן ליכט, וואָס בלענדט פון די קרישטאָלענע קאַנדעלאַברען, און צונויפגעטוליעטע פּאָר־לעך, וועמענס צעשמייכלטע ליפּן גלאַנצן מיטן פעטס פון די גוטע מאכלים.

אין ערשטן מאָמענט האָב איך רעוואָלטירט קעגן אָט דעם „נייעם פּוילן", אָבער אין פארלויף פון די שפּעטערדיקע נעכט, וואָס איך האָב פארבראַכט אין האָטעל „פּאָלאָניא" און נענטער אָבסערווירט דאָס דאָזיקע פריילעכע יונגוואַרג, האָב איך זיך איבערצייגט, אז דאָס איז נישט דאָס „נייע פּוילן", נאָר די רעשטלעך פון דעם אמאָליקן פּוילן, די איבערבליי־בעניש פון דער נאַצי־אָקופּאַציע און די „איין־טאָג־פליגן", וואָס פּיקן זיך אומעטום אויס אויף חורבות, איידער זיי ווערן אָפּגערוימט צום נייעם אויפבוי.

אין פארלויף פון די ווייטערדיקע טעג האָב איך זיך איבערצייגט, אז די געבראָטענע הינער, די קאָקטיילס, די פארשידענע פיש און טייערע פרוכטן, וואָס ווערן סערווירט אין האָטעל „פּאָלאָניא", האָבן גאָרנישט צו טון מיט דעם לעבנס־סטאַנדארד פון דורכשניטלעכן בירגער אין ווארשע, וועלכער בויט זיך זיין היים אין די חורבות און פארדינט זיין לעבן מיט שוויים.

דער דורכשניטלעכער באַאמטער, שוין אָפּגערעדט פון אַן ארבעטער, איז נישט אימשטאנד צו געניסן פון א מאָלצייט אין האָטעל „פּאָלאָניא", ווייל פאר אזא מאָלצייט מוז ער באצאָלן א העלפט פון זיין חודשלעכער פענסיע. און אויב א באַאמטער אָדער אָפיציר עסט אין „פּאָלאָניא", איז ער מיינסטנס געוואָרן איינגעלאַדן דורך א גוט־פארדינענדיקן ספעקולאַנט, וועמען ער האָט געטון א טובה.

די געסט פון האָטעל „פּאָלאָניא", די ערשטע פּוילישע בירגער, מיט וועלכע דער אויסלענדישער אָבסערוואַטאָר באגעגנט זיך, זענען נישט מער ווי דער שוים פון אויפגעברויזטן פּוילן, ווען אפילו צווישן זיי באמערקט מען הויכע אָפיצירן אָדער באַאמטע פון אויסערן־מיניסטעריום.

דאָס זענען געוועזענע די פּראָפעסיאָנעלע מיליטער־לייט און פּראָ־פעסיאָנעלע דיפּלאָמאטן, וועלכע גייען לייכט אריבער פון איין רעזשים צום צווייטן. דאָס זענען די קאַלטע עקספּערטן, פּראָפעסיאָנאַלן, פארבלאָזטע מענטשן, וועמען די טראַגעדיע פון פּוילן האָט קנאַפּ אָנגערירט.

די מיינסטע באזוכער פון דעם דאָזיקן לוקסוס־רעסטאָראַן אין ווארשע זענען די שמוגלער, די וואַליוטע־ספּעקולאַנטן, וועלכע גיבן זיך אָפּ א קלאָרן דין וחשבון, אז די טעג פון זייער פּראָספּעריטעט זענען געציילטע און זיי קומען דעריבער אהער אריינכאַפּן, וויפל מען קען נאָר און ווי לאַנג מען קען נאָר.

ביי די טישלעך אין האָטעל „פּאָלאָניא" רעדט מען נישט ווי מען איז געוווינט צו זען מענטשן רעדן צווישן זיך, נאָר מען שעפּטשעט זיך אין די אויערן אריין, אָנגעבויגן איינער צום צווייטן. דאָ ווערן געשלאָסן די טראַנזאַקציעס מיט דאָלאַרן און בריליאַנטן, דאָ „פארקויפט" מען אויך די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן די געהעריקע „אינפאָרמאַציעס" וועגן

די „פּאַטריאָטן”, וועלכע שמאַכטן אין די תפיסות, און וועגן דער „יידי־שער הערשאַפט” אין פּוילן.

דער האָטעל „פּאָלאָניאַ” איז דאָס זיכערסטע אָרט פאַר אַזעלכע טראַנזאַקציעס. די פאַרבינדונגס־לייט פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכע קומען דאָ אינפאָרמירן די דרויסנדיקע וועלט וועגן זייער „מאַרטי־ראָלאָגיע”, פילן זיך דאָ ווי אויף אַן עקס־טעריטאָריאַלן באָדן, ווייל אין „פּאָלאָניאַ” געפינט זיך די גרעסטע טייל פון די אויסלענדישע אַמבאַסאַ־דעס און די זיכערהייטס־פּאָליציי וועט דאָ נישט וואַגן דורכצופירן קיין עפנטלעכע זוכונגען.

איך בין געגאַנגען צווישן די טישלעך און געזוכט באַקאַנטע פּנימער, געזוכט יידישע פּנימער און גלייך דערזען די קאַרדינאַלע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּוילן. די בערזע, דער האַנדל, ווערט גאַנץ דער־פאָלגרייך אָנגעפירט דורך פּאָליאַקן, וועלכע האָבן פאַרן קריג אָפט געשטי־רעמט און געהעצט קעגן די יידישע וואַליוטע־הענדלער.

אין דער לאַנגער שפּייז־קאַרטע פון דעם לוקסוס־רעסטאָראַן ווערט צווישן די פאַרשידענע ראַפינירטע מאכלים אויך אָנגעגעבן: „ריבי פּאָ זשידאָווסקו” — געפילטע, יידישע פיש — אָבער יידישע באַזוכער זעט מען זעלטן אין רעסטאָראַן פון האָטעל „פּאָלאָניאַ”. דערפאַר אָבער זענען פול מיט יידן די קאָרידאָרן פון דעם האָטעל אויף אַלע זעקס עטאַזשן. דאָס זענען צעבראָכענע, דערשלאָגענע, אָפּגעריסענע און פאַרצווייפלטע יידן. זיי קומען פאַרטאָג, ווי נאָר די נאַכט הילט־אָפּ די חרובע שטאָט, און עס נעמען גיין די ערשטע טראַמווייען. זיי קלאַפּן אין די טירן פון די יידישע שלוחים פון אַמעריקע, פון ארץ־ישראל, און בעטן הילף, בעטן עצות.

עס קומען אויך פּיין־געקליידטע, גוט־אויסזעענדע יידן, שטייען אין די קאָרידאָרן פון האָטעל „פּאָלאָניאַ”, ווו עס זענען איינקוואַרטירט די אויסלענדישע קאָנסולאַטן און האָפן אָנצוקומען און צו זען דאָס זויערע פּנים פון דעם קאָנסולאַר־באַאַמטן, וועלכער געפינט יעדן טאָג אויס אַלץ נייע תירוצים, אַלץ נייע אַרגומענטן, ווי אַזוי נישט צו געבן די וויזע, וואָס זיין אויסערן־מיניסטעריום האָט שוין אייגנטלעך געהאַט באַוויליגט.

אין די נעכט זיצן די דאָזיקע באַאַמטע אין רעסטאָראַן פון האָטעל „פּאָלאָניאַ” מיט זייערע פאַרמיטלער און נעמען גרויסע סומעס פאַר די

געציילטע וויזעס, וואָס ווערן ארויסגעגעבן. די, וועלכע האָבן אָבער נישט די הונדערטער דאָלארן צו באצאָלן, קומען טאָג־איין, טאָג־אויס אין די קאָרידאָרן פון האָטעל „פּאָלאָניא" און ווארטן מיט אומגעדולד אויפן וווּנ־דער־סטעמפּל, וואָס דארף פאר זיי עפענען דעם וועג צום ווייטערן וואנדערן.

די דאָזיקע יידן, וועלכע ווילן אויסוואנדערן פון פּוילן מיט דער הילף פון וויזעס, באלאנגען צו דער גליקלעכער מינדערהייט. דאָס זענען די, וועלכע האָבן רייכע קרובים אין אויסלאנד אָדער האָבן אליין באוויזן אָפּ־צוראטעוועון אביסל געלט. דאָס זענען יידן, וועמען עס ברענט נאָך נישט דער באָדן אונטער די פיס. זיי האָבן נאָך היימען, געשעפטן אָדער פאר־נעמען שטעלעס אין דער רעגירונג, גאנץ אָפט אפילו הויכע שטעלעס. זיי לעבן אונטערן שוץ־פאנצער פון פּוילישע נעמען, וואָס האָבן זיי געשיצט אין די יאָרן פון דער נאצישער אָקופּאציע. דאָס זענען אָבער נאציאָנאל־פילנדיקע יידן, וועלכע קענען מער נישט פארטראָגן דאָס מאראנען־לעבן. זיי בענקען נאָך א ווארימער יידישער סביבה, נאָך א פריי יידיש לעבן און גלויבן נישט, אז אזא מין לעבן זאָל אזוי שנעל צוריק אויפגעבויט ווערן אין פּוילן. זיי ווילן דעריבער אוועק, אָבער זיי ווילן אוועק לעגאל. זיי ווילן נישט דורכמאכן דעם וועג פון שווארצן די גרענעץ אונטערן צודעק פון דער נאכט און דאן ערשט וואלגערן זיך און וועגעטירן אין די לאגערן אין דייטשלאנד, ווארטנדיק אויף א וויזע צו זייער נייער, פּערמאנענטער היים.

נישט איינער פון די דאָזיקע וויזע־זוכער האָט פאר מיר אויסגעדריקט דעם געדאנק, אז אפשר מיטן פארלויף פון דער צייט וועט ער נאָך צוריק־קומען קיין פּוילן, אז אפשר וועט דער נייער רעזשים דאָך געפינען א באַ־פעסטיקונג און די פּאָלאקן, וועלכע זענען צעווילדעוועט אין זייער האס צו יידן, וועלן דאָך קומען צום שכל און איינזען זייער אומזיניקייט.

א באקאנטער יידישער דאָקטאָר, וועלכן איך האָב באמערקט אין דער לאנגער ריי פאר אן אויסלענדישן קאָנסולאט אין האָטעל „פּאָלאָניא", האָט מיר געזאָגט, אז ער גלויבט, אז פּונקט ווי א משוגענער פון א שטור־מישן טיפּ האָט מער שאנסן געזונט צו ווערן, ווי א משוגענער פון מעלאנ־כאָלישן טיפּ, אזוי גלויבט ער אויך, אז דער משוגענער אנטיסעמיטיזם פון פּאָליאקן וועט זיך איינשטעלן, אויב די רעגירונג וועט פארשטיין אונ־טערצונעמען די גהעריקע דראסטישע מיטלען קעגן דעם. „דער פּוילישער

אנטיסעמיטיזם — האָט ער אונטערגעשטראָכן — איז א פאטאָלאָגישע דער־שיינונג און ביים היילן אים דארף מען אָנווענדן מיטלען, וואָס אין פלוג געמומען זעען זיי אויס צו זיין נישט אינגאנצן הומאניטאר.

„איך האָב אָבער דאָס געפיל — האָט ער אויסגעפירט — אז די, וועלכע שרייבן די רעצעפּטן פאר דער היילונג פון פוילישן אנטיסעמיטיזם, ציטערן צו פיל, אז זיי זאָלן חלילה נישט באשולדיקט ווערן אין צו שארפער באַ־האנדלונג פון דעם פּאציענט. זיי ציטערן אָנצוטון דעם משוגע־געוואָרענעם פּאציענט דאָס צוואנגס־העמד, און דערווייל זענען מיר יידן די קרבנות".

דער זעלבער דאָקטאָר, וועלכער האָט געוואַרט און ווארט נאָך אפשר ביז היינט צו טאָג אויף זיין וויזע קיין פראנקרייך, האָט א הויז און פּאר־דינט זייער גוט פון זיין שטארק־פּארצווייגטער פּראקטיק. ער וויל אָבער אוועק, ווייל נאָך דעם ווי ער האָט אלס פליכטלינג אָפּגעלעבט פיר יאָר צייט אין רוסלאנד, איז אים אוממעגלעך צו אָטעמען אין דער אטמאָספער פון יידן־האס, וואָס הערשט צווישן א גרויסער טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. ער וויל אוועקפאָרן, אָבער ער טראכט, אז דער משוגענער, ווילדער אנטיסעמיטיזם וועט אין פּוילן זיך דאָך ענדיקן און ער וועט נאָך אפשר צוריקקומען.

פון פריען באגינען האָט מען געקלאפּט אין דער טיר פון מיין צייט־ווייליקן צימער אין האָטעל „פּאָלאָניא", וואָס האָט באלאנגט צו דער ארץ־ישראל דעלעגאציע. יונגעלייט מיט וואליזקעס אין די הענט זענען געקומען דירעקט פון וואָקזאל. דאָס זענען געווען פאָרשטייער פון קיבוצים איבער שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, וועלכע זענען געקומען זיך בּאראטן מיט די ארץ־ישראל שלוחים וועגן אריבערטראָגן זייערע קיבוצים נענטער צו דער גרענעץ פון טשעכאָסלאָוואקיע, אָדער קיין שטעטין.

ווען זיי האָבן געהערט, אז די דעלעגאטן פון ארץ־ישראל זענען נישטאָ, זענען זיי נישט געוואָרן אנטוישט און רואיק געזאָגט, אז זיי וועלן קומען מאָרגן. און זיי זענען געקומען. אזוי האָט דעם גאנצן טאָג די טיר זיך נישט צוגעמאכט. דער צימער 620 אין האָטעל „פּאָלאָניא" איז אפּנים געווען א בארימטער אדרעס פאר די ציוניסטישע גרופּירונגען איבער גאנץ פּוילן. אין דער טיר פון אָט דעם צימער האָבן אָפּט געקלאפּט די שיק־

יינגלעך פון ווארשעווער טעלעגראפן־אמט, וועלכע האָבן שעה אויס געבראכט טעלעגראמען פון איבער גאנץ פוילן און פון אויסלאנד.

דורך דער צייט, וואָס איך האָב געוווינט אין דעם דאָזיקן צימער, פלעגן אויך אמאָל ארייננקומען פּאָליאקן, אמתע אריער, מיינסטנס פרויען, וועמענס מענער געפינען זיך אין ארץ־ישראל אלס אָפיצירן פון דער אנ־דערס־ארמיי, אָדער אלס געוועזענע באאמטע פון דער לאָנדאָנער גלות־רעגירונג. זיי האָבן געהערט, אז עס איז פאראן א דעלעגאציע פון פּאלעס־טינע זענען זיי געקומען פרעגן, צי מ׳האָט זיי נישט געבראכט אמאָל קיין גרוס פון זייערע נאָענטע. דערביי האָבן זיי געבעטן, אז מען זאָל זיי מיט־נעמען בריוו קיין פּאלעסטינע.

איך האָב אָנגעקוקט די דאָזיקע עלעגאנטע פּוילישע פרויען, און זיך געוווּנדערט אויף זייער חוצפה, ווי אזוי זיי האָבן נאָך געהאט פארשטאָ־כענע אויגן צו קומען צו יידן פון ארץ ישראל און זיי בעטן טובות, וויסנ־דיק מסתמא גאנץ גוט וועגן דער טרויעריקער ראָל פון דער אנדערס ארמיי אין ארץ־ישראל.

איינע פון די דאָזיקע פרויען, וועלכע האָט מיך אָנגענומען פאר אן ארץ ישראל דעלעגאט, איז אין איר חוצפה געגאנגען אזוי ווייט, אז זי האָט מיך געפּרעגט, צי זי וואָלט נישט געקענט מיט א קיבוץ אריבערגיין די גרענעץ קיין דייטשלאנד, כדי צו קענען פון דאָרט אָנקומען צו איר מאן קיין פּאלעסטינע.

דורך די דריי טעג, וואָס איך האָב געהאט מיין געלעגער אין דעם דאָזיקן גרויסן טאפּלט־צימער פון דער ארץ ישראל דעלעגאציע, האָב איך דורך די צאָלרייכע באזוכער פון די שטעט און שטעטלעך אָפּגענומען גריסן פון פארשידענע קלענערע און גרעסערע יידישע ישובים אין פוילן. לויט די רייד פון די יונגע ציוניסטישע פירער איז אויסגעקומען, אז ס׳איז נישטאָ מער קיין האָפענונג פאר קיין יידישן ישוב אין פוילן. די דאָזיקע יונגע־לייט האָבן מיר גאנץ אָפן דערקלערט, אז די קיבוצים אוז הכשרה־גרופּן אין זייערע שטעטלעך האָבן שוין נישט מער דעם כאראקטער פון די אמאָ־ליקע הכשרה־פּונקטן, ווו יונגע מיידלעך און בחורים האָבן זיך געקענט צוגרייטן צו זייערע צוקינפטיקע בארופן אין ארץ ישראל.

דער טראָר, וואָס הערשט באזונדערס אין די קלענערע ישובים,

מאכט אוממעגלעך פאר דער יידישער יוגנט ארויסצוגיין ארבעטן אין פעלד, טראָץ דעם וואָס די רעגירונג איז גרייט זיי צו געבן פארמס צו באאר־בעטן. עס פעלט די זיכערקייט און די קיבוצים זענען מיינסטנס קאָנ־צענטרירט אין הייזער אין די שטעט און יעדע נאכט, וואָס גייט אדורך רואיק, ווערט באטראכט פאר א גליקלעכע נאכט.

די פאָרשטייער פון די קיבוצים זענען אלזאָ געקומען דורכפירן די שליחות פון אויסוואנדערונג. זייער רייזע פון דעם פארוואָרפענעם שטעטל ביז ווארשע איז אָפּט פארבונדן געווען מיט לעבנס־געפאר. נישט איינער פון די בחורים האָט שווייגנדיק געמוזט זיך צוקוקן, ווי מען האָט פון דעם זעלבן צוג ארויסגעשלעפּט יידן, זיי בארויבט און אין געוויסע פאלן אויפן אָרט דערמאָרדעט.

* * *

נאָך עטלעכע טעג האָבן די ארץ־ישראל דעלעגאטן איינער נאָכן צווייטן גענומען צוריקקומען פון די פארשידענע געגנטן אין לאנד. די ערשטע צוויי זענען געווען דייטשע יידן, איינער א דאָקטאר אוז דער צוויי־טער אן אגראָנאָם.ביידע האָבן זיי אויסגעוואנדערט קיין ארץ־ישראל קורץ נאָך היטלערס קומען צו דער מאכט. איצט זענען די אמאָליקע דייטשע פּליטים געקומען קיין פּוילן, כדי צו העלפן אָרגאניזירן די אויסוואנדערונג פון די פּוילישע יידן קיין ארץ־ישראל.

פון דעם אופן, ווי אזוי די דאָזיקע דייטשע יידן האָבן גערעדט מיט די שלוחים פון די קיבוצים, האָט מען געקענט דערקענען דעם איינפלוס, וואָס דער ישוב האָט געהאט אויף זיי. זיי האָבן גערעדט העברעאיש און דייטש, אממיינסטן טאקע דייטש, אָבער עס איז שוין געווען א יידישער קנייטש אין דעם דאָזיקן דייטש. זיי האָבן מיט פיל סבלנות זיך צוגעהערט צו די פּערזענלעכע איבערלעבונגען, וואָס די פאָרשטייער פון די קיבוצים האָבן דערציילט. יעדער איינער האָט זיין געשיכטע אָנגעהויבן פון ערשטן טאָג מלחמה, זייענדיק איבערצייגט, אז ער איז דער ערשטער, וואָס דער־ציילט דאָס.

צום עצם ענין האָט עס טאקע נישט געהאט קיין שום שייכות, אָבער

די ארץ־ישראל שלוחים האָבן פארשטאנען די וויכטיקייט פון שענקען אן אויער פאר די דאָזיקע דערציילונגען. איך האָב דאן באשיינפערלעך געזען, וואָס די ארץ־ישראל לופט האָט געמאכט פון די קאלטע, טרוקענע דייטשע יידן...

לאנג האָב איך אָבער מיין געלעגער אין צימער 620 נישט געקענט אָנהאלטן. די ארץ־ישראל שלוחים זענען זיך צונויפגעקומען אין פולן קאָמפלעט און האָבן אפילו געמוזט שלאָפן צו צוויי אין א בעט.

פון מיניסטאָרן־ראט האָב איך שוין טאקע געהאט באקומען די אָפיציעלע צוטיילונג פון א צימער, אָבער ביז א צימער איז פריי געוואָרן, בין איך דערווייל עטלעכע טעג געשלאָפן אין באָד־צימער אויפן זעקסטן שטאָק. דעם דאָזיקן דורכגאנגס־פעריאָד פון באָד־צימער ביז צום וווין־צימער האָט אין ווארשע דורכגעמאכט נישט איין חשובער אויסלענדישער גאסט. דאָס „רוימישע געלעגער", ווי די דינער פון האָטעל „פאָלאָניא" רופן עס, איז אויסגעבעט געוואָרן אויף דער וואנע, אויף וועלכער עס איז אוועקגעלייגט געוואָרן א ברעט און א מאטראץ. דאָס דאָזיקע געלעגער האָט מען אָבער געקענט נוצן בלויז זעקס שעה אין מעת־לעת — פון איינס ביינאכט, ביז זיבן אינדערפרי, ווייל די איבעריקע צייט האָבן די געסט זיך געבאָדן.

ביז איך האָב ענדלעך באקומען מיין מקום־מנוחה, א צימערל אויף דעם זעלבן זעקסטן שטאָק, האָב איך דערווייל מיינע צענדליקער באזוכער אויפגענומען אין קאָרידאָר, ווו יידן האָבן פון פריען באגינען זיך געדרענגט פארן טשעכישן קאָנסולאט, כדי צו באקומען א וויזע.

די צאָל פון מיינע באזוכער איז געוואקסן פון טאָג צו טאָג. עס זענען געקומען באקאנטע, וועלכע האָבן זיך דערוווּסט, אז איך בין אין ווארשע, אָדער האָבן שוין פון לאנג מיך געהאט דערווארט. עס זענען אָבער געקומען פיל מער אומבאקאנטע, וועלכע האָבן סתם געוואָלט אויסגיסן דאָס ביטערע געמיט פאר א „יידישן דעלעגאט פון אמעריקע" און אויסשיטן דאָס געוועינלעכע ביסל טענות קעגן די יידישע הילפס־אָרגאניזאציעס. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס איך האָב געשוווירן, אז איך בין נישט קיין דעלעגאט און קיין שלוח פון קיין שום אָרגאניזאציע, אז איך בין בלויז א קאָרעספאָנדענט פון א יידישער צייטונג. זיי האָבן דערין נישט געזען קיין שום אונטערשיד.

קאפיטל צוויי

## א שטאָט שטייט אויף תחית המתים

צווישן די רואינירטע שטעט אין אייראָפּע איז ווארשע די גרעסטע חורבה. אָבער אין דער דאָזיקער חורבה שלאָגט דער שטארקסטער אָטעם פון לעבן. ווען איך האָב געמאכט מיין ערשטן שפּאציר איבער די פאר־וויסטע גאסן פון דער פּוילישער הויפּט־שטאָט, האָב איך געהאט א מאָדנע סירעאַליסטישע וויזיע. יעדער הויז האָט מיר אויסגעזען ווי א סקעלעט פון א פּרעהיסטאָרישן ריזן־קאנגור, אין וועמענס בויך־קעשענעס עס באוועגן זיך לעבעדיקע באשעפענישן.

אין באָמבארדירטע הייזער, ווו די פלאמען האָבן דאָ און דאָרט אויסגעמיטן די ווענט פון א צימער, איז אריינגעשטעלט געוואָרן א נייע פענסטער־ראם, שויבן זענען פארצויגן געוואָרן מיט קאָלירטע פוירהענגלעך און אויפן פאראַפּעט פונעם פענסטער זעען זיך שוין אפילו יונגע פלאנצן אין בלומען־טעפּ.

אמאָל געפינט זיך דאָס דאָזיקע רעסטאווררירטע צימערל אויפן סאמע לעצטן עטאזש פון דער אויסגעברענטער געביידע און דורך די אויפגעריסענע מויערן זעט מען ווי פּרימיטיווע טרעפּ פון פרישן האָלץ פירן צו אָט דער ניי־געשאפענער נעסט. אמאָל איז דאָס דאָזיקע ניי־איינגעבויטע צימערל אין סאמע צענטער פון א ריזיקער מויער און ביינאכט, ווען עס צינדט זיך אָן דאָס ליכט אין דעם איינציקן פענסטער, דאכט זיך אייך, ווי א ציקלאָפּ מיט אן איינציק אויג האָט זיך אוועקגעשטעלט אין דער חרובער הויפּט־שטאָט. אויף אן אנדער אָרט איז די דאָזיקע וווינונג אינעם קעלער, פון וואנען עס הערן זיך צארטע קלאנגען פון שאָפּען.

בעת מיינע וואנדערונגען איבער די ווארשעווער גאסן האָבן מיין

אויפמערקזאַמקייט ספּעציעל צוגעצויגן די חרובע קירכעס. אויף טייל גאַסן האָב איך אין פרימאָרגן געזען, ווי פרויען און מענער קניען פאַר אַן אַל־טאַר, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן צווישן די חרובע ווענט פון אַ קירכע. אויף אַ צווייטער גאַס איז איבער אַ חורבה געהאַנגען אַן אויפ־שריפט: „אַריינגאַנג צו דער קירכע". פון אָט דער קירכע איז פאַרבליבן בלויז דער קעלער און אַראָפּגייענדיק עטלעכע טרעפּ, האָב איך זיך געפונען אין אַן אונטערערדישער הייל מיט אַ גאָטישער געוועלבונג. ביים אַלטאַר איז געשטאַנען אַן אַלטער, אויסגעמאָגערטער גלח און אָפּגעריכט אַ גאָטעס־דינסט פאַר אַ גרופּע שאָטנס.

אין צענטער פון וואַרשע זענען פאַראַן בלויז געציילטע הייזער, וואָס זענען געבליבן גאַנץ. אָבער פון טאָג צו טאָג קען מען זען, ווי די שטאָט היילט און פאַרלאַטעט אירע וווּנדן און ווי אין דעם אויפגעריסענעם קער־פּער פון דער שטאָט פאַרוועבן זיך די לעבנס־קעמערלעך. באַזונדערס צאָל־רייך זענען די קראָמען, וואָס מערן זיך אין די חורבות.

די אַמאָליקע גראַציעזע און פריילעכע מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס, וואָס האָט געהאַט דעם חן פון די פּאַריזער שאַנז־עליזע און דעם ריטם פון דער ניו־יאָרקער פינפט־עוועניו, ווינקט שוין ווידער שעלמיש מיט צענדליקער, לוקסוסאַרטיקע שוי־פענסטער, אויסגעפּוצט מיט קאָקעטישע מאַנעקינען, זילבערוואַרג און ביזשוטעריע, גלאָזוואַרג און פּאָרצעלאַן. דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, וואָס אַ געשמאַקהאַפט אויג קען נאָר גלוסטן, איז אויס־געשטעלט אין די געשעפטן, וואָס זענען אין איילעניש אויפגעבויט גע־וואָרן אין די אויסגעברענטע מויערן.

ביז גאָר ראַפינירט אויסגעשטאַט זענען די שפּייז־געשעפטן: פיש און פלייש און גרינוואַרג, גרויסע, בלויע פּוילישע פלוימען, ראָזע עפּל, לענג־לעכע געלע באַרנעס און אין צווישן, אין געפלאָכטענע קוישלעך — פּוי־לישע שוואָמען, אויף וועלכע עס זעט זיך נאָך די פרישע, שוואַרצע ערד.

איר זעט דאָ די פּירות פון דעם געבענטשטן לאַנד, איר זעט דאָ די פּרוכטן פון פרידן, וואָס די פּוילישע ערד קען געדייען. אָבער דאָס איז דערווייל בלויז אַ מיראַזש. איבער די דאָזיקע רייך־אויסגעשטאַטעטע שוי־פענסטער טורעמען זיך אויסגעברענטע מויערן און דער שטויב פון צע־מאָלענע שטיינער טראָגט זיך איבער די גאַסן. דאָס דאָזיקע גוטס פון דער

פוילישער ערד קען דערווייל געניסן בלויז דאָס קליינע הייפעלע ספעקו־לאַנטן, וואָס לעבט אויפן ראַנד פון דער נאָך נישט איינגעשטעלטער פוי־לישער ווירקלעכקייט.

די גאַסן פון וואַרשע זענען פול מיט הענדלער און אין דעם פּאַר־ביקן געפּילדער דאַכט זיך אייך אָפּט, אַז איר זענט אַריינגעפאַלן אין אַ שטאָט ערגעץ אויפן אָריענט. איך האָב געקוקט אין די געזיכטער פון די דאָזיקע גאַסן־הענדלער און פון די סוחרים אין די אימפּראָוויזירטע געשעפטן און נישט געפונען צווישן זיי קיין איין ייד. אין דער שטאָט, וווּ ערשט מיט אַכט יאָר צוריק איז יעדער דריטער איינוווינער געווען אַ ייד און וווּ דער האַנדל אויף די גאַסן און די מערהייט פון די געשעפטן האָט זיך געפונען אין יידישע הענט, איז איצט נישטאָ קיין איין יידיש געשעפט און קיין איין יידישער גאַסן־הענדלער. דער אָריענטאַלישער געפּילדער איז אָבער אויף קיין האָר נישט געמינערט געוואָרן, טראָץ דעם, וואָס די גע־זיכטער פון די הענדלער האָבן נישט דעם מינדעסטן סעמיטישן שטריך. פאַרקערט, דער געפּילדער איז איצטער נאָך פיל גרעסער. עס איז ממש אַ פאַרפלייצונג פון גאַסן־האַנדל.

אַרום דעם האָטעל „פּאָלאָניאַ", אויף יעראָזאָלימסקע אַלעיע, אַרום דער הויפּט־פּאָסט, אויף נאָוואָגראָדסקאַ, אַרום דעם באַנהויף, אויף טאָ־וואַראָוואַ, שטייען פּרויען, מענער און קינדער מיט קוישעלעך עפּל, שטע־לעכלעך מיט געבעקס, טישלעך מיט געטראַנקען און זיסוואַרג. עס רוי־כערן זיך קעסלען מיט ווורשטלעך, מען פאַרקויפט זופּ אויף דער גאַס, מען מעסט שיך און מלבושים און מען פאַרקויפט אויך קרייטעכצער, פּונקט ווי אויף די אַראַבישע ירידים. די הענדלער קענען אָפּט נישט איבערציילן דאָס געלט, וואָס זיי פאַרלאַנגען. ביי איין טישל צאָלט מען פאַר אַ ברויט 20 זלאָטעס און ביי אַ צווייטן — פּערציק.

יעדער פּויער, יעדער האַנטווערקער וויל אַליין דירעקט ברענגען זיין סחורה צום פאַרקויף. עס איז פאַרשוווּנדן דער טראַדיציאָנעלער יידישער פאַרמיטלער, וועלכער פלעגט פון דאָרף ברענגען די פּראָדוקציע פון די פּויערים אין שטאָט אַריין און פון שטאָט אין דאָרף אַריין פירן די אינ־דוסטרי־אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. די פּאָזיציעס פון דעם אַמאָליקן יידישן פאַרמיטלער זענען פאַרנומען געוואָרן דורך אומגעניטע פּויערים

און שטאַטישע ארבעטער און אינטעליגענטן, וועלכע זענען באַרויִשט פון דעם האנדלס־מיראַזש און אין זייער אומבאַהאָלפנקייט שאַפן זיי נאָך א פּיל גרעסערן אָריענטאַלישן געפּילדער אויף די גאַסן פון ווארשע, ווי אמאָל די יידן.

דער צענטער פון גאַסן־האנדל איז ארום דעם ציִיטוויילִיקן באנהויף, אויף טאָווארָווא גאַס, וואָס גרענעצט זיך מיט די רעשטלעך פון דער רויטער געטאָ־מויער. די קונים זענען אָפט יידן, וועלכע שטייגן אויס פון די צוגן אין די פרימאָרגן־שעהן. דאָס זענען פּוילישע יידן, וועלכע זענען אנטלאָפן פאַר די נאַציס און די זעקס יאָר פון קריג איבערגעלעבט אין דער ווייטער, סאָוועטישער אזיע. איצט זענען זיי געקומען זוכן די רעשט־לעך פון זייערע היימען אָדער די שאָטנס פון זייערע קרובים.

ווען אזא פּוילישער הענדלער דערלאַנגט דעם ייד דאָס ברויט, אָדער די זופּ, שטוינט ער, פון וואַנען די דאָזיקע יידן האָבן זיך גאָר גענומען, ווייל ער איז געווען איבערציִיגט, אז ער וועט שוין מער קיין יידן נישט זען. נישט איינער פּון די דאָזיקע גאַסן־הענדלער האָט אין זיין הויז דאָס ביסל מעבל פון אַן אומגעקומענעם ייד, א צווייטער וווינט אין א יידישער דירה, א דריטער האָט גע׳ירשנט דעם ווארשטאַט פון א יידישן שוסטער אָדער שניידער, און קוקנדיק אויף די צוריקקומענדיקע יידן, טראַכט ער, אז אפשר געפינט זיך צווישן זיי א קרוב פון דעם ייד, וועמען ער האָט גע־ירשנט. אין די קליינע שטעטלעך, וווּ די פּוילישע באַפעלקערונג פילט נאָך נישט אזוי שטאַרק די האַנט פון דער נייער מאַכט, זענען אזעלכע פריש־געקומענע יידן גאַנץ אָפט געוואָרן דערמאָרדעט.

אין ווארשע האָט דאָס נישט פּאַסירט. אין ווארשע זענען דאָך פאַראַן די „ווארשעווער", די אויסגעפּרוּווטע פּוילישע ארבעטער, וועלכע האָבן פון יאָר 1905 ביזן יאָר 1945 אקסל ביי אקסל מיט זייערע יידישע חברים געקעמפט אויף די באַריקאַדן פון ווארשע.

ווען די הויפּט־שטאָט איז אין סעפּטעמבער 1939, אויפן פינפטן טאָג פון קריג, איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר דורך די אנטלויפנדיקע פּוילישע גענעראַלן און די רעגירנדיקע פּאָלקאָווניקעס, האָבן די פּוילישע ארבעטער, צוזאַמען מיט זייערע יידישע מיטבירגער, פאַרטיידיקט זייער באליבט ווארשע. אין דער סאָלידאַריטעט פון יידן־האַס, וואָס האָט אזוי

שנעל זיך פארוועבט צווישן א גרויסן טייל פון דער געשלאָגענער פוילי־
שער באפעלקערונג און דעם נאצישן אָקופּאנט, איז דעריבער נאָך הערא־
אישער געווען די הילף, וואָס די קליינע גרופּן פּוילישע ארבעטער פון
ווארשע האָבן ארויסגעוויזן צו זייערע יידישע קאַמעראדן.

דורך די קאנאליזאציע־רערן האָבן זיי געבראכט געווער און שפּייז
צו די קעמפנדיקע יידן אין ווארשעווער געטאָ און אין זומער פון יאָר 1943,
ווען דאָס געטאָ איז געשטאנען אין פלאמען, האָבן זיי די געציילטע לעבנ־
געבליבענע געטאָ־העלדן ארויסגעראטעוועט דורך די זעלבע קאנאלן,
בראָדזשענדיק ביזן האלז אין מענטשלעכן אָפּלויף. דאָך וועט אפילו אין
דער זעלבער ווארשע קיין ייד נישט וואגן איצט זיך אוועקזעצן מיט זיין
קרעמל צווישן דעם אָנגעלויף פון הענדלער, וועלכע קומען יעדן טאָג פון
די דערפער און שטעטלעך און צעליינן זייערע קרעמלעך אין די חרובע
גאסן.

פון יעדן שטיין אין חרובן ווארשע שרייט די באשולדיקונג פון
פּוילישן פּאָלק קעגן די דייטשן. די דאָזיקע שטים הערט זיך אין מיט פון
געפילדער פון די הייב־מאשינען און קילאָפּן. די באשולדיקונג רופט אלס
עדות די קרייצן אויף די דורכגעברענטע ווענט איבער די טראָטוארן פון
די הויפּט־גאסן, ווו די העלדישע אויפשטענדלער זענען געבראכט געוואָרן
צו קבורה אויפן אָרט, ווו זיי זענען געפאלן.

אויף טייל נאקעטע ווענט זענען אפילו איינגעמויערט געוואָרן
שווארצע, מארמאָרנע טאָוולען מיט גאָלדענע אותיות. אין די זונטיקס
קומען די קרובים פון די מארטירער צו די דאָזיקע קברים אויף די סאמע
פּראָמינענטסטע גאסן און לייגן פרישע קראנצן אויף די טראָטואר־פּליטן,
אונטער וועלכע עס געפינען זיך באגראָבן די פארטיידיקער פון די דאָזיקע
פּאָזיציעס אין דער צייט פון אויפשטאנד, אין זומער פון יאָר 1944. די
פארבייגייער בלייבן דאן שטיין, פארנויגן זיך פאר די קברים און שליסן
זיך אָן אין טרויער פון די נאָענטע.

די דאָזיקע גאסן־קברים, די איינציקע אין זייער מין אין די חרובע
שטעט פון אייראָפּע, זענען באזונדערס צאָלרייך אויף דער אמאָל עלע־
גאנטער גאס „נאָווי שוויאט״, וואָס איז כמעט אינגאנצן חרוב. דאָ זענען
אין די ערשטע טעג פון אויפשטאנד פאָרגעקומען די שטארקסטע שלאכטן

און אין די אויסגעברענטע מויערן איז נישט פאַרבליבן קיין איין גאַנצער ווינקל, וווּ צוריק אַריינצובויען אַ נעסט צום לעבן.

ביים אַריינפאָר צו דער דאָזיקער טויטער גאַס איז גלייך נאָך דער באַפרייאונג פון וואַרשע צווישן די געשפּענסטיקע מויערן צוריק אויפגע־שטעלט געוואָרן דער מאָנומענט פון דעם גרויסן פּוילישן אַסטראָנאָם, מי־קאַליי קאָפּערניק, וועלכער האָט „איינגעהאַלטן די זון און געלאָזט אין גאַנג די ערד". דער מיטלאַלטערלעכער פּוילישער אַסטראָנאָם מיט די לאַנגע, געלאָקטע האָר זיצט אויף דעם שוואַרצן מאַרמאָרנעם פּיעדעסטאַל מיט אַן אָפּגעריבענעם גלאָבוס אין האַנט און קוקט אויף דעם חורבן וואַרשע, וואָס וועקט זיך צוריק צום לעבן.

דורך די יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע איז די דאָזיקע בראָנ־זענע פיגור אויף דער לעבהאַפטער גאַסן־קרייצונג פון וואַרשע געווען דאָס אָרט פון פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס. די מאַניפעסטאַציעס האָבן זיך באַזונדערס אָפּט גענומען איבערחזרן, ווען אין ווינטער פון יאָר 1941־1942 האָבן די נאַצים דעם פּוילישן אויפשריפט אויף דעם מאָנומענט פאַרביטן אויף אַ דייטשן און געגלויבט, אַז דערמיט האָבן זיי שוין ענדגילטיק דורכ־געשטראָכן דעם היסטאָרישן דיספּוט וועגן דער פּוילישער אָדער דייטשער אָפּשטאַמונג פון קאָפּערניק.

דער פּוילישער אויפשריפט האָט זיך געלייענט: „צו מיקאָליי קאָפּער־ניק — זיינע לאַנדסלייט" און דער דייטשער אויפשריפט איז געווען: „ניקאָלאַס קאָפּערניקוס, דער גראָסע אַסטראָנאָם". נעמענדיק אין אַכט די דייטשע חוצפּה, איז די דאָזיקע ענדערונג געווען גענוג דיסקרעט, אָבער די באַפעלקערונג פון וואַרשע האָט זיך דערויף פאַרשטאַנען און באַלד מיט טיפּישן וואַרשעווער הומאָר אָפּגעענטפערט דעם נאַצישן אָקופּאַנט.

אויף צומאָרגנס איז דער דייטשער אויפשריפט אויפן מאָנומענט געווען פאַרשוווּנדן און אויף זיין אָרט האָט זיך געפונען אַ נייער אויפ־שריפט, וואָס האָט געלויטעט: „דערפאַר, וואָס איר האָט פון מיר געוואָלט מאַכן אַ דייטש, באַשטראָף איך אייך און פאַרלענגער דעם ווינטער אויף גאַנצע צוויי חדשים".

עס איז גראָד דאַן געווען אַ מוראדיק שאַרפער ווינטער און די דייטשן האָבן צוליב די פרעסט און שניי געליטן די ערשטע גרויסע מפּלה ביי

מאָסקווע. דער „צוזאָג" פון דעם מיטלאַלטערלעכן וווּנדער־אַסטראָנאָם „איינצוהאַלטן" די זון אויף נאָך צוויי חדשים איז דעריבער געווען די גרעסטע שטראָף, וואָס מען האָט נאָר געקענט אויסטראַכטן פאַר די נאַציס.

גאַנץ וואַרשע האָט דאַן געלאַכט פון דעם בייסיקן אויפשריפט, וואָס איז אַוועקגעהאָנגען געוואָרן ממש אונטער דער נאָז פון דעם שטאַרקסטן נאַצישן פּאָליציי־פּאָסטן, וואָס האָט זיך געפונען דירעקט נעבן דעם קאָפּערניק־מאָנומענט. די פּוילישע באַפעלקערונג פון וואַרשע האָט דעם טאָג מאַסנהאַפט פאַרביידעפילירט פאַרן קאָפּערניק־מאָנומענט און ערשט אין שפּעטן נאָכמיטאָג האָבן זיך די נאַציס געכאַפּט, אַז די איבערשריפט איז געוואָרן געענדערט.

נאָכן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד אין יאָר 1944, ווען די וואַרשע־ווער באַפעלקערונג איז געוואָרן אַרויסגעטריבן און די דייטשן האָבן גע־נומען פאַרניכטן די פּוילישע הויפּט־שטאָט, האָבן זיי דעם מאָנומענט פון קאָפּערניק אַרויסגעפירט און אים פאַרשלעפּט אין א שטעטל אין שלעזיע. קאָפּערניק איז אַלזאָ אַוועק אין גלות אריין צוזאַמען מיט זיינע העלדישע וואַרשעווער לאַנדסלייט.

ווי נאָר אָבער וואַרשע איז געוואָרן באַפרייט און די באַפעלקערונג האָט זיך גענומען צוריק אומקערן און איינניסטן אין די חורבות, איז אויך צוריקגעבראַכט געוואָרן די סטאַטוע פון קאָפּערניק און צוריק אַוועק־געשטעלט אויפן אמאָליקן פּלאַץ.

* * *

די בראָנזענע פיגור פון קאָפּערניק איז געווען דער ערשטער מאָנו־מענט, וואָס איז צוריק אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין באַפרייטן וואַרשע.

„וואַרשע איז געווען טויט און פּוסט —שילדערט די שטאָט דער ערשטער באַזוכער פון באַפרייטן וואַרשע— קיין איין גאַנצע געביידע. ווי ווייט דאָס אויג האָט דערגרייכט — חורבות און קופּעס אש, רעשטלעך פון באַריקאַדן, נישט־באַגראָבענע מתים, אומגעוואָרפענע צעבראָכענע טראַמ־ווייען, איינגעבויגענע גאַסן־לאָמפּן, איבערגעקערטעביימער — כאַאָס פון פאַרניכטונג און טויטע שטילקייט.

„עס האָט זיך געזען בלויז הימל און קופעס שטיינער. מיטאמאָל האָט אויף די חורבות פון דער גאס זיך באוויזן א מענטש, א געשפענסט: פאר־חושכט, אָפּגעריסן, באָרוועס, מיט פארוואקסענע, צעפּאטלטע האָר. ער האָט אויף די איינגעבויגענע פּלייצעס געטראָגן א שווערן זאק. אויפן אָנבליק פון אונדזער אָנקומענדיקן אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך קוים דורכגעשלאָגן צווישן די חורבות, האָט ער אוועקגעוואָרפן דעם זאק און פארשוווּנדן צווישן די אָפּגעסמאליעטע מויערן. מיר האָבן אים גערופן, אָבער ער האָט נישט געענטפערט, ער האָט זיך געשראָקן פאר אונדז און נישט געגלויבט, אז דאָס זענען שוין נישט מער קיין דייטשן. אין דעם זאק, וואָס ער האָט אוועקגעוואָרפן, האָבן מיר געפונען א פּאָר אלטע קאלאָשן, אויסגעקרומטע שיך, וואָס האָבן געעיפּושט מיט דער פוילנדיקער לופט פון קעלערס".

עס וואָלט פיל וויניקער געדויערט און עס וואָלט אפשר אויך ווי־ניקער געקאָסט אויפצובויען איינגאנצן א נייע שטאָט אויף די גרינע לאַנ־קעס און פעלדער ארום דעם חרובן ווארשע, איידער אָפּצוריייניקן דאָס אש, די שטיינער און צו פארלאטען די געשפּענסטיקע מויערן, וואָס זענען דאָ און דאָרט געבליבן.

קיינער אָבער האָט אין פּוילן אזא געדאנק אפילו נישט צוגעלאָזט. ווארשע איז טיף איינגעבאקן אין הארץ פון יעדן פּוילישן מענטש. ווארשע איז א סימבאָל, וואָס קען נישט פארטרעטן ווערן דורך קיין שום אנדערער שטאָט, אפילו די סאמע מאָדערנסטע. ווארשע איז שוין אמאָל געהאט אָפּ־געמעקט געוואָרן פון דער אויבערפלאך, אָבער די שטאָט איז צוריק אויפ־געבויט געוואָרן, גרעסער און שענער אויף די פונדאמענטן פון די חורבות.

נאָך דער שוועדישער אינוואזיע אויף פּוילן, אין יאָר 1655, זענען אין ווארשע געהאט פארבליבן נישט מער ווי 277 הייזער און די באפעל־קערונג איז געוואָרן פארקלענערט ביז צו א צענטל. די פארבליבענע איינ־ווינער, ווי עס דערציילט דער כראָניקער, זענען באפרייט געוואָרן פון צאָלן שטייערן און במשך פון צען יאָר זענען איז דער שטאָט אויסגעבויט געוואָרן גאנצע צוועלף הונדערט הייזער, וואָס איז דאן אָפּגעשאצט גע־וואָרן ווי א ווונדער פון בוי־פּיבער.

דער זעלבער בוי־פּיבער חזרט זיך אויך איצט איבער אין ווארשע און אויך איצט איז דער פּלאן פון פולשטענדיקן אויפבויען די הויפּט־

שטאָט פֿאַרטראַכט געוואָרן אויף צען יאָר צייט. פֿון גאַנצן לאַנד אײלט מען מיט הילף צו דער שטאָט, וואָס איז געוואָרן דערמאָרדעט דורך די דײטשן און שטייט איצט אויף תּחית המתים. ספּעציעלע קאָמיטעטן פֿאַרן אויפֿבוי פֿון דער הויפּט־שטאָט זענען טעטיק אין אַלע ווינקעלעך פֿון לאַנד. די קאָמיטעטן זאַמלען געלט און שיקן אויך מתּנות אין נאַטור. באַזונדערס גרויס איז די הילף, וואָס קומט פֿון אינדוסטריעלן שלעזיע, ווו די אַרבעטער גיבן אָפּ ספּעציעלע טעג, כּדי צו פּראָדוצירן מאַטעריאַלן פֿאַרן אויפֿבוי פֿון דער הויפּט־שטאָט.

אויף די ליפּן פֿון יעדן אײנוווינער פֿון וואַרשע איז דאָס אײנזילביקע וואָרט „באָס”: ביוראָ אָדבודאָווי סטאָליצי — ביוראָ פֿאַר אויפֿבוי פֿון וואַרשע. „באָס” געפֿינט זיך אויף כאָטשימסקאַ 33 און איז די לאַבאָראַטאָריע, אין וועלכער די וויזיע וועגן צוקינפֿטיקן וואַרשע ווערט שטופֿנווײז פֿאַרווירקלעכט. דאָס איז דאָס אויספֿיר־ביוראָ פֿון דעם „הויפּט־ראַט פֿאַרן אויפֿבוי פֿון דער שטאָט וואַרשע”, אין וועלכן עס גייען אַרײַן די גרעסטע פּוילישע אַרכיטעקטן, היסטאָריקער, עקאָנאָמיסטן, שרײַבער, קינסטלער און פּאָליטישע פֿירער מיט פּרעזידענט ביערוט אין דער שפּיץ. אַלע שעפֿערישע כּוחות אין דעם איצטיקן פּוילן זענען פֿאַרטרעטן אין דעם דאָזיקן ראַט, וואָס האָט די פֿולע אונטערשטיצונג פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג.

בריגאַדעס פֿון פֿרײַוויליקע אַרבעטער קען מען אָפֿט זען אין וואַרשע, ספּעציעל אין די יום־טובֿ טעג, ביים אָפּרײניקן די חורבות. עס פֿעלן מאַשינען, עס פֿעלן געלט־מיטלען, אָבער עס שטרעקן זיך צענדליקער טויזנטער הענט צום אויפֿבוי פֿון דער הויפּט־שטאָט. מיטגלידער פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראײנען, סטודענטן, סאָלדאַטן, שרײַבער, קינסטלער און אַפֿילו מיניסטאָרן קען מען זען מיט לאָפּאַטעס אין די הענט ביים גראָבן פֿונדאַמענטן צום אויפֿבוי פֿון דער שטאָט.

די אַרכיטעקטן און אינזשיניערן פֿון „באָס” זעען שוין פֿאַר זיך די קאָנטורן פֿון דער אויפֿגעבויטער הויפּט־שטאָט און אײנער פֿון זיי, פּראָפֿ. יאַן זאַכוואַטאָוויטש, האָט זיך אַפֿילו פֿאַרמאָסטן צו שילדערן דאָס אויסזען פֿון וואַרשע אין יאָר 1955. דאָס ערשטע, וואָס דער דאָזיקער אַרכיטעקט זעט אין זײַן וויזיע וועגן צוקינפֿטיקן וואַרשע, זענען די צוריק־אויפֿגעבויטע

טורעמס פון די צאָלרייכע קירכעס, וואָס „גלאַנצן אין דער אויפגייענדער זון..."

די נייגונג צו טראַדיציע און קאָנטינואיטעט איז ביי די פּאָליאַקן אומגעהויער שטאַרק. אין דעם אויפבוי־פּלאַן פון נייעם וואַרשע, וואָס וועט מיט זיך פאָרשטעלן איינע פון די מאָדערנסטע שטעט אין אייראָפּע, איז דורך די אַרכיטעקטן אויך גענומען געוואָרן אין אַכט דער ווידער־אויפבוי פון יעדער רואינירטער געביידע, וואָס האָט וועלכן עס איז אַרכי־טעקטאָנישן ווערט, אָדער איז פאַרבונדן מיט אַ היסטאָרישער פּאַסירונג, סיי פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט און סיי פון די סאַמע לעצטע טראַ־גישע יאָרן.

אויסער די קרייצן אויף די קברים פון די געפאַלענע קעמפער אָדער די אויפשריפטן אויף פּלעצער און הייזער, ווו די נאַציס האָבן דורכגע־פירט מאַסן־עקזעקוציעס, זעט מען אויף די וואַרשעווער חורבות אויך פיל רויטע טאַפעלס, אָן שום אויפשריפטן. דאָס זענען מצבות אויף היסטאָ־רישע בנינים, וואָס דאַרפן צוריק ווערן אויפגעבויט. די צאָל פון אַזעלכע געביידעס, וואָס זענען דורך די היסטאָריקער און אַרכיטעקטן פון „באָס" אָפּגעצייכנט געוואָרן צו ווידער אויפריכטונג, דערגרייכט ביז טויזנט. אַזעלכע רויטע טאַפעלס זענען אויך אוועקגעשטעלט געוואָרן אויף חורבות, אונטער וועלכע עס ליגן באַגראָבן וויכטיקע קולטור־אוצרות — ביבליאָ־טעקן, קונסט־ווערק און אַרכיוון.

כדי אויסצוגראָבן די דאָזיקע אוצרות ווערט באַזונדערס וועַרבירט די שול־יוגנט. אַזוי למשל ווערט געאַרבעט ביים אויסגראָבן די געטאָ־אַר־כיוון, וואָס זענען אויסבאַהאַלטן געוואָרן דורך דעם היסטאָריקער ד"ר עמנואל רינגעלבלום, וועלכער איז אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער טויט. הונדערטער סטודענטן האָבן זיך אויך געמאָלדן צו דער ריזיקער אַרבעט פון אָפּרוימען די חורבה פון דעם איינציקן וואָלקנקראַצער אין וואַרשע, וואָס איז בעת דעם אויפשטאַנד פון יאָר 1944 געווען אַ באַזונדערער ציל־פּונקט פון די נאַצישע אַעראָפּלאַנען און אַרטילעריע.

לויט די פּלענער פון „באָס" וועלן אין דעם נייעם וואַרשע זיין פיל וואָלקנקראַצערס. די בויער פון וואַרשע באַוואָרענען זיך אָבער פון פאָר־אויס, אַז זיי פּלאַנעווען נישט צו בויען אַזעלכע וואָלקנקראַצערס ווי אין

ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, אָבער פאַר דער צוקינפטיקער האַנדלס־געגנט זענען שוין אָנגעצייכנט געוואָרן פיל פּופצן און צוואַנציק־שטאָקיקע געביידעס. אָפּהיטנדיק דעם כאַראַקטער פון אַלטן וואַרשע, קאָנסערווירנדיק די קאָ־לירפולע פּלעצער און דעם סטיל פון די ראָמאַנטישע ווינקעלעך, ווערט אָבער די פּוילישע הויפּט־שטאָט געפּלאַנעוועט אַלס אַ מאָדערנער צענטער פון האַנדל און אינדוסטריע, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דער באַזונדערער ראָל, וואָס וואַרשע דאַרף שפּילן אַלס קנופּ־פּונקט פאַר דעם טראַנספּאָרט צו פאַרבינדן דעם מזרח מיטן מערב, דעם באַלטישן ים מיטן שוואַרצן ים.

די בויער פון וואַרשע האָבן שוין אַ פאַרטיק בילד פון ספּאָרט־פּלע־צער, טעאַטערן און אויסשטעלונגס־זאַלן. אין דעם נייעם קולטור־צענטער, וואָס ווערט געפּלאַנעוועט אין וואַרשע, וועט אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען „דאָס הויז פון פּוילישן וואָרט" פאַר דער גרויסער פאַרלאַגס־קאָאָפּעראַ־טיוו „טשיטעלניק". דער איניציאַטאָר דערפון, דער שרייבער יעזשי באָ־רעישאַ, וועלכער איז דער גרינדער און לייטער פון דעם פאַרלאַג, האָט אויסגעאַרבעט אַ גענויען פּראָיעקט, ווי אַזוי די לעזער פון די צייטונגען און ביכער פון „טשיטעלניק" וועלן זיך מיטבאַטייליקן ביים אויפבויען די דאָזיקע סאַמע מאָדערנסטע פאַבריק פון געדרוקטן וואָרט אין אייראָפּע.

די ווייסל, וואָס שלענגלט זיך אין מיט פון דער פּוילישער הויפּט־שטאָט און צעטיילט זי אין צווייען, וועט פּונקט ווי די סען אין פּאַריז דורכגעשפּאַנט ווערן דורך פערצן בריקן, אַנשטאָט די דריי בריקן פאַרן קריג, וואָס זענען פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן.

וואַרשע איז נאָך קיינמאָל פריער נישט געווען אַזוי צונויפגעבונדן מיט דער פאָרשטאָט פּראַגאַ, אויף דער צווייטער זייט פון דער ווייסל, ווי איצט. וואַרשע איז איצט אומצעטיילבאַר פון פּראַגע, וואָס האָט נישט אַזוי פיל געליטן פון דער צעשטערונג און וווּ עס געפינט זיך די מערהייט פון די פאַרשידענע רעגירונגס־אינסטיטוציעס און וווּ עס וווינט די מערהייט פון דער האַלב־מיליאָניקער באַפעלקערונג.

דער פּלאַן פון צוקינפטיקן וואַרשע זעט פאַר די הויפּט־שטאָט אויףביידע זייטן פון דער ווייסל און דעריבער ווערט געפּלאַנט אַזאַ גרויסע צאָל בריקן. די ערשטע בריק, די אַמאָל גרעסטע פּאַניאַטאָווסקי־בריק, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פּראַכט פון אַרכיטעקטור, איז שוין צוריק אויפ־

געבויט געוואָרן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דאָס בויען די דאָ־זיקע בריק געדויערט גאנצע זיבן יאָר. איצט איז די ארבעט דורכגעפירט געוואָרן אין איין יאָר און דאָס א דאנק דער אָנווענדונג פון די סאמע נייעסטע מעטאָדן פון בריק־בויאונג און א דאנק דער איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג פון די ארבעטער און אינזשיניערן. גאָר א גרויסן חלק אין דעם אויפבוי פון דער דאָזיקער בריק האָבן געהאט די ארבעטער פון די מעטאלורגישע פאבריקן אין שלעזיע, וועלכע האָבן אויסגעפירט די גי־גאנטישע אייזן־קאָנסטרוקציע פון דער בריק.

אין די דעטאליזירטע פּלענער פון צוקינפטיקן ווארשע איז נענוי אָנגעגעבן, וואָס פארא געביידעס עס וועלן זיך געפינען אין דעם אָדער יענעם קווארטאל, אויף דער אָדער יענער גאס. עס ווערט אָבער איצט נאָך אַלץ געשוויגן, וואָס עס וועט געבויט ווערן אויפן שטח פון דעם קווארטאל, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס געטאָ. די וויסטעניש דאָרט איז אזוי גרויס, די טראגעדיע נאָך אזוי שרייענדיק און פריש, אז אפילו די טרוימערישע ארכיטעקטן, וועלכע חלומען די קאלטע חלומות פון אייזן און שטיין, וואגן נאָך אַלץ נישט אָנצוצייכענען, וואָס עס וועט געבויט ווערן אויף די קופּעס אַש אין געטאָ.

קאפיטל דריי

# די רעזיגנירטע און די אַנטשלאָסענע

פונקט ווי די חרובֿע הייזער אויף די גאסן און פּלעצער האָבן ביי מיר כסדר אַרויסגערופן א קייט פון דעראינערונגען און היסטאָרישע רעמי־ניסצענצן, אזוי האָבן אויך די מענטשן, וואָס איך האָב באַגעגנט אין וואר־שע, ביי מיר אויפגעוועקט זכרונות וועגן פאמיליעס און דורות פון פּוי־לישע יידן, וואָס זענען אָן שום שפּור פארשוואונדן.

די פריינד, וואָס איך האָב אויפגעזוכט, אָדער צופעליק געטראָפן אויף די גאסן פון ווארשע, זענען מיינסטנס געווען איינצלנע מענטשן, אָן קרובים, אָן נאָענטע, עלנט ווי די שטיינער. אין בעסטן פאל איז דאָס גע־ווען א מוטער מיט א קינד, וועלכע האָבן זיך נאָך יאָרן צעשיידונג ווידער־אמאָל באַגעגנט. דאָס קינד האָט נישט אין איין פאל קוים דערקענט די מוטער, לאנג געקוקט אויף איר ווי אויף א פרעמדער, נישט געטרויט זיך צוגיין צו איר און געוואָלט ליבערשט בלייבן ביי דער בארמהארציקער קריסטלעכער פרוי, ביי וועלכער עס האָט זיך אויסבאהאלטן.

די לערערין פון מיין יוגנט, וועלכע האָט אויפגעצויגן עטלעכע דורות קינדער אין מיין שטעטל, נישט נאָר בלויז יידישע קינדער, נאָר אויך גע־לערנט קינדער פון מער פארמעגלעכע קריסטלעכע משפּחות, האָט נאָך איר צוריקקומען קיין קוזמיר (קאזשימיעזש) אפילו נישט געקענט דאָרט אי־בערנעכטיקן. אירע נאָענטסטע קריסטלעכע פריינט, וועמענס שוועל זי האָט אמערסטן איבערגעטרעטן, האָבן פארבראָכן די הענט און זיך ביי איר געבעטן, אז זי זאָל באַין אופן נישט בלייבן אין שטעטל איבערנעכטיקן, נאָר גלייך צוריק אוועק צו דער באַן, איידער עס פאלט צו די נאַכט.

א גרייז־גראָע, א מידע איז זי געקומען צו מיר אין „פּאָלאָניא"־

האָטעל און דאָס ערשטע מיר דערציילט וועגן דעם גורל פון דער אלטער שול אין אונדזער שטעטל, וואָס דאטירט זיך לויט דער לעגענדע נאָך פון 14טן יאָרהונדערט — די צייטן פון אסתרקע, די יידישע געליבטע פון פוילישן קעניג קאזימיר דעם גרויסן. די דאָזיקע אלטע שול איז פונאנדער־גענומען געוואָרן אויף שטיקלעך דורך דער קריסטלעכער באפעלקערונג, און דאָס ערשט נאָך דער באפרייאונג.

„יעדער האָט געריסן א שטיקל", — האָט זי פונאנדערלייגנדיק אירע בלייכע הענט בילדלעך געשילדערט דעם וואנדאליזם פון די אמאָל אזוי פרידלעכע איינוווינער פון מיין היים־שטעטל. „מען האָט זיך איינגעטיילט מיטן האָלץ פון דער שול, מיט די קאָלירטע פענסטער, מיט די בענק, מיט די טישן און אפילו מיטן פּארמעט פון די ספרי־תורות..." — האָט זי אויסגעפירט.

דאָס איז פאר מיין לערערין געווען ווי א סימבאָל פון אָפּמעקן די יידישע פארגאנגענהייט אפילו אין די שטעטלעך, ווו די יידישע געשיכטע הייבט זיך אָן אין די פארנעפּלטע צייטן פון טיפן מיטלאלטער, צוזאמען מיט דער געשיכטע פון פוילן. די שול אין אונדזער שטעטל האָט איבער־געלעבט כלערליי אינוואזיעס אויף דער פוילישער ערד, אפילו די נאצישע אינוואזיע און געבליבן שטיין צוגלייך מיט דער „באשטע", דעם פעס־טונגס־טורעם נעבן די חורבות פון זומער־פּאלאץ פון קאזימיר דעם גרויסן און די געמויערטע, ריזיקע תבואה־שפּייכלער פון דער זעלבער צייט.

„די שול איז פונאנדערגעריסן געוואָרן ערשט דאן, ווען נאָך דער באפרייאונג האָבן די ערשטע קוזמירער יידן זיך גענומען אומקערן פון די לאגערן. אָט די ערשטע יידן —האָט מיין לערערין מיט ביטערניש דער־ציילט— מיינע צוויי שילער, בוכבינדער און גוטמאן, זענען גלייך געוואָרן דערמאָרדעט... אויב דאָס האָט געקענט געשען אין אונדזער שטעטל — האָט זי א רעזיגנירטע געזאָגט— דאן איז נישטאָ מער קיין האָפענונג און איך גיי אוועק..."

דער אויסדרוק „איך גיי אוועק" האָט געמיינט, אז זי פארלאָזט פוילן און קלויבט זיך אריבערצוגיין די גרענעץ קיין דייטשלאנד. א לענגערע ווילע זענען מיר שווייגנדיק געזעסן און דורך דער דאָזיקער ווילע זענען אין בליציקער שנעלקייט פאר מיינע אויגן פארביי די וווּנדערלעכע קינדער־

יאָרן אין מיין היים־שטעטל ביי דער ווייסל, ווו נישט נאָר בלויז דער בלויער, מילדער טייך האָט „געמורמלט אין יידיש", ווי דער ערשטער באַזינגער פון דעם שטעטל, שלום אַש, האָט עס אין זיין פאַנטאַזיע געהערט, נאָר ווו די קריסטלעכע איינוווינער האָבן טאַקע אין דער ווירקלעכקייט גערעדט יידיש מיט זייערע יידישע שכנים.

מיין אַלטע לערערין, וועלכע האָט אין מיר איינגעפלאַנצט אַזוי פיל ליבע צו דער פּוילישער שפּראַך, צו די פּוילישע מאַרטירער און צום ערשטן מאָל געעפנט מיינע אויגן אויף די מאָנומענטן פון דער פּוילישער געשיכטע אין אונדזער אייגענעם שטעטל, האָט מיך געוואָרנט:

„זאָלסט נישט וואגן צו פאָרן אַהיים".

זי האָט מיך אָבער געבעטן, אַז אין פאַל, ווען איך וועל זיך דאָך אַנטשליסן צו פאָרן, זאָל איך פאָטאָגראַפירן דעם מאָנומענט אויפן קבר פון איר פאַמיליע, ווו עס זענען צו קבורה געקומען אירע עלטערן און איר יינגערער ברודער.

„דאָס איז — האָט זי געזאָגט — די איינציקע מצבה, וואָס איז געבליבן אויפן יידישן בית־עולם, ווייל דער ריזיקער שטיין איז צו שווער געווען אַוועקצוטראָגן. אַלע איבעריקע שטיינער זענען פאַרשוווּנדן און פאַרנוצט געוואָרן צו מויערן הייזער".

„דאָס הויז פון דיינע עלטערן — האָט זי געענטפערט אויף מיין פראַגע — איז באָמבאַרדירט געוואָרן. עס איז בלויז געבליבן די פראָנט־מויער מיטן אויפשריפט „1563".

נעבן דער שול און דעם מיטלאַלטערלעכן ראָטהויז איז דאָס געווען די עלטסטע געביידע אויפן מאַרק, וואָס האָט אין די האַנט־ביכער וועגן די אַלטערטימלעכקייטן אין קוזמיר פיגורירט אונטערן נאָמען „דאָס דאַנ־ציקער הויז". אין דעם הויז האָבן געלעבט מיינע זיידעס, וועלכע האָבן מיט דער ווייסל געטריבן פליטעס האָלץ און קריפּעס מיט תבואה קיין פּרייסן. מיט פּאָסט־וועגענער זענען זיי געפאָרן קיין דאַנציג און פון דאָרט געבראַכט בורשטינענע לולקעס און באַגילדטע גרויסע פּאָרצעלייענע טע־לערס. צווישן די פילפאַרביקע אָרנאַמענטן אויף די דאָזיקע טעלערס זענען פאַרשטעקט געווען ווייסע פּוילישע אָדלערס, וואָס האָבן געקענט באַמערקט ווערן נאָר דורך דעם, וואָס האָט געוווּסט דעם סוד.

די דאָזיקע טעלערס, וואָס פלעגן גענוצט ווערן נאָר צו פסח, זענען אין הויז פון מיינע עלטערן געשטאַנען אין דער גרויסער גלעזערנער סערוואַנטקע, צוזאַמען מיט די זילבערנע בעכערס און באַראָק־מנורות. אין די זומערס זענען פוילישע קינסטלער און היסטאָריקער געקומען באַזוכן דאָס „דאַנציגער הויז”, וואָס איז געווען פאַר זיי ווי א סימבאָל פון דעם אַמאָליקן גרויסן, אומאָפּהענגיקן פוילן. דאַן פלעגן זיי אויך מיט ערפורכט נעמען אין האַנט אַריין די טעלערס מיט די פאַרשטעקטע פוילישע אָדלערלעך.

אין דער זעלבער סערוואַנטקע, אין הויז פון מיינע עלטערן, איז אין א גלעזערנעם סלאָי געלעגן דער פאַרגעלטער פאַרמעטענער „יחוס־בריוו”, וואָס איינער פון מיינע זיידעס האָט געהאַט איבערגעלאָזט קורץ נאָכן פוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1831 און וואָס איז אין דער משפּחה איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. דער דאָזיקער זיידע מיינער איז געווען כמעט דער פולשטענדיקער באַזיצער פון דעם שכנותדיקן היסטאָרישן שטעטל וואָנוואָלניץ און אין זיין יחוס־בריוו איז דערציילט געוואָרן וויפל אָקסן, וויפל זעק מעל און וויפל גאָלדענע רענדלעך ער האָט געגעבן פאַר די אויפשטענדלער פון גראַף יוליוש מאַלאַכאָווסקי, וועלכער איז בעתן אויפשטאַנד געפאַלן אין די טאָלן פון מיין היים־שטעטל. דער גרוס פון מיין לערערין, אַז דאָס „דאַנציגער הויז” און די שול זענען שוין מער נישטאָ, האָט אין מיר שוין ענדגילטיק אָפּגעטויט דעם באַגער צו פאָרן קיין קאַזשימיעזש.

„עס איז נישט פאַרבליבן קיין שפּור פון העכער האַלבן יאָרטויזנט יידישע געשיכטע אין קאַזשימיעזש, —האָט מיין לערערין צו מיר געזאָגט— אַלץ איז אָפּגעמעקט געוואָרן. עס איז אָבער מערקווירדיק —האָט זי צוגעגעבן מיט א טאָן פון איראָניע, אין וועלכן עס איז אָבער אויך געווען א געמיש פון שטאָלץ,— אַז דער מענטש, וועלכער בויט איצט צוריק אויף דאָס חרובע פוילן האָט עפּעס געמיינזאַמעס מיט אונדזער שטעטל”.

איידער איך האָב נאָך באַוויזן אַרויסברענגען א וואָרט אויף מיינע ליפּן, כדי צו פרעגן, וועמען זי מיינט, האָט זי זיך אָנגעבויגן צו מיר און שעפּטשענדיק געזאָגט: „הילאַרי מינץ שטאַמט דאָך פון די קוזמירער מינצעס און פייערשטיינס”.

אין מיין האָטעל צימער איז קיינער נישט געווען, פאַר וועמען זי זאָל זיך דאַרפן היטן צו אַנטפּלעקן דעם דאָזיקן סוד. אייגנטלעך איז נישט גע־

ווען וואָס צו אַנטפּלעקן, ווייל דער מיניסטער פאַר אינדוסטרי און נאַציאָ־נאַלער ווירטשאַפט לייקנט נישט זיין יידישע אָפּשטאַמונג. דאָס איז שוין אָבער אַזוי דער פּסיכאָז פון דעם מ אַ ר אַ נ י ז ם אין פּוילן, דער פּסיכאָז פון דעם געהיימניספולן שעפּטשען וועגן יעדן ייד, וועלכער פאַרנעמט עפּעס אַ פּאָזיציע אין איצטיקן פּוילישן מלוכה־לעבן.

הילאַרי מינץ איז איצט אפשר דער פּעאיקסטער פּוילישער שטאַטס־מאַן, וועגן וועלכן אפילו די פאַרביסנסטע אַנטיסעמיטן רעדן מיט רעס־פּעקט. ער טראָגט טאַקע אויף זיינע פּלייצעס די לאַסט פון דער רואינירטער פּוילישער ווירטשאַפט, וואָס מוז איצט נישט נאָר אויפגעבויט ווערן פון די חורבות, נאָר אויך פונדאַמענטאַל געענדערט ווערן אין אירע יסודות.

„פון די מינצעס און פייערשטיינס אין קאַזשימיעזש איז קיינער נישט געבליבן לעבן" — האָט מיין לערערין פאַרגעזעצט. איר טרויעריק געזיכט האָט זיך אָבער צעשיינט, ווען זי האָט גענומען רעדן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון די דאָזיקע צוויי פּאַטריאַרכאַלע יידישע פאַמיליעס, וועגן די פייערשטיינס און די מינצעס, וועלכע האָבן דורך זייער אונטערנעמעריש־קייט דערוואָרבן פאַר אונדזער היים־שטעטל דעם נאָמען „קליין דאַנציג".

די מינצעס און פייערשטיינס אין אונדזער שטעטל האָבן מיט זיך פאַרקערפּערט די איינגעוואָרצלטקייט פון פּוילישן יידנטום. אין הויז פון די פייערשטיינס, וועלכע זענען געווען מחותנים מיט די מינצעס, האָב איך בעת מיין לעצטן באַזוך אין קוזמיר, קורץ פאַרן לעצטן קריג, נאָך געזען הענגען אויף דער וואַנט דעם אַלטן קופּער־שטיך, וואָס האָט פאָרגעשטעלט די פאַרוואַלטונג פון דער דאַנציגער תבואה־בערזע. צווישן די הערן אין די צילינדערס האָט אין אויבנאָן זיך געפונען דער גרינדער פון דער פייער־שטיין־פאַמיליע, וועלכער האָט אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונ־דערט באַלאַנגט צו די גרעסטע תבואה־סוחרים אין פּוילן און אָפט דיק־טירט די פּרייזן אויף דער דאַנציגער בערזע. צו די פייערשטיינס האָבן באַ־לאַנגט די געמויערטע תבואה־שפּייכלערס אין קוזמיר, וואָס האָבן נאָך גע־זאָלט שטאַמען פון די צייטן פון קאַזשימיעזש דעם גרויסן.

די רעמיניסצענצן וועגן די פייערשטיינס און די מינצעס אין אונדזער שטעטל זענען געווען די לעצטע לעקציע געשיכטע, וואָס מיין לערערין האָט פאַר איר אוועקגיין פון פּוילן מיר געגעבן אויף די חורבות פון וואַרשע.

„פאַר מיר איז דאָ שוין אַלץ געענדיקט — האָט מיין לערערין אַ רעזיגנירטע געזאָגט — איך באַלאַנג צום דור פון די פּייערשטיינס און מינ־צעס, וועלכע זענען אומגעקומען אין געטאָ פון אונדזער שטעטל. הילאַרי מינץ איז נישט מער קיין פאָרזעצונג פון זיינע זיידעס, וועלכע האָבן אין 18טן און אין 19טן יאָרהונדערט אויך געקעמפט פאַר פוילנס אומאָפּהענ־גיקייט און פונקט ווי זייער אייניקל איצט, זענען זיי אויך דאַן געהאַסט געוואָרן דורך דעם פּוילישן קלער און פּוילישער רעאַקציע. הילאַרי מינץ פאַרטרעט נישט מער די צעשלאָגענע רעשטלעך פון דער יידישער קהילה אין פוילן — האָט מיין לערערין פאָרגעזעצט אירע היסטאָריאָזאָפישע פאַר־גלייכונגען — ער רעדט אין נאָמען פון דעם נייעם פוילן, וואָס ווערט ערשט געבוירן".

פול מיט לעבנס־חכמה, וואָס איז נישט אויסגעוועפּט געוואָרן אין איר דורך די יאָרן פון ביטערן געראַנגל אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, האָט מיין לערערין, לויט איר אַמאָליקער געוווינהייט צו אילוסטרירן אַלץ מיט ביישפּילן פון לעבן, דאָס מאָל גערעדט צו מיר נישט ווי צו איר אַמאָ־ליקן שילער, נאָר ווי צו אַ מאַן.

„דער קאַמף אַרום דעם אויפבוי פון נייעם פוילן דערמאָנט מיר אין דער פרוי, וועלכע גייט צו קינד. דער דאָקטאָר מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען אָפּ־צונעמען דאָס קינד אָן ווייטיק פאַר דער קימפּעטאָרין. אָבער די קימפּעטאָרין — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ שמייכל — איז אַן אַנטיסעמיטקע און זעענדיק, אַז דער דאָקטאָר איז אַ ייד, האָט זי דערווייל אים געגומען רייסן שטיקער פון פּנים. אַזוי אַרום בלוטיקט דערווייל דער יידישער דאָקטאָר. אַזוי איז דער איצטיקער צושטאַנד אין דעם נייעם פוילן — האָט מיין לערערין פאַרטייטשט איר משל, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זיין אַביסל נאַאיוו, אָבער אין דער אַלגעמיינער שטימונג דאָך אָפּגעשפּיגלט אַ שטיק פון דער ווירקלעכקייט אין איצטיקן פוילן.

„מיין טאָכטער — האָט זי מיטאַמאָל געמאַכט אַ שפּרונג אין איר מאָטיווירונג — האָט געהאַט דאָס גליק צו האָבן בלאָנדע האָר און אַ „גוטן אויסזען". זי באַלאַנגט צו אַ פּוילישער סקויטן־אָרגאַניזאַציע און איז איצט אין אַ זומער־קעמפּ ביים ים. זי מוז אָבער טראָגן אַ צלם און יעדן אינ־

דערפרי און פאַרנאַכט קניען און זאָגן די קריסטלעכע תפילות. זי האָט דאָס אָבער שוין געננוג. אויך זי האָט באַשלאָסן מיט מיר אוועקצוגיין. איך טאָר נישט קומען צו איר אין קעמפּ אַריין, ווי די קריסטלעכע מאַמעס קענען עס טון. מיין טאָכטער מוז כסדר זאָגן ליגן, אַז זי האָט נישט קיין מוטער. מער קען איך דאָס נישט מיטמאַכן און אויך זי וויל מער נישט אָנגיין מיט דער דאָזיקער שפּיל.

„די יידן, —האָט מיין לערערין פאַרגעזעצט אירע אויספירונגען— וועלכע ווילן איצט בלייבן אין פּוילן און פירן אַ יידיש לעבן, מוזן זיך איינשליסן אין אַ געטאָ, דאָס וויל אָבער נישט קיין שום ייד און אויך נישט די רעגירונג. דעריבער מוז יעדער ייד, וועלכער באַשליסט צו בלייבן אין פּוילן, גלייכצייטיק באַשליסן צו ווערן אַ זעלנער אין דער ערשטער פראָנט־ליניע פון דעם קאַמף, וואָס די רעגירונג פירט איצט פאַר אַ נייעם פּוילן. דערצו איז די מערהייט פון די לעבנגעבליבענע יידן אין פּוילן צו מיד און צו שוואַך. דער איינציקער אויסוועג דעריבער פאַר אַט די מידע און שוואַכע יידן איז דערוווייל אוועקגיין.

„ביי דעם אַלעם פיל איך דאָך אַן אינערלעכע באַפרידיקונג, — האָט מיין לערערין פאַרענדיקט— וואָס די קייט פון די פייערשטיינס און מינצעס איז דאָך נישט אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן אין פּוילן. איך גיי אוועק. מיר איז דער דאָזיקער נייער מינץ פרעמד, אָבער אוועקגייענדיק ווייס איך, אַז ווו איך וועל נישט זיין, וועל איך אַלע מאָל מיט זאָרג נאָכ־פאָלגן דעם גורל פון פּוילן און די עקשנותדיקע מינצעס, וועלכע האָבן דאָך באַשלאָסן צו בלייבן".

* * *

צוויי טעג נאָך דער באַגעגעניש מיט מיין לערערין איז צו מיר נעך־קומען דאָס מיידל פון מיין היים־שטעטל, וואָס איך האָב געהאַט באַגעגנט באַלד אין דער ערשטער נאַכט פון מיין אָנקום קיין וואַרשע. איך האָב זי שוין נישט געהאַט געזען העכער פופצן יאָר, אָבער איר שטורמישע לעבנס־געשיכטע איז מיר געווען באַקאַנט.

„איך וויל אַרויס פון דאַנען —זענען געווען אירע ערשטע ווערטער

צו מיר — העלף מיר! איך וויל אָבער נישט גנבענען די גרענעץ. איך וויל נישט אנטלויפן פון פוילן אומלעגאַל, נאָר אוועקפאָרן מיט אן אָפן געזיכט".

איך האָב געקוקט אויף דער דאָזיקער יונגער פרוי מיט אירע אומ־נאַטירלעך־בלאָנדע האָר און פארהארטעוועטן געזיכט, פון וועלכן די שווערע איבערלעבונגען האָבן אויסגעוואשן יעדן שטריך פון מיידלשער צאַרטקייט און אין מיין געדעכעניש האָט אויפגעטויכט אן אויסטערלישע סצענע פון מיין היים־שטעטל מיט אנדערהאַלבן צענדליק יאָר צוריק.

עס איז געווען א זומערדיקער שבת נאָכמיטאָג. דער מארק האָט געדרימלט מיט געשלאָסענע געוועלבער־טירן. ארום דעם ברונעם האָבן טויבן געוואָרקעט און געטרונקען די טראָפּנס וואסער, וואָס האָבן געטריפט פון דעם מיט מאָך באוואקסענעם הילצערנעם עמער. די זון האָט געבלענדט אין די פארביקע וויטראַזשן פון דער מיטלאַלטערלעכער גאָטישער קירכע. עס איז נעווען שטיל, שלווהדיק. מיטאמאָל איז די שטילקייט געוואָרן אויפ־געריסן דורך א נעפּילדער, וואָס האָט זיך געטראָגן פון א זייטיקן געסל, און נאָך די קינדער, וועלכע זענען אָנגעלאָפן אין מארק אריין, האָט צווישן צוויי הויכע פּאָליציאַנטן געשפאַנט א דראָבנינקע מיידל מיט א שטאָלץ־אויפגעהויבענעם קאָפּ. פון הינטן זענען נאָכגעגאַנגען אירע עלטערן, פאַר־בראָכן די הענט און נאָך זיי א גאַנצע מחנה יידן אין שבתדיקע מלבושים, ווי נאָך א לויה.

די ארעסטירטע איז ארייננעפירט געוואָרן אין דעם מיטלאַלטערלעכן ראָטהויז, וואָס האָט געשראָקן מיט זיינע באַרעליעפן פון פאַנטאַסטישע חיות און מיטאַלאָנישע פיגורן. דאָרט האָט זיך געפונען די שטעטלדיקע תפיסה, ווו דאָס יונגע, דעמאָלט צוואַנציק־יעריקע מיידל איז געוואָרן פאַר־שפּאַרט. אין דרויסן, פאַר די טויערן, וואָס האָבן זיך צוגעשלאָסן הינטער איר, האָט דער שבתדיקער עולם פון שטעטל לאַנג געטומלט. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס א יידיש מיידל איז געוואָרן ארעסטירט, דערצו נאָך אין שבת, וואָס איז אזוי זעלטן ווען געשטערט געוואָרן.

אירע פרומע עלטערן זענען געווען דערשיטערט. די בושה איז גע־ווען גרויס און ווען עלטערע יידן, וועלכע האָבן מיט וויכטיקייט זיך געגלעט די בערד און דעם דערשלאָגענעם פאַרפאָלק געמאַכט פאָרוווּרפן, פאַרוואָס זיי האָבן נישט בעסער אכטונג געטון אויף זייער טאָכטער, האָט עמיץ

פון דעם יונגוואַרג אַריינגעוואָרפן: „נישטאָ זיך וואָס צו שעמען, זי האָט נישט געגנבעט"...

באַלד זענען די פּאָליציאַנטן אַרויס פון ראָטהויז־טויער און צעטריבן די יידן, וועלכע האָבן זיך געסודעט וועגן דער געהיימער ליטעראַטור, וואָס די אַרעסטירטע האָט פאַרשפּרייט צווישן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. זינט דעמאָלט זענען פאַרביי קנאַפּע אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר און איך האָב דאָס מיידל מער נישט געזען. עס איז מיר אָבער געבליבן קלאָר אין זכרון דאָס בילד פון דעם שבתדיקן פאַרנאַכט, וואָס האָט אויפגערו־דערט דאָס אידילישע שטעטל. לעבעדיק איז מיר אין די אויערן אויך גע־בליבן דער געקלאַנג פון קירכן־גלאָק, וואָס האָט אין דער פאַרנאַכטיקער שעה אַזוי טרויעריק זיך צעקלונגען.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָב איך אַ ברודער פון דעם מיידל באַגעגנט אין באַלאַגערטן מאַדריד. איך האָב אים געטראָפן אין אַ נישט־פאַרענדיק־טער געביידע פון דער „סיודאַד אוניווערסיטאַריאַ", וווּ ער האָט געקעמפט אין די רייען פון פּוילישן דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן. ער האָט מיר דאַן דערציילט, אַז זיין שוועסטער זיצט נאָך אַלץ אין תפיסה און פּאַטעטיש אונטערגעשטראָכן: „איך בין דאָ געקומען קעמפן קעגן שפּאַנישן פאַשיזם און פאַר דער באַפרייאונג פון מיין שוועסטער". דאָס האָט ער אַזוי פּאַראַ־פראַזירט די לאָזונג, וואָס איז געווען אויסגעהאָפטן אויף דער פאָן פון פּוילישן דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן, אונטער וועלכן ער האָט געקעמפט — „פאַר אייער און פאַר אונדזער פרייהייט".

עס איז געווען ווינטער 1937. די בערג אַרום באַלאַגערטן מאַדריד, לענגאויס דעם מאַנזאַנאַרעס־טייך, זענען געווען באַדעקט מיט שניי — ענלעך צום ווינטער־פּעיזאַזש פון אונדזער היים־שטעטל ביי דער ווייסל. עטלעכע טעג שפּעטער בין איך ווידעראַמאָל געקומען אויף אַ באַזוך אויף דער ערשטער פראָנט־ליניע פון מאַדרידער אוניווערסיטעטס־קוואַרטאַל, אָבער מיין לאַנדסמאַן איז שוין מער נישט געווען. ער האָט נישט דערלעבט די באַפרייאונג פון זיין שוועסטער.

די דאָזיקע רעמיניסצענצן האָבן אַרויסגערופן געוויין אין די אויגן פון מיין באַזוכערין. זי האָט צוגעלייגט דאָס טיכל צו די אויגן און מיט אַ ביטערן גרימאַס אויף די ליפּן געזאָגט:

„נישטאָ מער קיין טרערן — שוין לאַנג אויסגעוויינט...”

זי האָט דאן גענומען דערציילן אירע אויסטערלישע איבערלעבונגען דורך די יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע און דאן מיטאַמאָל איבער־געריסן:

„א מאָדנע זאך —האָט זי געזאָגט— יעדעס מאָל, ווען איך זע עמיצן פון אונדזער שטעטל, ווער איך סענטימענטאל. דאָס געשעט אָבער אזוי זעלטן. עס זענען אזוי ווייניק געבליבן פון אונדזעריקע”.

אין דאָרף, וווּ זי פלעגט אמאָל זיין טעטיק צווישן די פּויערים און וואָס איז אין דער געגנט געווען באקאנט אלס די „רויטע נעסט”, צוליב די אָפטע שטרייקן אין דער אָרטיקער בראָנפן און ביר־פאבריק, האָט זי נישט געקענט געפינען קיין פּלאַץ, וווּ אויסצובאהאלטן אירע עלטערן. איינ־גיכן האָט זי אליין אויך געמוזט פארלאָזן דאָס דאָרף, וווּ איר באשיצער האָט באקומען וואָרענונגען, אז אויב ער וועט נישט ארויסשיקן די „יידיש־קע”, וועט ער ווערן דערמאָרדעט. דורך דער צייט, וואָס זי האָט זיך גע־פונען אין דעם דאָרף, האָט זי געזען, ווי טאָג־איין טאָג־אויס קומען אָן פול־געפּאַקטע וועגענער מיט אָנגערויבטן יידישן האָב און גוטס פון אונדזער היים־שטעטל.

„איך בין דאן צוריק אוועק קיין קוזמיר —האָט זי ווייטער דער־ציילט— און שוין דאָרט געטראָפן א געטאָ. די גאנצע יידישע באפעלקע־רונג איז געוואָרן צונויפגעקוועטשט אין איין געסל — אויף דער נאד־זשעטשנא, און די יידישע געוועלבער און הייזער אויפן מארק זענען גע־וואָרן פארנומען דורך די פּוילישע שכנים. מיין פאָטער האָב איך שוין נישט געטראָפן. ער איז געוואָרן דערמאָרדעט אין טאָג, ווען מען האָט די יידישע באפעלקערונג ארויסגעטריבן פון מארק אין געטאָ אריין. דעמאָלט זענען אומגעקומען פיל יידן, ווייל זיי האָבן פּרובירט נישט לאָזן זיך באַרויבן דורך די פּויערים, וועלכע זענען צו דער גרויסער שמחה זיך אָנגעלאָפן פון די ארומיקע דערפער. איך האָב אלזאָ בלויז געטראָפן מיין מוטער און די דריי יינגערע ברידערלעך.

„אין א קורצער צייט ארום בין איך מיט צוויי ברידער אוועק קיין ווארשע, וווּ מיר האָבן געהאט קרובים. זיי זענען אריין אין געטאָ און איך בין געבליבן אויף דער ארישער זייט. מיינע ברידער האָב איך מער נישט

געזען. איך ווייס בלויז, אז ביזן אויפשטאנד האָבן זיי געלעבט און זיי זענען געווען אקטיוו אין דער קאמפּס־אָרגאַניזאציע פון געטאָ. פּוילישע חברים, וועלכע האָבן אין שליחות פון דער אונטערערדישער באַוועגונג באַזוכט דאָס געטאָ, האָבן מיר געבראַכט גריסן פון זיי".

ווען איך האָב זי געפרעגט, ווי אַזוי זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט, האָט זי מיר דערציילט די אַזוי פּאָפּולערע פאַקטן פון ווילדן מענטשן־יאָגד, פאַרראַט און מסירת נפש, וואָס איך האָב געהערט פון צענדליקער אַנדערע יידן אין וואַרשע, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין קריסטלעכע היימען. עס איז געווען די זעלטענע מסירת נפש פון זעלטענע פּאָליאַקן, וועלכע זענען געוואָרן שאַנטאַזשירט דורך זייערע שכנים און גאַנץ אָפט געוואָרן דערשאָסן אָדער פאַרשיקט אין די גאַז־קאַמערן פאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייד.

„די ערשטע צייט — האָט זי ווייטער פאָרגעזעצט — האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ טראַמוויי־אַרבעטער, וועלכן איך האָב געהאַט באַגעגנט אין תפיסה קורץ פאַר מיין באַפרייאונג. ער איז געהאַט אָנגעקומען אויף פולע זעקס יאָר, אָבער איז באַפרייט געוואָרן בעת דער באַלאַגערונג פון וואַרשע, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטירטע, און שנעל געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע אונטערערדישע טוער. אויפן זעלבן הויף, אין גראָכאָוו, האָט געוווינט אַ פּוילישער פּאָליציי־קאָנפידענט, וועלכער האָט מיין פּוילישן חבר גענומען שאַנטאַזשירן, פּאָדערנדיק פון אים געלט פאַר האַלטן דעם סוד. אין אָנהייב האָט ער אים געגעבן, אָבער ווען ער האָט גענומען פון אים פּאָדערן אַלץ מער און מער, האָב איך אַליין געהאַט באַשלאָסן אַוועקצוגיין. ער האָט אָבער באַין אופן נישט מסכים געווען דערויף און נאָך אַ באַראַטונג מיט זיינע חברים באַשלאָסן אָפּצוּרוימען דעם פאַרשוין, וועלכער האָט שוין געהאַט פיל קרבנות אויף זיין געוויסן און ממילא פאַרדינט די שטראָף. דער אַטענטאַט איז אָבער נישט געלונגען און מיין גאַסט־געבער איז אַריינגעפאַלן צוזאַמען מיט נאָך צוויי אויספירער. דער פינפטער פון דער גרופּע, וועלכער האָט באַוויזן צו אַנטלויפן, איז געקומען מיר אָנזאָגן, אַז איך זאָל אַוועק. איך האָב דאַן עטלעכע וואָכן צייט זיך געוואַלגערט פון באַהעלטעניש צו באַהעלטעניש, ביז איך

בין אָנגעקומען צו א פריינט, ביי וועמען איך האָב זיך אויסבאהאלטן ביז דער באפרייאונג.

„איך האָב זיך אָבער נאָך קיינמאָל נישט געפילט אזוי יידיש ווי איצט, — האָט זי פּלוצים זיך צעשמייכלט, וויסנדיק וואָס פארא רעפלעקסן די דאָזיקע ווערטער אירע מוזן ביי מיר ארויסרופן. — איך פיל אפילו טיילמאָל א נויטווענדיקייט צו רעדן יידיש, —האָט זי צוגעגעבן— און ווען איך גיי איבער די גאסן פון ווארשע, זוך איך יידישע פּנימער. און ווי ווייט איך בין שוין געווען דערפון! — האָט זי מיט אן אויסדרוק פון באדויערונג און אנטוישונג צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. איך בין שוין געווען איינגאנצן פארפּוילישט —האָט זי ווייטער געצויגן— די פּויערים אין די דערפער זענען מיר געווען נענטער ווי די יידן אין די שטעטלעך. איך האָב זיך פיל בעסער אויסגעלעבט אין דער סביבה פון פּוילישע ארבעטער, ווי צווישן יידישע ארבעטער פון דער זעלבער פּאָליטישער ריכטונג. ווען איך פלעג אמאָל אהיים קומען צו אונדז אין שטעטל און סוקן אויף מיין פרומען טאַטן, האָט זיך מיר אָפט געדאַכט, אז איך בין אריין אין עפּעס א וועלט פון א ווייטער פארגאנגענהייט. דאָס לעבן אין אונזער שטעטל האָט מיר אויסגעזען אזוי ווייט, אזוי פרעמד, גלייך איך וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געהאט קיין געמיינזאמעס מיט דעם אלעמען. איצטער אָבער פיל איך אן אויסטערלישע בענקשאפט נאָך יידן און גראָד נאָך דער דאָזיקער סביבה פון אונדזער שטעטל..."

נישט די פּלוצימדיקע בענקשאפט נאָך די פארשוווּנדענע יידן פון אונדזער שטעטל איז פאר מיר געווען אן אנטפּלעקונג אין די רייד פון דער דאָזיקער יונגער פרוי, נאָר איר דערקלערונג, פארוואָס זי האָט זיך פּלוצים איצטער דערפילט פרעמד אין דער פּוילישער סביבה, אין וועלכער זי האָט זיך געהאט איינגעלעבט במשך פון אזוי פיל יאָרן.

„ווען עס זענען געווען דריי און א האלב מיליאָן יידן אין פּוילן — האָט זי געזאָגט— האָט די פּוילישע פּראָגרעסיווע געזעלשאפט געהאט טענות, פארוואָס די יידן אסימילירן זיך נישט, גיסן זיך נישט צונויף מיטן פּוילישן פאָלק. יעדער איינער, וועלכער האָט דעמאָלט ארויסגערוקט דעם דאָזיקן ארגומענט קעגן די יידן, זיי באשולדיקט אין פרעמדקייט צו דער פּוילישער קולטור, צו דער פּוילישער שפּראַך, האָט אין זיין אונטער־באַ־

ווּסטזיין קלאָר געפילט, אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך, אַז די דריי און אַ האַלב מיליאָן יידן וועלן זיך נישט אַסימילירן; נאָך בפרט, ווען זיי ווערן אַרויסגעשטויסן פון יעדער וויכטיקער פּאָזיציע אין פּוילישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן. דאָס איז דעריבער געווען אַן אַרגומענט, וועלכן מען האָט געקענט אייביק נוצן. דערפאַר טאַקע זענען די קליינע גרופּן יידן, וועלכע זענען אַריין אין דער פּוילישער פּראָגרעסיווער סביבה און דאָרט געאַרבעט אַלס פּאָליאַקן, גערן געוואָרן אַקצעפּטירט. איצטער אָבער, ווען די יידן אין פּוילן זענען אַזאַ קליינע מינדערהייט און זיי ווערן אָן שום דיסקרימינאַציע צוגעלאָזן צו אַלע מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע שטע־לעס, האָט זיך אַפילו ביי די פּראָגרעסיווע פּאָליאַקן אַנטוויקלט אַ מורא, אַז די יידן זאָלן זיי אַמאָל נישט אַרויסשטויסן פון זייערע פּאָזיציעס. דער־מיט דערקלערט זיך, וואָס אין דער סביבה, אין וועלכער איך לעב און אַר־בעט איצט, גייט אָן אַן אויסטערלישער געיעג אויסצוגעפינען, ווי עס איז געווען דער אייגנטלעכער נאָמען פון דעם ייד, וועלכער הייסט איצט באַר־קאָווסקי, פּרושקאָווסקי אָדער אָלשעווסקי. אָפטמאָל פאַרענטפערן עס מיינע חברים מיט אַ נאַטירלעכער מענטשלעכער קוריאָזיטעט, אָבער דאָס איז פיל טיפער און פיל ערנסטער. גאַנץ אָפט האָב איך אַ באַגער אין אָנבליק פון מיינע נייע פּוילישע חברים און חברטעס, וועלכע נעמען דיסקרעט מיך פרעגן וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט, גאַנץ איינפאַך אין פּנים אַריין אַ זאָג־טון, אַז איך הייס „ראַבינאָוויטש" — און אַ סוף זאָל עס נעמען! איך קען זיך אָבער נישט אַנטשליסן דערצו. דאָס וואָלט אַרויסגערופן קאָנפליקטן, בייז בלוט און די נאָענטע חברים, פאַר וועלכע איך פאַרטרוי זיך וועגן דעם, האַלטן אַז עס איז נאָך צו פרי דאָס צו טון, אַז איך זאָל נאָך דער־ווייל אַזוי אָנגיין און שווייגן. איך מוז אַלזאָ איצטער, אין דעם באַפרייטן פּוילן, שפּילן די ראָלע פון אַ מאַראַן".

איר ביטערניש איז געוואָרן אַלץ שאַרפער און שאַרפער. זי האָט ענערגיש מיט ביידע הענט אַוועקגעשאַרט פון די אויגן די העל־בלאָנדע האָר, וואָס זענען געווען ווי טויט און דורכגעברענט פון די טייכן זווער־שטאָף, וואָס זי האָט אויף זיי געגאָסן דורך די יאָרן פון דער קאָנספּיראַציע, און געזאָגט:

„אַמאָל האָט מען אין די פּראָגרעסיווע פּוילישע קרייזן שאַרף פאַר־

אורטיילט און באַטראַכט פאַר אַ ווילדן אומזין די לאָזונג פון דער פוילי־שער רעאַקציע צו „עוואַקואירן" די יידן פון פוילן. איצטער אָבער קען מען אפילו אין אונדזערע רייען הערן שטימען פון רעזיגנאַציע, אַז אפשר וואָלט טאַקע גלייכער געווען, אַז דאָס רעשטל פון די לעבנגעבליבענע יידן זאָלן אויסוואַנדערן פון פוילן".

* * *

אַמשטאַרקסטן איז די דאָזיקע פאַרצווייפלונג און רעזיגנירטקייט גראָד ביי די יידישע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם גאַנצן גיהנום פון דער נאַצישער אָקופּאַציע אין פוילן. גראָד די, וועלכע זענען געראַטעוועט געוואָרן אַ דאַנק דעם איבערמענטשלעכן העראָאיזם און מסירת נפש פון פוילישע פריינט, זענען פאַרצווייפלט צוליב דער אַטמאָספער פון האַס און ווידערווילן, וואָס הערשט איצט אין פוילן, סיי צו די יידן, וועלכע ווילן צוריק אויפבויען זייער אייגנאַרטיק קהילה־לעבן און סיי צו די, וועלכע ווילן זיך צונויפגיסן אינגאַנצן מיט דער פוילישער געזעלשאַפטלעכקייט.

די, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם נאַצישן מבול, האָבן געגלויבט, אַז ווי נאָר די פאַרפלייצונג וועט אָפּטרעטן, וועט דאָס צוזאַמענלעבן צווישן יידן און פּאָליאַקן נישט זיין מער קיין פּראָבלעם. די דאָזיקע האָפענונגען זענען אָבער צערונען געוואָרן. די היטלער פאַרפלייצונג איז אָפּגעטרעטן, אָבער אויפן באָדן פון פוילן זענען געבליבן נאַצישע זומפּן. דאָס האָט טאַקע דערשיטערט און אַרויסגעשטויסן פון גלייכגעוויכט פיל יידן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם נאַצישן מבול אין פוילן. אַנדערש אָבער נעמט אויף דעם קאַמף די יידישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ, וואָס איז צוריקגע־קומען פון רוסלאַנד אין די רייען פון דער נייער פוילישער אַרמיי און גלייך פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג אין לוב־לין און שפּעטער אין וואַרשע. פאַר זיי איז אָט דער צושטאַנד אין פוילן נישט קיין איבעראַשונג. זיי האָבן פון דער ווייטנס אָפּגעשאַצט די דעמאָ־ראַליזאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין פוילן אונטערן נאַצישן רעזשים.

אין פוילן איז טאַקע נישט געווען קיין איין „קוויזלינג" אין גרויסן פאַרנעם, נאָר טויזנטער קליינע, ביליקע „קוויזלינגס", וועלכע האָבן מיט־

נעארבעט מיטן אָקופּאנט. זייער טרעפלעך האָט דעם דאָזיקן צושטאנד כאראקטעריזירט דער יונגער פּוילישער שרייבער קאַזשימיעזש וויקא, וועל־כער האָט עטלעכע חדשים נאָך דער באפרייאונג פון פּוילן געשריבן:

„פארוואָס האָט דער אנטיסעמיטיזם פון די אינטעליגענטע פּוילישע שיכטן, טראָץ דעם וואָס ער האָט איצט נישט מער קיין שום רעאלע גרונטן, דאָך אין פיל פאלן זיך פארבונדן מיט דער רעאקציע?... דער קערן פון דער זאך ליגט אין דעם פאקט, וואָס אין פּוילן איז נישט געווען קיין „קוויזלינג".
איך בעט אייך נישט טראכטן, אז איך פארמעסט זיך דאָ אויף פּאראדאָקסן.
אין דער איצטיקער סיטואציע איז א טרויעריקער פּאראדאָקס דער פאקט, אז פּוילן איז איצט דאָס איינציקע לאנד אין אייראָפּע, ווו דער אנטיסע־מיטיזם דויערט ווייטער און פירט צו פּאָליטישע און מאָראלישע מאָרדן, דאָס לאנד, ווו די יידן זענען אמגרינטלעכסטן געוואָרן אויסגעראָטן און דער ווידערשטאנד קעגן די דייטשן בעת דער אָקופּאציע איז געווען אמ־שטארקסטן. דערווייל גאָר האָט דער היטלעריזם דווקא אין דעם דאָזיקן לאנד איבערגעלאָזט זיין קוקו־איי.

„מיר האָבן ליב זיך צו רימען מיטן פאקט, אז מיר זענען דאָס איינ־ציקע לאנד אין אייראָפּע, וואָס האָט נישט ארויסגעגעבן קיין קוויזלינג, אָדער א האכאַ, און מיר זעען דערין א באווייז פון אונדזער פּאָליטישער חכמה... דורך דעם אָבער, וואָס מיר האָבן נישט ארויסגעגעבן קיין איי־גענעם „קוויזלינג", דאָס הייסט דורך דעם, וואָס די עלעמענטן, וועלכע זענען געווען אידעאיש נאָענט צום היטלעריזם, די וועלכע האָבן אין אנ־דערע לענדער צוזאמענגעארבעט מיטן אָקופּאנט, האָבן ביי אונדז דאָס נישט געקענט טון, — דורך דעם איז די איצטיקע געזעלשאפטלעכע לאגע אין פּוילן אויף קיין פאל נישט געוואָרן פאראיינפאכט. עס איז בעסער, ווען דער אייטער זאמלט זיך צונויף און קען ווערן אויסגעקוועטשט אָדער אויסגעשניטן צוזאמען מיטן בלאָטער, ווי ער זאָל זיך צעגיין איבער דיביינער און צו ביסלעך ארייננדרינגען אין גאנצן קערפּער... ווען דער פּוי־לישער אנטיסעמיטיזם וואָלט זיך געווען קאָמפּראָמיטירט אלס אן עלעמענט פון צוזאמענארבעט מיטן אָקופּאנט, וואָלט ער אפשר דורך דעם געוואָרן פארניכטעט און אויב נישט, וואָלט ער אמווייניקסטנס געוואָרן דעמאס־קירט... היות אָבער עס איז קיין „קוויזלינג" נישט געווען, איז ער פאר־

בליבן אין זיין אייגענער פּאָזיציע... און פון קבר באַלאַנגט ער וווּיטער צו די רעקוויזיטן פון פּאַטריאָטיזם און צו דער אַזוי־גערופענער בירגער־לעכער פליכט".

די יידן, וועלכע גייען צו צום פּראָבלעם פון פּוילישן אַנטיסעמיטיזם מיט אָט דער פּערספּעקטיוו, וועלן דעריבער נישט איבערראַשט, זיי וועלן נישט פאַרצווייפלט און קוקן דערויף טאַקע ווי אויף דעם זומפּ נאָכן היטלע־ריסטישן מבול, וואָס דאַרף אויסגעראָטן ווערן. זיי זעען דערין אַ פאַרבלי־בענע נעסט פון נאַצישע מיקראָבן, וואָס די דרויסנדיקע רעאַקציאָנערע וועלט איז פאַראינטערעסירט אָנצוהאַלטן ביים לעבן. דאָס פאַרשטאַרקט נאָך מער זייער עקשנות און פאַרביסנקייט אין דעם קאַמף קעגן דער דאָ־זיקער נאַצישער איבערבלייבעניש, אין וועלכער זיי זעען אַ געפאַר נישט נאָר בלויז פאַר די יידן אין פּוילן, נאָר פאַר די יידן אומעטום, אין אַלע לענדער פון אייראָפּע און אויך אויסער אייראָפּע.

די דאָזיקע יידן האַלטן, אַז דורכן אַנטלויפן פון פּוילן ווערט דער־מוטיקט דער אַנטיסעמיטיזם נישט נאָר בלויז אין פּוילן, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער, ווּהין די יידן אַנטלויפן, זייענדיק דערצו זיכער, אַז ווי נאָר זיי זענען אַריבער די גרענעצן פון פּוילן, זענען זיי שוין אויסער יעדער געפאַר. זיי האַלטן דעריבער, אַז עס איז פיל געזונטער דעם ענדגילטיקן קאַמף קעגן די נאַצישע און אַנטיסעמיטישע מיקראָבן דורכצופירן אין פּוילן, טאַקע דאָ, ווו עס געפינען זיך די שטאַרקסטע נעסטן, און ווו די רעגירונג שטיצט דעם דאָזיקן קאַמף נישט נאָר בלויז צוליב דער פאַרטיי־דיקונג פון די יידן, נאָר צוליב דער פאַרטיידיקונג פון דעם נייעם רעזשים.

די דאָזיקע יידישע אינטעלעקטועלע, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם קאַמף פון דעם נייעם פּוילן, גיבן זיך אָפּ אַ קלאָרן דין וחשבון, אַז אין דעם דאָזיקן קאַמף וועלן פאַלן פיל קרבנות און דווקא יידישע קרבנות מער ווי אַנדערע. זיי האַלטן אָבער, אַז דאָס אַנטלויפן וועט אין דעם ענד־גילטיקן באַלאַנס פאַרשלינגען נישט ווייניקער קרבנות. זיי פאַרשטייען דעם פּסיכאָז פון פּאַניק, וואָס האָט אַרומגענומען די עלנטע יידן, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון די לאַגערן און די מאַסן רעפּאַטריאַנטן פון רוסלאַנד, וואָס אַנשטאָט דער נאַטירלעכער פרייטלעכקייט און מיטגעפיל מצד זייערע

אמאָליקע פּוילישע שכנים אין די שטעט און שטעטלעך האָבן זיי גאָר אָנ־געטראָפן האס און ווידערווילן. דאָך האלטן זיי, אז פארבלייבנדיק אין פוילן, זעצן זיי פאָר דעם קאמף אויך פאר די אנטלויפנדיקע יידן, אָן אונ־טערשיד, צי זיי וועלן נאָך אמאָל צוריקקומען קיין פּוילן אָדער נישט. זיי גלויבן, אז זייערע דערגרייכונגען ביים פארניכטן דעם פּוילישן פאשיזם וועלן דערגרייכן די אנטלויפנדיקע יידן אומעטום, ווו זיי וועלן נאָר געפינען א נייע היים.

ק א פ י ט ל   פ י ר

# פון געטאָ איז געבליבן בלויז דער הימל

פון טאָג צו טאָג האָב איך אָפּגעלייגט מיין באזוך צו די חורבות פון ווארשעווער געטאָ. אין די נעכט האָב איך פון מיין האָטעל־באלקאָן שעהן לאנג אָנגעשפּיזט די בליקן אין דער ריכטונג פון געטאָ. פון דער גע־דיכטער, נאכטיקער בלויקייט, צו וועלכער די אויגן האָבן זיך נאָך א לענ־גערער ווײַלע צוגעוווינט, האָבן זיך אויסגעשיילט בלויז צוויי קירכן־טור־רעמס. מער האָט מען נישט געזען, קיין מויער, קיין וואנט. פון אלע זייטן האָבן אין פינסטערן ווארשע געשימערט ליכט אין די פענסטער. בלויז פון דער געגנט, וווּ עס איז געווען דאָס געטאָ, האָט זיך נישט געזען קיין ציטער פון קיין ליכט. דאָרט איז געווען פולשטענדיקע פינסטערניש, טויטקייט.

איך האָב די טויטקייט ממש אָנגעטאַפּט מיט די הענט, אָבער דאָך, פון דער ווייטנס, איידער איך האָב געזען די צעמאָלענע חורבות פון געטאָ, האָט די דערמאָנונג וועגן ווארשעווער געטאָ נאָך אלץ ביי מיר ארויסגע־רופן דאָס בילד פון איבערמענטשלעכן העראָאיזם, פון זעלטענער יידישער העלדישקייט און פון ביטערן פּראָטעסט־געשריי קעגן דער גרויזאמער, גלייכגילטיקער וועלט.

פון דער ווייטנס זענען די גאסן פון געטאָ נאָך געווען פאר מיר לע־בעדיק, פול מיט פארביקן געפילדער. אין די אויערן האָט מיר נאָך גע־קלונגען דער גערויש אויף די נאלעווקעס, פראנצישקאנער, געשנע און דזשיקע — די לעבעדיקסטע ארטעריעס אין דעם יידישן קווארטאל אין ווארשע, איבער וועלכן עס האָבן געאיילט יידן אין לאנגע קאפּאָטעס און קליינע, קיילעכדיקע היטעלעך. די דאָזיקע יידן זענען שוין מער נישטאָ.

פון די גאסן פון באפרייטן פוילן איז אינגאנצן פארשוואונדן זייער עקזאָ־טישע טראכט.

יעדעס מאָל, ווען מײנע פרײנט און באקאנטע האָבן מיך געפרעגט, צי איך האָב שוין באזוכט דאָס געטאָ, און איך האָב בלויז דורך א טרייסל מיטן קאָפּ זיי געענטפערט, אז ניין, האָבן זיי טרויעריק אראָפּגעלאָזט די אויגן און פארשטאנען. איך בין נישט געווען דער איינציקער פון די פריש־געקומענע, וואָס האָט אזוי פון טאָג צו טאָג אָפּגעלייגט דעם באזוך. צענ־דליקער באקאנטע, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון רוסלאנד און זיך שוין געפונען אין ווארשע עטלעכע וואָכן צייט, האָבן נישט געוואגט צו גיין צו יענעם קווארטאל, וווּ אין די אונטערערדישע באהעלטענישן ליגן אפשר באגראָבן זייערע נאָענטע. זיי האָבן זיך געשראָקן פארן געטאָ. זוי פאר אן אָפּגרונט, פון וועלכן עס איז מער נישטאָ קיין צוריקגאנג, ווי פאר אן אנטפלעקונג פון עפּעס אזעלכעס, נאָך וועלכן דאָס לעבן האָט שוין מער קיין זין נישט.

ענדלעך האָב איך זיך אנטשלאָסן אויף דעם טרויעריקן באזוך. עס איז געווען א זונטיקדיקער, זוניקער פרימאָרגן און מיר האָבן זיך פאר־זאמלט אין האָטעל „פּאָלאָניא". אורשפּרינגלעך האָבן מיר געזאָלט גיין זאלבעדריט, אָבער אונדזער גרופּע איז פּלוצים אויסגעוואקסן צו פינף מענטשן. די אומבאקאנטע, וועלכע זענען מיר פאָרגעשטעלט געוואָרן, בײדע „מאראנען", הויכע באאמטע אין געזונטהייטס־מיניסטעריום, האָבן נער־וועז געשעפּטשעט וועגן דער דאָזיקער „עקספּעדיציע" אין געטאָ אריין, וואָס איז בלויז א פּופצן מינוטיקער שפּאציר צו פוס.

ביים עק פון אלעיע יעראזאלימסקע און מארשאלקאָווסקא איז אונדז אנטקעגן געקומען מיין אָפּטסטער באזוכער אין ווארשע, העניעק רובינליכט, דער איינציקער פארבליבענער פון א רייך־פארצווייגטער, פּילזייטיק־טאַ־לאנטירטער יידישער משפּחה אין ווארשע. ער איז געווען אין געטאָ כמעט ביז צום סוף פון אויפשטאנד און קען דאָרט יעדעס ווינקל, יעדע באהעל־טעניש. מיר האָבן אלזאָ אומגעריכט באקומען דעם בעסטן פירער איבערן אָפּגרונט פון אונדזער אומגליק.

אונדזער „עקספּעדיציע" צום געטאָ האָבן מיר אָנגעהויבן דורך דעם זאקסישן גאָרטן, וואָס האָט אמאָל מיט זיך פאָרגעשטעלט די „לונגען"



דאָס איז געבליבן פון די נאַלעווקעס...

פון ווארשע. איצטער זענען די דאָזיקע לונגען אונטערגעהאקט. די ביימער־שטייען מיט ארונטערגעשאָסענע אָרעמס און די סטאטועס מיט אראָפּגע־שאָסענע קעפּ. צווישן דעם ווילד־צעוואקסענעם גראָז זעען זיך ארוים היל־צערנע צלמים. דאָס זענען קברים פון געפאלענע קעמפער. אביסל ווייטער אָבער זעען זיך בּאָרלעך, צונויפגעטוליעט אין שאָטן פון א צעצווייגטן קאשטאן־בוים, וואָס איז געבליבן גאנץ. דאָ און דאָרט ארום די קברים באוועגן זיך פרויען און קינדער, וועלכע באגיסן די בלומען אָדער רייסן אוים די ווילדע קרייטעכצער. דאָס זענען פרויען און קינדער פון די גע־פאלענע העלדן, וועמענס נעמען זענען אויפגעשריבן אויף די הילצערנע קרייצן.

— קיין קבר פון קיין געפאלענעם ייד האָב איך דאָ נישט געטראָפן די יידן האָבן בלויז א שטיינערנעם, אנאָנימען ריזיקן ברידער־קבר, וואָס הייסט געטאָ. דער דאָזיקער קבר הייבט זיך אָן, ווי נאָר מען גייט ארוים פון דעם צעבראָכענעם, דורכגעזשאווערטן אייזערנעם טויער ביים „זאק־סישן גאָרטן".

דער פּלאַץ איז וויסט. אין די אויערן נעמט דאָ פּלוצים רוישן די אויסטערלישע שטילקייט, וואָס ווערט נישט איבערגעריסן אפילו דורכן געזשום פון א פליג. דאָ געדרייעט נישט מער קיין שום לעבעדיק וועזן. דאָ האָט דער נאציזם אָפּגעהאלטן זיין פולשטענדיקן נצחון. די קעלער־עפע־נונגען אין די קופּעס צעקרישלטע שטיינער און ציגל זעען דאָ אוים ווי שרייענדיקע מיילער, וואָס זענען פֿארגליווערט געוואָרן אין מיטן פון פאר־צווייפלטן געשריי.

„דאָ, אין די דאָזיקע קעלער־עפענונגען — האָט זיך אָפּגערופן העניעק רובינליכט — האָבן די נאצישע צעשטערונגס־בריגאדעס אריינגעוואָרפן גאז־באָמבעס און אויסגעראָטן די לעצטע מענטשן, צוזאמען מיט די מייז און אינזעקטן. . ."

איך בין שטיין געבליבן און ווייטער נישט געקענט מאכן קיין שריט. דאָ איז געווען אמאָל איינער פון די קאָכעדיקסטע האנדלס־צענטערן אין ווארשע. דאָ האָט געווימלט מיט יידישע גאסן־הענדלער. דאָ איז געווען דער צענטער פון די יידישע טרעגער און קצבים. דאָ האָבן זיך געפונען די סקלאדעס פון כלעריי סחורות, וואָס זענען אריינגעפירט געוואָרן פון

גאַנץ פּוילן און פון אויסלאַנד. דאָ האָט מען אויסגעלאָדן די קאַסטנס פּאַר־צעלאַן פון טשעכאָסלאָוואַקיי, די זייגערלעך פון דער שווייץ, די שפּילצייג פון יאַפּאַן, די פּרוכטן און קאָלאָניאַלע סחורות פון רומעניע, איטאַליע, שפּאַניע, ארץ־ישראל און ווייטן אינדיע. דאָס איז געווען דאָס פענסטער צו די מערק פון דער וועלט.

איצט גליווערט דאָ וויסטעניש און פון דער רונדער, דורכגעברענ־טער געביידע פון די אַמאָליקע מאַרק־האַלעס איז געבליבן בלויז דער אייזערנער סקעלעט, וואָס זעט אויס ווי א ריזיקע שטייג. דאָ און דאָרט הענגט א שטיקל דורכגעברענטער שילד, פון וועלכן מען קען נאָך איבערלייענען דעם סוף פון א יידישן נאָמען און אויך דעם מין סחורה, וואָס איז דאָ פאַרקויפט געוואָרן.

אונדזערע טריט האָבן אָפּגעהילכט צווישן די חורבות פון פּשעכאַד־ניאַ גאַס. מיר האָבן נישט באַגעגנט קיין לעבעדיקן מענטש. עס איז אונדז נישט אַנטקעגן געקומען אפילו קיין הונט. ביים ארויסגאַנג פון פּשעכאַד־ניאַ גאַס, אין דעם דרייעק פון פּלאַץ באַנקאָווי, שטרעקט זיך צום הימל די ריזיקע קאָלאָנאַדע פון דעם געוועזענעם פינאַנץ־מיניסטעריום. אויפן אָרט פון אַמאָליקן סקווער שטייט אויך די גרויסע פאָנטאַנע מיט אירע געפּלאַצטע מאַרמאָרנע טעלערס. דער סקעלעט פון פינאַנץ־מיניסטעריום מיט זיינע אומבאַשעדיקטע זיילן דאָמינירט איבער דער ארומיקער וויסטקייט ווי א מין פּוילישער „פאָרום ראָמאַנום".

פון אָט דער געביידע האָבן די פּוילישע רעאַקציאָנערע רעזשימען אָנגעהויבן זייער ווירטשאַפטלעכן פאַרניכטונגס־קאַמף קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, נאָך איידער דער היטלעריזם איז געבוירן געוואָרן. ווען אַדאָלף היטלער האָט אין דער לאַנדסבערגער תפיסה־פעסטונג ערשט גע־שריבן „מיין קאַמף", זענען פון הינטער די דאָזיקע קאָלאָנאַדעס שוין ארויסגעקומען פאַראָרדענונגען פון פּוילישן פינאַנץ־מיניסטער וולאַדיסלאַוו גראַבסקי, וועלכער האָט דורך א שטייער־שרויף, געווענדט ספּעציעל קעגן יידישע סוחרים, האַנטווערקער, און אָרימע הענדלער, געשטרעבט צו פאַר־ניכטן דעם יידישן מיטל־קלאַס. מיט דער זעלבער שטייער־שרויף האָט מען אויך געדריקט דעם אָרימען פּויער און דערביי אים געהעצט און גע־רייצט קעגן די יידישע קרעמער, ווי קעגן די שולדיקע אין זייער נויט. דער

טרוים פון די גראבסקי־עקאָנאָמיסטן אוועקצוגעבן די יידישע קרעמלעך צו די ערדלאָזע פוילישע פויערים איז מיט צוויי יאָרצענדליק שפּעטער גע־וואָרן פארווירקלעכט דורך אדאָלף היטלער.

די גראבסקים אין באפרייטן פוילן זענען אָבער נישט אינגאנצן צו־פרידן פון דער ארבעט, וואָס היטלער האָט פאר זיי געטון — ער האָט עס נישט פארענדיקט.

ווען איך האָב די דאָזיקע רעפלעקסן געטיילט מיט מיינע מיטגייער איבערן געטאָ, האָט זיך פלוצים דערהערט א שאָס און אין א ווייַלע ארום א צווייטער און א דריטער. איך האָב געהאט דעם איינדרוק, אז די שאָסן קומען פון דער נאָענט, ממש פון הינטער די זייַלן פון געוועזענעם פינאנץ־מיניסטעריום. דאָס איז אויך געווען דער איינדרוק פון מיינע פריינט, וועלכע זענען אין דער הינזיכט פיל גרעסערע עקספּערטן פון מיר און איינער פון זיי האָט שפּאסיק א זאָג־געטון:

„דאָס שיסט גראבסקי אויף די לעצטע יידן...״

קיינער פון אונדזער עולם האָט זיך אָבער מיט די עטלעכע שאָסן נישט איבערגענומען. דערצו איז מען אין ווארשע געוווינט, אפילו אין מיטן העלן טאָג.

העניעק רובינליכט האָט דאַן ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט דערציילט, אז אין דער צייט פון געטאָ־אויפשטאנד זענען אויפן דאך פון פינאנץ־מיניסטעריום געזעסן נאצישע ספּעציאליסטן אין שארף־שיסעריי און גע־צילעוועט אין די פארבינדונגס־מענטשן, וועלכע פלעגן דורכלויפן פון איין בונקער צום צווייטן.

פּלאַץ באנקאָווי, עלעקטאָראלנא, פּשעכאָדניא און זשאביא האָבן נאָך מער ווייניק די פאָרם פון גאסן, אָבער דאָס הערט אויף, ווען מיר דערנענטערן זיך דאָרט, ווו עס איז אמאָל געווען די קרייצונג פון לעשנאָ, טלאָמאצקע, רימארסקא און פּשעיאזד.

די נעמען פון די דאָזיקע גאסן פיגורירן ווייטער אין דעם נייעסטן וועג־ווייזער פון ווארשע, וואָס איז אין יאָר 1946 ארויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם „פּראָפעסיאָנעלן פאראיין פון בלינדע ארבעטער אין ווארשע״. אין דעם וועג־ווייזער עקזיסטירן אויך אלע אנדערע יידישע גאסן אין

װאַרשע, װי נאַלעװקי, פראַנציסקאַנסקאַ, גענשאַ און סמאָטשאַ, פון װעלכע עס איז נישטאָ מער קײן שפור.

אװעקשטעלן די נעמען פון די דאָזיקע גאַסן אין אַ װעג־װײַזער פון איצטיקן װאַרשע איז אַ ביטערע איראָניע, װאָס מען קען מוחל זײַן טאַקע נאָר בלױז בלינדע מענטשן.

די אָפיציעלע סטאַטיסטיק לױטעט, אַז פון די 1230 גאַסן פון פאַרן קריג זענען אין װאַרשע געבליבן נישט מער װי 143. אין דער דאָזיקער רשימה פון די געבליבענע גאַסן זענען שױן די ייִדישע גאַסן נישט אַרײַנגערעכנט, װײַל אין אַמאָליקן ייִדישן קװאַרטאַל אין װאַרשע, דאָרט װוּ עס איז געװען דאָס געטאָ, איז נישטאָ קײן אײן גאַס.

דאָס געטאָ איז אַ שטח פון צעקרישלטע ציגל, צעקנױלטע אײַזן־שטאַבעס און הימל. נאָר דער הימל איז געבליבן אומגעענדערט. אפילו געניטע קענער פון װאַרשע, װעלכע זענען אױסגעװאַקסן אין די דאָרטיקע געסלעך און האָבן געקענט יעדע געבײדע, זענען נישט אימשטאַנד אונטערצושײדן אַ גאַס פון אַ גאַס.

נאָכן דערשטיקן דעם אױפשטאַנד אין געטאָ, אין פרילינג פון יאָר 1943, זענען די דײַטשן צוגעטרעטן אױסצוגלײַכן די רעשטלעך פון די געבליבענע חורבות. אַ גאַנץ יאָר צײַט האָט אַ גרױסע בערלינער בױ־פירמע געאַרבעט צװישן די מױערן פון װאַרשעװער געטאָ, אָפּגעקליבן אַלע מאַטעריאַלן, װאָס האָבן נאָר געקענט גענוצט װערן פאַר בױ־צװעקן. זעקס טױזנט אונגאַרישע ייִדן זענען ספּעציעל געבראַכט געװאָרן צו דער דאָזיקער שקלאַפן־אַרבעט. זײ האָבן אָפּגעקליבן אַלע ציגל, יעדעס שטיקל אײַזן און יעדעס שטיק האָלץ, װאָס האָט נאָר געקענט געברױכט װערן. טאָג און נאַכט האָבן הונדערטער לאַסט־װעגענער קוים זיך דורכגעשטופּט דורך די שמאָלע טױערן פון דער געטאָ־מױער און אַרױסגעפירט די איבערבלײַבעניש נאָך דער גרעסטער ייִדישער קהילה אין אײראָפּע, װאָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ געשיכטע פון העכער 300 יאָר. דאָס װאָס די נאַציס האָבן נישט געקענט אװעקפירן, האָבן זײ אױפגעריסן מיט דינאַמיט.

בלױז די רױט־ציגלדיקע געטאָ־מױער האָבן זײ נישט צעשטערט. די מױער איז געװען דרײַ מעטער הױך און 16 קילאָמעטער לאַנג. אױבן אױף דער מױער איז געװען אײַנגעקלעבט אַ געדיכטער שיכט צעבראָכלט

גלאָז און ארויסשטארנדיקע שפּיציקע אייזנס זענען געווען דורכגעפלאָכטן מיט שטעכיקן דראָט.

די דאָזיקע געטאָ־מויער האָבן די נאַציס איבערגעלאָזט אומבארירט, ווי א מאָנומענט פון זייער הערשאַפט אין פּוילן, ווי א מאָנומענט פון זייער צוריקברענגען דעם סאַמע פינסטערסטן מיטלאַלטער אין מיטן פון 20סטן יאָרהונדערט; ווי א מאָנומענט פון זייער טייוולאָנישער דערפינדונג פון פארניכטן זעקס מיליאָן יידן מיט דער הילף פון די נייעסטע דערגרייכונגען פון אונדזער ציוויליזאַציע.

די דאָזיקע מויער איז אָבער גלייך אויפגעריסן געוואָרן דורך די פּוילישע באפרייאונגס־קרעפטן, ווי אן אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן דעם מאָנומענט פון שאַנד און פארברעכן. די שטאָט־פארוואַלטונג פון ווארשע האָט אויך פאראָרדנט גלייך מיט טראַקטאָרן דורכצואַקערן דעם פארוויסט־שטח פון געטאָ, עפענענדיק צום פארקער די הויפּט־ארטעריעס פון אמאָליקן יידישן קווארטאל.

אויף דער גאַסן־קריַיצונג פון לעשנאָ, טלאָמאַצקע, פּשעיעאַזד און רימאַרסקאַ, דאָרט וווּ עס פלעגן אין ווארשע פארנאָטירט ווערן די גרעסטע צאָל אומגליקס־פאַלן דורך איבערפאָרן, האָב איך דאָס מאָל געטראָפן זיצן א פּוילישע פרוי אָנגעשפּארט אויף א קופּע שטיינער, וואָס זי האָט צונויפגעלייגט אין דער פאָרם פון א שטעלעכל. מיט א צעריסענעם שירעם איבערן קאָפּ, זיך צו שיצן קעגן דער גליענדיקער זון, איז זי געזעסן און געוואַרט אויף קונים. מער קיין לעבעדיקן מענטש האָט מען ארום נישט געזען.

ווען איך האָב זי געפרעגט, וואָס זי זיצט דאָ, האָט זי מיט א שמייכל געענטפערט:

„איך וואַרט טאַקע אויף אַזעלכע ווי איר" — און פון א טיפער קעשענע אין אירע שמאַטעדיקע קליידער האָט זי ארויסגעצויגן אמעריקאַנער ציגאַרעטן און אונדז פאָרגעלייגט צום פארקויף.

„זונטיק — האָט די באַרעדעוודיקע פרוי פאָרגעזעצט — קומען דאָ אהער א סך פון אייערע — האָט זי אַפּנים אויסגעמיטן צו באַנוצן דעם אויסדרוק „יידן" — און איך קען דאַן עפּעס לייזן. עס איז היינט אזא אָנגעלויף פון הענדלער אין ווארשע — האָט זי זיך געקלאָגט — אז עס

איז אוממעגלעך צו פאַרדינען אַ גראָשן. מען מוז דעריבער זוכן אַן אָרט, וווּ די כאָפּטע (זי האָט אין פּויליש געזאָגט „כאַלאָטאַ") איז נישטאָ"...

אויף דעם דאָזיקן אָרט, וווּ די פּוילישע הענדלערקע אין די שמאַ־טעדיקע קליידער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אָן דורכגעברענטע שטיינער, האָבן זיך געפונען וויכטיקע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס.

קיין פעסטע קאָנטורן פון הייזער האָט מען אַרום נישט געזען, אָבער איך האָב זיך אָריענטירט, אַז אומגעפער דאָ, צווישן איין בארג ציגל און אַ צווייטן, האָט זיך געפונען דאָס הויז טלאָמאַצקע 13 — אונדזער יידישער ליטעראַטן־קלוב.

איך האָב גענומען קלעטערן איבער דער חורבה און געגישטערט צווישן דעם ברוכוואַרג, נישט ווייסנדיק אייגנטלעך, וואָס איך זוך דאָ. אויף דעם אָרט, וווּ עס איז איצט געווען נישט מער ווי לויטערע, זומער־דיקע לופט, האָט זיך געפונען דער גרויסער זאַל פון ליטעראַטן־קלוב, וווּ מיר האָבן געפירט אונדזערע העפטיקע שטרייטן וועגן פאָרם און אינהאַלט. עס איז געווען דער אָלימפּ אין מיטן פון „פאָרום וואַרסאָוויום", אין מיטן פון רווישיקסטן און קאָכיקסטן האַנדלס־צענטער, אין מיטן פון וואָכעדיקסטן יריד.

בייגל־הענדלער און פּרוכטן־פּאַרקויפער פון פּשעיאַזד, גענשע און סמאָטשע, וועלכע זענען גאַנצע טעג געיאָגט און געטריבן געוואָרן דורך דער פּוילישער פּאָליציי, אַרבעטער און ישיבה־בחורים, הונדערטער יידישע סטודענטן פון דער פּראָווינץ פלעגן אין די אָוונטן קומען אויף טלאָמאַצקע 13 הערן לעקציעס וועגן רמב"ם און שפּינאָזאַ, מאַרקס און בערגסאָן, וועגן פּרצן און וויספּיאַנסקי, שלום עליכם און מאַרק טווען. די רעדנער און זייערע צוהערער זענען אומגעקומען אויף די גאַסן, איבער וועלכע איך בין איצט געגאַנגען. זייער בלוט האָט דורכגעזאַפּט דאָ יעדן שפּאַן ערד.

נעבן דעם באַרג שטיינער פון אַמאָליקן טלאָמאַצקע 13 איז אַ שטיקל פּלאַץ געווען געדיכט באַוואַקסן מיט ווילדע קרייטעכצער. דאָ און דאָרט האָט קאָקעטיש געציטערט אַ רויטער מאָן, וואָס דער ווינט האָט אַפּנים פון ערגעץ אָנגעטראָגן. דאָ איז געווען די טלאָמאַצקע סינאַגאָגע — דער הויפּט־טעמפּל פון וואַרשעווער יידנטום.

אומבאַשעדיקט איז אָבער געבליבן שטיין די נייע געביידע פון יו־

דאַאיסטישן אינסטיטוט, דאָ האָבן געוווינט די דייטשע אינזשיניערן, וועל־כע האָבן אָנגעפירט מיט די אויפריים־אַרבעטן אין געטאָ. דאָ האָבן זיי יעדן טאָג פאַרשריבן דינאַמיט־רעצעפּטן פאַר דער אָדער יענער געביידע, פאַר דער אָדער יענער גאַס הינטער דער רויטער געטאָ־מויער. אפשר דער־פאַר האָבן זיי אויך די דאָזיקע געביידע איבערגעלאָזט ווי א טייל פון דעם פאַרניכטונגס־מאָנומענט. מערקווירדיק איז דערביי, וואָס אויף דעם דאָ־זיקן בנין איז אפילו געבליבן די אַמאָליקע שילד אין פּויליש און העברע־איש: „צענטראַלע יודאאיסטישע ביבליאָטעק אין פּוילן".

די ביכער און זעלטענע מאַנוסקריפּטן זענען קורץ פאַרן אויפשטאַנד אוועקגעפירט געוואָרן אין דעם נאַצישן אינסטיטוט פאַר יידן־פאָרשונג אין שטוטגאַרט. ביז דאַן האָט דאָרט, אויפן באַפעל פון די נאַצים, דער סעניאָר פון יידישע היסטאָריקער אין ווארשע, פּראָפעסאָר מאיר באַלאַ־באַן, געפירט א פאָרשונגס־אַרבעט וועגן דער יידישער אָפּשטאַמונג פון די קאַראַאימער.

פּראָפעסאָר באַלאַבאַן האָט בכיוון פאַרצויגן און פאַרשלעפּט זיין פאָר־שונג, האָפנדיק דערמיט צו פאַרלענגערן דעם אויפהאַלט פון די זעל־טענע מאַנוסקריפּטן און ביכער, וואָס די נאַצים האָבן זיך געאיילט אוועק־צופירן. טראָץ אַלע קלאָרע באַווייזן וועגן דער יידישער אָפּשטאַמונג פון די קאַראַאימער האָט פּראָפעסאָר באַלאַבאַן ארויסגעטראָגן זיין אורטייל, אז זיי האָבן קיין שום געמיינזאַמעס נישט מיט קיין יידן, און דאָס מיטן ציל די טויזנטער קאַראַאימער אין פּוילן צו ראַטעווען פון טויט.

העניעק רובינליכט, וועלכער האָט זיך מיט פּראָפעסאָר באַלאַבאַן אָפט באַגעגנט אין געטאָ, האָט אונדז דערציילט, ווי אזוי דער דאָזיקער זקן האָט ביזן לעצטן מאָמענט געגלויבט, אז עפּעס וועט געשען א נס און ראַ־טעווען די יידן. ביזן לעצטן מאָמענט האָט ער געגלויבט, אז די וועלט וועט נישט דערלאָזן אויף אזא אכזריותדיקן אופן אומברענגען די 600.000 יידן אין ווארשעווער געטאָ, און זיין זעלבסטמאָרד איז דעריבער געווען א שרעקלעכע דערשיטערונג פאַר די איינוווינער פון געטאָ.

מיר זענען א ווײַלע געשטאַנען און געקוקט אויף דער גרויער גע־ביידע פון אינסטיטוט, וואָס האָט אויסגעזען ווי א מצבה נאָך די אומגע־קומענע הונדערטער טויזנטער יידן. מיטאַמאָל איז די שטילקייט איבער־

געריסן געוואָרן דורך א געזאנג. עס איז געווען א פרויען־שטימע, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער נאָענט. דאן האָבן פּיאנאָ־קלאנגען זיך צונויפ־געמישט מיטן געזאנג.

ווער זינגט דאָ אין די חורבות פון געטאָ? דאָס איז געווען די שטוי־נענדיקע פּראגע, וואָס האָט זיך באוויזן אויף די ליפּן פון אונדז אלעמען, און מיר האָבן גענומען גיין אין דער ריכטונג, פון וואנען די קאָלאָראטור־שטימע האָט זיך געטראָגן. נאָך עטלעכע מינוט קלעטערן בארג אראָפּ און בארג ארויף אין די קופּעס שטיינער האָבן מיר זיך געפונען פארן אויס־געברענטן ריזיקן סקעלעט פון דעם אמאָליקן אזוי גערופענעם „סימאָנס פּאסאזש" — א קאָמפּלעקס אמעריקאניש־מעסיקע ביוראָ־הייזער אויפן ראָג דלוגא און נאלעווקעס. דאָ האָט זיך געפונען די צענטראלע פון די „תרבות"־שולן אין פּוילן, ביוראָען פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע, יידישע און העברעאישע פארלאגן. דאָ האָט זיך געפונען דער יידישער ספּאָרט־קלוב „מכבי". דאָ האָט געשפּרודלט מיט יידיש לעבן.

אויפן צווייטן שטאָק פון אָט דער גיגאנטישער חורבה האָט זיך איינ־געאָרדנט איר היים א פּוילישע פּליכטלינג־פאמיליע. דאָס פּייער, וואָס האָט וואָכן לאנג געפּלאקערט אין געטאָ, האָט אויסגעמיטן צוויי צימערלעך פון דעם לאָקאל, וווּ עס האָט זיך אמאָל געפונען דער „השומר הצעיר". די פּוילישע פּליטים־משפּחה האָט אין די חורבות געפונען ערגעץ אן אומ־באשעדיקטן קלאוויר און די יונגע טאָכטער פון דער דאָזיקער אינטעלי־גענטער פאמיליע האָט זיך איצט געאיבט אין געזאנג, אקאָמפּאנירנדיק זיך אליין אויפן קלאוויר. איר שטימע איז געווען דער איינציקער לעבע־דיקער קלאנג אין טויטן געטאָ.

* * *

אין קראשינסקי גאָרטן איז נישט געבליבן קיין בוים. דער סטאַוו איז אויסגעטרוקנט און די שוואנען זענען נאָך אויפגעגעסן געוואָרן בעת דער ערשטער באלאגערונג, אין יאָר 1939. דאָ, פאר די אויסגעבויגענע אייזערנע שטאכעטן, האָבן מיר אָנגעטראָפן די ערשטע יידן, וועלכע זענען פּונקט ווי מיר געגאנגען גרופּנווייז, צו פיר און צו פינף. מיר האָבן גע־

שאָקלט בלויז צו זיך מיט די קעפּ. עס איז נישט געווען וואָס צו רעדן, ווערטער זענען געווען איבעריק. מען האָט בלויז געוואָרפן א בליק אויף דער וויסטעניש און מען האָט זיך פארשטאנען.

אויף א קיאָסק נעבן די אמאָליקע נאלעווקער קראָמען זענען אין דער הויך נאָך פארבליבן שטיקלעך פּלאקאטן אין יידיש און אין פויליש. איך האָב באוויזן בלויז איבערצולייענען אזעלכע ווערטער, ווי: „פּראָטעסט מיטינג", „באָיקאָט". איך האָב געהאט א שטארקן באגער זיך ארויפצו־דראפּען אויפן דורכגעברענטן, אויסגעקרומטן קיאָסק און מיטצונעמען מיט זיך א שטיקל פון די פּלאקאטן, ווי דעם איינציקן אָנדענק, וואָס מען קען פון דאנען מיטנעמען וועגן דעם אמאָליקן שטורמישן יידישן לעבן אין ווארשע.

אויף דער שוויענטאָ־יערסקע גאס איז נישטאָ קיין ברעקל מויער. דאָ איז פאָרגעקומען די ביטערסטע שלאכט אין געטאָ. אהער האָבן געצי־לעוועט די נאצישע ארטילעריסטן פון נאָענטן קראשינסקי פּלאץ.

„פון זאמענהאָפא 29 — האָט העניעק רובינליכט אונדז דערציילט — זענען די פרימיטיווע האנט־גראנאטן געוואָרפן געוואָרן אויף די ערשטע נאצישע טאנקען, וואָס זענען אריינגעקומען אין געטאָ. די טאנקען האָבן אויפגעריסן און העכער 50 נאצים זענען אויפן אָרט פארברענט געוואָרן".

אין דער דאָזיקער געגנט האָט זיך געפונען די בארשטן־פאבריק, וואָס האָט געשטעלט דעם שטארקסטן ווידערשטאנד. אין דער בארשטן־פאבריק זענען פארבאריקאדירט געווען די מוטיקסטע קעמפער פון געטאָ און אלע זענען זיי אומגעקומען אין קאמף.

צונויפגעמישט אין א קופּע שטיינער, ליגן די נאלעווקעס, גענשע, פראנציסקאנער — די דריי טומלדיקסטע גאסן פון אמאָליקן ווארשע. די הייזער זענען דאָ פול געווען מיט געשעפטן, גארקיכן, בתי מדרשים און חסידישע שטיבלעך. די סופיטן האָבן זיך דאָ געבויגן אונטער די פּעק לע־דער און אונטער די שווערע בעלעס שטאָפן פון די לאָדזשער, ביאליסטאָ־קער און ביעלסקער מאנופאקטור־פאבריקן. אין די קעלערס האָט גענעסט די יידישע נויט. דאָ האָבן געוווינט די אָרימע גאסן־הענדלער, בעלי־מלאכות, די בלעכערס, לאטוטניקעס און שניידערס.

די גאסן פון יידישן קווארטאל זענען פארטיילט געווען לויט זייערע

בראנזשעס. אויף שוויענטאָ־יערסקע איז געווען פוטערוואַרג, אויף גענשע — מאנופאקטור, אויף פראנציסקאנער — לעדער; די וואָלאָווא איז געווען דאָס געסל פון די מציאות, ווו מען האָט באַקומען דעם אָפּפאַל פון אַלעמען. די נאַלעווקעס זענען געווען די הויפּט־אַרטעריע פון געמישטן האנדל, ווו מען האָט באַקומען אַלץ, וואָס דאָס אויג האָט נאָר געגלוסט.

גייענדיק איבער די חורבות, האָב איך אַן אויפהער געקוקט צום לוי־טערן זומערדיקן הימל, וואָס איז אַזוי בלוי און אַזוי פרידלעך געהאָנגען איבער אָט דער טויטער שטאָט, ווי דער אויסדרוק פון אַ צינישן חוזק־שמייכל. צו דעם דאָזיקן הימל האָט אין אָנהייב זיך געטראָגן דאָס געבעט און דאַן די ביטערע קללה פון די ברענענדיקע יידן. איצט האָבן אויך מיינע ליפּן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם ביטערסטן קללה־געמורמל. איך האָב גע־שאָלטן דעם בלויען, לויטערן הימל איבער דעם שטיינערנעם קבר פון יידישן וואַרשע.

אומזיסט האָבן מיר געזוכט עפּעס אַ צייכן פון אַמאָליקן לעבן אין געטאָ. נישטאָ קיין איין גאַנץ ווינקל, אַלץ איז צעמאָלן און צעריבן. די אונטערערדישע היילן, די בונקערס און קעלערס, ווו עס האָט זיך אָפּגע־שפּילט די לעצטע פאַזע פון טראַגישן געטאָ־לעבן, זענען פאַרשיט, די קאָנ־טורן פון די גאַסן און פּלעצער — פאַרווישט.

העניעק רובינליכט האָט אָבער דערקענט, ווו עס איז געווען אַ באַקאַנט הויז. ער האָט געדענקט, ווו עס האָבן זיך געפונען די בונקערס, אין וועלכע ער און זיין משפחה האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, און ער האָט אונדז אַן אויפ־הער דערציילט דערשיטערנדיקע עפּיזאָדן פון דעם געטאָ־קאַמף, וואָס ער האָט אַליין איבערגעלעבט.

די דאָזיקע איבערלעבונגען האָט זיין אומגעקומענע שוועסטער נאָ־טירט אין איר טאָגבוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דער פאָרם פון בריוו צו איר שוועסטער, די באַוווּסטע שוישפּילערין בעלאַ בעלערינאַ אין ניו־יאָרק. אַ שווער קראַנקע האָט העניעק רובינליכטס שוועסטער זיך גע־פונען אין צענטער פון שאַרפסטן געטאָ־קאַמף און געפירט איר טאָגבוך, וואָס געהערט אָן ספק צו די רירנדסטע פאַרצייכענונגען, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען צו לייענען וועגן געטאָ.

„פון 19טן אַפּריל —נאָטירט די שוועסטער פון העניעק רובינליכט—

גייט אָן דער רעוואָלט פון די לעבנגעבליבענע יידן אין געטאָ, וועמען די דייטשן האָבן באשלאָסן פולשטענדיק צו ליקווידירן. זיי האָבן זיך נישט גערעכט אויף א באוואָפנטן ווידערשטאַנד. די יידישע אויפשטענדלער, וועלכע האָבן א טיפע פאראכטונג פארן טויט, האָבן באשלאָסן איצטער (א שאָד, וואָס אזוי שפעט) אָפּצוצאָלן מיט טויט פאר טויט. יעדער בחור און יעדעס מיידל פאלן היינט ווי העלדן. אָט האָט א 16יאָריקע מיידל, צופעליק מיינע א שילערין, זיך ארומגעגארטלט מיט עטלעכע אזוי גערופענע גראנאטן, און אייגנטלעך פלעשלעך מיט בענזין, ארויס אויפן באלקאָן, זיך באגאָסן דעם קאָפּ מיט בענזין, זיך אליין אונטערגעצונדן און אראָפּגעשפרונגען אויף א דורכפאָרנדיקן נאצישן טאנק. צום גליק האָט עס געבראכט א רעזולטאט. דער טאנק איז פארברענט געוואָרן. זי איז אומגעקומען צוזאמען מיט דער נאצישער באזעצונג. מיט אומרעכט האָט מען אונדז באצייכנט אלס פחדנים. יידן זענען העלדן און פאלן ווי העלדן.

„די דייטשן האָבן אָבער אויף אלץ אן עצה. זיי האָבן אונטערגעצונדן דאָס געטאָ און די וועלכע באמיען זיך ארויסצוקומען פון די פלאמען, דערשיסן זיי גלייך אויפן אָרט. מוטערס ווארפן ארויס זייערע קינדער פון די פלאמענדיקע הייזער, פארבינדנדיק זיי פריער די אויגן, און דאן שפרינגען זיי אויך נאָך. עס איז מיר א בושה, וואָס איך ליג מיט ארטורעקן (איר 6יאָריקער פלימעניק — ש. ל. ש.) אָנשטאָט צו נעמען אן אָנטייל אין די קאמפן און צו פאלן צוזאמען מיט אלע. איך האָב נישט קיין כוח מער צו שרייבן. אפשר ווען איך וועל בלייבן לעבן, וועל איך אייך אלץ דערציילן.

„דעם 29סטן אפריל —נאָטירט ווייטער העניעקס שוועסטער אין איר טאָגבוך— איז דערמאָרדעט געוואָרן מיין טייערסטער אוצר — ארטורעק. ער איז אומגעקומען צוזאמען מיט זיין פאָטער יוסף. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: „טאנטע, צי גייען מיר טאקע שוין ענדלעך צום טויט?״. איך האָב פרובירט טרייסטן דאָס קינד, וואָס האָט אזוי פיל איבערגעלעבט און אזוי פיל פארשטאנען, אָבער די קאלטע לופט פון רעוואָלווער, וואָס איז אָנגעשטעלט געוואָרן אויף זיין קעפל, האָט אים געזאָגט דעם אמת. ווען די איבערלעבונגען פון יוספן, וועלכער איז ווארשיינלעך פארן טויט משוגע געוואָרן, קען איך נישט טראכטן. זוך דעריבער נישט דאָס קינד

און אויך קיין שום איבערבלייבענישן פון אים. אלץ איז פארלוירן גע־גאנגען, אלץ איז פארברענט געוואָרן..."

עטלעכע חדשים נאָך דער ליקווידאציע פון געטאָ האָט זיך העניעק רובינליכט מיט זיין שוועסטער געפונען אויף דער ארישער זייט און זי האָט דאן געמאכט פאָלגנדיקע דערשיטערנדיקע פארצייכענונגען:

„עס איז דער 9טער נאָוועמבער 1943. עס איז פארביי שוין א האלב יאָר פון דעם שרעקלעכן מאָמענט, ווען איך האָב פארלוירן דאָס קינד. פון אונדזער גאנצער פאמיליע לעבט בלויז נאָך העניעק און איך. ווייזט אויס, אז איך האָב אין לעבן שווער געזינדיקט, אויב עס איז מיר געגעבן געוואָרן די שטראָף איבערצולעבן אלע נאָענטע און טייערסטע. דאָס איז די שרעקלעכסטע שטראָף, וואָס קען עמיצן טרעפן. דערביי האָט די נאטור מיך באשאָנקען מיט אן אויסערגעוויינלעכן אָרגאניזם, מיט עפּעס אן אויס־טערלישער לעבנס־קראפט, וואָס לאָזט מיך נישט אומקומען און דאָס אויף אן אומפארשטענדלעכן אופן. איך בין שווער קראנק, ווארשיינלעך א ראק אין מאָגן. איך קען נישט פארדייען קיין שום זאך, אפילו אביסל וואסער. אלץ גיב איך אָפּ. אָן דער הילף פון א דאָקטאָר, אין שוידערלעכע באדינ־גונגען, האָב איך דורכגעמאכט א צוויי־זייטיקע לונגען־אנטצינדונג. דער־נאָך האָב איך באקומען א וואסער־אויסגוס, וואָס האָט זיך אויסגעטרוקנט אָן שום הילף. איך בין אזוי קראנק, אז איך מוז כסדר ליגן און האָב כסדר בלוט־אויסגוסן. קיין שווינדזוכט האָב איך נאָך נישט, טראָץ דעם וואָס איך וועג קוים דרייסיק קילאָ, אָבער דאָס קען קומען יעדן מאָמענט. איך בין צוזאמען מיט העניעקן, וועלכער איז אויך נישט מער ווי א מענטש־לעכער שאָטן. אונדזערע איבערלעבונגען במשך פון דעם לעצטן האלבן יאָר זענען אזוי שרעקלעך, אז מיר זענען מקנא די געשטאָרבענע. מיר ווערן פארפאָלגט און געטריבן דורך שלעכטע מענטשן, וועלכע דערטאפּן אונדז אומעטום און לויערן אויף אונדזער לעבן. גאנץ אָפט ווערט דאָס געטון דורך מענטשן, וועלכע זענען פאר דער מלחמה אונז געווען טריי איבערגעגעבן. מיר האָבן זיך שוין נישט וווּהין צו באהאלטן און אויך נישט מיט וואָס צו צאָלן דערפאר. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען אונדז אויסגעטון כמעט אינגאנצן נאקעט. פון העניעקן האָט מען אראָפּגעצויגן די שיך און דעם מאנטל און איך בין געבליבן אין א מענערישן נאכט־

העמד און צום גליק איינגעהילט אין א פערינע. דאָס ערגסטע פון אלעמען איז, וואָס מיר מוזן אויך פון דער באהעלטעניש אנטלויפן, ווייל באלד וועט מען דאָ קומען אונדז דערהרגענען. אונדזער איינציק פארמעגן — ציאַנ־קאַלי — איז אויסגעוועפּט געוואָרן און זיך צעפאלן. דער סם איז שוין גאָר־נישט ווערט. קיין אנדערן קען מען נישט באקומען. אָבער גאָרנישט. וואָס דער גורל וועט אונדז ברענגען, וועט ער ברענגען"...

דורך דער גאנצער צייט, וואָס מיר זענען געגאנגען איבער די געטאָ־חורבות אין דער באגלייטונג פון העניעק רובינליכט, האָב איך נישט אויפגע־הערט צו טראכטן וועגן די שווידערלעכע איבערלעבונגען פון אים און זיין פאמיליע, וואָס זענען פארנאָטירט געוואָרן דורך זיין אומגעקומענער שוועסטער. די פארצייכענונגען, אין וועלכע זיין נאָמען ווערט אזוי אָפט דערמאָנט, זענען דורך זיין שוועסטער געשריבן געוואָרן ווי זייער בשות־פותדיקער טעסטאמענט צו די שוועסטערן אין אמעריקע. איך האָב דערי־בער מיט נייגיר אָבסערווירט, וואָס פארא איינדרוק עס מאכט אויף אים דער שפאציר איבער די ווינקלען פון געטאָ, מיט וועלכע זיינע איבערלע־בונגען זענען פארבונדן.

איך האָב דערוואַרט, אז יעדעס מאָל, ווען ער וועט באטרעטן אזא אָרט, וועט ער ווידעראמאָל איבערלעבן א דערשיטערונג. צו מיין גרויסער איבערראשונג האָב איך אָבער אויף זיין געזיכט נישט באמערקט קיין שום באזונדערע רעגונגען. ער איז גאָר געווען דער רואיקסטער אין אונדזער גרופּע, גלייך ווי ער וואָלט נישט געהאט קיין שום געמיינזאמעס מיט דער אלעם ארום, גלייך ווי עס וואָלט מיט אים נישט געהאט קיין שום צוזא־מענהאנג. ער האָט אונדז דערקלערט יעדן ווינקל פון געטאָ מיט דער זעל־בער רואיקייט, מיט וועלכער א פירער גייט מיט א גרופּע טוריסטן איבער די חורבות פון פּאָמפּעי אָדער קארטאגאָ.

„די בעסט־באוואָפנטע גרופּע אין געטאָ — האָט העניעק רובינליכט גע־זאָגט — האָט זיך געפונען אויף נאָוואָליפּקי 31. דאָרט האָבן זיי געהאט אמתע מאשין־געווער" — האָט ער מיט גרויס וויכטיקייט אונטערגעשטראָכן דעם דאָזיקן פאקט, וואָס די דאָזיקע גרופּע, בלויז איין גרופּע קעמפער אין געטאָ, האָט געהאט מאשין־געווער, אין דער צייט, ווען די נאציס האָבן באנוצט שווערע קאנאָנען און עראָפּלאנען.

זײַן דערמאָנען די נאָוואָליפּקי גאַס האָט מיך צערודערט. דאָס איז געווען די גאַס, וווּ איך האָב אַזוי פיל יאָרן געוווינט אין וואַרשע און מיט וועלכער עס זענען פאַרבונדן מײַנע שענסטע דעראינערונגען פון פוילן.

אָבער וווּ איז די נאָוואָליפּקי גאַס? צווישן וועלכן באַרג שטיינער געפינט זי זיך?

העניעק רובינליכט האָט גלײַך אונדז גענומען פירן אהין. מיר זענען געגאַנגען באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ און דאַן האָט ער אָנגעוויזן:

„דאָס איז נאָוואָליפּקי".

א שמאָל סטעזשקעלע, אויסגעטרעטן דורך פוס־גײער, האָט זיך געצויגן צווישן ציגל און שטיינער. דאָ און דאָרט האָט זיך געפונען א שטיקל מויער. מיטאַמאָל זענען מײַנע אויגן געפאַלן אויף א שטיקל בלעך. איך האָב זיך אָנגעבויגן און בין געבליבן פאַרגאַפט. פאַר מיר איז געלעגן א פיר־עקיג בלעכל מיט א גרויסן אויסגעשניטענעם ציפער „23" און דעם נאָמען פון „נאָוואָליפּקי".

איך האָב זיך אַלזאָ געפונען נעבן דעם הויז, וווּ איך האָב געוווינט. איך האָב דאָס בלעכל אויפגעהויבן און עס מיטגענומען ווי דעם טײַערסטן טראָפּעי. דאָס בלעכל, וואָס האָט זיכער לאַנג זיך געגליט אין פײַער פון פלאַקערדיקן געטאָ, האָט דעם קאָליר פון אַש, אָבער די אותיות און דער ציפער, וואָס פלעגט אין דער נאַכט באַלויכטן ווערן אין דער לאַמטערן איבערן הויז, זענען געבליבן לעזבאַר.

צווישן די שטיינער און שפּיציקע מויערן־שטיקלעך פון געטאָ דאָמינירט די דורכגעברענטע אָבער דאָך גאַנצע געבײַדע פון דער אַמאָליקער מיליטערישער תפיסה אויף גענשע גאַס, וואָס איז געווען דאָס שוידערלעכסטע שחיטה־הויז אין געטאָ. דאָ זענען געווען די גאַז־קאַמערן און פּײַניקונג־צעלעס פון דער געשטאַפּאָ.

אויפן אָרט, וווּ עס איז אַמאָל געווען דער סקווער פאַרן אַרײַנגאַנג צו דער תפיסה־געבײַדע, האָט אין דער צײַט פון געטאָ זיך געפונען דער עקזעקוציע־פּלאַץ. איצט ליגט דאָרט א קײַלעכדיקער, מאַרמאָרנער ברוינער שטיין מיט א קופּערנעם לאָרבער־קראַנץ. דאָס איז דער מאָנומענט פאַר די העלדן פון געטאָ, וואָס איז דאָ אײַנגעמויערט געוואָרן דעם 19טן אַפּריל

1946, אין דריטן יאָרצייט פון געטאָ־אויפשטאנד. דער אויפשריפט אין פויליש, יידיש און העברעאיש לייענט זיך:

„צום אָנדענק פון די געפאלענע אין ביישפיללאָזן, העלדישן קאמף פארן כבוד און פרייהייט פון יידישן פאָלק, פאר א פרייען פוילן, פאר דער באפרייאונג פון מענטש, — די פוילישע יידן".

קוים עטלעכע טריט פון דעם מאָנומענט, נישט ווייט פון דער תפיסה, אין אן אויסגעברענטן לאָך פון דער וואנט, ליגט א קופע מענטשלעך אש, וואָס ווערט געשאצט אויף א גאנצן טאָן. דאָס אש איז דורכגעמישט מיט ביינדלעך, וועלכע האָבן אויסגעהאלטן די פייער־פּראָבע און נישט געוואָרן פארברענט. דער ווינט, וואָס האָט לייכט באוויינן דאָס ווילדע גראָז אויפן תפיסה־הויף, האָט אויך א ווירבל־געטון אויף דער קופע אש און צעטראָגן אין דער לופט דעם גרויען, מענטשלעכן שטויב.

מיר זענען געגאנגען איבער די תפיסה־צעלעס, וווּ די מארטירער זענען געפייניקט געוואָרן. דאָ האָבן מיר נאָך געפונען שפּורן פון מענטשן. אין איין צעלע האָב איך נאָך אויפגעהויבן א פּאָר בלעטלעך פון א סדור. איך האָב אויך געפונען א בינטל שליסלען, באלעבאטישע שליסלען צו קופערטס און סערוואנטקעס, וואָס די קרבנות האָבן אין לעצטן מאָמענט מיטגענומען מיט זיך, איבערלאָזנדיק דאָס פארשלאָסענע האָב און גוטס אין דער היים.

איך האָב אויך געפונען א פול העפטל פון אריינגעקומענע און ארויס־געפירטע טראנספּאָרטן, דאטירט פון 13טן אָקטאָבער 1943, ביז דעם 9טן יאנואר 1944, מיטן שטעמפּל פון דער דייטשער תפיסה־אדמיניסטראציע. אין דעם העפטל זענען פארנאָטירט געוואָרן די לאסט־וועגענער, וואָס האָבן אריינגעפירט און ארויסגעפירט די מענטשן־טראנספּאָרטן פון דער דאָזי־קער ריזיקער תפיסה.

אויף די ווענט זענען געווען אויסגעקריצט נעמען אין אלע לשונות און אפילו אויף גריכיש האָב איך איבערגעלייענט דעם יידישן נאָמען „אסתר". דאָ האָט מען צום אויסראָטן געבראכט יידן פון אלע אנדערע לענדער אין אייראָפּע.

איינער פון מיינע פריינט, א כעמיקער, האָט פון דער ערד אויפגע־

הויבן א גרויסע, גרינע פושקע פון ציקלאָן־גאז. די פושקע איז נאָך געווען פול און עס האָבן אינעווייניק זיך געטרייסלט די קערנדלעך פון דעם טויט־טראָגנדיקן סם. דער דאָזיקער פריינט, וועלכער האָט דורכגעפירט וויסנ־שאפטלעכע אונטערזוכונגען פון די פארשידענע גאזן, וואָס די נאציס האָבן באנוצט אין פוילן, האָט מיר דערציילט, אז דער דאָזיקער גאז האָט א ריח פון מאנדלען. ער האָט דערביי מיר גענומען דערקלערן די איינצל־הייטן פון געברויכן דעם גאז.

איך האָב אָבער נישט געשענקט די מינדסטע אויפמערקזאמקייט צו די דאָזיקע וויסנשאפטלעכע דערקלערונגען. איך האָב אָן אויפהער געזען פאר זיך די קופּע אש און די ביינדלעך, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאר־ברענט ווערן.

* * *

מיר זענען געגאנגען איבער די לאבירינטן און אונטערערדישע טאָר־טור־קאמערן פון דער האלב־רואינירטער גענשער תפיסה, ווו די ווענט האָבן אין זיך איינגעזאפּט די לעצטע פארצווייפלטע געשרייען פון די געפּייניקטע יידן. מיר האָבן זיך באגעגנט מיט ענלעכע יידישע באזוכער ווי מיר, אָבער מיר האָבן אויך געטראָפן פוילישע פרויען און מענער, באזונדערס יונג־ווארג, וועלכע האָבן גענישטערט צווישן די ציגל, געגראָבן און געזוכט צווישן אש.

ווען איך האָב די פּאָליאקן געפרעגט, וואָס זיי זוכן דאָ, האָבן זיי זיך אויסגעדרייט פון ענטפערן, פילנדיק אפנים, אז דאָס דאָזיקע זוכן אין דעם אש פון פארברענטע מענטשן איז נישט אזא פיינע מלאכה, צו וועל־כער מען קען זיך מודה זיין. דאָס יונגווארג האָט אָבער די דאָזיקע בושה נישט געפילט און מיט א שמייכל אונדז געזאָגט, אז מען געפינט נאָך דאָ אמאָל שטיקלעך גאָלד און גאָלדענע ציין פון די אומגעקומענע.

די דאָזיקע זוכענישן פון די מענטשלעכע היענעס איבער די חי־ב־ית פון געטאָ און אויף די יידישע בית עלמינס איז אן אָפּטע דערשיינונג. איבערן פלאכן שטח פון געטאָ קען מען זען פיל אזעלכע איינגעבויגענע מענטשן, וועלכע זוכן נאָך אלץ דאָס לעגענדארע יידישע גאָלד. וואָס זאָל

נאָך האָבן געבליבן אין געטאָ, טראָץ דעם זעקס־יאָריקן, טאָטאַלן רויב פון די נאַצים.

מיר האָבן א לענגערע ווײַלע געבלאָנדזשעט אין די אונטערערדישע קאָרידאָרן פון דער געגנשער תפיסה און נישט געפונען צוריק דעם אויס־גאַנג. ערשט נאָך א לאַנגן פּלאָנטערן זיך איבער קעלערס און פינסטערע היילן זענען מיר אַרויסגעקומען דורך אַן אויפגעבראָכענע וואַנט, וואָס האָט געפירט צו די געסלעך אָסטראָווסקא און וואָלינסקא.

דאָס זענען אמאָל געווען די געסלעך פון דער סאמע טיפסטער ייִדי־שער נויט אין ווארשע. פון די הילצערנע און האלב געמויערטע הײַזלעך, ווו עס האָבן געוווינט די ייִדישע גאַסן־הענדלער, בייגל־פּארקויפער, קאַטאַ־רינשטשיקעס און אויך די גנבים, איז נישט פארבליבן קיין שפּור. דער פּלאַץ האָט אַליין צעטראָגן.

אין די דאָזיקע געסלעך און אביסל נידעריקער אראָפּ, אויף סטאַווקי, זענען דורכגעפירט געוואָרן די סעלעקציעס פאר די גאַז־קאַמערן, קרעמאַ־טאָריומס און ארבעטס־לאַגערן. אויף סטאַווקי האָט זיך געפונען דער אזוי גערופענער „אומשלאַג־פּלאַץ", פון וואַנען עס זענען אין פראַכט־צוגן אָפּ־געפירט געוואָרן טראַנספּאָרטן קיין טרעבלינקע, אָשוויענטשים און בעל־זשיץ. אונטערן געקנאַל פון בייטשן האָט מען דאָ סעגרעגירט „אויף לינקס און אויף רעכטס". ווען פרויען האָבן זיך נישט געוואָלט צעשיידן פון זייערע מענער, ווען קינדער האָבן זיך געקלאַמערט אין די קליידער פון זייערע מוטערס, זענען זיי דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

דאָ איז אמאָל געווען דער „דאַנציגער וואָקזאַל" — א סימבאָלישער נאָמען. אין דאַנציג האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג און דורכן „דאַנציגער וואָקזאַל" זענען אוועקגעפירט געוואָרן די הונדערטער טויזנטער ייִדן פון ווארשעווער געטאָ צו די גאַז־קאַמערן, צו די קרעמאַטאָריומס, צו די זייף־פאבריקן און גארבערייען פון מענטשלעכן לעדער.

צום „אומשלאַג־פּלאַץ" זענען ייִדן פון ווארשעווער געטאָ נישט נאָר געוואָרן געטריבן דורך דער ייִדישער פּאָליציי אונטער דער איבערוואַכונג פון די נאַצישע זשאַנדאַרמען, נאָר טויזנטער ייִדן זענען דאָ אויך אהער־געלאָקט געוואָרן דורך די נאַצישע צוזאָגן פון פארשיקט ווערן אין אר־בעטס־לאַגערן, אָנשטאָט צום גאַז; זיי זענען אהערגעלאָקט געוואָרן דורך

די צוזאָגן פון קריגן א ברויט מיט א פונט מאַרמעלאַדע אויפן וועג. דער הונגער האָט זײ געשטויסן פרײַוויליק צו גײן אין די אָרעמס פון טויט.

דאָ, אויף סטאַווקי און ניסקאַ, אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ", האָבן זיך אָפּגעשפּילט די טראַגישסטע סצענעס, דאָ האָבן די נאַציס געפּראַוועט בלוטיקע פּאַרווײלונגען, געהײסן יידן רײַטן אײנעם אויפן צווײטן, געהײסן יידישע קלעזמאָרים שפּילן, שטאַרקער קלאַפּן אין די פּויקן, פעסטער בלאָזן אין די טרומײטען, כדי צו פאַרטויבן די געשרײען פון די מענטשן, וועלכע זענען אַרײַנגעשטופּט געוואָרן אין די וואַגאָנעס.

דאָ האָבן העלדישע יידן פּרובירט רעוואָלטירן קעגן די נאַציס, אפילו רבנים האָבן מיט גאָלע פויסטן זיך פאַרמאָסטן קעגן די נאַצישע מענטשן־יעגער און געפאַלן אויפן אָרט. דאָ האָבן בלוט און טרערן זיך צונויפגעמישט און דורכגעזאַפּט די זאַמדיקע ערד. איצטער וואַקסט דאָ געדיכט גראָז — פריש, גרין, זאַפטיק גראָז. עס שטײען דאָ נאָך א פּאָר צעבראָכענע פּראַכט וואַגאָנעס, די זעלבע וואַגאָנעס, וואָס האָבן געפירט די יידן צום טויט. עס זעט זיך נאָך דאָס טויער פון „אומשלאַג־פּלאַץ", אָבער דאָס שטעכעדיקע דראָט איז שוין פאַרשוואונדן. עס איז וויסט און שטיל אַרום.

יעדע סטעזשקע צווישן די שטײנער פון געטאָ האָט איר מאַרטירער־געשיכטע, יעדער שטיקל מויער איז א בלאַט אין דעם נאָך נישט געשריבענעם מאַרטירער־בוך פון געטאָ. אָבער אין די פאַרשיטע קעלערס אונטער עטלעכע חורבות ליגן טאַקע די בלעטער פון דער געטאָ־געשיכטע, וואָס זענען דורך יידישע היסטאָריקער און שריפטשטעלער געשריבן געוואָרן ביים ליכט פון די געטאָ־פלאַמען, אין מיטן פון דער שחיטה.

די דאָזיקע אַרכיוון זאָלן זיך געפינען אויפן שטח פון דער געוועזענער דײַטשער באַרשטן־פאַבריק אויף שווינטאָ־יערסקאַ גאַס און אַזוי אין די פונדאַמענטן פון נאָוואָליפּקי 68, ווו עס האָט זיך געפונען די סטאָלאַר־פאַבריק פון דעם דײַטש האַלמאַן. אין אײַזערנע קעסטלעך זענען דאָ באַהאַלטן געוואָרן די געזאַמלטע מאַטעריאַלן, די באַריכטן פון די געטאָס איבער גאַנץ פּוילן און אויך פיל ווערק פון יידישע שרײַבער, וועלכע האָבן געשאַפן אין געטאָ.

מיט אָט דעם אַרכיוו האָט אָנגעפירט דער יידישער היסטאָריקער ד"ר עמנואל רינגעלבלום, וועלכער האָט זיך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ פון

אָנהייב ביזן סוף און אויך מיטגעמאכט דעם אויפשטאנד. ד״ר רינגעל־בלום האָט אָנגעפירט מיט א שטאב מענטשן, זאמלער, פארצייכענער און פאָרשער, וועלכע האָבן צונויפגעקליבן יעדעס בלעטל, יעדע פאראָרדענונג פון דער דייטשער מאכט און יעדן אויפרוף פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.

א לאנגע ווײַלע בין איך געשטאנען אויף דער חורבה פון נאָוואָליפקי 68, וווּ עס איז באהאלטן געוואָרן דער גרעסטער און וויכטיקסטער טייל פון דעם ארכיוו. אין די באהעלטענישן פון אָט דער דייטשער פאבריק וואָס האָט פּראָדוצירט מעבל פאר דער נאצישער אָקופּאציע־ארמיי, האָט ד״ר רינגעלבלום געארבעט מיט זײַן שטאב פון היסטאָריקער און פאָרשער. קוקנדיק אויף דער חורבה, איז פאר מיר ווי לעבעדיק שטיין געבליבן דער שטענדיק צעשמייכלטער, בלאָנדער, הויכוווּקסיקער עמנואל רינגעלבלום, וועלכער האָט אייגנטלעך געהאט אלע שאנסן זיך צו פארשטעלן פאר אן אריער און זיך אויסבאהאלטן אויסערן געטאָ. ער האָט אָבער דאָס געטאָ נישט פאלאָזט ביזן סאמע לעצטן מאָמענט.

ער איז געווען די נשמה פון דער אונטערערדישער טעטיקייט אין געטאָ און ער האָט אָנגעפירט מיט א קלוב פון היסטאָריקער און זאמלער, וואָס ער האָט א נאָמען געגעבן „עונג שבת״. אונטער אָט דעם קאמופלירטן נאָמען פון א כלומרשט־רעליגיעזער אָרגאניזאציע האָט רינגעלבלום איבער גאנץ פּוילן אײַנגעשטעלט אונטערערדישע קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע האָבן געשיקט באריכטן און געזאמלט פּלאקאטן, אויפרופן, צייטונגען און דאָקומענטן, וואָס האָבן געהאט א שייכות מיטן לעבן פון די יידן אין די געטאָס.

ער האָט אויך דערמוטיקט די דערשלאָגענע יידישע שרייבער, אז זיי זאָלן פאָרזעצן זייער ארבעט. ער האָט געשאפן א פאָנד און באשטעלט ארבעטן ביי די שרייבער, צאָלנדיק זיי נאָרמאלע געהאלטן. ער האָט אפילו דורכגעפירט ליטעראַרישע קאָנקורסן, כדי צו דערמוטיקן די שרייבער צום שאפן.

די מאנוסקריפּטן זענען אין עטלעכע קאָפּיעס געוואָרן אויסבאהאלטן אין פארשידענע פּלעצער אין ספּעציעל קאָנסטרואירטע פאר דעם דאָזיקן צוועק אייזערנע קאסטנס. די געציילטע לעבנגעבליבענע מיטארבעטער פון

ד"ר רינגעלבלום שאצן אָפּ, אז אויסער די דאָקומענטן האָט ער אָנגעזאמלט אַן ערך הונדערט בענדער אָריגינעלע מאנוסקריפּטן וועגן דעם לעבן אין די געטאָס. אין די דאָזיקע קאסטנס זענען אויך אויסבאהאלטן געוואָרן אַלטע מאנוסקריפּטן פון יידישע ביבליאָטעקן און זעלטענע ביכער.

נאָך דער ליקווידאציע פון אויפשטאנד אין געטאָ איז ד"ר רינגעל־בלום מיט די רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן פארשיקט געוואָרן אין דעם שקלאפן־לאגער פון פּאָניאטאוו. די יידישע אונטערערדישע באוועגונג האָט אים אָבער ארויסגעגנבעט פון לאגער און אים איינגעאָרדנט אין ווארשע אויף ארישע דאָקומענטן.

דעם 1טן מערץ 1944 האָט ד"ר רינגעלבלום דורך אונטערערדישע וועגן איבערגעשיקט קיין ניו־יאָרק א בריוו, אדרעסירט צום יידישן וויסנ־שאפטלעכן אינסטיטוט און צום יידישן פּען־קלוב, אין וועלכן ער האָט אונ־טערגעשטראָכן, אז 95 פּראָצענט פון די פּוילישע יידן זענען שוין אומ־געקומען אין די גאז־קאמערן און אז בלויז א קליין הייפעלע יידן „לעבט אומלעגאל אין די ארישע שטאָט־טיילן אונטער דער שטענדיקער שרעק פון טויט". ער האָט אָבער אויך מיטגעטיילט, אז די ארבעט פון זאמלען דאָקומענטן זעצט ער ווייטער פאָר.

זיבן טעג נאָך דעם, ווי ד"ר רינגעלבלום האָט ארויסגעשיקט דעם דאָזיקן בריוו, איז אויפגעדעקט געוואָרן זיין באהעלטעניש, וואָס האָט זיך געפונען אונטער די אינספּעקטן פון א גאָרטן אויף גראָיעצקא גאס, אין א פאָרשטאָט פון ווארשע. צוזאמען מיט אים האָט זיך אויך געפונען זיין פרוי, זיין צוועלף־יאָריקער זון און נאָך 36 יידן, וויכטיקע פירער פון דער אונטערערדישער באוועגונג, דאָס רעשטל, וואָס האָט זיך געהאט גערעטע־וועט נאָכן געטאָ־אויפשטאנד. אלע זענען זיי אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן „פּאוויאַק" און דערשאָסן אויפן הויף פון דער דאָזיקער תפיסה, אין צענ־טער פון חרובן געטאָ.

אויך די דאָזיקע תפיסה ליגט איצט אין חורבות. דער דינאמיט האָט אָבער די דיקע פעסטונגס־מויערן נישט באוויזן אזוי צו צעמאָלן ווי אלע איבעריקע הייזער ארום. עס זענען נאָך פארבליבן שטיקער פון דער הויכער מויער, וואָס האָט אמאָל ארומגערינגלט די תפיסה און אָנגעוואָרפן א שרעק אויף די פארבייגייער אויף די גאסן פּאוויא און דזשיעלנע, צווישן

וועלכע די תפיסה איז געווען אריינגעקוועטשט ווי א גיגאנטיש געשפּענסט. איצט זענען צווישן די בערג שטיינער און ציגל צונויפגעקנוילט די „איי־זערנע ברילן", די פארזשאווערטע מעטאלענע קאסטנס, וואָס זענען גע־האָנגען איבער די תפיסה־פענסטער, כדי צו פארשטעלן דאָס טאָג־ליכט פאר די ארעסטאנטן.

אין מיטן פון אמאָליקן תפיסה־הויף, וואָס איז געווען דאָס עקזע־קוציע־פּלאץ פון טויזנטער פּוילישע מארטירער און יידישע געטאָ־קעמפער, שטייט איצט א קאשטאַן־בוים מיט אָפּגעבראָכענע צווייגן, אָבער מיט א געדיכטן בלעטער־קאָפּ. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום בוים, האָבן עטלעכע שווארצע קראָען זיך אָפּגעריסן פון צווישן די בלעטער און זיך א טראָג־געטון אין דער לופט מיט א געשריי. דאָס זענען געווען די ערשטע פייגל, וואָס איך האָב באמערקט אין טויטן געטאָ.

דער פרידלעכער גרינער פלעק פון קאשטאַן־בוים אויף די חורבות פון „פּאוויאַק" האָט מיר אויסגעזען צו זיין ווי א צינישער שפּאַס פון צופאל — א בוים אין מיט פון אָט דעם שרעקלעכסטן שעכט־הויז!...

דער הויפּט־אריינגאנג צום „פּאוויאַק" האָט זיך געפונען אויף דער דזשעלנא גאס און דער ברוק איז דאָ אומאויפהערלעך געווען דורכגעווייקט מיט בלוט. דורך דער דזשעלנא גאס זענען די צונויפגעדרענגטע, צעשראָ־קענע יידן סטאדעוויז געטריבן געוואָרן צום „אומשלאַג־פּלאץ" אויף סטאַווקי גאס.

דאָ האָבן זייער לעצטן שפּאציר געמאכט די יתומים פון יאנוש קאָר־טשאַקס קינדער־היים. דער גרויסער לערער און שרייבער, דער צדיק פון זיין דור, יאנוש קאָרטשאַק, האָט מיט זיינע יתומים זיך נישט צעשיידט און צוזאמען מיט זיי דורך דער דזשעלנא גאס געגאנגען צום טויט.

יאנוש קאָרטשאַק האָט געהערט צו די באליבטסטע שרייבער פאר דער יוגנט אין פּוילן, אויף וועמענס ביכער עס האָבן זיך דערצויגן עט־לעכע דורות פון יידישער און פּוילישער יוגנט. ער איז געווען א פּויליש־ער שרייבער, אָבער זיין גאנצע ענערגיע אלס דערציער האָט ער אָפּגעגעבן די אָרימע יידישע קינדער. זיין קינדער־היים פאר יידישע יתומים אויף קראָכ־מאלנא 92 האָט געדינט אלס מוסטער פאר אלע פּראָגרעסיווע דערציאונגס־אנשטאלטן אין פּוילן.

ווען די נאַציס האָבן אײַנגעשטעלט דאָס געטאָ אין וואַרשע, האָבן זײַנע פּױלישע פֿרײַנט אים פֿאַרגעשלאָגן אויסצובאַהאַלטן זיך אויף דער אַרישער זײַט. אָבער קאָרטשאַק האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאַרלאָזן זײַנע קינ־דער, פֿאַר װעלכע ער איז געװען אַן אמתער פֿאָטער. אין דעם אָפּגרונט פֿון האַס, װאָס האָט אָפּגעטײלט דאָס געטאָ פֿון דער אַרישער זײַט, האָט יאַנוש קאָרטשאַק אָפּט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן און געגאַנגען צו זײַנע פּױלישע פֿרײַנט, כּדי צו בעטן שטיצע פֿאַר זײַנע ייִדישע קינדער. אים האָט קײנער נישט געװאַגט אָפּצוזאָגן.

אין יאָר 1942, װען דאָס געטאָ איז אױפֿסניי פֿאַרקלענערט געװאָרן, איז דאָס יתומים־הויז פֿון יאַנוש קאָרטשאַק אַריבערגעטראָגן געװאָרן אויף דזשיעלנאַ גאַס — אין אַ הויז קעגנאיבער דעם „פּאַװיאַק". נישט אײנמאָל האָבן די דאָזיקע קינדערלעך מיט זײער געזאַנג אױפֿגעהײטערט די טרױ־עריקע געמיטער פֿון די פֿאַרפּײַניקטע אַרעסטאַנטן. די יתומים פֿון יאַנוש קאָרטשאַק האָבן אַרײַנגעבראַכט אַ שטראַל פֿון פֿרײד אין אָט דער גאַס פֿון פּײַן און טויט.

דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדױערט. דעם 10טן אױגוסט 1942 האָט יאַנוש קאָרטשאַק געמאַכט דעם לעצטן שפּאַציר איבער דער דזשיעלנע גאַס. דער געשטאַפּאָ־שעף בראַנדט, װעלכער האָט געגעבן די פֿאַראָרדענונג די קינדער פֿון קאָרטשאַקס יתומים־הויז אָפּצושיקן צום „אומשלאַגס־פּלאַץ", האָט גלײַכצײַטיק געגעבן אַ צעטל פֿאַר קאָרטשאַקן, אַז ער קען בלײַבן.

דער גרױסער שרײַבער און לערער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פֿון דער נאַצישער גנאָד און צוזאַמען מיט זײַנע קינדער אַװעק קײן טרעבלינקע. די דאָזיקע סצענע איז דעם זעלבן טאָג פֿאַראײביקט געװאָרן אין אַ פּאָעמע פֿון דעם פּויליש־ייִדישן דיכטער װלאַדיסלאַװ שלענגעל, װעלכער איז עט־לעכע חדשים שפּעטער אויך אַװעק צום טויט אויף דעם זעלבן װעג דורך דזשיעלנאַ גאַס.

אויפֿן מאַנוסקריפּט, װאָס איז געראַטעװעט געװאָרן דורך אַ פֿרײַנט פֿון מאַרטירערישן דיכטער, פֿיגורירט בײם סוף די דאַטע: „10טער אױ־גוסט". די אַרױסגעריסענע סטראָפֿן פֿון דער דאָזיקער פּאָעמע, אין פּוי־ליש, װאָס איז אין טאָג פֿון גרעסטן בלוט־באָד אין װאַרשעװער געטאָ

געשריבן געוואָרן אין קלאַסישן פערז, אין גראַמען, זענען אַ טריי בילד פון קאַרטשאַקס מאַרש צום טויט:

„איך האָב היינט געזען יאַנוש קאָרטשאַקן
מיט זיינע קינדערלעך אין לעצטן צוג.
די קינדער זענען געווען זויבער געקליידט,
ווי אויף אַ שפּאַציר אין אַ יום־טוב טאָג.
— — — — — — — — — — —
דער קאָפּ אַנטבלויזט, די אויגן אָן שרעק
אין שפּיץ פון זיין מחנה האָט קאָרטשאַק געשפּאַנט.
פאַר דער קעשענע האָט אים געהאַלטן אַ דערוואַקסן קינד
און צוויי קליינטשיקע האָט ער געטראָגן אויף דער האַנט.
— — — — — — — — — — —
עמיץ איז צוגעלאָפן, האַלטנדיק אַ פּאַפּיר,
נערוועז זיך באַוועגט, עפּעס דערקלערט און געברומט:
„איר קענט צוריקגיין... אָט איז אַ צעטל פון בראַנדן..."
קאָרטשאַק האָט מיטן קאָפּ בלויז געשאָקלט שטום.
— — — — — — — — — — —
די, וועלכע זענען געקומען מיט דער נאַצישער גנאָד,
האָט ער אפילו נישט געוואָלט געבן צו פאַרשטיין,
נישט פּרובירט דערקלערן די נשמהלאָזע קעפּ,
וואָס עס באַדייט איבערלאָזן קינדער אַליין.
— — — — — — — — — — —
די קינדער זענען געגאַנגען צו די וואַגאָנעס,
ווי אויף אַ אינטערעסאַנטן אויספלוג אין ל״ג בעומר
און דער קליינטשיקער מיט דער שטאָלצער מינע
האָט זיך היינט געפילט ווי אַ ריכטיקער שומר.
— — — — — — — — — — —
צי הערט איר, שכנים פון הינטער דער געטאָ־מויער,
איר, וואָס קוקט אויף אונדזער טויט דורך דער קראַטע?
יאַנוש קאָרטשאַק איז אומגעקומען, כדי אויך מיר
זאָלן האָבן אונדזער אייגענע וועסטערפּלאַטע".

אין אַט דער לעצטער סטראָפע קומט צום אויסדרוק די טיפע פאַר־ביטערונג פון דעם געטאָ־דיכטער צוליב דער פאַסיוויקייט, מיט וועלכער די שכנים פון הינטער דער מויער קוקן זיך צו צו דעם גרויסן אומגליק אין געטאָ. ער פאַרגלייכט דעם העראָאיזם פון יאַנוש קאָרטשאַק צו דער עלדישקייט פון די פוילישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן ביים אויסברוך פון קריג א וואָך צייט עקשנותדיק געקעמפט אין דער פעסטונג פון וועסטער־פלאַטע, אין גאָלף פון דאַנציג.

אין אַט דעם פאַרגלייך, אין וועלכן עס פילט זיך אויך א טאָן פון אייפערזוכט, איז אָבער גלייכצייטיק פאַראַן די בלינדע פאָראַנונג פון דיכ־טער וועגן דער גרויסער שלאַכט, וואָס האָט אין עטלעכע חדשים אַרום זיך אָפּגעשפּילט הינטער דער רויטער ציגל־מויער און פאַרוואַנדלט דעם געטאָ אין דער העלדישער „וועסטערפּלאַטע” פון אַלע צייטן.

* * *

די געשיכטע פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד וואַרט נאָך אויף איר שריי־בער. יעדעס געסל אין אַמאָליקן יידישן קוואַרטאַל האָט געהאַט איר „וועס־טערפּלאַטע” און די סטראַטעגישע מאַפּע פון אַט די העראָאישע שלאַכטן האָט איר קלאָר פּלאַסטיש געזיכט אין דער וויסטעניש פון געטאָ.

אויף די ערטער פון די אַמאָליקע געביידעס, ווו די שטיינער און ציגל זענען פולשטענדיק צעמאָלן, זענען פאַרגעקומען די העפטיקסטע שלאַכטן, דאָרט איז אָנגעגאַנגען דער שטאַרקסטער ווידערשטאַנד פון די דעכער ביז די טיפענישן פון די פונדאַמענטן. דאָ האָבן די נאַציס באַנוצט אַלע מיטלען פון קריג, גאַז איינגעשלאָסן. דאָרט אָבער, ווו עס זעט זיך א מויער מיט אויסגעברענטע פענסטער־לעכער, אָדער א קאַפּויר שטאַרנדיקער קוימען, — דאָרט האָבן די פאַרטיידיקער שנעל זיך צוזאַמענגעבראָכן. אַזוי זעט זיך קלאָר די פּלאַסטישע מאַפּע פון די געטאָ־שלאַכטן, וואָס איז דאָ אויסגע־פאָרעמט געוואָרן דורך דער האַנט פון די נאַצישע פאַרניכטער.

די נאַציס האָבן אויך איבערגעלאָזט א געשריבענעם דאָקומענט וועגן דער געטאָ־שלאַכט. דאָס איז דער באַריכט פון גענעראַל־מאַיאָר סטרופּ, דער פירער פון דער ס. ס.־בריגאַדע אין וואַרשעווער דיסטריקט, וועלכער האָט אָנגעפירט די מיליטערישע אָפּעראַציעס אין געטאָ.

קורץ פאַר מיין אָפּפאָר קיין פוילן האָב איך אין נירנבערגער טרי־בונאַל צווישן אַנדערע בייגעווווינט אויך דעם פאַרהער פון נאַצישן גענע־ראַל אַלפרעד יאָדל, געוועזענער שעף פון היטלערס גענעראַל־שטאַב, וועל־כער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די ידיעה וועגן דעם העלדישן קאַמף פון די יידן אין וואַרשעווער געטאָ איז פאַר אים געווען אַ געוואַלדיקע איבער־ראַשונג.

דעם זעלבן טאָג האָב איך פון אַ פריינט מיינעם, אַ באַאַמטן אין טריבונאַל־אַרכיוו, באַקומען אַ קאָפּיע פון דעם סטרופּ־באַריכט, וואָס איז אַ באַשטאַנד־טייל פון דעם באַשולדיקונגס־מאַטעריאַל קעגן די נאַצישע פאַרברעכער. דער דאָזיקער באַריכט, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „עס איז נישטאָ מער קיין יידיש געטאָ אין וואַרשע", איז אין אַ פּראַכטפולן לע־דערנעם איינבאַנד (די לעדער איז מסתמא פון אויסגעאַרבעטער מענטש־לעכער הויט!) איבערגעגעבן געוואָרן היטלערן אַלס מתנה.

„אָט האָט איר אַ וועג־ווייזער איבערן וואַרשעווער געטאָ — האָט צו מיר געזאָגט מיין פריינט. — „דאָס איז אַלץ, וואָס איז געבליבן פון די יידן אין וואַרשע, אַ האַלב פונט פּאַפּיר" — האָט ער מיט ווייטיק צוגעגעבן.

פונקט ווי דער שעף פון גענעראַל שטאַב, גענעראַל יאָדל, האָט פאַרן נירנבערגער טריבונאַל אויסגעדריקט זיין שטוינונג און איבערראַשונג צו־ליבן ווידערשטאַנד פון די יידן אין וואַרשעווער געטאָ, אַזוי איז אויך דער באַריכט פון גענעראַל סטרופּ, דעם אונטערדריקער פון אויפשטאַנד, פול מיט שטוינונג און באַוווּנדערונג פאַר דער העלדישקייט און דערפינדעריש־קייט פון די יידן אין זייער קאַמף מיט דער דייטשער קריגס־מאַשין.

„אין דעם דאָזיקן באַוואָפנטן אויפשטאַנד" —שרייבט סטרופּ אין זיין באַריכט— זענען די פרויען געווען פונקט אַזוי באַוואָפנט ווי די מע־נער; טייל פון זיי זענען געווען מיטגלידערינס פון דער חלוצים־באַוועגונג. גאַנץ אָפט האָבן די דאָזיקע פרויען גלייכצייטיק מיט ביידע הענט געשאָסן פון צוויי פּיסטוילן. עס האָט אויך אָפט פּאַסירט, אַז די פרויען האָבן די פּיסטוילן און האַנט־גראַנאַטן (די אַזוי גערופענע „פּוילישע אַנאַנאַסן") ביזן לעצטן מאָמענט געהאַט פאַרשטעקט אין זייערע הויזן, כדי זיי צו נוצן קעגן אונדזערע ס.ס.־לייט, פּאָליציאַנטן, אָדער זעלנער פון דער ווער־מאַכט.

„דער ווידערשטאנד פון די יידן און די באנדיטן (דעם אויסדרוק „באנדיטן" נוצט גענעראל סטרופ כסדר אין באצוג צו פוילישע קאָמוניסטן און סאָציאליסטן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן די יידן אין זייער קאמף — ש. ל. ש.) האָט געקענט ווערן איינגעבראָכן נאָר דורך אן אומרחמנותדיקן באנוצן אלע אונדזערע קרעפטן און אונדזער גאנצע ענערגיע טאָג און נאכט... איך האָב דעריבער באשלאָסן צו פארניכטן דעם גאנצן יידישן וווינונגס־קווארטאל אונטערצינדנדיק יעדעס הויז".

פון גענעראל סטרופ דערוויסן מיר זיך אויך, ווי אזוי ער האָט די פוילישע באפעלקערונג ארום דעם געטאָ צוגעגרייט צו דער פארניכטונגס־שלאכט קעגן די יידן.

„דורך דער צייט פון דער ברייט־פארצווייגטער אָפעראציע איז די ארישע באפעלקערונג דורך פלאקאטן אינפאָרמירט געוואָרן, אז עס איז שטרענג פארבאָטן אריינצוקומען אין געוועזענעם געטאָ און יעדער, וואָס וועט דאָרט אריינגיין אָן א ספעציעלער דערלויבעניש, וועט ווערן דערשאָסן. גלייכצייטיק האָבן די דאָזיקע פלאקאטן ווידעראמאָל דערמאָנט דער ארישער באפעלקערונג, אז טויט־שטראָף וועט אויך באקומען יעדער איינער, וועלכער וועט אויסבאהאלטן א ייד... די פוילישע פאָליציי האָט באקומען א דערלויבעניש, אז יעדער פאָליציאנט, וואָס וועט כאפן א ייד אויף דער ארישער זייט אין ווארשע, זאָל באקומען א דריטל פון דעם געלט, וואָס מען וועט ביי דעם ייד געפינען. דאָס האָט געבראכט גוטע רעזולטאטן.

„די פוילישע באפעלקערונג — באריכטעט ווייטער גענעראל סטרופ — האָט אין איר מערהייט אקצעפטירט אונדזערע מאססימלען קעגן די יידן. קורץ פארן פארענדיקן די ברייט־פארצווייגטע אָפעראציעס האָט דער גובערנאטאָר פארעפנטלעכט א ספעציעלע פראָקלאמאציע צו דער פוילישער באפעלקערונג, וואָס איז מיר פריער געגעבן געוואָרן צו באשטעטיקן. אין דער דאָזיקער פראָקלאמאציע זענען אָנגעגעבן געוואָרן די מאָטיוון, פארוואָס דאָס געוועזענע יידישע געטאָ ווערט פארניכטעט. ספעציעל זענען דערמאָנט געוואָרן די מאָרדן, וואָס זענען לעצטנס דורכגעפירט געוואָרן אין דער געגנט פון ווארשע, און אויך די מאסן־קברים אין קאטין. אין דער זעלבער צייט איז די פוילישע באפעלקערונג אויפגערופן געוואָרן אונדז צו העלפן אין אונדזער קאמף קעגן די קאָמוניסטישע אגענטן און די יידן".

אין דעם באריכט ווערט אָפּט דערמאָנט וועגן אטאקעס, וואָס זענען פון דער ארישער זייט געמאכט געוואָרן קעגן די נאצישע באלאגערער פון געטאָ. דעם 22סטן אפּריל 1943, אויפן פערטן טאָג פון אויפשטאנד, באַריכטעט גענעראל סטרופּ צווישן אנדערע:

„איך מוז צוגעבן, אז זינט נעכטן זענען געוויסע אונדזערע אָפּטיילונגען ווידעראמאָל געוואָרן אטאקירט מחוץ דעם געטאָ, דאָס הייסט אויף דער ארישער זייט פון ווארשע. אונדזערע שטורם־טרופּן זענען גלייך איבערפאלן די דאָזיקע געגנט און אויף איין אָרט האָבן מיר באוויזן צו פאנגען 35 פּוילישע באנדיטן און קאָמוניסטן, וועלכע זענען גלייך געוואָרן ליקווידירט. היינט האָט דאָס ווידעראמאָל פּאסירט אין אייניקע ערטער און מיר זענען געצוואונגען געווען צו דערשיסן געוויסע באנדיטן, וועלכע האָבן בעת דער עקזעקוציע אויסגערופן: „זאָל לעבן פּוילן, זאָל לעבן מאָסקווע!”.

אין די געציילטע באריכטן, וואָס זענען אויפגעשריבן געוואָרן דורך די ווייניקע לעבנגעבליבענע געטאָ־קעמפער, ווערט באשטעטיקט, אז נאָר מיטגלידער פון דער „פאָלקס־גווארדיע” זענען געקומען צו הילף די אויפשטענדלער אין געטאָ. דער פּוילישער שרייבער ש ט ש ע נ ס נ י ־ ד ראָ ב ר אָ וו אָ ל ס ק י, וועלכער האָט די גאנצע צייט פון די געטאָ־קאמפן זיך געפונען אין ווארשע, שטרייכט אונטער, אז:

„די דעלעגאטור (די אָפיציעלע פאָרשטייערשאפט פון דער לאָנדאָנער גלות־רעגירונג — ש. ל. ש.) און די פירערשאפט פון דער „ארמיא קראיאָווא” האָבן אָפּגעזאָגט זייער הילף דעם געמיינזאמען יידישן קאָמיטעט. בלויז אוואנגארד־אָפּטיילונגען פון דער „גווארדיא לודאָווא” און פון דער „ר.פּ.פּ.ס.” (לינקע גרופּע פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי — ש. ל. ש.) האָבן אין עטלעכע ערטער אטאקירט די וואך־פּאָסטנס פון דער ס.ס. זשאנדארמעריע, וואָס האָט מיט אן אייזערנעם רינג ארומגענומען דאָס פלאקערנדיקע געטאָ”.

מיט געוואגטקייט שטעלט דער דאָזיקער שרייבער אויך פעסט די מיטשולד פון דער פּוילישער רעאקציע אין דער אויסראָטונג פון די יידן אין פּוילן:

„די קברים און די אש־פעלדער באשולדיקן נישט נאָר די דייטשע היט־

לעריסטן, נאָר אויך די פּוילישע רעאַקציע, וואָס האָט מיט איר אַנטיסע־מיטישער פּראָפּאַגאַנדע צוגעגרייט דעם באָדן פאַר די נאַצישע פאַרברעכנס אין פּוילן".

דעם 23סטן אַפּריל, אין דעם טאָג, ווען גענעראַל סטרופּ האָט מיט־געטיילט וועגן זיינע קאַמפן מיט די „פּוילישע באַנדיטן", האָבן די געטאָ־קעמפער פאַרעפנטלעכט אַ האַרץ־רייסנדיקן אויפרוף „צו די פּוילישע ביר־גער — די זעלנער פון פרייהייט". זיי האָבן הינטער די געטאָ־מויערן גע־גלויבט, אַז זיי אַפּעלירן צו דער פּוילישער באַפעלקערונג, ווי צו גלייכע שותפים אין אַ געמיינזאַמען קאַמף, און געשיקט צו זיי זייער פאַרצווייפלטע ווענדונג:

„פונעם אָפּהילך פון די האַרמאַטן, מיט וועלכע די דייטשע אַרמיי שיסט אין אונדזערע הייזער, אין אונדזערע וווינונגען, אין אונדזערע מוטערס, קינדער און ווייבער, פונעם געקנאַל פון מאַשין־געווער, וואָס מיר דעראָבערן פון די נאַצישע זשאַנדאַרמען און ס.ס.לייט, פונעם רויך פון די פלאַמען און דעם בלוט פון די דערמאָרדעטע שיקן מיר אייך, מיר — די געפאַנגענע אין געטאָ,— אונדזער האַרציקסטע, ברידערלעכע באַגריסונג.

„מיר ווייסן, אַז מיט האַרץ־ווייטיק און מיט טרערן פון מיטגעפיל, אַז מיט באַוווּנדערונג און ציטער פאַר דעם אויסגאַנג פון דעם קאַמף קוקט איר זיך צו צו דער מלחמה, וואָס מיר פירן זינט עטלעכע טעג קעגן דעם שרעקלעכן אָקופּאַנט. איר זעט אויך, ווי יעדער שוועל פון געטאָ איז געוואָרן און וועט אויך ווייטער זיין אַ פעסטונג; מיר וועלן אַלע ליבערשט פאַלן אין קאַמף, אייִדער זיך אונטערגעבן, און פונקט ווי איר זענען אויך מיר דורכ־גענומען מיטן באַגער פון נקמה און שטראָף פאַר אַלע פאַרברע־כנס פון אונדזער געמיינזאַמען שונא.

„עס גייט אָן אַ קאַמף פאַר אונדזער און פאַר אייער פריי־הייט, פאַר אייער און אונדזער מענטשלעכער, סאָציאַלער און נאַ־ציאָנאַלער ווירדע. מיר וועלן נקמה נעמען פאַר די פאַרברעכנס פון אָשוויענטשים, טרעבלינקאַ, בעלזשיץ און מאַידאַנעק. זאָל

לעבן די ברידערלעכקייט פון געווער און בלוט אין קעמפנדיקן פוילן; זאָל לעבן די פרייהייט! א טויט די הענקער און פארפאָל־גער! זאָל לעבן דער קאמף אויף טויט און לעבן מיטן אָקופּאנט!

## ייִדישע קאמפּס־אָרגאניזאציע, דעם 23סטן אַפּריל 1943".

עס איז מערקווירדיק, אז דער דאָזיקער אויפרוף אַנטהאלט נישט קיין שום ווענדונג נאָך הילף. אפנים אז די געטאָ־קעמפער האָבן פאר־שטאנען, אז זיי קענען נישט דערוואַרטן קיין ספּאָנטאנע הילף פון דעם פּוילישן מענטש פון גאס. מיט די קליינע גרופּן, פון וועלכע זיי האָבן גע־קענט באקומען הילף, זענען זיי סיי ווי געשטאנען אין פארבינדונג.

די געטאָ־קעמפער, וועלכע האָבן דעם אויפרוף געשריבן אין זייערע אונטערערדישע היילן, געוווּיגן און געמאָסטן יעדעס וואָרט, האָבן געהאָפט מיט זייער אַפּעל בלויז אפשר אָפּצושוואַכן דעם ווילדן אנטיסעמיטישן האס, וואָס די נאַצים האָבן באוויזן צו צעפלאַקערן מיט דער הילף פון טעראָר, פּראָפּאגאנדע און דורך איבערקויפן.

די אַנטשלאָסנקייט ליבערשט צו פאלן אין קאמף, איידער זיך אי־בערגעבן אין די הענט פון די נאצים, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין דעם אויפרוף, האָט אויך דערשטוינט דעם נאַצישן גענעראַל סטרופּ. אין זיין באריכט פון 24סטן אַפּריל, א טאָג נאָך דעם, ווי די געטאָ־קעמפער האָבן פארעפנטלעכט דעם אויפרוף, האָט ער מיטגעטיילט דעם נאַצישן גענעראַל־שטאַב:

„איך האָב פאראָרדנט אונטערצוצינדן אַלע הייזער און ערשט ווען די הייזער אין דער געגעבענער גאס ווערן פון אַלע זייטן ארומגעכאַפּט פון די פלאַמען, קומען די ייִדן ארויס פון די באהעלטענישן. טייל פּרובירן רא־טעווען זייער לעבן דורך אראָפּשפּרינגען פון די פענסטער און באַלקאָנען, נאָך דעם ווי זיי וואַרפן אראָפּ קאָלדרעס און בעטגעוואַנד. מיר אָבסערווירן אָבער, אז טראָץ דער געפאר פון ווערן פארברענט לעבעדיקערהייט, ווילן בעסער די ייִדן און באנדיטן ליבערשט זיך צוריק אומקערן אין די פלאַמען, איידער אריינפאַלן אין אונדזערע הענט".

אין דעם סטרופּ־באריכט געפינען מיר אויך א קלאָרע באשטעטי־קונג, אז די נאַצים האָבן גענוצט שטיקנדיקע גאזן, כדי „אויסצורויכערן די אַפּלויף־קאנאלן”, וווּ די יידן האָבן זיך אויסבאהאלטן. מיר דערוויסן זיך אויך, אז די ליקווידאציע פון געטאָ איז דורכגעפירט געוואָרן נישט נאָר בלויז דורך די נאַצישע פאָרמאציעס, נאָר אויך דורך דער ווערמאכט:

„אדאנק דער גלענצנדער קאָאָפּעראציע צווישן אונדז און דער ווער־מאכט — שרייבט גענעראל סטרופּ — איז אונדזער אינזשיניערן־אָפּטיילונג געוואָרן פארשטארקט. נאָך מער, מיר האָבן פון זיי באקומען פיל אויפ־רייס־שטאָפן”.

אין חרובן ווארשע זענען אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן אמאָליקן געטאָ און דער ארישער זייט. די נאָוויניארסקא גאַס, פּלאַץ קראשינסקי, מיאָדאָווא האָבן זיך געפונען אויף דער אנדערער זייט פון דער געטאָ־מויער. איצט רוישט דאָ אין אויער די זעלבע טויטקייט, ווי אויף די שכנות־דיקע נאלעווקעס, שוויענטאָ־יערסקא און דלוגא. דאָ זענען בלויז די חרובע ווענט נישט געוואָרן אזוי צעמאָלן, אָבער עס איז דער זעלבער חורבן.

די זעלבע פארניכטונגס־בריגאדעס, וועלכע האָבן זייער דערפארונג דערוואָרבן ביים אויפרייסן דאָס געטאָ, האָבן שפּעטער זייערע פארבע־סערטע מעטאָדעס באנוצט ביים אויפרייסן די הייזער אויף אלט־שטאָט, קראָקעווער פּאָרשטאָט און טעאטער־פּלאַץ, ווו עס האָבן זיך א יאָר שפּע־טער, אין זומער 1944, אָפּגעשפּילט די קאמפן פון ווארשעווער אויפשטאנד.

די פארבלענדטע פּוילישע באפעלקערונג מחוץ די געטאָ־מויערן האָט אָבער נישט געוואָלט פארשטיין, אז נאָכן געטאָ וועט אויך קומען די ריי אויף דער ארישער זייט. אין דער צייט, ווען דאָס געטאָ איז געשטאנען אין פלאַמען, האָט דער פינסטערער פּוילישער המון מיט הנאה געקוקט, ווי „עס פּרעגלען זיך די יידישע קאָטלעטן”, אָדער גלייכגילטיק אָנגעגאנגען מיט זייער טאָג־טעגלעכן האנדל און ביליקע מארק־פארווייַלונגען, דירעקט אויפן פּאָן פון די געטאָ־פלאַמען.

א דערשיטערנדיק בילד פון דער ארישער זייט אין אָט די טראגישע טעג געפינען מיר אין דער שילדערונג פון דעם באגאבטן פּוילישן שריי־בער, יאנוש סטעמפּאָווסקי:

„אין מאָמענט, ווען אין צפון־קווארטאל פון ווארשע האָט אָפּגע־

הילכט דער געקנאַל פון הארמאטן און דאָס געפּויקעריי פון מאשין־געווער, האָט מען ערגעץ אנדערש, אומעטום, אין יעדן הויז, געפייערט דעם יום־טוב פון „פּאסכא". דאָס זענען געווען טעג פון ווילשטאנד און זאטקייט, אָבער פאר די אויפשטענדלער אין געטאָ זענען דאָס געווען די טראגישסטע, די בלוטיקסטע טעג. די טראנספּארענטן, וואָס זיי האָבן אויפגעהאָנגען אין דער ברייט פון די גאסן, האָבן אומזיסט גערופן: „העלפט אונדז, מיר קעמפן קעגן א געמיינזאמען שונא!"

„רויט איז דאן אין די וואונטן פארגאנגען די זון און דערמאָנט אין דעם לעבעדיקן בלוט, וואָס האָט געטריפט פון די וואָלקנס און פון די קנוילן רויך ביים ראנד פון די דעכער. די גאסן פון ווארשע זענען אָבער פול געווען מיט דעם געוועלטיקן געפילדער. דאָרט, ביי דער שכנותדיקער וואנט, האָט געבושעוועט א שלאכט, און דאָ האָט מען טאקע וועגן דעם גערעדט, אָבער אזוי, גלייך ווי מען וואָלט עס געזען אויף אן עקזאָטישן עקראן, ערגעץ ווייט אויף דעם אנדערן עק וועלט.

„אין דער באגרייפונג פון אַט די דערשיטערנדיקע קאָנטראסטן איז געלעגן דער גאנצער אומזין פון מיטגעפיל. אויפן משופּעדיקן טראָטואר, וואָס האָט געפירט פון טאמקא צו די ברעגן פון דער ווייסל, זענען אין די טויערן פון די הייזער — גערעדנק איך— געשטאנען גאנצע מחנות הענד־לערקעס, וועלכע האָבן מיט דער געוועלטיקער עקשנות געשריגן:

„ווער וויל ברויט! ווער וויל ברויט! ווייס ברויט!"...

„מען האָט געקויפט אָן דעם מינדסטן ציטער אין אויג. פון צייט צו צייט בלויז האָט עמיצנס בליק זיך פארהאלטן אויף די שווארצע „שטור־קאָס", וואָס האָבן ארומגעקרייזט דעם הימל און דאן אויפן געטאָ אויס־געשאָטן א לאָדונג באָמבעס.

„דאָס שלאכטפעלד האָט אויפגעשווידערט, אָבער אלס ספּעקטאקל האָט עס אויך געוועקט נייגיר. דורך דער מיאָדאָווע און די גאסן פון אלט־שטאָט, פון אלע זייטן, האָבן געאיילט מחנות מענטשן, כדי פון דער נאָ־ענט צו זען דעם פלאקערנדיקן קווארטאל. אויף ראָג נאָוויניארסקא האָבן די דייטשן געשאָסן פון א באטעריע קאנאָנען. דערנעבן, אין שמאָלן האלדז פון דער גאס, וואָס איז געהאט „דעראָבערט" געוואָרן דורך די ס.ס.־לייט, איז איבערן באלקאָן פון דריטן שטאָק אריבערגעהאָנגען דער טויטער קער־

פּער פון א יידישן אויפשטענדלער. מען האָט אויף אים אָנגעוויזן מיט די פינגער: אָ, אָ, דאָרט... א געהרגעטער! ...

„דער המון איז געשטאַנען א ווײלע און דאַן אָפּגעטרעטן זײן אָרט פאַר א נײער, צוקומענדיקער כוואַליע. מענטשן זענען אוועקגעגאַנגען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ — שווײַגנדיק אָדער קלאָגנדיק זיך אויף דער שלעכ־טער, גרויזאַמער וועלט און דערבײ געדאַנקט גאָט פאַר זײער אײגענער רו. נישט אַלע זענען אָבער אַזוי געווען.

„עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וועמען עס האָט דאָ אהערגעטריבן דער טריאומף פון היטלעריסטישן פּראָפּאַגאַנדע־סם. די האָבן געהאַט גרויס הנאה. עס איז שווער צו גלויבן דערין, אָבער דאָס זענען פאַקטן... אויף קראַשינסקי־פּלאַץ, אין געדיכטן רויך פון די פלאַקערנדיקע הײַזער — האָבן זיך געדרײט די קאַרוזעלעס, אַרומגעקלעפּט מיט מענטשן. אביסל ווײַטער האָבן הויך איבער די אָפּגעסמאַלעטע חורבות זיך געוויגט די שיפלעך פון די הושטאַוועס. ערגעץ אַנדערש, אויפן זעלבן פּלאַץ, האָט א המון צו־שויער געפּיבערט, באַוווּנדערנדיק עפּעס א גבור, וועלכער האָט אויף רעלסן א קלײן האַרמאַטל געשלײדערט צום ציל...

„פּאַנעם עט צירצענסעס” (ברויט און צירקוס). קײנער האָט פון די היטלעריסטישע צעזאָרן נישט פאַרלאַנגט קײן ברויט און קײן פאַרווײ־לונגען פון אַזא מין און אין אַזא פאַרנעם. מען האָט אָבער די דאָזיקע מתנה אָנגענומען פּאַסיוו און עס איז אַפילו געווען אַזוי, אַז מען האָט די מתנה אָנגענומען זאָרגלאָז און אַפילו לוסטיק, ווי דאָרט אויף דער קאַרו־זעלע פון קראַשינסקי־פּלאַץ.

„צי האָט טאַקע דאַן קײנער נישט געטראַכט, אַז איבער די זעלבע וועגן פון טויט, דורך דער האַנט פון דעם זעלבן הענקער, אין דעם זעלבן געשפּענסטיקן טאַנץ, וועט אינגיכן קומען די אומפאַרמײַדלעכע רײ: די פאַרניכטונג פון גאַנץ וואַרשע? פאַרלירנדיק אין יידישן אויפשטאַנד די נאַטירלעכע קאַמפּס־חברים און צוקוקנדיק זיך פּאַסיוו, פון דער זײַט, צו זײער געראַנגל מיט די היטלעריסטישע מערדער, צי האָט שפּעטער יעדער אײנער פון די דאָזיקע צושויער געהאַט דאָס רעכט אַרויסצוהײבן איבער אַלעמען זײנע אײגענע לײדן און זײ אוועקשטעלן אַלס בײַשפּיל פון דער־נידעריקטער מענטשלעכער ווירדע?

„אין טראגישן עפּילאָג פון ווארשעווער געטאָ שטעקט א טיפע לערע. עס איז נישט מעגלעך זי אויסצומיידן אין מאָמענט, ווען מיר דארפן אי־בערזעצן אונדזערע נשמות, אז זיי זאָלן אויפגיין ניי־געבוירענע אין א נייעם, בעסערן פארזיי פון געזעלשאפטלעכן לעבן".

נישט בלויז דער המון־מענטש, וועלכער האָט אויפן פּאָן פון די געטאָ־פלאמען זיך פארווײלט אויף דער קארוזעלע, איז מיטגעריסן גע־וואָרן פון דעם נאצישן געיעג אויף יידן. אויך אין די ביוראָען און אין די געמיטלעכע וווינונגען פון דעם פוילישן מיטלשטאנדס־מענטש איז אריינגעדרונגען אָט די קאלטע פרעמדקייט צום גורל פון יידישן שכן, וועלכן מען האָט געטריבן פון זיך ווי א קרעציקן.

אין דער דאָזיקער אטמאָספער וואקסן דעריבער אויס ווי הייליקע די פוילישע אינטעליגענטן, ארבעטער און פשוטע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעשטרעקט א האנט צו זייערע יידישע פריינט און גאנץ אָפט אויך צו אומבאקאנטע יידן, וועלכע זענען פארצווייפלטע, געטריבן פון א בלינדן אינסטינקט, געקומען זוכן שוץ ביי זייערע שוועלן.

נעבן לינק־געשטימטע ארבעטער האָבן אומגעוועגלעכען העראָאיזם אין דער הינזיכט ארויסגעוויזן גראָד פרומע קאטאָליקן, וועלכע האָבן אזוי ארום די רעליגיעזע עטיק אָנגעווענדט אין לעבן. פרומע נאָנעס האָבן גע־ראטעוועט הונדערטער יידישע קינדער אין פארבאָרגענע קלויסטער־צעלעס. די העכערע אינסטאנצן פון דער קאטוילישער קירך אין פוילן האָבן גע־שוויגן, אָבער די גלויביקע קריסטן האָבן עס געטון פון אייגענער אי־ניציאטיוו.

אזא געשטאלט פון א פרומער איידעלער קאטוילישער פרוי, וועלכע לעבט טיף איבער די טראגעדיע פון די קעמפנדיקע יידן אין דעם ברע־נענדיקן געטאָ, ווערט געשילדערט אין דער גרעסערער נאָוועלע פון דעם באגאבטן פוילישן שרייבער, יעזשי אנדזשעיעווסקי, אגב אליין א פרומען קאטאָליק. די דאָזיקע נאָוועלע אונטערן נאָמען „די גרויסע וואָך", וואָס מיינט די וואָך ערב דער קריסטלעכער פּאסכא, איז דאָס ערשטע בעלע־טריסטישע ווערק פון א פּוילישן שרייבער וועגן דעם אויפשטאנד אין ווארשעווער געטאָ. דאָס בוך האָט דער מחבר געשריבן אין יאָר 1943, בעת דעם אויפשטאנד אין געטאָ, און עס איז געווען ווי א ספּאָנטאנער

אויסברוך פון זיינע געפילן. דערשינען איז עס ערשט נאָך דער באפרייאונג פון פּוילן.

אין דעם בוך, וואָס ווערט איצט אין פּוילן שטארק געלייענט, ווערן אויף א קינסטלערישן אופן געשילדערט די שטימונגען, וואָס האָבן אין דער צייט פון געטאָ־אויפשטאנד געהערשט ביי פארשידענע שיכטן פון דער פּוילישער באפעלקערונג. מיט דער גאנצער נאקעטקייט שטעלט דער שרייבער פאָר די שאנד פון פרייד, וואָס געוויסע פּאָליאקן האָבן אָפּט אויס־געדרוקט אין מאָמענט, ווען דאָס געטאָ איז געשטאנען אין פלאמען.

אנדזשעיעווסקי שילדערט א דיאלאָג צווישן צוויי פּוילישע אינטע־ליגענטן אין א ביוראָ פון א בוי־אונטערנעמונג. איבערן שטאָט טראָגט זיך דער רויך פון פלאקערנדיקן געטאָ און איינער פון די אָנגעשטעלטע, א געוויסער זאלעווסקי, פירט דאן אויס:

„און איך זאָג אייך, אז אין דעם איינציקן פאל קענען מיר זיין דאנקבאר היטלערן. ער האָט פאר אונדז אָפּגעטון א שווערע און, לאָמיר זאָגן אָפן, אן אומאנגענעמע שווארצע ארבעט. איצטער וועט בכלל נישט זיין מער קיין יידן־פראגע! אויב היטלער וואָלט עס נישט געווען געמאכט, וואָלט מען נאָכן קריג געמוזט אליין זיך נעמען ליקווידירן די יידן”...

דער צענטער פון דער דראמאטישער שילדערונג איז א יונג, שיין יידיש מיידל, א טאָכטער פון אן אסימילירטן פראָפעסאָר. איר פאָטער, וועלכער האָט זיך אויסבאהאלטן אין א וואלד, האָט פלוצים דורך די ביי־מער דערזען, ווי איבערן וועג ציט א מחנה יידן, געטריבן דורך דער גע־שטאפּאָ צו א קאָנצענטראציע־לאגער. דער טיף־אסימילירטער ייד רייסט זיך דאן מיטאמאָל ארויס פון זיין באהעלטעניש און איבערלאָזנדיק די טאָכ־טער, שליסט ער זיך אָן אין דער מחנה, וואָס גייט צום טויט.

די לעבנגעבליבענע טאָכטער באהאלט זיך אויס אין ווארשע אויף דער ארישער זייט. פריער איז זי געווען אינגאנצן פרעמד צו יידן און יידישקייט, אָבער דער טויט פון איר פאָטער און די שרעקלעכע פארפאָל־גונגען פון יידן האָבן אין איר אויפגעוועקט יידישן שטאָלץ, וואָס איז פאר־מישט מיט ביטערקייט.

אין דער צייט פון געטאָ־אויפשטאנד באהאלט זי זיך אויס ביי אירס א פּוילישן יוגנט־פריינט, א געוויסן אינזשיניער מאלעצקי, א פּאָליאק מיט

ליבעראלע נייגונגען, אָבער א מענטש מיט א שוואכן כאראקטער, וועלכער איז נישט גרייט צו קעמפן פאר זיינע איבערצייגונגען. דאקעגן זיין יינגע־רער ברודער באלאנגט צו דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע און ווערט דורכן מחבר פאָרגעשטעלט, ווי דער אינספיראטאָר פון געבן הילף צו די קעמפנדיקע יידן אין געטאָ.

אויך זיין פרומע פרוי פילט, אז עפעס איז אומנאטירלעך דער פאקט, וואָס די פוילישע באפעלקערונג ארום קוקט זיך פאסיוו צו, ווי די יידן פירן זייער פארצווייפלטן קאמף.

דער אויטאָר שילדערט די אינערלעכע רעגונגען פון דער דאָזיקער פרומער פרוי, וועלכע טראכט, אז „פאר איר, ווי פאר א גלויבנדער קאַ־טאָליקין, איז די יידישע טראגעדיע, וואָס אייטערט שוין אזוי פיל יאָר־הונדערטער, די ווייטיקדיקסטע פּראָבע פאר דעם קריסטלעכן געוויסן. ווע־מען, אויב נישט די קאטאָליקן דארף אויפטרייסלען דער שרעקלעכער גורל פון דעם אומגליקלעכסטן צווישן אלע פעלקער? ווער, אויב נישט די קריסטן דארפן טון אלץ, כדי צו פארלייכטערן די נויט פון די אומגליק־לעכע און לינדערן די איינזאמקייט פון די, וועלכע שטארבן אָן האָפענונג..."

די דאָזיקע פרומע קאטאָליקין באציט זיך טאקע ווי אן אמתע שוועס־טער צו איר יידישן גאסט. א שכן דעקט אָבער אויף די אָנוועזנהייט פון דעם יידישן מיידל און אלארמירט אלע אנדערע שכנים וועגן דער געפאר, וואָס עס דראָט זיי. אונטערן דרוק פון די דאָזיקע שכנים מוז אינזשיניער מאלעצקי זוכן פאר איר אן אנדערע באהעלטעניש. ער גייט אוועק צו פוי־לישע פריינט און ווערט דאָרט צופעליק דערמאָרדעט דורך צוויי פוילישע פאשיסטן. איינער פון זיי איז דער זעלבער זאלעווסקי פון ביוראָ, וווּ ער ארבעט.

אין דער צייט, ווען מאלעצקי ווערט דערמאָרדעט, געפינט זיך זיין פרוי אין דער קירכע, פארטיפט אין געבעט, און דאָס יידישע מיידל, וועלכע איז געבליבן אליין אין הויז, ווערט פארטריבן דורך די שכנים. דאָס גע־שעט פארנאכט, ערב דער הייליקער פאסכא. דאָס יידישע מיידל פארלאָזט דאָס הויז און שרייט דאן אויס צו די דאָזיקע הארצלאָזע פּאָליאקן: „און איר, איר זאָלט אלע פּגרן ווי די הינט... מען זאָל אייך פארברענען, ווי אונדז, מען זאָל אייך אויסשיסן און אויסמאָרדן"...

וועגן א זעלטענער פרומער פּוילישער פרוי דערציילט אויך אין אירע פאַרצייכענונגען די שוועסטער פון העניעק רובינליכט, וועלכער איז מיט מיר געגאַנגען איבער די חורבות פון געטאָ. אין דעם לעצטן זייטל פון איר טאָגבוך נאָטירט די קראַנקע שוועסטער פון העניעק רובינליכט:

„אין דער פינסטערער סביבה פון די שרעקלעכסטע חיות, וואָס די דאָזיקע גרויזאַמע מלחמה האָט אַרויסגעגעבן, האָט פאַר אונדז אויפגע־שיינט א גאָלדענער שטראַל. עס האָט זיך באַוויזן א מענטש, א מלאך אין איינגעטלעך צוויי מענטשן, וואָס שטעלן ליידער מיט זיך פאָר בלויז אַן אומבאַדייטנדיקן ברוכטייל אין אָט דעם פינסטערן אָפּגרונט. די דאָזיקע מענטשן באַמיען זיך לכל הפּחות מיט זייער אויפפירונג צו פאַרדעקן די שרעקלעכע בעסטיאַלישע מעשים פון די טויזנטער ארום זיי. איינע איז א פרוי, א טיף רעליגיעזע, ממש א הייליקע. זי וויל אונדז פאַר יעדן פּרייז איבערציינגן, אז הגם די מענטשן ארום זענען אזוי שלעכט, איז גאָט דאָך גוט. אויך דער מאַן איז אַן אידעאַלער פּאָליאַק, א טיפער פּאַטריאָט. די דאָזיקע צוויי מענטשן האָבן באַשלאָסן אונדז צו פאַרלייכטערן אַלע בי־טערע ליידן. זיי ווילן אויפריכטיק, אַז מיר זאָלן איבערלעבן דעם קריג".

די דאָזיקע זעלטענע פּאָליאַקן זענען געווען די הייליקע צווישן די גלייכגילטיקע און דעם דעמאָראַליזירטן המון, וואָס איז געלאָפן זען דעם טראַגישן ספּעקטאַקל פון ברענענדיקע יידן.

דער פּוילישער פּרעמיער־מיניסטער אין לאָנדאָן, גענעראַל וולאַדיס־לאַוו שיקאָרסקי, האָט ערשט צוויי וואָכן נאָכן אָנהייב פון אויפשטאַנד, דעם 5טן מאַי, דורכן לאָנדאָנער ראַדיאָ גערעדט קיין פּוילן, רופנדיק די באַ־פעלקערונג צו העלפן די יידן. אויך דער פאַרטרעטער פון דער לאָנדאָנער־רעגירונג אין לאַנד גופא האָט אין דער צייט פון געטאָ־אויפשטאַנד אָפּ־געגעבן א פאַרעווע דערקלערונג וועגן „סימפּאַטיע" פאַר די געטאָ־קעמפער. די אונטערערדישע פּוילישע פרעסע, וואָס איז קאָנטראָלירט געווען דורך דער לאָנדאָנער רעגירונג, האָט מיט אָנערקענונג זיך אויסגעדרוקט וועגן דער יידישער העלדישקייט. דאָס זענען אָבער אַלץ געווען בלויז ווערטער, וואָס זענען געבליבן הענגען אין דער לופט. די באַוואָפנטע אונטערערדישע כוחות פון דער לאָנדאָנער רעגירונג, די „אַרמיאַ קראַיאָוואַ", האָט „דיס־ציפּלינירט" אויסגעפירט די אינסטרוקציעס צו „שטיין גרייט מיטן געווער"

און קיין איין שאָס נישט אָפּגעבן אין דער פּאַרטיידיקונג פון זייערע יידי־שע מיטבירגער. אויף קיין ספּאָנטאַנע אויסברוכן פון הילף האָט מען אין אזא אטמאָספער שוין זיכער נישט געקענט זיך ריכטן.

„מיר דאָ אויפן אָרט — זאָגט זיך אין די פאַרצייכענונגען פון אן עדות אויף דער ארישער זייט — האָבן געזען, וואָס פאַרא ווערטלאָזע זאַך עס איז דאָס געוויסן. די אויפרייסן האָבן געמאכט ציטערן די ערד, די גאסן, אָבער נישט די מענטשן".

פיל שטארקער ווי די בלאסע סימפּאַטיע־ווערטער האָבן אויף דער פּוילישער באַפעלקערונג געווירקט די העצערייען פון די פּוילישע פאַשיס־טישע בלעטלעך, ווי „שאַניעץ" און „וואַלקאַ", ווי אויך די פּראָפּאַגאַנדע פון די נאַצים. דער המון האָט זיך גאַנץ גוט צוגעהערט צו די ראַדיאָ־הילר־כערס אויף די גאַסן פון וואַרשע, וואָס האָבן פיר מאָל אין טאָג איבערגע־חזרט אלע איינצלהייטן וועגן די צען טויזנט דערמאָרדעטע פּוילישע אָפי־צירן אין ק א ט י ן, און אז דאָס איז געטון געוואָרן דורך יידן. די פּוי־לישע קוויזלינג־פּרעסע אין פּויזן און אין פּאָמערן האָט אפילו געדרוקט א ידיעה, אז דערשיטערט פונעם פאַרברעכן אין קאַטין, האָבן פּאָליאַקן זיך געוואָרפן אויפן וואַרשעווער געטאָ. אין די שוי־פענסטער אויף די באַ־לעבטסטע וואַרשעווער גאַסן האָבן די נאַצים אויסגעשטעלט פאָטאָגראַ־פיעס פון דערמאָרדעטע פּאָליאַקן מיט אן איבערשריפט, אז דאָס איז געטון געוואָרן דורך יידן.

די געטאָ־העלדן זענען אלזאָ אין זייער קאמף געווען איזאָלירט פון דער דרויסנדיקער וועלט נישט נאָר בלויז דורך דער רויטער ציגל־מויער, נאָר אויך דורך דעם ים פון גלייכגילטיקייט און האס, וואָס האָט זיי ארומ־גערינגלט. נישט נאָר בלויז האָבן זיי נישט געקענט אנטלויפן און רעכענען אויף הילף מצד די דרויסנדיקע שכנים, נאָר אפילו די קליינע גרופן פון די העלדישע פּוילישע מיטקעמפער פון די לינקע ארבעט־גרופּירונגען האָבן טאקע צוליב די זעלבע טעמים נישט געקענט אויך ברענגען קיין מער עפעק־טיווע הילף צו די געטאָ־קעמפער.

דורך די אָפּלויף־קאַנאלן האָבן די העלדישע פּוילישע ארבעטער אריינגעשמוגלט שפּייז, געווער און דורך די זעלבע וועגן ארויסגעפירט פרויען און קינדער פון די קעמפער. נישט איינמאָל אָבער זענען זיי ביים

ארויסגאנג פון די אונטערערדישע קאנאלן דערשאָסן געוואָרן סיי דורך נאַצישע זשאנדארמען און סיי דורך פּוילישער פּאָליציי.

גרופּן פּוילישע ארבעטער האָבן מיטגעקעמפט מיט די יידן ביז די סאמע לעצטע טעג פון אויפשטאנד, ווען דאָס געטאָ איז שוין געווען א בארג חורבות. דאָס באשטעטיקט נישט קיין אנדערער ווי טאקע דער נאַצישער גענעראל סטרופּ, דער ליקווידאטאָר פון דעם געטאָ, וועלכער האָט דעם 16טן מאי 1943 מיטגעטיילט דעם פאָלגענדן לעצטן פראָנט־באריכט פון געטאָ:

„אכצן יידן, באנדיטן און אונטערוועלט־מענטשן זענען געוואָרן פארניכטעט. דער געוועזענער יידישער קווארטאל פון ווארשע עקזיסטירט נישט מער. די ברייט פארצווייגטע אקציע איז געוואָרן פארענדיקט 8.15 ביינאכט דורך אויפרייסן די ווארשעווער סינאגאָגע (די טלאָמאצקע סינאגאָגע — ש. ל. ש.)".

אויף אן אָנפראגע פון דער הויפּט־קאָמאנדע פון דער ס.ס. אין קראָקע וועגן מער פּרטים ביים פארניכטן דאָס געטאָ און אירע איינוווינער, האָט גענעראל סטרופּ דעם 24סטן מאי 1943 צווישן אנדערן אָנגעגעבן, אז זיינע אָפּטיילונגען האָבן באוויזן צו פארכאפּן 56.065 יידן. פון זיי זענען 13.929 געוואָרן ליקווידירט. אויסער דעם האָט ער אָפּגעשאצט, אז אן ערך פון פינף ביז זעקס טויזנט יידן זענען אומגעקומען אין די דינאמיט־אויפרייסן און אין די פלאמען.

די פארניכטונגס־קאָמאנדע פון גענעראל סטרופּ האָט פארלאָזט די חורבות פון געטאָ אין דער פולער איבערצייגונג, אז קיין לעבעדיקער נפש איז שוין דאָרט מער נישט געבליבן. אין דעם לעצטן אָפּזאץ פון גענעראל סטרופּס באריכט זאָגט זיך: „מיטן אויסנאם פון אכט געביידעס איז דאָס געוועזענע געטאָ געוואָרן פולשטענדיק פארניכטעט. אָבער אין די רואינען געפינען זיך נאָך ריזיקע מאסן ציגל און ברוכווארג, וואָס קען ווערן פארנוצט".

צווישן די אכט געביידעס, וואָס זענען פארבליבן, האָט זיך אויך געפונען דער „פּאוויאַק", וווּהין עס זענען געבראכט געוואָרן טויזנטער שקלאפן־ארבעטער, כדי אָפּצורייניקן דאָס ברוכווארג.

און אָט, דעם 13טן דעצעמבער 1943, אכט חדשים נאָך דער פאר־

ניכטונג פון געטאָ, האָבן די ארבעטער, וועלכע זענען באַשעפטיקט געווען ביים פונאנדערנעמען די חורבות, אין איינעם פון די בונקערס אָנגעטראָפן א לעבעדיק באַשעפעניש. מיט דער גרעסטער פאַרזיכט, אז די איבער־וואכנדיקע נאַצישע זשאַנדארמען זאָלן נישט באַמערקן, איז איינער פון די ארבעטער אריין אין דער אונטערערדישער באַהעלטעניש און צוריקקומענ־דיק דערציילט זיינע חברים אָן איבערראַשנדיקע ראָבינזאָן־קרוזאָ־געשיכטע פון ווארשעווער געטאָ.

דאָס לעבעדיקע באַשעפעניש איינעוויניק איז געווען א 15־יאָריק יידיש מיידל. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ זענען אַלע יידן פון דעם גלענצנד איינגעאָרדנטן בונקער ארויס אויף דער אויבערפלאַך, נאָכדעם ווי די נאַצים האָבן דאָרט געהאַט אריינגעוואָרפן א גאַז־באָמבע. די 15־יעריקע העלענקא האָט אָבער נישט געקענט ארויס, ווייל זי איז געוואָרן שווער פאַרוווּנדעט אין די פיס. טראָץ דעם גאַז איז זי אָבער געבליבן לעבן און זי האָט אַכט חדשים צייט זיך דערנערט מיט די צוויי זעק מעל און גערשטן־קאַשע, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער באַהעלטעניש. זי האָט עס געגעסן צונויפגעמישט מיט וואַסער פון אונטערערדישן ברונעם.

ווען די שקלאַפן־ארבעטער האָבן זי אַנטדעקט, האָט זיך דאָס מיידל געפונען אין א צושטאַנד פון פולשטענדיקער אויסגעשעפּטקייט. זי האָט אויסגעזען ווי א געשפּענסט, מיט ווילד צעפּאַטלטע האָר און אָן אָפּגע־סמאַליעט געזיכט. די ארבעטער האָבן דאַן יעדן טאָג, אין געהיים, פון „פּאַ־וויאַק" געבראַכט אביסל פעטס, ברויט און שטיקלעך צוקער, וואָס זיי האָבן צונויפגעקליבן צווישן זיך.

אין א געוויסן טאָג אָבער האָט א נאַצישער זשאַנדאַרם געכאַפּט איי־נעם פון די ארבעטער ביים אַראָפּגיין אין בונקער אריין און אויפגעדעקט דאָס באַהאַלטענע מיידל. ער האָט ארויסגעשלעפּט דאָס ווילד־אויסזעענ־דיקע באַשעפעניש, גלייך זי אוועקגעשטעלט ביים מויער און פאַרמעסטנ־דיק זיך מיט דער ביקס אויסגעשאָסן, אָבער נישט געטראָפן. דער נאַצי איז געווען איבערראַשט פון זיין דורכפאַל און אויסגעשריגן: „איך שענק דיר דאָס לעבן!"...

דער אויסטערלישער פענאָמען פון דעם איינציקן, לעבנגעבליבענעם יידישן באַשעפעניש אין א פאַרגאַזעוועטן בונקער פון געטאָ האָט ארויס־

גערופן די גרעסטע סענסאציע ביי דער געשטאפּאָ. די 15־יעריקע העלענקא איז גלייך אוועקגעפירט געוואָרן אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער געשטאַ־פּאָ אויף אַלעיאַ שוכא, ווּ זי האָט פאר די הויכע נאַציישע באַאמטע גע־מוזט דערציילן די גאַנצע געשיכטע פון איר וווּנדערלעכער רעטונג.

נאַציישע דאָקטוירים האָבן זי באַטראַכט און נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך, אַז זי זאָל האָבן אַזוי לאַנג איבערגעהאַלטן. איבערראַשט פון דעם דאָזיקן פענאָמען, האָט דער הויפּט פון דער געשטאַפּאָ איר דערקלערט, אַז זי בלייבט לעבן און זי אָפּגעשיקט אויפן „פּאַוויאַק".

א טוערין פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, א געוויסע מאַריאַ מאַטושטשאַק, וועלכע האָט זיך מיט אָט דעם יונגן יידישן מיידל געפונען צוזאַמען אין דער צעלע נומ. 44 אין פּאַוויאַק, דערציילט אין אירע זכרונות:

„העלענקא איז געווען אַזוי דאַר, אַז זי האָט נישט געקענט זיצן, נאָר געמוזט ליגן. זי איז געווען די איינציקע צווישן אונדז אַלעמען, וועלכע האָט באַקומען א דערלויבעניש צו ליגן א גאַנצן טאָג אויפן געלעגער. די תּפיסה־מאַכט האָט איבערגעגעבן דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג זיך ספּעציעל מיט דעם יידישן מיידל צו פאַרנעמען. זי האָט באַקומען עסן פון דער שפּי־טאָל־קיך — צוויי מאָל א טאָג א ספּעציעלע זופּ און אויך געקראָגן איינ־שפּריצונגען צו שטאַרקן איר אָרגאַניזם. דער פּאַטראָנאַט פון שוץ איבער אַרעסטאַנטן האָט, דערוויסנדיק זיך וועגן דער געשיכטע פון העלענקא, באַ־קומען א דערלויבעניש פון דער געשטאַפּאָ, כדי איר צו ברענגען מלבושים. זי האָט באַקומען א קליידל, א סוועטער, זאָקן און ענדלעך א פּאָר שיך. די גרינע לייוונטענע שיך מיט די הילצערנע פּאָדעשוועס זענען געווען דער שטאָלץ פון דער יונגער העלענקא. זי איז שנעל געקומען צו זיך, אָנגע־הויבן נאָרמאַל צו פאַרדייען דאָס עסן און איר געזיכט האָט אויך פון טאָג צו טאָג באַקומען מענטשלעכע קאָלירן.

„באַלד נאָך ניי־יאָר, דעם 3טן אָדער דעם 4טן יאַנואַר 1944, א האַלבע שעה נאָך דעם ביינאַכטיקן אַפּיל האָבן מיר פּלוצים דערהערט א געגרילץ אין שלאָס פון אונדזער צעלע. דאָס איז געווען א זעלטענע פּאַ־סירונג, ווייל נאָך דער אָוונטיקער ציילונג האָט מען אונדז שוין געוויינלעך געלאָזט צורו. אין אונדזער צעלע איז דערשינען איינער פון די שאַר־

פירער, וועלכן מיר האָבן גערופן „מוסאָליני" צוליב זיין אויסטערלישער ענלעכקייט צום איטאַליענישן דיקטאַטאָר.

„וווּ איז העלענקאַ?"

„איך בין דאָ".

„דאָס ביסט דו? — גוט".

„די טיר האָט זיך צוריק פאַרמאַכט, אָבער העלענקאַ איז די דאָזיקע נאַכט שוין נישט געשלאָפן. זי איז געזעסן אויף איר שטרוי־זאַק און געמורמלט צו זיך. פאַרטאָג איז זי צוגעגאַנגען צו איינער פון די חברטעס און געזאָגט:

„איך מיין, אַז זיי וועלן מיך דאָך נישט שיסן. ווען זיי וואָלטן געוואָלט מיך דערהרגענען, וואָלטן זיי מיך אַזוי נישט געפּלעגט און דאַן וואָלט מען דאָך מיר נישט געגעבן אַזעלכע שיינע שיך..."

„דער לעצטער אַרגומענט האָט זיך דער קליינער העלענקאַ אויסגעדאַכט צו זיין אַמשטאַרקסטן איבערצייגנד און זי האָט זיך באַרואיקט. עלף אַזייגער אינדערפרי איז אָריינגעקומען די וואַכמייסטערין סטאַלסקאַ און אַ שמייכל געטון צו העלענקאַ: נעם דיין מאַנטל און קום אין דער קאַנצעלאַריע זיך פאַרשרייבן אויף אַרבעט".

„ מיר האָבן אָפּגעעטעמט. העלענקאַ איז אַרויסגעגאַנגען אין דער באַגלייטונג פון דער דייטשקע. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, די קאַנצעלאַריע, די צעלעס נומער 3, 4, 5, 6, 7, און דאַן האָט זיך פאַר העלענקאַן געעפנט די טיר פון דער צעלע נומ. 8 — דער טויטן־צעלע...

„צומאָרגנס אינדערפרי, ווען מיר האָבן זיך געפונען אויף אונדזער טאָגטעגלעכן קאָשמאַרהאַפטן שפּאַציר איבערן הויף, האָבן מיר געזען, ווי העלענקאַ האָט דורכגעמאַכט איר לעצטן וועג דורך דער נידעריקער אייזערנער טיר, וואָס האָט אָפּגעטיילט די פרויען־תפיסה פון דער מענער־תפיסה און האָט גלייכצייטיק געפירט אויף דער פרייהייט, אָדער — צום טויט. אין צוויי שעה אַרום האָבן די שיך פון העלענקאַ זיך צוריק אומגעקערט אין דעם תפיסה־מאַגאַזין".

אַזוי האָבן די נאַציס ניין חדשים נאָך דער ליקווידאַציע פון אויפשטאַנד פאַרענדיקט דאָס לעבן פון דעם לעצטן יידישן באַשעפעניש אין די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ.

קאפיטל פינף

# דער אמת וועגן קיעלץ

דער קיעלצער פּאָגראָם האָט פארשאָטנט אַלע אנדערע פּאָגראָמען, וואָס באפלעקן די געשיכטע פון אונדזער בלוטיקן יאָהונדערט. די פּאָגראָמען אין קישיניעוו, פּראָסקוראָוו, פּינסק, בריסק און פּשיטיק קענען קוים פארגליכן ווערן צו דעם פּאָגראָם, וואָס איז פּאָרגעקומען אין קיעלץ און דאָס דערפאר, ווייל דער קיעלצער פּאָגראָם איז פּאָרגעקומען אין באפרייטן פּוילן, נאָך דעם ווי די נאצים האָבן געהאט אויסגעמאָרדעט דריי מיליאָן פּוילישע יידן און מיליאָנען יידן פון אנדערע אייראָפּעאישע לענדער. דאָס פארברעכן פון קיעלץ שרייט צו די הימלען נאָך גערעכטיקייט.

די ערשטע ידיעה וועגן קיעלצער פּאָגראָם האָבן מיר אין ווארשע באקומען דאָנערשטיק נאָכמיטאָג, דעם פערטן יולי, אויף א פּרעסע־קאָנפערענץ אין אויסערן־מיניסטעריום. וויקטאָר גראש, שעף פון דעפּארטאַמענט פון דער אויסלענדישער פּרעסע, האָט א דענערווירטער אונדז פּאָרגעלייענט א טרוקענעם קאָמוניקאט, אז אין קיעלץ איז אין די פרימאָרגן שעהן אויסגעבראָכן א פּאָגראָם, ארויסגערופן דורך דער גוט־אויסגעפּרוּווטער מיטלאַלטערלעכער פּראָוואָקאציע וועגן דערמאָרדן א קריסטלעך קינד און אז עס זענען פאראן צען פארוווּנדעטע און צוויי אָדער מער טויטע.

אין גרויס איילעניש זענען מיר געלאָפן טעלעגראפירן די דאָזיקע נייעס, וואָס האָט אונדז אויסגעזען צו זיין ווייט נישט פולקאָם. דאָס איז אָבער געווען אלץ, וואָס מיר האָבן דערווייל געקענט זיך דערוויסן. אין די נאָכמיטאָג־בלעטער, וואָס די פלינקע און שרייענדיקע ווארשעווער צייטונגס־פארקויפער האָבן אונדז אנטקעגנגעטראָגן, איז וועגן דעם נאָך נישט געווען קיין וואָרט. דאקעגן אָבער זענען די צייטונגען פול געווען מיט אר־

טיקלען וועגן דעם אמעריקאנער נאציאָנאלן יום־טוב, וועגן דעם 170סטן יאָרצייט פון דער אמעריקאנער אומאָפּהענגיקייט־דעקלאראציע, אין וועל־כער עס זאָגט זיך, אז „אלע מענטשן זענען באשאפן געוואָרן גלייך און האָבן גלייכע רעכט צו לעבן, צו פרייהייט און צו גליק". גראָד אין אָט דעם גרויסן יום־טוב פון דער אמעריקאנער דעמאָקראטיע האָבן די פּוי־לישע „פּאטריאָטן" פון וואלד דורכגעפירט די שרעקלעכע שחיטה אין קיעלץ.

אין די סאלאָנען פון האָטעל „פּאָלאָניא" אין ווארשע האָבן זיך גענומען זאמלען די געסט צום גרויסן אויפנעם, וואָס דער אמעריקאנער אמבאסאדאָר האָט לכבוד דעם יום־טוב געגעבן פארן דיפּלאָמאטישן קאָר־פּוס און פאר דער אמעריקאנער קאָלאָניע אין ווארשע. גלייכצייטיק האָבן גענומען אָנקומען די ערשטע אומקלאָרע ידיעות וועגן דעם בלוטיקן פּאָ־גראָם אין קיעלץ, וואָס האָט געדויערט במשך פון גאנצע אכט שעה.

די עלעגאנטע געסט אויף דעם אויפנעם, די אמבאסאדאָרן און מיניסטאָרן, האָבן באלאגערט די רייך־געדעקטע טישן און מיר, די אויס־לענדישע זשורנאליסטן, האָבן באלאגערט די טעלעפאָנען. עס איז אָבער אוממעגלעך געווען זיך צו פארבינדן מיט קיעלץ און מיר האָבן באשלאָסן גלייך צו פאָרן אהין. די זיכערהייטס־מאכט האָט אונדז אָבער אויפמערק־זאם געמאכט, אז מיר זאָלן זיך נישט לאָזן אין וועג אריין אויף ביינאכט, ווייל די וועגן קיין קיעלץ זענען בלאָקירט און מען וועט אונדזער אויטאָ נישט אדורכלאָזן.

אומגעדולדיק האָבן מיר געוואַרט ביזן באגינען און ארום דריי אזייגער פארטאָג האָבן מיר פארלאָזט ווארשע. א ראָזעווער הימל איז גע־האָנגען איבער די חורבות פון אמאָליקן ווינער באנהויף קעגנאיבער דעם „פּאָלאָניא"־האָטעל. דער נאקעטער סקעלעט האָט געשפּענסטיק געשראָקן און פון ווייטנס האָבן זיך געשטרעקט די קירכן־שפּיצן פון דער געגנט, ווו עס איז אמאָל געווען דאָס ווארשעווער געטאָ.

דאָס חרובע ווארשע האָט זיך געוועקט פון שלאָף און אונדזער אויטאָמאָביל האָט זיך גענומען טראָגן אין דער ריכטונג פון פּרושקאָוו, ווו עס געפינט זיך די ווארשעווער עלעקטראָווניע. איבער די הייזער פון די ארבעטער־קאָאָפּעראטיוון אין פּרושקאָוו האָבן געפלאַטערט רויטע פּענער

און ריזיקע אויפשריפטן, וואָס האָבן לויט זייער סטיל מיך דערמאָנט אין די שטעט און שטעטלעך פון שפּאַניע בעת דעם בירגער־קריג, גענוי מיט צען יאָר צוריק.

מיר האָבן געמוזט פאַרקלענערן דעם טעמפּאָ פון אויטאָמאָביל, ווייל אויפן הינטער־שטאָטישן שאָסיי זענען אונדז כסדר אנטקעגנגעקומען פויער־שע פורלעך, וועלכע האָבן געפירט אין שטאָט אריין שפּייז צום פּרייטיק־דיקן מאַרק. די דאָרפישע פערדלעך, וועלכע זענען נאָך אַלץ נישט געוווינט צו זייער קאָנקורענט דעם אויטאָמאָביל, זענען אָפּט ארויסגעשפּרונגען פון די האָלאָבליעס און זיך געלאָזט גלייך אין פעלד אריין אין דער הויכער, צייטיקער תבואה, וואָס האָט זיך געכוואַליעט אונטערן אָטעם פון דעם לייכטן פרימאָרגן־ווינטל.

מיר זענען פּאַרבייגעפאָרן גראַיעץ (גריצע). אמאָל זענען דאָ געווען בלויז יידן. אַלענפאַלס האָבן אַלע געוועלבלעך באַלאַנגט דאָ צו יידן. איצ־טער זענען אַלע שילדן געווען איבערגעמאָלן און פאַרטרעטן מיט נישט יידישע נעמען.

אין ביאַלאָבזשעגי זענען מיר אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך א מילי־טערישן פּאַטרול, וואָס האָט לאַנג ארומגעקוקט אונדזער פּרעכטיקן אוי־טאָמאָביל, איבערגעלייענט יעדע שורה אין אונדזערע דאָקומענטן פון אוי־סערן מיניסטעריום.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין ראַדאָם, האָבן מיר שוין אָנגעטראָפן ארבעטער אויף די גאַסן. די געוועלבער זענען נאָך געווען פאַרמאַכט, אָבער דאָ און דאָרט האָט זיך אויף דער לובלינער גאַס שוין געעפנט א רעסטאָ־ראַן, א טיי־האַלע. איך האָב דערקענט די אַלע היימישע ווינקעלעך פון די יאָרן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דער דאָזיקער אמאָל־לעבהאַפטער יידישער שטאָט, די שטאָט פון יידישע גאַרבערייען, יידישע שיך־פאַבריקן, די שטאָט פון א מוסטערהאַפט־אָרגאַניזירטער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג — די לובלינער גאַס, וואָס האָט געברויזט און געקאָכט מיט יידישקייט.

פון דעם אַלעם איז נישט געבליבן קיין זכר, קיין שפּור. צווישן די פּריע שפּאַצירער אויף די טראָטואַרן האָט מען קיין ייִדיש געזיכט נישט

געזען. קיין ייד וואָלט נישט געוואגט אזוי פרי זיך צו באווייזן אויף די גאסן פון ראדאָם.

זיבן אזייגער אינדערפרי זענען מיר אָנגעקומען קיין קיעלץ און גלייך פארפאָרן צו דער וווינונג פון וואָיעוואָדע, וואָס איז ארומגעשטעלט געווען מיט מאשין־געווער. אין דער פרימאָרגנדיקער שטילקייט האָט קיעלץ גע־מאכט דעם איינדרוק פון א שטאָט אויף דער ערשטער פראָנט־ליניע. אויף די ראָגן זענען די סאָלדאטן געשטאנען מיט זייער געווער נישט אויף די אקסלען, נאָר אין די אָרעמס — גרייט צו שיסן.

ווארטנדיק אויף דער אויפנאמע אין הויז פון וואָיעוואָדע, האָב איך דערווייל געכאפט א שמועס מיט א סאָלדאט, וועלכער איז געזעסן אין קאָ־רידאָר. איך האָב געוואָלט הערן, וואָס ער ווייסט וועגן פּאָגראָם און די סיבות, וואָס האָבן דערפירט צו דער שחיטה פון די קיעלצער יידן. דער סאָלדאט האָט מיט דער גאנצער נאאיווקייט געענטפערט, אז דאָס איז גע־שען „צוליב דעם, וואָס יידן האָבן פארכאפּט קריסטלעכע קינדער און זיי באהאלטן אין זייער הויז אויף פּלאנטי נומער זיבן"...

אזוי האָט געענטפּערט א סאָלדאט, וועלכער איז אויסגעקליבן גע־וואָרן צו באוואכן די וווינונג פון וואָיעוואָדע. די געשיכטע מיט די פאר־כאפּטע קריסטלעכע קינדער איז אלזאָ געווען דער פּראָוואָצירנדיקער צינד־שטאָף צום שרעקלעכן פּאָגראָם און אויך דער דאָזיקער היטער פון דער אָרדענונג האָט געגלויבט דערין.

אויפגענומען האָט אונדז דער וויצע־וואָיעוואָדע, הענריק אורבאנאָ־וויטש, וועלכער איז אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף. ער איז געווען בלאס און צעשראָקן און איז דערשינען פאר אונדז אין פּיזשאמע. אין דער צייט פון פּאָגראָם האָט ער דערפילט די פונקציעס פון וואָיעוואָדע, וועלכער איז גראָד געלעגן קראנק מיט א צעבראָכענעם פוס. אזוי ארום איז אויף די פּלייצעס פון דעם יונגען הענריק אורבאנאָוויטש געפאלן די גאנצע לאסט אין טאָג פון דער דאָזיקער טראגישסטער געשעעניש אין דער געשיכטע פון נייעם פּוילן. עס איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס ער איז געווען אזוי דענערווירט און זיך באמיט אונדז, די ערשטע זעקס פּארטרעטער פון דער אויסלענדישער פּרעסע, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין קיעלץ נאָך אויפן פרישן בלוט, צו דערקלערן און איבערצייגן, אז ער האָט געטון אלץ, וואָס

עס איז נאָר געווען אין זיינע כוחות, כדי צו פאַרמיידן קרבנות און איינ־צושטילן דעם צעיושעטן המון.

ער האָט אויף שנעל זיך אָנגעטון און גלייך מיט אונדז אוועק אין אַלטן פּאַלאַץ פון דער וואָיעוואָדעשאַפט, ווו ער האָט אונדז איבערגעגעבן די פאָלגענדע ווערסיע וועגן דעם פאַרלויף פון דער טראַגישער פּאַסירונג:

מיטוואָך, דעם 3טן יולי, האָט זיך אין דער קיעלצער פּאָליציי גע־מאָלדן דאָס פּאָרפּאָלק בלאַשטשיק און דערקלערט, אַז זיי האָבן אַ פאַר־דאַכט, אַז יידן האָבן דערמאָרדעט זייער 9־יאָריקן יינגל, ווייל עס איז שוין דריי טעג זינט דאָס יינגל איז אוועק פון שטוב און מער נישט צוריקגע־קומען. באַלד דערנאָך האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז עס וועט עפּעס געשען מיט די יידן אין שטאָט...

צומאָרגנס אינדערפרי, פרייטיק, דעם 4טן יולי, איז דאָס זעלבע פּאָרפּאָלק בלאַשטשיק געקומען אויף דער פּאָליציי מיט זייער אָפּגעזוכטן יינגל, הענריק, וועלכער האָט דערציילט אַ באַבע־מעשה, אַז מיט דריי טעג צוריק האָט עמיצער אים געגעבן אַ פּעקל אָפּצוטראָגן אין הויז, ווו די קיעלצער יידן וווינען, אַז די יידן האָבן אים דאָן פאַרהאַלטן, פאַרשטעקט אין קעלער, אים נישט געגעבן קיין עסן און אים געשלאָגן; אַז ער האָט דאָרט געזען פיל דערמאָרדעטע קריסטלעכע קינדער און אַז דורך אַ צופאַל איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון דאָרט...

די דאָזיקע געשיכטע האָט זיך טאַקע שנעל צעטראָגן איבער דער שטאָט און גלייך האָבן זיך גענומען זאַמלען ריזיקע מאַסן אויפן הויף פאַרן קהילה־הויז און געמאַכט העצערישע אויסגעשרייען, פאָדערנדיק אָפּ־צוצאָלן די יידן פאַר דער דערמאָרדונג פון קריסטלעכע קינדער...

דער וויצע־וואָיעוואָדע האָט ווייטער דערציילט, אַז פרייטיק, אַרום 10 אַזייגער אינדערפרי, איז ער טעלעפאָניש אַלאַרמירט געוואָרן דורך דעם פּאָרזיצער פון דער קליינער, טראַגישער יידישער קהילה אין קיעלץ, ד״ר סעווערין קאַהאַנע, וועלכער האָט אים מיטגעטיילט, אַז דאָס הויז אויף פּלאַנטי איז אַרומגערינגלט דורך אַ צעיושעטן המון פון קרוב צו פינף טויזנט פּאָליאַקן. דער וויצע־וואָיעוואָדע איז מיט דער שטאָטישער מיליץ גלייך אוועק אויפן אָרט פון דער געשעעניש, אָבער ער האָט שוין נישט געקענט זיך צוקריגן צום הויז. דער אויפגעברויזטער המון האָט געוואָרפן

שטיינער אין הויז אריין און יעדן ארויסקומענדיקן ייד געמאָרדעט אויפן אָרט.

„איך האָב די פייערלעשער געגעבן א באפעל צו לאָזן אין גאנג די שפּריצעס, אָבער דער המון איז באפאלן די פייערלעשער־וועגענער און צע־שניטן די קישקעס" — האָט מיט דער גאנצער נאאיווקייט געזאָגט דער וויצע־וואָיעוואָדע.

אויף דער פראגע, פארוואָס ער האָט נישט געגעבן קיין באפעל צו שיסן, האָט דער וויצע־וואָיעוואָדע געענטפערט, אז די מיליץ האָט אָפּ־געגעבן א פּאָר סאלוועס אין דער לופט, אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן און שיסן אין אזא המון האָט ער נישט געקענט, ווייל עס וואָלטן געווען צו פיל קרבנות.

„דער המון —האָט אונדזער דערציילער פאָרגעזעצט— האָט געפּאָ־דערט, אז מען זאָל זיי אריינלאָזן אינעווייניק, כדי צו זען די דערמאָר־דעטע קריסטלעכע קינדער... געוויסע פּארשוינען אין מיליטערישע מונ־דירן האָבן גענומען שרייען צו די יידן, אז זיי זאָלן ארויסגיין, אז מען וועט זיי באשיצן, אָבער יעדעס מאָל, ווען א ייד איז ארויס פון הויז, האָבן די זעלבע סאָלדאטן זיי איבערגעגעבן צום צעיושעטן המון. ענדלעך איז אָנגעקומען דאָס אלארמירטע מיליטער און צעטריבן די אויפגעברויזטע מאסע".

ביים סוף פון זיין באריכט האָט דער יינגער וויצע־וואָיעוואָדע מיט־אמאָל מיט גרויס נערירטקייט גענומען רעדן וועגן דער מארטירערשאפט פון די יידן אין פּוילן און דאן פּאטעטיש אויסגערופן:

„איך וויל, אז איר זאָלט אלץ זען, אז איר זאָלט אָנקוקן דעם חורבן, אז איר זאָלט זען דאָס שרעקלעכע פארברעכן, ווייל די וועלט מוז וויסן איינמאָל פאר אלעמאָל, אז די דאָזיקע באנדעס, וואָס רופן זיך „פּאטריאָטן" און ווערן געשטיצט דורך אויסלאנד, זענען דאָס גרעסטע אומגליק פון פּוילן".

דערמיט האָט זיך פארענדיקט דער אינפאָרמאטיווער טייל פון וויצע־וואָיעוואָדע, וועלכער איז מיט אונדז אוועק אין הויז פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי, כדי צו באקומען מער אינפאָרמאציעס. דאָרט האָט גערוישט ווי אין א בינשטאָק. בלאסע, מידע ציוויל־לייט מיט רויטע, נישט אויסגעשלאָ־

פענע אויגן זענען געלאָפן אהין און צוריק איבער די צימערן. דאָס האָבן זיי א גאנצע נאכט געפירט די אויספאָרשונג, אויסגעפרעגט די פארהאל־טענע מערדער און די לעבנגעבליבענע יידישע עדות, וועלכע זענען גע־נומען געוואָרן אונטערן שוץ פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי און אריבערגע־פירט אין דער פּאָליציי געביידע.

העכער א שעה צייט האָבן מיר געווארט, ביז וואנען מיר זענען אויפגענומען געוואָרן דורך גענעראל סטאניסלאוו סטעצא, וועלכער איז אין דער באגלייטונג פון א קאָלאָנעל און א ציווילן באאמטן געקומען ספּעציעל מיט אן עראָפּלאן פון ווארשע און דורכגעפירט די ערשטע אויספאָרשונג. דאָס האָבן זיי אפנים זיך בעראטן מיט דער לאָקאלער מאכט וועגן דער דערקלערונג, וואָס זיי האָבן באדארפט מאכן פאר אונדז, די פארטרעטער פון די אמעריקאנער און ענגלישע צייטונגען, וועלכע זענען קיין קיעלץ אָנגעקומען עטלעכע שעה פריער פאר זיי.

דער ראש המדברים איז געווען דער גענעראל, אָבער דער ציווילער, א הויכוואוקסיקער יונגערמאן מיט אומרואיקע, קלוגע אויגן האָט אָפט איני־טערפּרעטירט און אויסגעטייטשט די דערקלערונגען פון גענעראל, וועלכע זענען געווען טרוקן, מיליטעריש קורץ.

„אין נאָמען פון קריגס־מיניסטעריום — האָט דער גענעראל געזאָגט — דערקלער איך, אז די זיכערהייטס־מאכט און דאָס מיליטער האָבן געטון אלץ, וואָס איז נאָר געווען אין זייערע כוחות, כדי אָפּצושטעלן דעם צע־יושעטן המון און ליקווידירט דעם פּאָגראָם, אָפּראטעווענדיק דאָס רעשטל פון די קיעלצער יידן. עס איז געווען א שרעקלעכע פּראָוואָקאציע. מיר זענען אויף די שפּורן פון די פּראָוואָקאטאָרן און זיי וועלן באקומען די הארבסטע שטראָף".

אָבער אויך די דאָזיקע דערקלערונג פון דעם הויכן מיליטער־מאן איז נישט געווען די פולע געשיכטע פון די שרעקלעכע געשעענישן אין קיעלץ, וואָס איך האָב באקומען ערשט שפּעטער, ווען איך האָב אויג אויף אויג זיך צונויפגעטראָפן מיט די לעבעדיקע עדות, מיט די שווער־פארוואונדעטע יידן אין קיעלצער שפּיטאָל און מיט די אָפּגעראטעוועטע אין הויז פון דער זיכערהייט־מאכט.

קודם כל בין איך אוועק זען די לעבנגעבליבענע קיעלצער יידן, וועל־



די טרויערינדיקע משפחות נאָך די דערמאָרדעטע
בעתן פּאָגראָם אין קיעלץ



כע זענען ממש ארויסגעריסן געוואָרן פון די מערדערס הענט, פון דעם מענטשלעכן שעכט־הויז אין קיעלץ, און געבראכט אונטער דער שוץ פון אייזערנע שטאכעטן און מאשין־געווער. ווען די שווערע פארקראטעטע טיר פון דער פּאָליציי־געביידע האָט זיך געעפנט, האָט צוזאמען מיטן גרינס פון גאָרטן און דער העלער מיטאָג־זון א פלייץ־געטון מיט צעשראָקענע אויגן, צעשויבערטע פרויען־האָר און פארבאנדאזשירטע קעפּ.

„נעמט אונדז ארויס פון דאנען, מען וועט אונדז אויסשעכטן ביז צו איינעם".

דאָס זענען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס זיי האָבן אלע אין איין אָטעם אויסגעשריגן צו מיר. אין אָנהייב האָבן זיי מיט איבערראשנדער פרייד מיך ארומגערינגלט, געוויינט, אויסגעשטרעקט די הענט, זיך צו־נויפגעפּרעסט ארום מיר און אלע אינאיינעם דערציילט, ווי אזוי דער פּאָ־גראָם האָט זיך אָנגעהויבן.

עס האָט געדויערט א לענגערע ווײַלע, ביז וואנען עס איז מיר גע־לונגען איינצושטילן אביסל די וויינענדיקע. דערין האָבן מיר מיטגעהאָלפן איניקע פון די לייכט־פארוואונדעטע און באזונדערס אינזשיניער יחיאל ראָזענקראנץ, איינער פון די דריי לעבנגעבליבענע מיטגלידער פון קיעלצער קהילה־קאָמיטעט, וועלכער האָט אפּעלירט צום עולם זיך צו באהערשן און צו דערציילן די פאקטן וועגן דעם פארלויף פון די בלוטיקע געשעענישן.

דאָס דערציילן פון די רואיקע איז אָבער כסדר איבערגעריסן גע־וואָרן דורך די היסטערישע געוויינען פון די פרויען, וועלכע האָבן פאר־בראָכן די הענט און געפרעגט וועגן זייערע מענער, מיט וועלכע זיי זענען צעשיידט געוואָרן אין מיטן פון פּאָגראָם. צו יעדער ניי־אריינקומענדיקן מיטגליד פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי האָבן זיי זיך געוואָרפן און גע־בעטן: „זאָגט דעם אמת, וואָס איז מיט מיין מאן?"

אויף דער בארואיקונג פון עולם האָט באזונדערס געווירקט דער פאקט, וואָס איך האָב צו זיי אויסגעשריגן, אז איך האָב זיי געבראכט גריסן און א פּעקל וויטאמינען פון דעם פּרעזידענט פון דער קיעלצער לאנדסמאנשאפט אין ניו־יאָרק, פּראָפ. ארטור לעיווא. באלד האָט זיך פון צווישן עולם ארויסגערוקט א יונגט־פריינט פון פּראָפ. לעיווא, וועלכער

איז מיט מיר ארוים אויפן הויף און ער האָט מיר גענומען דערציילן וועגן דעם סאמע אָנהייב.

ער האָט מיר איבערגעגעבן, אז אין דער צייט, ווען פארן הויז אויף פלאנטי זיבן האָט זיך גענומען פארזאמלען דער אויפגעברויזטער המון, זענען אינעווייניק אריינגעקומען צוויי פארשוינען אין מיליטערישע קליי־דער, זיך פאָרגעשטעלט אלס פאָרשטייער פון דער מיליטערישער מאכט און דורכגעפירט א רעוויזיע איבערן גאנצן הויז, צונעמענדיק עטלעכע רעוואָלווערן, וואָס אייניקע אײנוווינער האָבן געהאט פארשטעקט און אויך צורויבנדיק געלט און ווערטפולע חפצים. פארלאָזנדיק דאָס הויז, האָבן זיי א געשריי־געטון: און איצט וועלן מיר זיך אָפּרעכענען מיט אייך".

באלד האָבן גענומען פליען שטיינער אין די פענסטער אריין. דער צעיושעטער המון האָט זיך אָנגעהויבן אריינרייסן אין די צימערן ארײַן, שלאָגן מיט אייזנס, מיט העק, און ארויסגעוואָרפן מענטשן דורך די פענסטער צום פארזאמלטן המון אין דרויסן, וועלכער האָט די ארויס־געוואָרפענע געטרעטן מיט די פיס און געמאָרדעט. ד"ר קאהאנע, דער פאָרזיצער פון דער קיעלצער קהילה, איז געוואָרן דערמאָרדעט אינעווייניק, אין הויז. די מערדער האָבן אים דערקענט און אויף אים זיך געוואָרפן מיט באזונדערער ווילדקייט.

ד"ר קאהאנע האָט גאָר געשטאמט פון לעמבערג. ער האָט דורך דער גאנצער צייט פון דער נאצישער אָקופּאציע געקעמפט אין די פוילישע פארטיזאנען־אָפּטיילונגען, פארבלאָנדזשעט קיין קיעלץ, ווו ער האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער קליינער קהילה פון 150 יידן, וועלכע זענען געבליבן פון העכער 20.000, און איז אומגעקומען מיט א מארטירער־טויט, אפּעלירנדיק ביז צום לעצטן מאָמענט צו די צעיושעטע באנדיטן.

שמואל געסטעל, איינער פון די לעבנגעבליבענע מיטגלידער פון קיבוץ „איחוד", וועלכער האָט בעתן פּאָגראָם זיך געפונען אין קהילה־הויז, האָט מיר איבערגעגעבן, אז אין דער ערשטער רייע זענען די צע־יושעטע באנדיטן אריין אין דעם טייל פון הויז, ווו עס זענען געווען איינ־געקווארטירט די עטלעכע דרייסיק בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן אין קיעלץ דורכגעמאכט די „הכשרה", געארבעט אין פארשידענע פאַ־בריקן און ווארשטאטן. ווען מען האָט אָפּגעפירט די פארוווּנדעטע, איז

דער המון נאָכגעלאָפן שרייענדיק: „מיר מאַכן דאָ א שטיקל ארבעט און זיי קומען אונדז גאָר שטערן". ביים מאָרדן האָט דער עולם געראַבעוועט, ארויסגעריסן פון די קעשענעס די בייטלעך און אראָפּגעריסן די פינגערלעך פון די פרויען.

פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי זענען מיר אוועק אויפן אָרט פון די געשעענישן. דאָס גרויסע, מאָדערנע הויז אויף פּלאַנטי זיבן האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א בילד פון שרעקלעכער פארוויסטונג. די טירן — צעבראָכן, די פענסטער — ארויסגעריסן, דאָס מעבל אינעווייניק צעבראָכן און דאָס בעטגעוואַנט צעריסן. אויפן ריזיקן הויף, ווו די שחיטה איז פאָרגעקומען, זענען נאָך געלעגן פארבלוטיקטע אייזנס, שטיינער, איינגעשמירט אין מענטשלעכן מאַרך; העלצער, מיט וועלכע די מערדער האָבן צעזעצט די מוחות פון די פרויען, און עס זענען נאָך נישט געווען איינגעזאַפּט די קאַלוזשעס בלוט, וואָס זענען געהאַט פארגאָסן געוואָרן דעם פארגאנגענעם טאָג. פון די פענסטער־ראַמען זענען אראָפּגעהאנגען פארבלוטיקטע שטיקלעך פון צעריסענע העמדער פון די דערמאָרדעטע, וועלכע האָבן זיך אפּנים געראַנגלט מיט די רוצחים. אויפן הויף זענען אין בלוט געווען איינגעקלעפּט בריוו און דאָקומענטן, וואָס דער ווינט האָט זיך אומזיסט באַמיט אָפּצורייסן און אוועקצוטראָגן. פיל צווישן זיי זענען געווען בריוו פון קרובים אין ארץ ישראל, קאַנאַדע און די פאראייניקטע שטאַטן. אייניקע פון די דאָזיקע פּלאַטערנדיקע און מיט מענטשלעך בלוט צו דער ערד צוגעקלעפּטע דאָקומענטן און בריוו האָב איך אויפגעהויבן און מיטגענומען מיט זיך.

איין בריוו איז פון אנא פּערלמוטער אין ניו־יאָרק, געווענדט צום יידישן צענטראַל קאָמיטעט אין ווארשע און אפּנים איבערגעשיקט קיין קיעלץ צו איינעם פון די קרבנות. א צווייטער בריוו, איינגעשמירט אין בלוט, איז פון מאָרים לעווקאָוויטש אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, א דריטער בריוו איז שוין מיט דעם קאָנווערט אינגאַנצן דורכגעווייקט אין בלוט און אדרעסירט צו בערל פרידמאַן פון זיין שוואָגער בערל שינאַדסקי אין תל אביב. עס איז אויך געלעגן א מיטטיילונג פון יידישן צענטראַל קאָמיטעט צו עמיצן פון די קיעלצער יידן פון זיינס א קרוב פון ניו־יאָרק. דער נאָמען איז שוין נישט געווען איבערצולייענען, ווייל דאָס איז געווען אינגאַנצן

דורכגעווייקט אין בלוט און עס האָט זיך ביים סוף פון בריוו געזען בלויז דער אונטערשריפט פון גענעראַל סעקרעטאר פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט פ. זעליצקי.

איך האָב אייגנטלעך געקענט מיט זיך מיטנעמען אַלע שטיינער, אַלע אייזערנע שטאבעס, אַלע פונאנדערגעריסענע רערן פון דער צענטראַל־באַהייצונג, מיט וועלכע די רוצחים האָבן געשלאָגן זייערע שוצלאָזע קרבנות, ווייל די עטלעכע זעלנער מיט זייער מאשין געוועזן, וועלכע האָבן באוואכט דעם הויף, זענען זיך געלעגן רואיק אין א ווינקל אויפן גראָז און זיך געוואָרעמט אין דער זון.

ביטערע טרערן האָט אָבער פאר אונדז פארגאָסן די קריסטלעכע אויפזעערין פון יידישן הויז, די 28 יאָריקע צעציליאַ דוביש, ווען די רוצחים האָבן אָפּגעשלאָסן אין איר צימער, ווען זיי זענען איבערגעפאלן דאָס הויז. פארן אָפּשליסן זי האָבן זיי אָבער צוגענומען פון איר די האַק און די מעסערס, כדי צו האָבן מער אינסטרומענטן מיט וואָס צו מאָרדן. די קריסטלעכע פרוי האָט דורך דער צייט פון דער אָקופּאַציע אויבבאַהאַלטן ביי זיך א ייד, אין וועלכן זי האָט זיך פארליבט און נאָך דער באפרייאונג איז זי געקומען מיט אים אין שטאָט אריין און פארבליבן אזוי אין הויז, וווּ עס האָבן זיך איינגעאָרדנט די צוריקגעקומענע קיעלצער יידן, פארשידענע יידן פון די ארומיקע שטעט און שטעטלעך און איינצלנע בארוואָגלטע יידן פון לעמבערג, קראָקע און אפילו פון ווילנע.

זי האָט געשאָלטן און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, געוויזן, וווּ מען האָט אויפן הויף געמאָרדעט די יידן, צו וואָס זי האָט פון פארמאכטן צימער זיך צוגעקוקט דורכן פענסטער. ווען זי האָט גענומען שרייען צו די מערדער, האָבן זיי איר א קלאַפּ געטון איבערן קאָפּ און געדראָט, אז זיי וועלן זי אויך דערהרגענען, אויב זי וועט נישט שווייגן.

פון דעם חורבן הויז אויף פּלאנטי זענען מיר אוועק אין שפּיטאָל און דאָרט געזען דאָס פולע ווערק פון פּאָגראָם. אין צוויי מתים־שטיבלעך זענען אויפן צעמענטענעם דיל געלעגן צונויפגעקנוילט די האלב־נאקעטע מתים. די קעפּ ביי אלעמען זענען געווען צעשמעטערט און ביי פיל האָבן אין די געזיכטער געשטעקט שטיקער האָלץ, וואָס די מערדער האָבן ביים

שלאָגן צעבראָכן. עס איז אויך געלעגן א פרוי מיט צעטרעטענע בריסטן און דערנעבן א פּיצעלע קינד.

די מיילער פון די דערמאָרדעטע קיעלצער יידן זענען געווען קראַמפּ־האַפט פארשלאָסן, אָבער אָפן זענען געווען זייערע פארגלאָזטע אויגן; און אָפן זענען אויך געווען די בלוטנדע ווונדן אויף זייערע האלב־נאקעטע לייבער.

עס איז געווען קוים עלף שעה נאָך דער שרעקלעכער שחיטה, אָבער די צונויפגעקנוילטע לייבער זענען שוין געווען אָנגעשוואָלן און א שרעק־לעך גערוך האָט זיך געטראָגן פון דעם בארג מענטשלעכן פלייש, וואָס איז געלעגן אין די צוויי מתים־שטיבלעך פון דעם שפּיטאָל.

די הייסע יולי־זון האָט געשאָסן מיט גליענדיקע שטראלן אויף די צעשניטענע, צעהאקטע קערפּערס, באלויכטן יעדע ווונד, יעדן בלויען צייכן פון די טעמפּע אייזנס, מיט וועלכע די דאָזיקע יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן, און די בלויקייט פון דעם ווונדערלעך־לויטערן הימל האָט מיט פּיאָלעט באפארבט די טונקל־רויטע, גליווערנדיקע בלוט־קאלוזשעס אויפן צעמענטענעם דיל.

עס איז געווען א ווונדערלעך יולי־וועטער, גענוי ווי עס איז געווען פאַראויסגעזאָגט אויף דער ערשטער זייט פון דער פּרייטיקדיקער קיעלצער צייטונג „דזשיענניק פּאָוושעכני", אָבער ווו עס איז נישט געווען אפילו קיין איין וואָרט וועגן דער שרעקלעכער שחיטה.

אין שפּיטאָל זענען די עטלעכע און פערציק פארוווּנדעטע געלעגן צו צוויי אין א בעט, צוליב מאנגל אין בעטן. פיל פון די פארוווּנדעטע זענען נאָך געווען אין א באוווּסטלאָזן צושטאנד. צווישן זיי האָט זיך גע־פונען פרוי געניא סאמבאָרסקא, וועלכע האָט בעתן פּאָגראָם געמפּלט. זי איז שוין געווען אין אכטן חודש און איינער פון די איבערפאלער האָט מיט א מעסער איר א שטאָך געטון אין בויך אריין. דאָס געוויין צווישן די פארוווּנדעטע איז געווען מוראדיק און דער דאָקטאָר האָט מיך געבעטן ווי אמשנעלסטן צו פארלאָזן דעם זאַל.

פון שפּיטאָל בין איך צוזאמען מיט יואל צאנג, פון דער לאָנדאָנער „טיימס", אוועק זען דעם הויפּט העלד פון דער קיעלצער טראגעדיע, דאָס געציייג פון דעם בלוט־בלבול.

דער ריטואַל־מאָרד איז אַן אַלט אויספּרובירט העט־מיטל קעגן ייִדן, אָבער אין די אַמאָליקע גוטע צייטן האָבן די העצער טאַקע אָפּט „פּראָ־דוצירט" אַ טויט קריסטלעך קינד. איצט האָבן די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן געלערנט פֿון היטלערן, אַז עס איז גענוג דער „גרויסער ליגן", אַז עס איז גענוג בלויז צו פֿאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז אַ קריסטלעך קינד איז דערמאָרדעט געוואָרן, כּדי אָנצורייצן דעם המון צום מאָרדן ייִדן. דעם דאָזיקן לעבעדיקן גרויסן ליגן האָב איך געזען אין קיעלץ.

אין אַ ליכטיקן צימער אויפֿן דריטן שטאָק פֿון דער זיכערהייטס־פּאָליציי איז באַוואַכט פֿון צוויי סאָלדאַטן געזעסן דער 9־יאָריקער הענריק בלאַשטשיק. דאָס בלוי־אויגיקע, בלאָנד־האָריקע ייִנגל האָט רואיק דערציילט דעם פֿאַרלויף פֿון דער טייוולאָנישער מאַכינאַציע, פֿון וועלכער ער איז געווען דער הויפּט־אינסטרומענט. דער באַרעדעוודיקער 9־יאָריקער הענ־ריק בלאַשטשיק האָט דערציילט ווי אַזוי אַ פֿריינט פֿון זיינע עלטערן, טאַ־דעאוש באַרטאָשינסקי, האָט אים געטראָפֿן אויף דער גאַס און אים מיט־גענומען מיט זיך אין דאָרף פּילעאַקי, וואָס געפֿינט זיך 25 קילאָמעטער פֿון קיעלץ.

ווען איך האָב דעם כּלומרשט־אומשולדיקן הענריק געפֿרעגט, ווי אַזוי ער איז אָנגעקומען אין דאָרף אַריין, צי ער איז געגאַנגען צופֿוס, אָדער געפֿאָרן, האָט ער געענטפֿערט, אַז ער געדענקט נישט, און ווען איך האָב אים געפֿרעגט, נאָך וואָס ער איז מיטגעגאַנגען אין דאָרף אַריין, האָט ער גלייך אַ זאָג־געטון:

„די באַרטאָשינסקיס האָבן וווּנדערבאַרע קאַרשן. איך בין דאָרט געווען פֿאַראַיאָרן זומער מיט מיינע עלטערן און די קאַרשן האָבן מיר זייער געשמעקט און דעריבער בין איך דאָרט געגאַנגען".

און ווען איך האָב אים ווידער געפֿרעגט, צי ער האָט פֿריער געזאָגט די עלטערן, אַז ער גייט אין דאָרף אַריין צו די באַרטאָשינסקיס, האָט ער געזאָגט, אַז ניין, און דאָס קאַטעגאָריש עטלעכע מאָל אונטערגעשטראָכן. דאַן האָט ער דערציילט, אַז ביינאַכט זענען צו באַרטאָשינסקין געקומען עטלעכע מענטשן, אָבער ער האָט נישט געהערט, וואָס זיי האָבן גערעדט. דערביי האָט ער מיט דער גאַנצער נאַטירלעכקייט געזאָגט, אַז די געשיכטע וועגן זיין זיצן אין קעלער אין ייִדישן הויז אויף פּלאַנטי זיבן האָט אים

באַרטאָשינסקי געהייסן דערציילן און איִם געדראָט, אַז אויב ער וועט זאָגן אַנדערש, וועט ער באַקומען קלעפּ.

דעם 3טן יולי ביינאַכט איז הענריק בלאַשטשיק אומגעריכט צוריק געקומען אין הויז פֿון זיינע עלטערן קיין קיעלץ און דערציילט די געשיכטע, וואָס האָט זיך אויף אַ שטוינענדיקן אופֿן שנעל געגומען פֿאַרשפּרייטן איי־בער דער שטאָט. די עלטערן האָבן וועגן דעם מיטגעטיילט דער פּאָליציי, אָבער דער גרויסער ליגן איז שוין געוואַקסן אַלץ גרעסער און גרעסער און צומאָרגנס, ווען די עלטערן פֿון הענריק בלאַשטשיק זענען ווידער אַמאָל געגאַנגען אין דער פּאָליציי, דאָס מאָל שוין צוזאַמען מיט דעם אָפּגעזוכטן קינד, האָט הענריק בלאַשטשיק אויפֿן וועג אָנגעוויזן אויפֿן הויז פּלאַנטי זיבן, פֿאַר וועלכן זיי זענען פֿאַרבייגעגאַנגען, און דעם ערשטן ייִד, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפֿן, אַ געוויסן זינגער, האָט ער באַצייכנט אַלס דעם שולדיקן, אַז דאָס האָט דער דאָזיקער ייִד איִם פֿאַרשטעקט אין קעלער און איִם געשלאָגן.

ווי נאָר זיי זענען אָנגעקומען אין דער פּאָליציי און דערציילט די געשיכטע, איז אַ פּאַטראָל פֿון זעקס מיליציאַנטן געשיקט געוואָרן אַרעס־טירן דעם ייִד זינגער, וועלכער איז אַזוי אַרום געראַטעוועט געוואָרן פֿון טויט. דאַן האָט דער שעף פֿון דער מיליץ אַרויסגעשיקט אַ פּאַטראָל פֿון צוועלף דורכצופֿירן אַ רעוויזיע און פֿעסטצושטעלן דאָס אָרט, ווו דאָס ייִנגל איז כּלומרשט געווען באַהאַלטן אין קעלער. דער פּאַטראָל האָט גלייך פֿעסטגעשטעלט, אַז אַלץ, וואָס דאָס ייִנגל האָט דערציילט, איז ליגן. דאָס פֿייער פֿון האַס האָט זיך אָבער שוין געהאַט צעפֿלאַקערט און דער פֿאַר־זאַמלטער המון האָט שוין געשטורעמט דאָס הויז.

ווען מיר האָבן פֿאַרלאָזט דאָס הויז פֿון דער זיכערהייטס־פּאָליציי, איז שוין באַקאַנט געווען דער גענויער פֿאַרלויף פֿון דעם צוגאָב־פּאָגראָם, וואָס איז אין שטאָט פֿאָרגעקומען אין דער צייט, ווען די הויפּט־שחיטה אויף פּלאַנטי זיבן האָט שוין געהאַלטן ביים סוף.

דער צוגאָב־פּאָגראָם איז דורכגעפֿירט געוואָרן נישט דורך קיין אַנ־דערע, ווי טאַקע דורך די אָרדענונגס־היטער פֿון דער שטאָט קיעלץ, דורך די מיליציאָנערן סטעפֿאַן מאַזור, קאַזשימיעזש נאָוואַקאָווסקי, יוזעף שליוואַ און אַנטאָני פּרושקאָווסקי. די מיליציאָנערן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אויפֿן

„פּאַרטיזאַנער פּלאַץ", האָבן זיך געכאַפּט, אַז אויף לעאָנאַרדאָ גאַס זענען אויך פאַראַן יידן, וועלכע זענען גאָר אינגאַנצן געוואָרן פאַרגעסן דורך דעם המון, און זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן צו דערפילן זייער „פּאַטריאָטישע פליכט".

זיי זענען אַוועק אויף נומער 15 לעאָנאַרדאָ גאַס און אָנגעקלאַפּט אין דער וווינונג פון דער פּאַמיליע פ י ש. אַריינקומענדיק האָבן די אַיבערפאַלער געטראָפן פרוי פיש מיט איר קינד פון דריי וואָכן און אַ פּאַמיליען־פריינט, אַ געוויסער מאָשקאָוויטש. דער מאַן פון פרוי פיש איז גראָד נישט געווען. די כוליגאַנעס האָבן דאַן פרוי פיש און איר גאַסט זיך געהייסן אָנטון, מיטנעמען דאָס קינד און אַראָפּגיין מיט זיי. דערווייל האָט זיך אויף דער גאַס שוין פאַרזאַמלט אַ המון, ענלעך ווי אינדערפרי אויף פּלאַנטי גאַס. אויף דעם באַפעל פון מאַזורן זענען אַלע געגאַנגען אין דער ריכטונג פון היפּאָטעטשנאַ גאַס. דאָרט האָט מאַזור אָפּגעשטעלט אַ פאַרבייפאָרנדיקן לאַסט־אויטאָ און געהייסן פרוי פ י ש מיטן קינד אויף דער האַנט און איר גאַסט מאָשקאָוויטש זיך אַריינזעצן און זיי זענען אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון שטאַטישן וואַלד.

אויפן וועג האָט מאָשקאָוויטש זיך געבעטן רחמים, אַז זיי זאָלן כאָטש באַפרייען פרוי פיש מיטן קינד. פּרושקאָווסקי האָט אים דאַן געהייסן זיך ווענדן צום כלומרשטן „לייטער פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי", אָנווייזנדיק אויף שליוואַ, אָבער שליוואַ האָט נישט געענטפערט אויף זיין געבעט. ווען זיי זענען שוין געהאַט אָפּגעפאָרן אַכט קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, האָט דער אויטאָ זיך פאַרהאַלטן נעבן דאָרף צעדזשינאַ. די כוליגאַנעס האָבן די יידן געהייסן אויסשטייגן. מאָשקאָוויטש און פרוי פיש האָבן ווידער זיך גענומען בעטן ביי די מערדער און זיי פאַרגעלייגט אויסלייז־געלט. די באַנדיטן האָבן זיך באַראַטן פאַר אַ ווייל און דאַן פאַרלאַנגט דאָס אויסלייז־געלט. פרוי פיש האָט דאַן אַוועקגעגעבן די 17 אַמעריקאַנער פּאַפּירענע דאָלאַרן, וואָס זי האָט געהאַט, אַ גאָלדענע שפּילקע און דריי רינגלעך. באַקומענדיק דאָס „אויסלייז־געלט", האָבן די באַנדיטן אַרויסגעצויגן זייערע פּיסטוילן. פרוי פיש און מאָשקאָוויטש האָבן גענומען אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. דאָס קינד האָט געטראָגן מאָשקאָוויטש. באַלד האָבן זיך דערהערט שאָסן און פרוי פיש איז געפאַלן אויפן אָרט, געטראָפן

אין קאָפּ. מאַשקאָוויטש האָט אוועקגעוואָרפן דאָס קינד און ווייטער גע־לאָפן אין וואלד אריין. די באנדיטן האָבן אים נאָכגעשאָסן, אים געזוכט און נישט געפונען. ער האָט זיך פארשטעקט הינטער א בוים און געזען ווי די באנדיטן, צוזאמען מיט די שאָפערן פון לאסט־אויטאָ, טיילן זיך איין מיטן רויב.

באלד האָבן די מערדער אָנגעשיקט פויערים פון נאָענטן דאָרף צו באגראָבן די קערפּערס פון פרוי פיש און איר קינד. פארטאָג האָט דער פארשטעקטער מאַשקאָוויטש זיך אומגעקערט קיין קיעלץ און גלייך מיט־געטיילט דער פּאָליציי וועגן דעם טראגישן עפּילאָג פון פּאָגראָם. די פיר מערדער זענען באלד ארעסטירט געוואָרן.

* * *

אין שפּעטן נאָכמיטאָג האָבן מיר פארלאָזט קיעלץ, אויפן וועג צוריק קיין ווארשע. אין ראדאָם זענען מיר געוואָרן אויפגעהאלטן העכער א שעה צייט דורך א לויה, וואָס האָט זיך לאנגזאם געצויגן דורך דער הויפּט־גאס פון שטאָט.

דאָס איז געווען א לוויה פון ניינצן דערמאָרדעטע סאָוועטישע סאָל־דאטן. ווען מיר האָבן געפרעגט די גלייכגילטיקע ראדאָמער פוילישע צו־שויער, וואָס דאָס איז פאר א לויה, האָבן מיר געהערט פון יעדן מויל אן אנדער ווערסיע. איינער האָט געזאָגט, אז די סאָוועטישע סאָלדאטן האָבן הינטער זוואלין פארגוואלדיקט פוילישע מיידלעך און דעריבער איז געקו־מען די „נ.ס.ז." (נאראָדאווע שילי זבראינע — נאציאָנאלע באוואָפנטע קרעפטן) און זיך אָפּגערעכנט מיט די באָלשעוויקעס... א צווייטער האָט געזאָגט, אז די סאָוועטישע סאָלדאטן האָבן גאָר צוגענומען בהמות ביי די פויערים, א דריטער האָט געזאָגט ביידע, אז אי זיי האָבן פארגוואלדיקט מיידלעך און צוגענומען בהמות און איינער האָט גאָר געוווּסט צו זאָגן, אז די סאָוועטישע זעלנער האָבן אונטערגעצונדן א קירכע.

שפּעטער האָבן מיר אויסגעפונען, אז די ניינצן דערמאָרדעטע זענען געווען דעמאָביליזירטע רוסישע זעלנער, וועלכע האָבן פון דייטשלאנד זיך צוריק אומגעקערט קיין רוסלאנד און אויפן וועג האָבן זיי ביינאכט זיך

אָפּגעשטעלט אין א דאָרף צום איבערנעכטיקן, ווו זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך א באנדע פון די „נ.ס.ז.".

די לויה פון די סאָוועטישע זעלנער האָט זיך געצויגן אין פינף לאסט־וועגענער. פאַראויס האָט מארשירט אן אָפּטיילונג סאָוועטישע סאָל־דאטן מיט אויטאָמאטישן געווער. זיי זענען געגאנגען לאנגזאם, האלטנדיק די פינגער אויף די צינגלעך פון די אויטאָמאטן. אויסער דעם זענען נאָכ־געפאָרן לאסט־וועגענער מיט מאשין געווער אויסגעדרייט צום פראָנט פון דער שטאָט.

* * *

צו דער לויה פון די קיעלצער קדושים זענען מיר שוין אין קיין אויטאָ נישט געפאָרן. די פאַראָרדענונג פון דער זיכערהייטס־מאכט איז גע־ווען: נישט צו פאָרן דורכן שאָסיי ווארשע־קיעלץ. די רעגירונג האָט דע־ריבער געשטעלט צוויי עראָפּלאנען צו דער דיספּאָזיציע פון די זשורנאַ־ליסטן, די מיטגלידער פון צענטראל קאָמיטעט אין ווארשע און די דעלע־גאציעס, וואָס זענען געקומען פון לאָדזש.

די קאָרעספּאָנדענטן זענען געפאָרן אין אעראָפּלאן פון מלוכה־פּרעזי־זידענט, אן אמעריקאנער אעראָפּלאן, וואָס איז אויסגעלייגט געוואָרן מיט פארביקע פּוילישע קילימען און באהאנגען מיט בילדער פון די פירנדיקע פּוילישע מלוכה־לייט. צווישן די מיטגלידער פון די יידישע דעלעגאציעס האָבן זיך געפונען פיל פון מיינע יוגנט־פריינט, שרייבער און געזעלשאפט־לעכע טוער, מיט וועלכע איך האָב זיך איצט געטראָפן צום ערשטן מאָל נאָך מיין קומען קיין פּוילן. מיר האָבן געשוויגן ווי אבלים און זיך בא־גאָסן מיט טרערן. אין שפּיץ פון דער דעלעגאציע פון יידישן צענטראל־קאָמיטעט אין ווארשע זענען געפאָרן: ד"ר אדאָלף בערמאן, איינער פון די געצײלטע לעבנגעבליבענע פירער פון דער יידישער אונטערערדישער באוועגונג אין פּוילן, און דער גענעראל סעקרעטאר פון קאָמיטעט פּ. זעליצקי.

אין נאָמען פון דער רעגירונג איז צו דער לויה געפאָרן דער רע־קאָנסטרוקציע־מיניסטער, דער סאָציאליסטישער פירער פּראָפ. מ. קאטשא־

ראָווסקי, אָבער צוזאמען מיט אים איז אויך געפאָרן דער אונטערשטאטס־סעקרעטאר ביים מיניסטאָרן־ראט, יעקב בערמאן.

אין אעראָפלאן האָט מיניסטער קאטשעראָווסקי געמאכט די לעצטע ענדערונגען אין דער רעדע, וואָס ער האָט באדארפט האלטן אויפן בית עולם און איידער מיר האָב זיך באוויזן אומצוקוקן, האָט דער אעראָפלאן שוין גענומען זיך אראָפּלאָזן און געלאנדעט אויף אן אָפענער לאָנקע הינ־טער קיעלץ, ווייל קיין פלי־פעלד איז נאָך דאָרט נישט געווען.

ווען מיר זענען אויסגעשטיגן, האָט אונדז ארומגערינגלט א גרופּע באוואָפנטע סאָלדאטן, וואָס האָט אונדז באגלייט צום לאסט־וואָגן ביים וועג. ארום האָט געשמעקט מיט גרינס, מיט זאפטיק גראָז, וואָס די זיך פאשנדיקע בהמות און שעפסן האָבן געצופּט אין אידילישער רואיקייט. מיר האָבן זיך געפונען זעכצן קילאָמעטער הינטער קיעלץ, אויפן ראנד פון א דערפל מיט א רויט קלויסטערל, וועמענס שארפער טורעם־שפּיץ האָט זיך געשטרעקט צום בלויען, לויטערן הימל.

עס האָט זיך קוים געקאָנט גלייבן, אז אין דער דאָזיקער אומגעבונג, וווּ אלץ איז אזוי רואיק, זאָל האָבן באסירט אזא שרעקלעכע שחיטה. ווען איך האָב די דאָזיקע באמערקונג געמאכט צו איינעם פון די פּוילישע זשור־נאליסטן, האָט א זעלנער, וועלכער איז געשטאנען הארט נעבן אונדז מיט זיין מאשין־געווער אין האנט, באמערקט, אז מיר געפינען זיך גאָר נאָ־ענט פון די אונטערערדישע נעסטן אין דער קיעלצער געגנט, אז ביינאכט הערט מען דאָ אָפט א געפייפעריי אין נאָענטן וואלד און דעם אָפּהילך פון מארשירנדיקע אָפּטיילונגען. ער האָט דאן אונדז דערציילט, אז נישט איין פויער, וועלכער ארבעט בייטאָג אזוי פרידלעך אויף די פעלדער, אָדער אין די שייערן, פארוואנדלט זיך ביינאכט אין א באוואָפנטן רויבער, וועלכער פאלט איבער ישובים און מאָרדעט.

פון דעם אָפענעם אויטאָ, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער די קיעל־צער גאסן, האָב איך דאָס מאָל געזען די חרובע געביידע פון דער גרויסער קיעלצער שול, וואָס שטייט ווי א הוילער סקעלעט, אויסגעברענט פון אי־נעווייניק און שרעקט מיט די אויסגעהאקטע שויבן. איך האָב געקוקט אויף די שילדן פון די געוועלבער און זיך געטראכט, אז דאָ וועט שוין קיין יידי־שער ישוב מער נישט אויסוואקסן, אז מיט דער לויה פון די איין און

פערציק קרבנות ווערט גלייכצייטיק דורכגעפירט די לויה פון דעם יידישן ישוב אין קיעלץ, אז די פוילישע באנדיטן האָבן פארענדיקט דאָס ווערק, וואָס די נאציס האָבן נישט באוויזן צו פארענדיקן.

די לויה פון די קיעלצער קדושים האָט זיך פארוואנדלט אין א גרויסער טרויער־מאניפעסטאציע מיטן אָנטייל פון די פארטרעטער פון דער רעגירונג, פון אלע דעמאָקראטישע פארטייען, פראָפעסיאָנעלע פאר־איינען און פארשידענע קולטור־אינסטיטוציעס. עס איז געגאנגען א צוג פון עטלעכע טויזנט ארבעטער מיט רויטע פענער און אויפשריפטן, וועלכע האָבן גערופן צו „ארבעטער־סאָלידאריטעט, צו קאמף קעגן פאשיזם און רעאקציע".

איך האָב געקוקט אין די פנימער פון די דאָזיקע פוילישע באגלייטער פון די קיעלצער קרבנות און געטראכט, אז אין די דאָזיקע רייען געפינט זיך נישט איינער, וועלכער האָט זיך באטייליקט אין מאָרדן די יידן און איצט האָבן זיי זיך אריינגערוקט אין די רייען פון די באגלייטער, כדי זיך צו פארזיכערן אן אליבי.

די אמתע לויה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, ווען עס זענען אָנגעפאָרן די לאסט־וועגענער, אויף וועלכע עס זענען געלעגן די רויע, אומגעהובלעוועטע קאסטנס מיט די אויפשריפטן פון די קדושים. אונדזער לאסט־וואָגן האָט פארלאנגזאמט דעם טעמפּאָ און מיר זענען געפאָרן הארט נעבן די 40 לאסט־וועגענער, אויף וועלכע עס האָבן זיך געפונען די 42 ארונס פון די קדושים. אויף צוויי לאסט־וועגענער זענען געלעגן צוגעלייגט צוויי קליינטשינקע קעסטעלעך פון די צוויי דערמאָרדעטע קינדער. איינס איז געווען דאָס פיר וואָכעדיקע קינד פון דער פרוי פיש און דאָס צווייטע איז געווען דאָס טויט־געבוירענע קינד פון פרוי סאַמבאָרסקא.

אין אויבנאָן פון לויה־צוג איז געפאָרן דער לאסט־וואָגן מיטן ארון פון ד"ר קאהאנע, דער פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה אין קיעלץ, וועלכער איז אומגעקומען אויף זיין פאָסטן, פארטיידיקנדיק די קהילה. דער ארון פון ד"ר קאהאנע איז געווען איבערגעדעקט מיט א בלוי־ווייסער פאָן. דאן זענען געפאָרן די קאסטנס מיט די אויפשריפטן און אויך די, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך בלויז צוויי אותיות „נ. נ." — נאזוויסקאָ ניעזנאנע (נאָמען אומבאקאנט).

ווען דער צוג איז שוין געווען גרייט צום רירן, איז פון א זייטיקער גאס ארויסגעקומען א מחנה צונויפגעדרענגטע מענטשן, וואָס איז געווען ארומגערינגלט מיט שווער־באוואָפנטע סאָלדאטן. דאָס זענען געווען די לעבנגעבליבענע קיעלצער יידן, וועלכע זענען אין לעצטן מאָמענט ארויס־געפירט געוואָרן פון די פּאָליצייאישע שוץ־הייזער, כדי צו באגלייטן צום בית עולם זייערע נאָענטע און פריינט.

אויפן וועג, נישט ווייט פון בית עולם, איז דעם צוג פּלוצלינג אנט־קעגנגעקומען א פּראָצעסיע פון קינדער, הויפּטזעכלעך מיידעלעך מיט צלמים און פענער. די קינדער האָבן געזונגען און זיך אפילו נישט אומ־געקוקט אויף דער לויה, וואָס איז זיי אנטקעגנגעגאנגען.

דאָס בית עולם האָט אויסגעזען ווי א באלאגערטע פעסטונג. ארום דעם הויכן הילצערנעם פּלויט זענען ארומגעשטעלט געווען רייען סאָלדאטן מיט שווערן מאשין־געווער. די צונויפגעדרענגטע, לעבנגעבליבענע קיעלצער יידן, וועלכע זענען איבער די גאסן פון דער שטאָט געגאנגען אין פארבי־סענעם שווייגן, האָבן אויסגעבראָכן אין א מאסן־געוויין, ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דעם מאסן־קבר פון עטלעכע דרייסיק מעטער די לענג. די ארונס זענען געשטעלט געוואָרן איינער נעבן צווייטן און ווען אלע 12 קאסטנס זענען שוין געשטאנען אין גרוב, האָט דער פארטרעטער פון דער רעגירונג, מיניסטער קאטשאָראָווסקי, גענומען רעדן דורכן מיקראָפאָן, וואָס האָט זיין שטימע צעטראָגן איבער א ריזיקן שטח, אויף וועלכן עס זענען פארזאמלט געווען עטלעכע טויזנט ציוויל־מענטשן און זעלנער.

„מיר שטייען פאר דעם דאָזיקן קבר —האָט מיניסטער קאטשאָראָוו־סקי געזאָגט —מיט א געפיל פון ברענענדיקער שאנד, ווייל דער דאָזיקער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן דורך דער האנט פון פּאָליאקן... דורך זעקס יאָר צייט זענען די יידן געווען אָפּגעשלאָסן אין געטאָס און געליטן די שרעקלעכסטע פארפאָלגונגען. די נאציס זענען פארשוואונדן און ווידער שטייען מיר איבער יידישע מאסן־קברים. זיי זענען אומגעקומען, פּונקט ווי זייערע ברידער אין די געטאָס, און דאָס נאָר דערפאר, ווייל זיי זענען יידן. דער דאָזיקער מאָרד איז א שרעקלעכער קלאַפּ פארן פּוילישן פאָלק און אויך פאר דער פּוילישער רעפּובליק... אין נאָמען פון דער ריינקייט פון אונדזער קולטור וועלן מיר נישט דערלאָזן צו אזעלכע מאָרדן... מיר

װעלן פאַרניכטן דעם אַנטיסעמיטיזם אויף שריט און טריט. אין נאָמען פון דער פּױלישער רעפּובליק גרעזן איך זיך מיט די געפאַלענע און די קרובים זייערע דריק איך אויס מיטגעפיל און מאַך דערבײַ אַ פײערלעכן צוזאָג, אַז די שולדיקע װעלן באַקומען די געהעריקע שטראָף, װעלכע זײ פאַרדינען".

באַלד דערנאָך האָט גערעדט דער העלד פון דער ײדישער אונטער־ערדישער באַװעגונג אין פּױלן, דעפּוטאַט ד"ר אַדאָלף בערמאַן. עס איז נישט געװען קײן רעדע, נאָר אַ ביטערער פאַרצװײפלטער אױסגעשרײ די־רעקט צו די טױזנטער פּאָליאַקן, װעלכע זענען געשטאַנען אַרום:

„אין נאָמען פון ײדישן צענטראַל־קאָמיטעט, אין נאָמען פון דער גאַנצער ײדישער באַפעלקערונג גרעזן איך אײַך, ברידער און שװעסטער אונדזערע, אויף אײביק. עס פעלן אונדז שױן װערטער, עס פעלן אונדז טרערן. נאָך דעם, װאָס מיר האָבן אַדורכגעלעבט, נאָך דעם, װאָס איז איצט געשען, קאָנען מיר בלויז רופן: שרײַ, ײדיש פאָלק! הײב אויף דײַן פויסט קעגן די כוחות פון פינצטערניש, װאָס װילן אונדז דערשטיקן!

„דאָ, בײַם אָפענעם קבר פון אונדזערע 42 ברידער, שטײען מיר נישט אַלײן. דאָס גאַנצע ײדישע פאָלק, 12 מיליאָן ײדן פון גאָר דער װעלט, קוקן איצט אויף אונדז, אויף אונדזער פּײן. עס זענען מיט אונדז די שענסטע גײסטער פון דער װעלט, װאָס קעמפן צוזאַמען מיט אונדז קעגן די שװאַר־צע כוחות פון נעכטן, פון פאַשיזם און באַרבאַריזם.

„מיר באַשולדיקן נישט דאָס גאַנצע פּױלישע פאָלק אין דעם פאַר־ברעך. פאַר אונדז איז דאָס פּױלישע פאָלק אין דער ערשטער רײ דאָס פאָלק פון קאָשטשיושקאָ און מיצקיעװיטש, פון אָזשעשקאָװאַ און קאָנאָפּניצקאַ, פון זשעראָמסקי און סטרוג, פון די אַװאַנגאַרד־עלעמענטן פון פּױלישן אַרבעטער־קלאַס, פון די קאָנספּיראַטיװע פּױלישע טוער, פונעם אונטער־ערדישן „ראַט צו העלפן ײדן" אין דער צײַט פון דער אָקופּאַציע.

„מיר זענען אָבער דערשיטערט דורכן שװידערלעכן פאַקט, אַז גרױסע טײלן פון דער פּױלישער געזעלשאַפט זענען באַהערשט דורך דער היטלע־ריסטישער גאַנגרענע; עס דערשיטערט אונדז דער פאַקט, אַז אין דעם פּאָ־גראָם אין קיעלץ האָבן אַנטײלגענומען טײלן פון אַרבעטער, װאָס האָבן פאַרראַטן די רויטע פאָן!"

ד"ר דוד קאהאנע, הויפּט־ראַבינער פון דער פּוילישער אַרמיי, האָט זיך געווענדט דירעקט צום פּוילישן קלער און אויסגעשריגן, אַז נאָר די פּוילישע קאַטוילישע קירך איז אימשטאַנד אָפּצושטעלן די שחיטות.

עס האָבן גערעדט די פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען. אַלע האָבן פּאַראורטיילט, אַלע האָבן געשטראָפט, אָבער דעם ערשטן ציטער פון גע־רירטקייט האָב איך אויף די פּנימער פון די אַרומשטייענדיקע פּאָליאַקן באַמערקט, ווען איינער פון די פּוילישע רעדנער האָט אויסגעשריגן:

„פּאָליאַקן, קריסטן, אונדזערע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע אומשולדיקע יידישע בלוט! מיר זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די דאָזיקע קרבנות!"...

דאָס האָט גערעדט, אייגנטלעך אין דעם מיקראָפאָן אַריינגעוויינט, דער פירער פון דער פּוילישער ליגע פאַרן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, פּראָפעסאָר י. גורעצקי — אַ גרוי־האָריקער זקן מיט אַ הויקער און אַ פאַרשפּיצטער בלאַסער נאָז פון אַ שווינדזוכט־קראַנקען. ער האָט אויפריכ־טיק געוויינט, זיך געקלאַפּט אין זיין קרומער, דאַרער ברוסט:

„מיר וועלן קיינמאָל נישט קענען אָפּווישן די דאָזיקע שאַנד"...

ווען דער חזן משה קוסעוויצקי האָט געזאָגט קדיש, איז דער הימל מיטאַמאָל געוואָרן פאַרוואָלקנט און עס האָט גענומען טריפן אַ געדיכטער, דראָבנער רעגן. עס האָט אויסגעזען, ווי גאָט אַליין וואָלט זיך ענדלעך צע־וויינט אויפן שרעקלעכן גורל פון די פּוילישע יידן.

* * *

דער טעמפּאָ, מיט וועלכן די רעגירונג איז צוגעטרעטן צו באַשטראָפן די שולדיקע אין קיעלצער פּאָגראָם, איז געווען אַן אָנזאָג פון אַ נייער טאַק־טיק ביים באַקעמפן די פאַשיסטישע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און דעם אַנטיסעמיטיזם.

פאַר קיעלץ זענען אויך געהאַט פאָרגעקומען פּראָצעסן קעגן אַנטי־סעמיטישע אָנפאַלער, אָבער די שטראָפן זענען געווען מילד און די גע־ריכטס־פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געשלעפּט. עס איז געווען אַ בפירושע טענדענץ מצד דער רעגירונג נישט צו פיל צו רייצן דעם פּוילישן המון

און אויך נישט צו לייגן ספּעציעל דעם טראָפּ אויפן אַנטיסעמיטיזם. עס איז געווען אַ שטרוים־פויגל פּאָליטיק פון פאַרשטעקן דעם קאָפּ אין זאַמד און נישט זען די ווירקלעכקייט.

דאָס מאָל האָט זיך דאָס מעסטל פון יידישן בלוט געהאַט איבערגע־נומען און אויף צומאָרגנס נאָך דער לויה זענען צוועלף אַנטיילנעמער אין קיעלצער פּאָגראָם געשטעלט געוואָרן פאַר אַ מיליטערישן שטאַנד־געריכט. דער דאָזיקער ערשטער פּראָצעס אין קיעלצער פּאָגראָם איז דורך די פּויליש׳ע געריכטס־אָרגאַנען באַצייכנט געוואָרן אַלס אַ „פּראָבע פּראָצעס" פאַר די ווייטערדיקע פּראָצעסן פון די העכער הונדערט אַרעסטירטע אַנטייל־נעמער, פאַרדעכטיקטע און באַשולדיקטע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פּאָ־גראָם, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער שעף פון דער וואָ־יעוואָדישער זיכערהייטס־מאַכט, מאַיאָר סאָבטשינסקי, דער קאָמענדאַנט פון וואָיעוואָדישער בירגערלעכער מיליץ, קאָלאָנעל קוזשמינסקי, זיין פאַר־טרעטער, מאַיאָר גוויאַזדאָווסקי און דער קאָמענדאַנט פון דער בירגער־לעכער מיליץ אין קיעלץ גופא, לייטענאַנט זאַגורסקי.

צו מיין גרויסער איבערראַשונג האָבן אונדזערע איינטריטס־קאַרטן צו דער געריכטס־פאַרהאַנדלונג געטראָגן דעם אונטערשריפט פון אַרעס־טירטן פּאָליציי־שעף מאַיאָר סאָבטשינסקי.

איך האָב אים געהאַט באַגעגנט אין ערשטן טאָג פון מיין באַזוך אין קיעלץ. ער האָט באַגלייט די ספּעציעלע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וואָס איז געהאַט געקומען פון וואַרשע. ער איז געווען שטאַרק נערוועז און נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן אויף אונדזער פראַגע, פאַרוואָס ער האָט נישט געשאָסן אויף די פּאָגראָמשטשיקעס.

דער קליינער פּראָווינציעלער געריכטס־זאַל איז געווען איבערפולט איבער די ברעגן. די פאַרברעכער, די פאַרטיידיקער, די צושויער, די זשור־נאַליסטן און די אָנקלאָגער זענען געווען ענג צונויפגעדריקט און אין דער דושנעקייט פון דעם מוראַדיק הייסן יולי טאָג האָט זיך אויסגעדעמפּט דער איבלדיקער ריח פון בלוט, אין וועלכן עס זענען געווען איינגעטונקען די „באַווייזן", וואָס זענען געלעגן אויף אַ קליין קיך־טישל, האַרט ביים ריכטער־טיש, די קיך־מעסערס, די אייזנס, די העק, די שטיינער, מיט וועל־כע די יידן זענען געוואָרן געמאָרדעט און אויך אַ פאַרבלוטיקט רעקל, וואָס



מען פירט די
קאסטנס מיט די
דערמאָרדעטע יידן.



דער ברודער־קבר
אויפן קיעלצער
בית־עולם.

האָט באלאנגט צום באשולדיקטן יוזעף פּאקשיווינסקי, וועלכער איז אויף דער באשולדיקונגס־באנק געזעסן אין בלויזן העמד.

פּונקט ווי אין די אלטע גוטע צייטן אין פּוילן, איז אויפן ריכטער־טיש געשטאנען א קרוציפיקס, אָבער די ריכטער זענען נישט געווען אָנ־געטון אין קיין טאָגעס, נאָר אין מיליטערישע מונדירן און אויך די צו־שויער אין זאל זענען געווען מיינסטנס מיליטער־לייט, וועלכע האָבן גע־האלטן אין די הענט מעכאנישע פּיסטוילן.

דאָס פארהאלטן זיך פון די אָנגעקלאָגטע און די ביטרע שטיק פון די פארטיידיקער האָבן ביי מיר ארויסגערופן דעראינערונגען וועגן פּשי־טיקער פּראָצעס, וואָס איך האָב געזען מיט צען יאָר צוריק געהאט בייגע־ווינט אין ראדאָם.

ווען דער פּראָקוראָר האָט די אָנגעקלאָגטע געפרעגט, צי זיי האָבן געמאכט אנטי־מלוכהשע אויסרופן, האָבן זיי קאטעגאָריש אָפּגעלייקנט און דערביי צוגעגעבן, אז זיי האָבן בלויז געשלאָגן יידן.

דער באשולדיקטער מוראזש האָט קאלט און רואיק דערציילט וועגן דעם פארלויף פון פּאָגראָם: „איך האָב געשלאָגן א ייד מיט א שטעקן און ווען ער איז אומגעפאלן, האָב איך אים געטון אזא זעץ, אז דאָס בלוט האָט אזש א שפּריץ־געטון פון זיין ברוסט".

די באשולדיקטע ביסקאָפּסקאַ האָט זיך געהאלטן אין איין פּארענט־פערן, אז זי האָט געשלאָגן די יידן צוליב דענערווירטקייט. „איך האָב זיך דענערווירט און אָנגעהויבן שרייען: שלאָגט די יידן, ווייל זיי פּייניקן אונדזערע קינדער! מיר דארפן זיי נישט האָבן אין פּוילן!"

אויך דער באשולדיקטער יורקאָווסקי, פון בארוף א מוזיקער, האָט זיך פארטיידיקט, אז ער איז געווען דענערווירט: „איך בין ארומגעלאָפן ווי א משוגענער און געשריגן: „מען דארף שלאָגן די יידן, ווייל זיי האָבן דערמאָרדעט אונדזערע קינדער! ערשט ביינאכט האָב איך זיך דערוווּסט, אז דאָס אלץ איז געווען א ליגן און ווען איך האָב דערזען די פארוווּנדעטע אין שפּיטאָל, האָט מיר דאָס הארץ אזש פארקלעמט".

דער באשולדיקטער פּאָקשיווינסקי האָט זיך מודה געווען, אז מיט ביידע פיס האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אויף דער ברוסט פון א יידישער פרוי, „אָבער דערנאָך" — האָט ער צוגעגעבן — „איז מיר געוואָרן אומאנגע־

נעם. עפּעס א משוגעת האָט מיך ארומגעכאפּט". דאן האָט ער מיט דער גאנצער נאאיווקייט צוגעגעבן: „אייגנטלעך האָב איך גאָרנישט געהאט צו די יידן. איך בעט דאָס געריכט צו האָבן רחמנות אויף מיר. ווי איך בין א מענטש און ווי טייער עס זענען מיר מיינע קינדער, פארזיכער איך אייך, אז איך האָב דערויף געהאט שטארק חרטה".

דער באשולדיקטער מאזור און זיין מיטשותּף נאָוואקאָווסקי, וועלכע האָבן דערמאָרדעט די פּרוי פּיש מיט איר קינד, האָבן שוין נישט געבעטן קיין רחמנות ביים געריכט. אויף דער פראגע פון געריכטס־פּאָרזיצער, צי שיסנדיק צו דער פרוי פּיש האָט ער גלייך געטראָפן, האָט מאזור שטאָלץ געענטפערט: „איך שיס צום ציל אויף גאנצע אנדערהאלבן קילאָמעטער".

אלע האָבן זיך מודה געווען, אז זיי האָבן געשלאָגן, געמאָרדעט די שוצלאָזע יידן און דאָס דערציילט מיט א מאָדנער רואיקייט, גלייך ווי עס וואָלט זיך נישט געהאנדלט אין קיין דערקלערונגען פאר א געריכט, וואָס האָט אין זיין מאכט צו שיקן צו דער תליה.

איך האָב זיך באמיט צו דערגרונטעווען די סיבה פון דער האָפער־דיקייט, די סיבה פון דער אומגעבראָכענער חוצפּה פון די דאָזיקע פאר־ברעכער. ווען איך האָב דעם דאָזיקן רעפלעקס געבראכט צום אויסדרוק פאר מיין שכן, דעם פארטרעטער פון א פּוילישער צייטונג, האָט ער מיר גע־ענטפערט:

„זיי זענען איבערצייגט, אז ביים סאמע סוף פון פּראָצעס וועלן די באוואָפנטע לייט פון וואלד קומען און זיי באפרייען. זיי וועלן דאָס גלויבן אפילו ביז צום סאמע לעצטן מאָמענט פאר דער עקזעקוציע..."

די פארטיידיקער, וועלכע זענען אָפיציעל צוגעטיילט געוואָרן דורך דעם געריכט, זענען אלע געוועזן קיעלצער, טיפּישע פּראָווינציעלע אדוואָ־קאטן, וועלכע האָבן זייערע לאנדסלייט פארטיידיקט מיט דעם גאנצן ברען, נוצנדיק די שאַבלאָנע דריידלעך, כדי אָפּצושלעפּן דעם פּראָצעס. זיי האָבן געהאלטן אין איין טענהן, אז דאָס געריכט זאָל ארויסרופן עקספּערטן פּסי־כיאטרן, כדי פעסטצושטעלן, אז די געשעענישן האָבן געהאט א פּאטאָ־לאָגישן אונטערשלאג און אז די באשולדיקטע האָבן געהאנדלט אונטער א ווירקונג פון עפּעס א „פּסיכאָז", וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן דורך

אומשטענדן. דער פאַרטיידיקער כמיעלעווסקי האָט אין זיין היפּאָקריזיע איבערגעשטיגן אַלע זיינע איבעריקע קאָלעגן.

„די אָנגעקלאָגטע —האָט ער געזאָגט— זענען אַוועק אויף פּלאַנטי נומ. 7, כדי פעסטצושטעלן, צי עס זענען טאַקע דאָרט פאַראַן פּוילישע קינדער און צי עס איז דאָרט טאַקע באמת פאָרגעקומען א מאָרד. דאָס פּוילישע פאָלק איז טאָלעראַנט צו די, וועלכע באַדראָען נישט זיין קיום. די מענטשן, וועלכע זענען אַוועק אויף פּלאַנטי 7, כדי צו שיצן דעם יונגן פּוילישן דור, דעם נאַציאָנאַלן נאָכוווּקס, זענען באַווירקט געוואָרן דורך א מוטערלעך און פאָטערלעך געפיל. דער דאָזיקער מאָמענט פון זעלבסט־פּאַרטיידיקונג פון פּוילישן פאָלק דאַרף גענומען ווערן אין אכט ביים אָפּ־שאַצן דעם פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד פון די באַשולדיקטע”.

אזוי איינער נאָכן צווייטן האָבן די פאַרטיידיקער געזוכט א זכות פאַר זייערע קליענטן, אַז זיי זענען נעבעך געווען קרבנות פון פּסיכישע אומשטענדן, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן געהערט ווי אַלע עדות און די מער־הייט פון די באַשולדיקטע האָבן אָפן זיך מודה געווען, אַז זיי זענען געקומען אויף פּלאַנטי מיטן קלאָרן ציל צו מאָרדן יידן.

דער פּראָקוראָר, א יונגער ענערגישער אָפיציר, וואָס האָט מיר לויט זיין אויסשפּראַך אויסגעזען צו זיין פון פּויערישער אָפּשטאַמונג, האָט קאַ־טעגאָריש אָפּגעוואָרפן די אַלע פאַלשע תירוצים און דאָס געריכט האָט נאָך א קורצער באַראַטונג אָפּגעוואָרפן די פאָרשלאָגן פון דער פאַרטיידיקונג און פאָרגעזעצט דעם פּראָצעס אין דעם זעלבן שנעלן טעמפּאָ.

די אָנגעקלאָגטע, וועלכע האָבן פריער אזוי האָפערדיק געענטפערט אויף די פראַגן פון פּראָקוראָר און מיט גרויס הנאה זיך מודה־געווען צו דער שולד פון מאָרדן די יידן, זענען געוואָרן אַלץ מער און מער נערוועז און זיך גענומען פּלאָנטערן אין זייערע דערקלערונגען. זיי האָבן גענומען דערפילן די שריט פון טויט.

ביי דעם דאָזיקן פּראָצעס איז אויך געקומען צום אויסדרוק א צוויי־טער פענאָמען. בעת דער פאָרזיצער פון געריכט האָט די אָנגעקלאָגטע גע־פרעגט, צו וואָס פאַרא נאַציאָנאַליטעט זיי באַלאַנגען, האָבן צען פון די צוועלף אָנגעקלאָגטע געענטפערט: „רוימיש־קאַטוילעש”.

דער פאַרטרעטער פון קיעלצער בישאָף, וועלכער איז אויפן געריכטס־

זאָל געזעסן נעבן מיר און אָבסערווירט די פאַרהאַנדלונגען, האָט מיט אַן אויסדרוק פון שטאָלץ זיך צוגעהערט, ווי איינער נאָכן צווייטן חזרן די אָנגעקלאָגטע איבער דעם זעלבן ענטפער. צו דער לוויה פון די 42 דערמאָרדעטע קיעלצער יידן, האָט דער בישאָף נישט געשיקט קיין פאַרטרעטער, דאַקעגן אָבער האָט ער געשיקט אַן אָבסערוואַטאָר אין געריכט אריין, כדי צו זען, צי די אָנגעקלאָגטע ווערן רעכטפאַרטיק געמשפּט.

עטלעכע וואָכן פאַרן פּאָגראָם האָט דער קיעלצער בישאָף קאַרטשמאַרטשיק אויפגענומען א יידישע דעלעגאַציע, וועלכע האָט אים געבעטן צו אינטערווענירן קעגן דעם וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם אין קיעלץ. דערויף האָט דער בישאָף געענטפערט, אַז די קאַטוילישע באַפעלקערונג האָט גאָרנישט קעגן די קיעלצער יידן, וועלכע קומען צוריק זיך באַזעצן אין שטאָט, נאָר אַז מען איז בלויז „אויפגערייצט", וואָס יידן פאַרנעמען הויכע אמטן אין דער אַדמיניסטראַציע...

ווען דער המון האָט אין פרימאָרגן פון 4טן יולי זיך גענומען זאַמלען פאַרן קהילה־הויז, האָט דער פּאָרזיצער פון פאַרבאַנד פון רעליגיעזע יידן אין קיעלץ טעלעפאָניש זיך באַמיט צו פאַרבינדן מיטן בישאָף קאַרטשמאַרטשיק, אַז ער זאָל באַרואיקן דעם המון, אָבער די קאַנצעלאַריע פון בישאָף האָט באַין אופן אים נישט געוואָלט פאַרבינדן.

אין אָוונט, נאָכן פּאָגראָם, האָבן די פירער פון אַלע פּאַרטייען אין קיעלץ, איינגעשלאָסן דעם פירער פון דער פּ.ס.ל. (די פּאַרטיי פון סטאַניסלאַוו מיקאָלאַיטשיק), פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג, אין וועלכן עס איז מיט די ביטערסטע ווערטער פאַראורטיילט געוואָרן דאָס שרעקלעכע פאַרברעכן, וואָס „וואַרפט א פלעק אויפן גאַנצן פּוילישן פאָלק אין די אויגן פון אויסלאַנד און פאַר די קומענדיקע דורות". אין דעם אויפרוף ווערן אַלס די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם פּאָגראָם באַצייכנט די רעאַקציאָנערע פּוילישע כוחות פון דער נ.ס.ז. און די באַפעלקערונג ווערט אויפגעפאָדערט אָפּצוּוואַרפן די „פּראָוואָקאַטאָרישע קלאַנגען, וואָס ווערן פאַרשפּרייט דורך פינסטערע עלעמענטן". די קוריע פון קיעלצער בישאָף האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דעם דאָזיקן אויפרוף, נאָר פאַרעפנטלעכט איר אייגענעם אויפרוף, וואָס לייענט זיך:

„צו די חשובע גלחים פון דער שטאָט קיעלץ. די דיעצעזיאַלע קוריע

רעקאָמענדירט אין טאָג פון 7טן ד. ח. אויף אלע גאָטעס־דינסטן פאָרצו־ לייענען אָן שום קאָמענטארן דעם פאָלגנדיקן אויפרוף:

„דעם 4טן יולי האָט אונדזער שטאָט זיך פארוואנדלט אין דער סצענע פון א בלוטיקער דראמע, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן דורך א צונויפפאל פון געשעענישן, וואָס האָבן זיך פארשפרייט ווי א לאווינע. צוליב דעם מאנגל פון גענויע אינפאָרמאציעס, נישט אריינגייענדיק אין דעם פאָן און אין די אוממיטלבארע סיבות, וואָס האָבן ארויסגערופן די טרויעריקע פאַ־ סירונגען, דארף מען פעסטשטעלן דעם פאקט, אז עס האָט פאסירט אָן אומגליק, בפרט נאָך ווען דאָס האָט פאסירט אויף די אויגן פון יוגנטלעכע און מינדעריעריקע קינדער. האָבנדיק דאָס אין זינען, קען קיין שום קאַ־ טאָליק זיך נישט אָפּהאלטן פון אויסדריקן זיין אמתע און אויפריכטיקע באדויערונג צוליב די טראגישע און באדויערונגספולע געשעענישן. אין נאָמען פון שאנעווען דאָס געטלעכע געזעץ, פון שאנעווען די שטים פון אייגענעם געוויסן און די ערע פון א פּאָליאק און קאטאָליק, רופט אויף די דיעצעזיאלע קוריע די קאטוילישע באפעלקערונג פון קיעלץ צו פּאר־ האלטן זיך רואיק, צו באהערשן זיך און פארטראכטן זיך".

דער מחבר פון דעם אויפרוף באדויערט הויפטזעכלעך, וואָס דאָס אומגליק איז געשען אויף די אויגן פון קינדער... וועגן דער סיבה פון דער טראגעדיע באגנוגנט ער זיך בלויז צו זאָגן, אז דאָס איז געווען דער רעזולטאט פון א „צונויפפאל פון געשעענישן". אין דער אמתן אָבער האָבן אפילו די קינדער אין קיעלץ און צווישן זיי אויך דער 9יאָריקער בלאשטשיק גאנץ גוט געוווּסט, אז דאָס איז געווען א טייוולאָניש־געפלאנטע פּראָוואָ־ קאציע, וואָס איז פונקט אויף דעם טאָג געהאט אויסרעזשיסירט געוואָרן נישט נאָר בלויז אין קיעלץ, נאָר איבער א גאנצער ריי שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, ווּ עס האָבן זיך דאן געפונען גרופּן יידן. אזוי למשל איז אין דער לעצטער מינוט געלונגען אָפּצושטעלן פּאָגראָמען אין אסטראָוויעץ, אין לובלין און אין טשענסטאָכאָוו, ווּ עס איז פארשפרייט געוואָרן דער בלבול וועגן דערמאָרדעטע קריסטלעכע קינדער. דעם טאָג זענען דרייסיק יידן דער־ מאָרדעט געוואָרן אויף די באנען, דורך די זעלבע העצערייען. אומגעפער אין דער זעלבער צייט, ווען דער המון אין קיעלץ האָט זיך גענומען פאר־ זאמלען אויפן הויף פון דער יידישער קהילה, זענען זיבן יידן דערמאָרדעט

געװאָרן אויף דער באַן־סטאַציע פּיעקושאָוו, 20 קילאָמעטער פון קיעלץ. איינער פון די רייזנדיקע אין דעם דאָזיקן צוג, װעלכער איז דערשינען אלס עדות פארן געריכט, האָט איבערגעגעבן פאָלגנדיקע פאקטן:

װען דער צוג האָט זיך גענומען דערנענטערן צו דער סטאציע, איז פּלוצלינג אין זיין װאגאָן דערשינען א פּארשוין אין א מונדיר מיט אַן אויפשריפט „פּאָלאנד" אויפן לינקן אָרעם (דאָס זענען די אָפּצייכנס, װאָס עס טראָגן די סאָלדאטן פון גענעראל אנדערס, װעלכע קומען צוריק קיין פּוילן). דער זעלבער האָט גענומען רעדן צו די רייזנדע פּאָליאקן און זיי אויפהעצן צו דערמאָרדן אלע יידן, װעלכע געפינען זיך אין צוג, װייל די יידן האָבן אין קיעלץ דערמאָרדעט פופצן קריסטלעכע קינדער. מיט אמאָל האָט דער צוג גענומען פארלאנגזאמערן די שנעלקייט און צו זיין גרויסער איבערראשונג זיך אָפּגעשטעלט א שטיק פאר דער אייגנטלעכער סטאציע. מען האָט דאן גענומען פון אלע װאגאָנען ארויסשלעפּן די יידן און זיי שלאָגן. פּיל יידן האָבן באװיזן צו אנטלויפן דורך די הינטערשטע טירן און זיך אויסבאהאלטן אין דערבייאיקן װאלד. זיבן יידן זענען געװאָרן דערמאָרדעט אויפן אָרט, צװישן זיי אַן אכציק־יאָריקע פרוי.

װי די אויספאָרשונג האָט שפּעטער פעסטגעשטעלט, האָט דער מאַ־שיניסט, לויט א פארשטענדיקונג מיט די אָרגאניזאטאָרן פון איבערפאל, ספּעציעל אָפּגעשטעלט דעם צוג א שטיק װעג פאר דער אייגנטלעכער סטאַ־ציע, כדי דאָס מאָרדן די יידן זאָל קענען לייכטער װערן דורכגעפירט.

די געריכטס־פארהאנדלונגען אין קיעלץ האָבן זיך פארצויגן ביז שפּעט ביינאכט. מען האָט געקענט באמערקן, אז דאָס געריכט איילט זיך און װיל װאָס שנעלער פארענדיקן דעם פּראָצעדוראלן טייל. די נערװעזע שטימונג, װאָס האָט געהערשט אינדרויסן, אין די באװאכטע גאסן ארום דער געריכטס־געביידע, האָט אויך רעפלעקטירט אויף די ריכטער און אפילו אויף דעם פּראָקוראָר. מען האָט געקענט מערקן, אז אויך די אויסמעסטער פון דער גערעכטיקייט פילן זיך טעראָריזירט פון דער פיינטלעכער שטימונג, װאָס האָט אויף די גאסן פון קיעלץ געהערשט אין באצוג צו דער מאכט.

אין דעם זעלבן נערװעזן טעמפּאָ זענען פאָרגעקומען די פארהאנד־לונגען במשך פון די װייטערדיקע צװיי טעג. די עדות זענען אויסגעהערט געװאָרן שנעל, אין איילעניש. מען האָט געהאט דאָס געפיל, אז די ריכטער

און דער פּראָקוראָר ווילן וואָס שנעלער פארטיק ווערן און אָפּפאָרן פון דער פארשאָלטענער שטאָט. די באווייזן זענען געווען צו קלאָר, צו בולט און עס איז נישט געווען קיין שום סיבה אויסצוציען דעם פּראָצעס אין אָט דער אָנגעשטרענגטער אטמאָספערע.

ניין פון די פּאָגראָמשטשיקעס זענען געוואָרן פאראורטיילט צום טויט. די נייעס וועגן דער עקזעקוציע איז אָבער באקאנט געוואָרן בלויז אין קיעלץ דורך מודעות אויף די ווענט און אין דער פּרעסע איז וועגן דעם נישט דערשינען קיין איין וואָרט. די דאָזיקע אָנגעשראָקנקייט פון דער רעגירונג האָט ארויסגערופן גרויס אנטוישונג נישט נאָר בלויז צווישן די יידן, נאָר אויך צווישן ליבעראלע פּאָליאקן איבערן גאנצן לאנד.

קאפיטל זעקס

# קארדינאל הלאָנד, די קאטוילישע קירך און די יידן

„מאָרגן נאָך מיטאָג גייען מיר צום קארדינאל" — מיט דער דאָזיקער נייעס איז אין האָטעל „פּאָלאָניא" מיר אנטקעגן געקומען ארטור געיט, דער עלטסטער פון דער גרופּע אמעריקאנער קאָרעספּאָנדענטן, וואָס האָט דורך דער צייט פון רעפערענדום און דעם קיעלצער פּאָגראָם געוויילט אין פּוילן. איך בין נאָר וואָס מיט אן עראָפּלאַן געהאט צוריקגעקומען פון די געריכט־פּארהאנדלונגען אין קיעלץ און נאָך געווען אונטערן איינדרוק פון דער קאָשמארהאפטער שטימונג אין דער דאָזיקער שחיטה־שטאָט.

דער ווארט־זאל פון האָטעל איז אין דעם שפּעטן נאָכמיטאָג פול געווען מיט מענטשן, מיינסטנס יידן. מען האָט זיך געשושקעט, געסודעט און ווי נאָר איך בין אריינגעקומען, בין איך ארומגערינגלט געוואָרן דורך א גרופּע פריינט, וועלכע האָבן געוווסט, אז איך קום פון פּראָצעס. קיעלץ איז געווען די הויפּט־טעמע פון אלעמענס געשפּרעכן —קיעלץ און די נאָכ־פּאָלגן— די גרויסע פּאניק־שטימונג, וואָס האָט באהערשט די יידן איבער גאנץ פּוילן און באזונדערס אין די קליינע שטעטלעך. קיעלץ איז געוואָרן א סימבאָל, א סלאָגאן צום אנטלויפן. טויזנטער יידן האָבן פארלאָזט זייערע נייע, מיט אזוי פיל מי צוריק־אויפגעבויטע היימען און אוועק צו די גרענעצן.

די עטלעכע מיטגלידער פון יידישן צענטראל־קאָמיטעט, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם קרענצל פון מיינע מיטשמועסער, זענען געשטאנען ווי פארלוירן. דער הויך־וווקסיקער בלאָנדער יצחק צוקערמאן (אנטעק), איינער פון די העלדישסטע קעמפער פון דער יידישער אונטערערדישער באוועגונג, האָט געשוויגן, אָבער אין זיין שווייגן האָט זיך אויסגעדריקט א וועלט פון פארביטערונג. ער, וועלכער האָט געזען דעם טויט אין זיינע

אויסטערלישסטע פאָרמען, איז געווען דער רוואיקסטער אין אונדזער גרופּע. פאַר אים איז דער חשבון געווען קלאָר. ער האָט עס נישט געזאָגט, אָבער מען האָט עס געקענט אראָפּלייענען פון זיינע ליפּן, אז עס איז נישטאָ מער קיין האָפענונג פאַר די יידן אין פוילן.

ער איז געווען דער ערשטער צווישן די פירער פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אויפן אָרט פון פּאָגראָם. פרייטיק, דעם 5טן יולי, אין שפּעטן נאָכמיטאָג, האָב איך אים באַגעגנט אויף די פּוסטע גאַסן פון קיעלץ. מיט זיין טיפּיש־אַרישן אויסזען איז ער א רוואיקער געגאַנגען איבער דער פּאָ־גראָם־שטאָט און נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן סימן פון אַלאַרמירט־קייט. זעענדיק זיין גלייכגילטיקייט אויף די גאַסן פון דעם מרה־שחורה־דיקן קיעלץ האָב איך פאַרשטאַנען, ווי אזוי דער דאָזיקער העלדישער געטאָ־קעמפער האָט באַוויזן בייצוקומען די סאַמע שווערסטע סיטואַציעס.

ווען איך האָב דערציילט, אז מאָרגן וועט קאַרדינאַל הלאָנד אויפ־נעמען די פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַנער פּרעסע, האָבן מיינע מיט־שמועסער שעפּטשענדיק גענומען זיך נאָכפרעגן, וואָס און ווען און ווער עס האָט אַראַנזשירט דעם דאָזיקן צוזאַמענטרעף. דער איינציקער, וועלכער איז געבליבן קאַלט און נישט צופיל איבערראַשט געוואָרן פון דער וויכ־טיקער נייעס, איז געווען יצחק צוקערמאַן. ער האָט פאַרשטאַנען, אז עס איז נישטאָ וואָס פיל צו דערוואַרטן. ער האָט דערויף קיין שום האָפענונגען נישט געלייגט. ער האָט סקעפּטיש מיט דער האַנט א בארשט־געטון זיינע בלאָנדע „אַרישע" וואָנסעס, גלייך ווי ער וואָלט דערמיט אָפּגעווישט א בייסיקע באַמערקונג, וואָס האָט זיך אים געדרענגט אויף די ליפּן.

די סקעפּטישקייט וועגן דער דערקלערונג פון קאַרדינאַל הלאָנד האָט נאָך פאַרשטאַרקט פּאָלקאָווניק ד"ר דוד קאַהאַנע, דער הויפּט־ראַבינער פון דער פּוילישער אַרמיי, וועלכער איז אַריינגעקומען אין האָטעל „פּאָלאָניאַ" און זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזער שמועסנדיקער גרופּע. הערנדיק, אז קאַר־דינאַל הלאָנד וועט מאַכן א דערקלערונג פאַר דער אויסלענדישער פּרעסע, האָט ער רעזיגנירט א מאַך־געטון מיט דער האַנט. זיינע טרויעריקע אויגן און דאָס צעשויבערטע, שפּיציקע גרויע בערדל האָבן ווי א שאַרפער קאָנ־טראַסט זיך אָפּגעשלאָגן פון זיין אָפיצירן־מונדיר מיט די גאָלדענע שטע־רנס אויף די עפּאָלעטן און די מעדאַלן אויף דער ברוסט. איך האָב אים

דאן אויף אן אויגנבליק ווי איינגעראמט אין ציווילע קליידער און דערזען פאר זיך א טרויעריקן, דערשלאָגענעם ייד.

ד"ר קאהאנע האָט דאן דערציילט, אז אין חודש מאי. איז ער צוזאמען מיט פּראָפעסאָר מיכאל זילבערבערגער, גענעראל־סעקרעטאר פון די רעליגיעזע יידישע קהילות אין פּוילן, געפאָרן צו קארדינאל הלאָנד אין זיין דעמאָלדיקן זיץ־אָרט אין פּויזן. זיי האָבן דאן אין דער קאנצעלאריע פון קארדינאל פאָרגעלייגט א מעמאָראנדום וועגן די אומאויפהערלעכע פּאָגראָמען, וועגן די בלוט־בלבולים און געוואָרנט פאר אומפארמיידלעכע מאסן־פּאָגראָמען, אויב די קירך וועט נישט זאָגן איר וואָרט. אין דעם מעמאָראנדום האָבן די פארטרעטער פון די רעליגיעזע יידישע קהילות פארלאנגט, אז דער קארדינאל זאָל פונאנדערשיקן א פּאסטאָראלן בריוו צו אלע קירכעס, וואָס זאָל רופן אָפּצושטעלן די מאָרדן אויף יידן.

„דער קארדינאל —האָט הרב קאהאנע א ציטערדיקער געזאָגט— האָט דורך זיין סעקרעטאר גלייך צוריקגעשיקט דאָס מעמאָראנדום און זיך אָפּגעזאָגט אונדז אויפצונעמען. דאָס איז צום ערשטן מאָל, אז א פּאָרשטייער פון איין רעליגיע זאָל זיך אָפּזאָגן אויפצונעמען א פאָרשטייער פון א צווייטער רעליגיע אין דעם זעלבן לאנד".

נישט קיין מער דערמוטיקנדיקן גרוס וועגן קארדינאל הלאָנדס שטעלונג צו דער טראגישער לאגע פון די יידן אין פּוילן האָב איך נאָך פריער געהאט געהערט פון א יידישן פירער, וועלכער איז יאָ אויפגענומען געוואָרן דורך דעם פירער פון דער קאטוילישער קירך אין פּוילן.

קארדינאל הלאָנד האָט אויפגענומען דעם פּרעזידענט פון וועלט־פארבאנד פון די פּוילישע יידן, ד"ר יוסף טענענבוים. דאָס איז געווען דעם 3טן יוני 1946, גענוי איין חודש פארן קיעלצער פּאָגראָם. ד"ר טענענבוים האָט דאן שוין געהאט דורכגעמאכט א לענגערע רייזע איבער פּוילן און פארן קארדינאל באריכטעט, אז העכער טויזנט יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן זינט דער באפרייאונג פון פּוילן. פּונקט ווי הרב קאהאנע אין זיין מעמאָראנדום, האָט אויך ד"ר טענענבוים אפּעלירט צום קארדינאל, אז ער זאָל פארעפנטלעכן א פּאסטאָראלן בריוו. דער קארדינאל האָט בלויז צוגעזאָגט אויסצופאָרשן די פאקטן.

טראָץ דעם סקעפּטיציזם האָב איך דאָך מיט שפּאנונג געווארט אויף

דער באַגעגעניש מיט קאַרדינאַל הלאָנד, וואָס איז געהאַט באַשטימט גע־וואָרן אויף צו מאָרגנס, דעם 11טן יולי, פינף אַזייגער נאָכמיטאָג. אין דער שטימונג פון פאַרצווייפלונג, וואָס האָט דאַן געהערשט צווישן די יידן אין פוילן, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער פּלוצימדיקער באַשלוס פון קאַרדינאַל הלאָנד איבערצוריידן זיין שווייגן איז אפשר דאָך אַ צייכן, אַז די שרעקלעכע שחיטה אין קיעלץ האָט אויפגעטרייסלט דאָס געוויסן פון די קאַטוילישע פירער.

*  *  *

עס איז געווען אַ זוניקער, ליכטיקער נאָכמיטאָג, אָבער דאָס אויפנעם־צימער פון קאַרדינאַל איז געווען טונקל. די קליינע, טיפע פענסטערלעך אין די דיקע געמויערטע ווענט האָבן קוים דורכגעלאָזט אַביסל ליכט.

דער סעקרעטאַר פון קאַרדינאַל, אַן איינגעשרומפּענער אַלטער גלח מיט אַ שוואַרץ קאַפּעלע אויף די גרויע האָר, איז געווען איבערראַשט פון אונדזער גרויסער גרופּע זשורנאַליסטן, וואָס ער האָט אפנים נישט דער־וואַרט. ער האָט אין פאַרלעגנהייט געקוקט אויף די עטלעכע יידישע פּנימער, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער גרופּע, און דאַן געזאָגט, אַז דער קאַרדינאַל האָט דערוואַרט בלויז אַ דריי אָדער פיר צייטונגס־לייט. עמיצער פון אונדז האָט אָבער אונטערגעשטראָכן, אַז אָדער מיר ווערן אַלע אויפגענומען, אָדער קיינער נישט. דער סעקרעטאַר איז אַוועק זיך באַראַטן מיטן קאַר־דינאַל. אין דעם טונקעלן ליכט פון צימער האָבן קלאָרער זיך גענומען אויסשיילן די בילדער אויף די ווענט. עס זענען געווען פאַרשידענע וואַ־ריאַציעס פון דער קרייציגונג און אויך לאַנדשאַפטן פון נצרת און ירושלים.

אין אַ ווײַלע אַרום איז דער סעקרעטאַר צוריק געקומען און אונדז געהייסן אַריינגיין אין דערבייאיקן צימער. ער האָט זיך אָבער באַוואָרנט, אַז עס זענען נישט פאַראַן גענוג שטולן און אייניקע פון אונדז וועלן מוזן שטיין.

באַלד האָט אין צימער מיט פעסטע טריט אַריינגעשפּאַנט דער קאַר־דינאַל אין זיין פייערלעכן טראַכט — אַ טונקל זיידן קלייד, וואָס האָט גע־שאָרכעט ביי יעדער באַוועגונג און אַ ברייטע זיידענע שאַרפּע אויף די

פולע לענדן. אויפן שפּיץ פון נאַקעטן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ רויט קאַ־פּעלע, וואָס האָט נאָך מער פאַררונדיקט זײַנע גלאַט־ראַזירטע, רונדע באַקן. אויף דער ברוסט האָט זיך בײַ אים געטרייסלט אַ גרויסער, גאָלדענער צלם אויסגעזעצט מיט טײַערע שטיינער און אָנגעהאָנגען אויף אַ לאַנגער, פּור־פּורנער קייט אַרום דעם האַלדז. ער האָט געשמייכלט צו אונדז, האָפּערדיק אײַנעם נאָכן צווייטן דערלאַנגט די האַנט און גלײַך פון אַ פּאַפּיר גענומען לייענען.

„ערשטנס — האָט זיך געזאָגט אין דער דערקלערונג — האָבן די קאַ־טוילישע גײַסטלעכע שטענדיק און אומעטום פאַראורטיילט מאָרד פון יעדן מין. דאָס דאַרף אויך פאַראורטיילט ווערן אין פּוילן, אומאָפּהענגיק דורך וועמען דער מאָרד ווערט אויסגעפירט און אומאָפּהענגיק, צי דאָס ווערט באַגאַנגען קעגן פּאָליאַקן אָדער ייִדן, אין קיעלץ אָדער אַנדערע טיילן פון דער רעפּובליק.

„צווייטנס, האָט דער פאַרלויף פון די זייער באַדויערנסווערטע גע־שעענישן אין קיעלץ באַוויזן, אַז זיי זענען נישט פאָרגעקומען צוליב קיין ראַסן־סיבות און אַז זיי זענען אויסגעוואַקסן פון גאָר אַן אַנדערן, פּײַנלעכן און טראַגישן אורשפּרונג. די דאָזיקע געשעענישן שטעלן מיט זיך פאָר אַ טראַגעדיע, וואָס פילט מיך אָן מיט טרויער און פאַרדרוס"...

נישט אַלזאָ קיין ראַסן־האַס, נישט קיין מיטלאַלטערלעכע העצערייען וועגן ריטואַל־מאָרד, נישט די מורא פאַר דאַרפן אָפּגעבן צוגערויבטע ייִדי־שע פאַרמעגנס, נישט די דעמאָראַליזאַציע און פאַרסמונג, די צעלאָזנקייט פון אומבאַשטראָפטן רויב און מאָרד, וואָס איז אין פּוילן אָנגעגאַנגען בעת די זעקס יאָר פון נאַצישער אָקופּאַציע — ניין, לויט קאַרדינאַל הלאָנד, איז דאָס אַלץ נישט געווען די סיבה פון די „זייער באַדויערנסווערטע קיעלצער געשעענישן". די סיבה דערפון האָט דער קאַרדינאַל געזען הויפּטזעכלעך דערין, „וואָס ייִדן פאַרנעמען די שליסל־פּאָזיציעס אין דער פּוילישער רע־גירונג און ווילן אײַנפירן אַ רעזשים, וואָס איז קעגן דעם ווילן פון דער מערהייט פון פאָלק".

אין דער דאָזיקער דערקלערונג האָט קאַרדינאַל הלאָנד אויך פּרובירט פאַרטיידיקן די פירער פון דער קירך אין קיעלץ, וועלכע זענען דורך דער

גאַנצער פּראָגרעסיווער עפנטלעכקייט אין פּוילן געוואָרן באַשולדיקט, אַז זיי האָבן נישט דערפילט זייער פליכט אין דער צייט פון פּאָגראָם.

אין לעצטן פּונקט פון דער דערקלערונג איז געקומען דער „פּראָ דאָמאָ סוא": „מיין פּערזענלעכע באַציאונג צו די יידן — האָט דער קאַרדינאַל געזאָגט — איז באַקאַנט. במשך פון מיינע גלות־יאָרן אין פראַנקרייך, פון 1940 ביז 1944, האָב איך צאָלרייכע פּוילישע יידן, אויך פראַנצויזישע און דייטשע יידן, געראַטעוועט פון דעפּאָרטירונג אין די טויטן־לאַגערן אריין. איך האָב פּערזענלעך זייער אָפּט קיין אמעריקע, איך האָב זיי אויס־באַהאַלטן און זיי פאַרשאַפט דאָקומענטן, אַ דאַנק וועלכע זייערע לעבנס זענען געראַטעוועט געוואָרן".

דער קאַרדינאַל האָט אונדז אָבער נישט דערציילט, אַז אין זומער פון יאָר 1936, ווען די פּוילישע באָיקאָט־פּראָפּאַגאַנדע קעגן יידן האָט געבליט, ווען די וועלט האָט זיך געפונען אונטערן איינדרוק פון פּשיטיקער פּאָגראָם און דעם שענדלעכן משפט, וואָס האָט גאָר פאַראורטיילט די געליטענע יידן, האָט ער דעמאָלט אַלס ערצבישאָף און פּרימאַס פון פּוילן פאַרעפנט־לעכט אַ פּאַסטאָראַלן בריוו, אין וועלכן עס איז צווישן אַנדערן געזאָגט געוואָרן:

„עס איז אַן אומאָפּוועבדבארער פאַקט, אַז די יידן קעמפן קעגן דער קאַטוילישער קירך, זיי זענען פרײדענקער און שטעלן מיט זיך פאָר דעם אוואַנגאַרד פון אַטעאיזם, באָלשעוויזם און רעוואָלוציע. דער יידישער איינפלוס אויף דער מאָראַל איז שרעקלעך און יידישע פאַרלעגער פאַר־שפּרייטן פּאָרנאָגראַפישע ליטעראַטור. עס איז אויך אמת, אַז זיי זענען פּראָצענטניקעס און האַנדלען מיט ווייסע שקלאַפן"...

עמיץ פון אונדזער גרופּע האָט דעם קאַרדינאַל געפרעגט וועגן דער אינטערווענץ, וואָס אַ יידישע אָרגאַניזאַציע האָט ביי אים געמאַכט, בעטנ־דיק, אַז ער זאָל אין אַ פּאַסטאָראַלן בריוו פאַראורטיילן דעם אַנטיסעמי־טיזם. אין אָנהייב האָט קאַרדינאַל הלאָנד זיך נישט געקענט דערמאָנען, וואָס פאַרא יידישע אָרגאַניזאַציע דאָס איז געווען און צו אונדזער שטוי־נונג אָנגערופן די „ליגע קעגן ראַסיזם", וואָס איז אַן אַלגעמיינע פּוילישע באַוועגונג. ווען מיר האָבן אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זיין טעות, האָט ער דאַן קורץ געענטפערט:

„איך האָב אונטערזוכט די פאַקטן און נישט געפונען קיין גע־נוגנדיקע סיבות צו פאַרעפנטלעכן אַזאַ בריוו. איצט אָבער האָט זיך די לאַגע אַביסל געענדערט, איך מוז אָבער זיך פריער וועגן דעם באַראַטן מיט די בישאָפן".

וועגן זיין באַציאונג צו דער אונטערערדישער באַוועגונג אין פּוילן האָט קאַרדינאַל הלאָנד געזאָגט, אַז די גלחים איבערן לאַנד האָבן פון אים באַקומען אינסטרוקציעס צו דערפילן די רעליגיעזע באַדערפענישן פון די „יינגלעך פון וואַלד", באַצייכענענדיק דערמיט די „נ.ס.ז.". אויב אַ גלח ווערט גערופן צום טויטן בעט פון אַזאַ איינעם, דאַרף ער גיין, אָבער אין אַלגעמיין דאַרפן די גלחים זיך אָפּהאַלטן פון באַטייליקן זיך אין פּאָליטישע אַנגעלעגנהייטן.

* * *

ווען איך האָב פאַרלאָזט די פאַרטונקלטע צימערן פון קאַרדינאַל הלאָנד, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך האָב אויג אויף אויג זיך צונויפגעטראָפן מיט דעם פירער פון אַ וויכטיקער מאַכט אין פּוילן — אַ מלוכה אין אַ מלוכה. די טיפע איראָניע פון דער דאָזיקער טראַגישער לאַגע איז דערצו נאָך דער פאַקט, וואָס דאָס הויז פון קאַרדינאַל הלאָנד געפינט זיך אַ וואַנט אין אַ וואַנט מיט דעם הויז, וווּ עס וווינט דער פּרעמיער־מיניסטער פון פּוילן. עס איז אַלזאָ נישט נאָר בלויז אַ „מלוכה אין אַ מלוכה" אין היפּערבאָלישן זין, נאָר אפילו גאָר אַ מלוכה נעבן אַ מלוכה, אויף דער זעלבער חרובער גאַס.

איך בין אַ לענגערע ווײַלע שטיין געבליבן אויף דער פּוסטער קראָ־קעווער פאָרשטאָט און געקוקט אויף די צוויי געביידעס מיט דער אַלטער קירכע אינצווישן און געטראַכט, ווי ווײַט דער קאָנפליקט צווישן די דאָזיקע צוויי שכנים וועט זיך נאָך פאַרטיפן, ווי ווײַט דער קאַמף צווישן די צוויי וועלט־אָנשויאונגען וועט זיך נאָך פאַרשאַרפן.

ביים איבערגעבן אונדז זיין דערקלערונג האָט קאַרדינאַל הלאָנד אונ־טערגעשטראָכן, אַז דאָס איז אויסשליסלעך פאַרן געברויך פון דער אַמע־ריקאַנער פּרעסע און נישט פאַר דער פּוילישער. דאָס איז געווען כלומרשט

אין איינקלאַנג מיט זיין באַהויפּטונג, אַז די קירכע דאַרף זיך נישט מישן אין דעם פּאָליטישן קאַמף אין לאַנד. אין דריי טעג אַרום אָבער האָט די לאָנדאָנער אָפיציעל־אויפגעלייזטע, אָבער פאַקטיש פונקציאָנירנדיקע גלות־רעגירונג אין איר ראַדיאָ־פּראָגראַם טאָג־טעגלעך געגומען איבערחזרן די ווערטער פון קאַרדינאַל הלאָנד.

עס האָבן זיך אָבער געפונען אין פּוילן מוטיקע פאָרשטייער פון דער קירך, ווי בישאָף ד״ר טעאָדאָר קובינא פון דער הייליקער שטאָט טשענס־טאָכאָוו (דאָס פּוילישע לורד), וועלכער האָט מיט צאָרן פון אַן אמתן רע־ליגיעזן פירער פאַראורטיילט דעם פּאָגראָם אין קיעלץ ווי אַ פאַרברעכן, וואָס פאַרגוואַלדיקט דעם קריסטלעכן פּרינציפּ פון ליב האָבן דעם נאָענטן און דעם אַלמענטשלעכן פּרינציפּ: „לא תרצח״. אונטערשטרייכנדיק, אַז דער דאָזיקער שרעקלעכער מאָרד פאַרשעמט דעם נאָמען פון פּוילן אין אויסלאַנד, האָט בישאָף קובינא איבערן קאָפּ פון קאַרדינאַל הלאָנד דער־קלערט:

„אַלע באַהויפּטונגען וועגן דער עקזיסטענץ פון ריטואַל־מאָרד זענען אַ ליגן. קיינער פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, נישט אין קיעלץ, נישט אין טשענסטאָכאָוו אָדער ערגעץ אַנדערש אין פּוילן איז נישט געוואָרן באַ־עוולט דורך קיין יידן צוליב רעליגיעזע אָדער ריטואַלע צוועקן. עס איז אונדז נישט באַקאַנט קיין איין פאַקט פון פאַרכאַפּן אַ קריסטלעך קינד דורך יידן. אַלע ידיעות, וואָס ווערן אין דער היגזיכט פאַרשפּרייט, זענען באַ־וווּסטזיניק אויסגעטראַכט דורך פאַרברעכער אָדער אומבאַוווּסטזיניק פאַר־שפּרייט דורך פאַרפירטע מענטשן און האָבן בלויז דעם ציל פון פאַראור־זאַכן מאָרדן״.

אין אַ נאָך פיל שאַרפערן טאָן האָבן דעם קיעלצער פּאָגראָם און דעם בלוט־בלבול פאַראורטיילט די פירער פון דער עוואַנגעלישער און מעטאָדיס־טישער קירך אין פּוילן, וועלכע האָבן אין אַ געמיינזאַמער דערקלערונג צווישן אַנדערן געזאָגט:

„אויב דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק וועט נישט לאָזן הערן זיין קלאָרע שטימע פון פאַרדאַמונג, מיטגעפיל, טרויער און חרטה, דאַן וועלן עפּענע! זייערע מיילער די שטומע שטיינער פון באַשולדיקונג און פאַראַכטונג פון דער גאַנצער קולטור־וועלט . . . דער דאָזיקער מאָרד איז באַזונדערס שרעק־

לעך דערמיט, וואָס ער איז אַ פּאָרזעצונג פון דעם פּאַרניכטונגס־ווערק פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן און דערביי נאָך, ווען דאָס ווערט אויס־געפירט דורך זין פון אַ פאָלק, וואָס האָט נעבן די יידן אַממיינסטן געליטן פון דעם געמיינזאַמען שונא".

אויך גלח הענריק ווערינסקי פון קראָקע האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די שטימען פון די ליבעראַלע קריסטלעכע פירער דורך דער באַהויפּטונג, אַז: „דער קיעלצער פּאָגראָם איז נישט אַ געשעעניש, וואָס מיר קענען אָפּ־טיילן פון דעם לעבן אין אונדזער רעפּובליק אַלס אַ גאַנצעס. קיעלץ באַ־ווייזט, אַז עס עקזיסטירט אַ צענטער פון רשעים, וועלכע האַנדלען ציל־באַוווּסטזיניק, כדי צו דערגרייכן אַ באַשטימטן צוועק.

„איך אַפּעליר צו די עלטערן, צו די לערער, אין די וועלטלעכע און אין די רעליגיעזע שולן, צו טון אַלץ, וואָס איז אין זייער מאַכט, כדי אונ־דזערע קינדער זאָלן נישט דאַרפן רויט ווערן פון חרפּה אין אָנבליק פון דער ציוויליזירטער וועלט. די ווערטער פון שיענקיעוויטש זענען נאָך אַלץ אמת: „האַס ברענגט נישט נאָר בלויז פאַרסמונג, נאָר דערנידעריקט אויך". לאָמיר אַכטונג געבן, אַז אונדזער פאָלק זאָל זיך נישט אַליין דערנידעריקן דורך האַס".

פאַר זיין מוטיקן אַרויסטריט איז גלח ווערינסקי געוואָרן באַשטראָפט דורך דער העכערער קירכלעכער מאַכט אין קראָקע. עס איז אים פאַרווערט געוואָרן אויסצופירן זיין קירכלעכע דינסט אין דער קראָקעווער דיעצעזיע, ווייל ער באַלאַנגט כלומרשט נישט צו דער דאָזיקער דיעצעזיע. דער דאָזי־קער פּראָגרעסיווער קאַטאָליציזם פון בישאָף קובינאַ, גלח ווערינסקי און זייערס גלייכן, האָט אָבער נאָך נישט אין פּוילן קיין פעסטן באָדן.

קורץ נאָך דעם ווי קאַרדינאַל הלאָנד האָט געהאַט אָפּגעגעבן זיין דערקלערונג פאַר אונדזער גרופּע אויסלענדישע זשורנאַליסטן, האָבן די פירער פון וואָיעוואָדישן יידישן קאָמיטעט אין לובלין זיך געווענדט צום אָרטיקן בישאָף, ווישינסקי, בעטנדיק אים אָפּצוגעבן אַ דערקלערונג וועגן די טראַגישע געשעענישן אין קיעלץ.

לובלין איז דאָס זיץ־אָרט פון קאַטוילישן אוניווערסיטעט, ווו עס ווערט דערצויגן דער יונגער דור פון די קירכלעכע פירער. פּאַראַדאָקסאַל איז אויך דערביי דער פאַקט, אַז לובלין, ווו עס זענען אַנטשטאַנען די צוויי

צוזאַמענגעקומענע נאָכן פּאָגראָם



די געראַטעוועטע קיעלצער יידן אין הויף פון דער זיכערהייטס-פּאָליציי

פּראָגרעסיווע רעגירונגען פון מאָדערנעם פּוילן (אין 1918 און אין 1944), איז גלייכצייטיק די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ, ווו די באוואָפנטע פאַשיסטישע כוחות האָבן זייער הויפּט־פעסטונג.

די פירער פון דעם לעבנגעבליבענעם רעשטל פון דער אמאָל רומפולער גרויסער קהילה האָבן דעריבער געהאָפט, אז דער בישאָף וועט באַרואיקן די אויפגערייצטע געמיטער פון דער פּוילישער באפעלקערונג אין דער דאָזיקער פּראָווינץ, ווו נאָך דער באפרייאונג זענען דערמאָרדעט געוואָרן פיל צענדליקער יידן. אין אָנהייב פון דער אודיענץ האָט דער בישאָף פארלאנגט, אז די פירער פון יידישן קאָמיטעט זאָלן אים געבן זייער בליק וועגן די סיבות פון קיעלצער פּאָגראָם. ווען זיי האָבן איבערגעחזרט די קלאָר־פעסטגעשטעלטע געשיכטע מיטן בלוט־בלבול, האָט דער בישאָף געזאָגט:

„די סיבות זענען פיל טיפער, זיי קומען פון דער אלגעמיינער שנאה, וואָס הערשט צו די יידן, צוליב דעם, וואָס זיי נעמען אן אקטיוון אָנטייל אין איצטיקן פּאָליטישן לעבן פון לאנד".

דער בישאָף האָט אלזאָ בלויז פּאראפראזירט די ווערטער פון קאַרדינאל הלאָנד. ער האָט אָבער געהאט עפּעס צוצוגעבן דערצו און געמלעך, אז: „די דייטשן האָבן געוואָלט פארניכטן דאָס יידישע פּאָלק דערפאַר, ווייל די יידן זענען די פארשפּרייטער פון קאָמוניזם".

דער בישאָף האָט אויך געגעבן זיין פערזענלעכע עצה די יידן, אונטערשטרייכנדיק, אז „זיי דארפן ענערגיש ארבעטן, כדי צו דערגרייכן זייער מלוכהשאפט אין ארץ ישראל, אָדער עווענטועל באקומען א קאָלאָניע אין דרום־אמעריקע"...

עס האָט אויך נישט געפעלט קיין הומאניטארער מאָמענט אין דער דערקלערונג פון לובלינער בישאָף. „פונעם שטאנדפּונקט פון דער קריסטלעכער עטיק — האָט ער פאָרגעזעצט — פאראורטייל איך יעדער מין מאָרד. וואָס שייך ווידער קיעלץ, האָב איך נישט וואָס צוצוגעבן אָדער ספּעציעל צו פאראורטיילן, ווייל די אידעע פון פאראורטיילן דאָס בייזע ווערט דורך דער קירך כסדר פארשפּרייט".

ווען די דעלעגאציע האָט אים קאָנקרעט געפרעגט, ווי עס איז זיין שטעלונג צום ענין פון בלבול וועגן ריטואל־מאָרד, האָט דער בישאָף אונ־

טערגעשטראָכן, אַז „אויפן ביילים־פּראָצעס זענען צונויפגעזאמלט געוואָרן פיל אלטע און מאָדערנע יידישע ספרים, אָבער די פראגע פון נוצן בלוט דורך יידן, איז דאָך נישט געוואָרן ענדגילטיק אויפגעקלערט".

און אנדער כאראקטעריסטישער אינצידענט איז פאָרגעקומען אין א קלויסטער אין גורא קאלוואריא (גער). קורץ נאָכן קיעלצער פּאָגראָם האָבן די מאָנאכן פאר א פארזאמלטן המון פון פאנאטישע קריסטן געוויזן א בילד, וואָס שטעלט פאָר ווי פיר יידן מיט בערד צעשטעכן א קריסטלעך קינד און דאָס בלוט רינט פון די וווּנדן...

דורך די יאָרן פון דער נאצי־אָקופּאציע אין פּוילן איז דאָס דאָזיקע בילד אויסגענוצט געוואָרן פאר דערפאָלגרייכע העצערייען קעגן יידן. די נאציס האָבן עס רעפּראָדוצירט און פארשפּרייט אין טויזנטער עקזעמפּלארן. דער אָריגינאל איז פארבליבן אין קלויסטער אין גער און די פּוילישע מאכט האָט עס קאָנפיסקירט ערשט אין יאָר 1946.

עטלעכע טעג פארן קיעלצער פּאָגראָם האָט פּרעמיער אָסובקא־מאָראווסקי מיר דערציילט וועגן דער לאנגער פּראָצעדור און די לעגאליסטישע שוועריקייטן, וואָס די רעגירונג האָט געדארפט בייקומען ביים קאָנפיסקירן דאָס דאָזיקע בילד. עס זעט אָבער אויס, אַז די מאָנאכן האָבן באוויזן אויסצוזוכן א צווייטע קאָפּיע און ווער ווייסט, וויפיל קאָפּיעס פון דעם בילד ווערן נאָך אלץ פארשפּרייט אין פּוילן.

דער קיעלצער פּאָגראָם איז אויפן שארפסטן אופן געוואָרן פאראורטיילט דורך דער גאנצער ליבעראלער אינטעליגענץ, דורך שרייבער, קינסטלער און דורך אלע פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען.

עס זענען אָבער געווען מיטגלידער פון די זעלבע פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען, וועלכע האָבן זיך סאָלידאריזירט מיט די קיעלצער מערדער. אין א ריי טעקסטיל־פאבריקן, וואָס האָבן אמאָל באלאנגט צו יידן, האָבן די קעמערלעך פון דער פּוילישער פאשיסטישער באוועגונג ארויסגערופן זיץ־שטרייקן פון גרעסערע גרופּן ארבעטער, אלס פּראָטעסט קעגן דער פאראורטיילונג פון די ניין קיעלצער מערדער.

א שענדלעכער אינצידענט איז אויך פאָרגעקומען אויפן צוזאמענפאָר פון ריכטער, פּראָקוראָרן און באאמטע פון פּוילישן געריכט־וועזן, וואָס איז אָפּגעהאלטן געוואָרן אין לאָדזש דריי טעג נאָכן קיעלצער פּאָגראָם.

ביי דער עפענונג פון צוזאמענפאָר איז אריינגעטראָגן געוואָרן א רעזאָלוציע וועגן פארדאמען דעם קיעלצער פּאָגראָם ווי „א פּראָבע צו אנארכיזירן דאָס לעבן אין לאנד". ווען די רעזאָלוציע איז געשטעלט געוואָרן צו דער אָפּ־שטימונג, האָט פּראָקוראָר וושעטש, דער פּראָקוראָר פון קרייז־געריכט אין קיעלץ, פון דער שטאָט ווו דער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען, פּראָטעסטירט קעגן דער רעזאָלוציע, פּרובירנדיק דערביי צו פארטיידיקן די מערדער, אז זיי זענען געווען א קרבן פון א „מאסן־אויפרייצונג".

אָט דער ארגומענט וועגן דער מאסן־אויפרייצונג איז געווען די הויפּט־טענה פון דער פארטיידיקונג אין קיעלצער פּראָצעס. איך האָב אָבער דעם ארגומענט נאָך מיט צען יאָר צוריק געהאט געהערט אין פּוילן, בעת דעם פּראָצעס נאָכן פּשיטיקער פּאָגראָם. פּוילישע אדוואָקאטן האָבן די דאָזיקע ארגומענטירונג גענוצט אין פּראָצעסן פון אלע אנדערע פּאָגראָמען, וואָס זענען נישט געווען קיין זעלטנהייט אין אומאָפּהענגיקן פּוילן.

דאָס איז אייגנטלעך די זעלבע נאַצישע טענה וועגן מאסן־פּסיכאָז, וועגן דער סטאדע־פּסיכאָלאָגיע. די ריכטער פון די פריערדיקע רעזשימען אין פּוילן האָבן די דאָזיקע טענה אנערקענט, אָבער אין קיעלצער פּראָצעס איז זי געוואָרן קאטעגאָריש אָפּגעוואָרפן.

אין א גאנצער ריי שטעט האָב איך באזוכט די אָרטיקע גלחים און זיי געפרעגט, וואָס זיי טוען, כדי אָפּצושטעלן די פּאָגראָמען און מאָרדן אויף יידן. דערויף האָבן די גלחים מיט דער גאנצער נאַאיוועקייט מיר גע־ענטפערט, אז זיי רעדן אָפט וועגן דער הויכער מאָראל פון קריסטנטום און אז דער ביבלישער „לא תרצח" נעמט אייגנטלעך אלץ אריין...

דאָס ליבעראלע קאטוילישע וואָכנבלאט „טיגאָדניק פּאָווּשעכני", די איינציקע קאטוילישע צייטונג אין פּוילן, וואָס האָט פארנומען א ווירדיקע שטעלונג אין באצוג צום קיעלצער פּאָגראָם, רעדט וועגן דער גרויסער ראָל, וואָס די קירך מוז שפּילן ביים „מאָראלישן ווידעראויפבוי" פון פּוילן און פירט אויס: „דערפילנדיק די דאָזיקע פליכט זיינע, האָט דער פּוילישער עפּיסקאָפּאט אין א בריוו, וואָס איז ערשט נישט לאנג געלייענט געוואָרן פון די אמבאָנעס, מיט דער גאנצער אנטשלאָסנקייט פאראורטיילט יעדער מין מאָרד און געוואלט־אקטן".

די אויפריכטיקע ליבעראלע קאטאָליקן אין פּוילן באהויפּטן אָבער,

אַז כּל־זמן עס וועט אין די פּאָסטאָראַלע בריוו נישט גערעדט ווערן קלאָר און דייטלעך וועגן די יידן־מאָרדן, וועט די קאַטוילישע קירך אין נייעם פּוילן נישט האָבן דערפילט איר מאָראַלישע און עטישע פליכט לגבי דעם פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט די „עשרת הדברות" מיטן „לא תרצח". פּונקט אַזוי אויך וועט די פּוילישע רעגירונג נישט האָבן דערפילט איר פליכט לגבי די יידישע בירגער, כּל־זמן עס וועט נישט אַרויסגעגעבן ווערן אַ געזעץ אויסדריקלעך קעגן אַנטיסעמיטיזם. די אומוויסנדיקע, פאַנאַטישע פּוילישע מאַסן גלויבן נאָך אַלץ אָן אויפהער, אַז יידן נוצן קריסטלעך בלוט אויף מצות און מען מוז דעריבער זיי קלאָר זאָגן, אַז דאָס איז אַ ליגן און אַז עס איז אַ פאַרברעכן צו מאָרדן יידן.

דער ערשטער, וועלכער האָט אין באַפרייטן פּוילן וועגן דעם אומזיניקן בלבול פון נוצן קריסטלעך בלוט אויף מצות אַ קלאַפּ־געטון אין טיש, איז געווען דער יידיש־פּוילישער דיכטער סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ. אין סאַטירישן זשורנאַל „שפּילקי" האָט ער דעם אַנטיסעמיטיזם אָנגערופן ביי זיין ריכטיקן נאָמען.

נעמענדיק אין אַכט די מגפה פון הערשנדיקן „מאַראַניזם" אין פּוילן, דאָס אויסבאַהאַלטן זיך אונטער פּוילישע נעמען דורך יידן, סיי אין דער רעגירונג און סיי אין דער פּרעסע, ווענט דעריבער טאָפּלט דער מוט פון דעם דאָזיקן שרייבער, וועלכער שרייט אויס: „גענוג צביעות!" און רייסט אַרונטער דעם שלייער פון געהיימניספולקייט, מיט וועלכן עס איז אין פּוילן נאָך אַלץ אַרומגעהילט דער מיטלאַלטערלעכער בלבול פון „קריסטלעך בלוט" אויף מצות, וואָס איז אַלעמאָל געווען דער צינדר־שטאָף צו פּאָגראָמען אין פּוילן.

„...מען ווייסט, ווי אַזוי מען מאַכט פראַנצויזישע קיכלעך, איטאַליענישע ספּאַגעטי און אפילו כינעזישע „שוואַלבן נעסטן" — שרייבט לעץ מיט ביטערער איראָניע — אָבער מצות, וואָס די שכנים אויף אַלע עטאַזשן האָבן יאָר־יערלעך געגעסן און וואָס מען האָט אַליין גענאַשט אַלס אַ זעלטענעם מאכל, אַלס אַ קאַרלסבאַדער צוויבאַק צו דער געוועגלעכער, בירגערלעכער קאַווע — די דאָזיקע מצה איז פאַרבליבן אַ בלוט־מיסטעריע..."

דער שרייבער פאָדערט אַ סוף צו מאַכן צו דער צביעות פון פאַרשטעלן זיך הינטער ליבעראַלע לאָזונגען און קלאָג־אַרטיקלען וועגן די דער־

מאָרדעטע דריי מיליאָן פּוילישע יידן. ער פאָדערט מעשים פון דער רעגירונג.

„די דעמאָקראַטישע פּרעסע —פירט ער אויס— אַלאַרמירט. מען קלאַפּט אין דער טיר פון עפּיסקאָפּאַט, אַז ער זאָל אַרויסגעבן א בריוו. צו וועמען? נאָך וואָס? צי זענען מיר נאָך אַלץ אין דער אָפּאָזיציע? צי דאַרף מען נאָך אַלץ דאָ, אין דער דעמאָקראַטיע, זיך איינשטעלן ביי דער אייגע־נער רעגירונג, אויב די דעמאָקראַטישע עפנטלעכע מיינונג פאָדערט עפּעס? זאָל זיך דער עפּיסקאָפּאַט אַרויסגעבן בריוו אָדער נישט. דאָס איז די פּרי־וואַטע אָנגעלעגנהייט פון עפּיסקאָפּאַט. צי באַדאַרף טאַקע א דעמאָקראַ־טישע רעגירונג די מאָראַלישע אונטערשטיצונג פון פאַרשידענע געלערנטע, אינטעלעקטואַליסטן און שרייבער, כדי אָנצונעמען אַן אַנטשלאָסענע שטע־לונג קעגן א פאַרברעכן? דערצו זענען נישט נויטיק קיין אַרטיקלען און קיין נאָוועלעס פון אונדזערע שרייבער. דערצו איז נויטיק א נייער געזעץ־אַרטיקל אָדער א נאָוועלע צום געזעץ־אַרטיקל, כדי צו שיצן דאָס לעבן פון בירגער".

* * *

די מכה פון יידן־האַס, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער א גרויסן טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, איז דער אָביעקט פון ערנסטע דיסקו־סיעס אין פּוילן. וועגן דעם פאַרנעם פון דער דאָזיקער שרעקלעכער קראַנק־הייט גיבן זיך אָפּ א דין וחשבון נישט נאָר בלויז פּאָעטן און פּובליציסטן, נאָר אויך אַרבעטער־פירער. אַזוי למשל האָט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פּוילן און אָנגעזעענער פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, קאַזשימיעזש רושינעק, וועלכער איז אויך א מיטגליד פון דער רעגירונג, געבראַכט צום אויסדרוק זיין פלאַמיקן פּראָ־טעסט קעגן אַנטיסעמיטיזם דורך פאַרעפנטלעכן א רירנדיקן עפּיזאָד וועגן א יידישן פריינט, וועלכן ער האָט געהאַט געראַטעוועט פון טויט אין א קאָנצענטראַציע־לאַגער.

דער דאָזיקער יידישער פריינט, א געוויסער ניכטבערגער, איז אין יאָר 1944 דורך די נאַצים געבראַכט געוואָרן קיין מאַטהאַאוזען און באַ־שעפטיקט געוואָרן אין קרעמאַטאָריום ביים פאַרברענען די מתים. אין דעם

זעלבן לאַגער איז רושינעק געווען באַשעפטיקט אַלס לאַגער־שרייבער אין גלייכצייטיק באַלאַנגט צום אַקטיוו פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

א געוויסן טאָג האָט רושינעק באַקומען א געהיים בריוול פון זיין יידישן גורל־חבר, אַדאָלף ניכטבערגער, אין וועלכן עס האָט זיך געזאָגט: „דו ווייסט דאָך, אַז די אַלע, וועלכע זענען באַשעפטיקט אין קרעמאַטאָריום, וועלן פאַרברענט ווערן די לעצטע. זיי וועלן אונדז אויסענדיקן, כדי מיר זאָלן נישט קענען עדות זאָגן קעגן זיי. איך גלויב אין דער נאָענטער פאַר־ענדיקונג פון קריג. עס וועט זיך ענדיקן די פאַרשקלאַפונג פון אונדזער פאָלק און עס וועט זיך ענדיקן אונדזער פּיין. ראַטעווע מיך! איך וויל דערלעבן די פרייהייט. איך וויל זיך אומקערן קיין קראָקע, איך וויל כאָטש איין טאָג לעבן אַלס פרייער, גליקלעכער מענטש און דערנאָך מעג איך שוין שטאַרבן. אַנדערע וועלן שוין דאַן נקמה נעמען פאַר אונדזערע ליידן און וועלן פאָדערן א גערעכטע שטראָף פאַר די פאַררעטער פון אייגענעם פאָטערלאַנד און פאַר די שונאים פון דער מענטשהייט".

רושינעק דערציילט דאַן, ווי אַזוי ניכטבערגער איז געוואָרן געראַ־טעוועט אַדאַנק אומגעווענלעכע אָנשטרענגונגען פון דעם גאַנצן אונטער־ערדישן אַקטיוו. ער איז פאַרשריבן געוואָרן אויף דער רשימה פון די טויטע און באַקומען דעם דאָקומענט פון א געשטאָרבענעם. ניכטבערגער איז גע־וואָרן געראַטעוועט און ער האָט דערלעבט דעם טאָג פון באַפרייאונג.

„ער האָט געוואָלט דערלעבן די פרייהייט — פירט אויס רושינעק — און ער האָט דעם דאָזיקן טאָג באַגריסט מיט טרערן פון פרייד. ער האָט דערלעבט א פריי און דעמאָקראַטיש פּוילן. ער האָט זיך אומגעקערט קיין קראָקע. ער האָט זיך אומגעקערט מיטן גלויבן, אַז ער וועט אין פרייען פּוילן זיין א גלייכבארעכטיקטער בירגער, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט שוין קיינמאָל מער נישט צוריקקומען, אַז ער וועט שוין מער נישט זיין קיין עדות פון קיין אַנטי־יידישע פּאָגראָמען, אַז דאָס נייע פּוילן וועט מער נישט איינטיילן קיין פּאָליאַקן אויף יידן און נישט־יידן. מיט אָט דעם גלויבן האָט אַדאָלף ניכטבערגער זיך אומגעקערט קיין פּוילן. צוזאַמען מיט איס האָבן טויזנטער יידן זיך אומגעקערט מיט דעם זעלבן גלויבן, מיט די זעלבע איבערלעבונגען, מיט דער זעלבער בענקשאַפט נאָך א בעסערער, גערעכטער וועלט, נאָך א בעסערן מער רעכטפאַרטיקן מענטש.

„ער האָט זיך אומגעקערט... אָבער ער קען נישט גלויבן זיינע אייגענע אויגן, ווען ער לייענט די פרעסע און זעט פונקט ווי אמאָל: קראָקע, טארנאָוו, וויעזשבאוויצע, לאָדזש. ער ציט אונטער א סך הכל פון די קרבנות. ער דערקענט די נעמען פון די, וועלכע זענען דורכגעגאנגען די לאגערן פון פלאשאָוו, אָשוויענטשים, מאטהאאוזען. זיי האָבן זיך אומגעקערט קיין פוילן, כדי דאָ צו לעבן אלס פרייע גליקלעכע מענטשן און דאָ גאָר פאלן זיי פון די קוילן פון זייערע אייגענע ברידער, אלס קרבנות פון אנטיסע־מיטישע חיות. שרעקלעך איז געווען דער טויט אין די קאָנצענטראציע־לאגערן. ער איז אָבער פיל שרעקלעכער אין דעם פוילן, וועגן וועלכן מי־ רעדן: אין פרייען, ווידעראויפגעלעבטן און דעמאָקראטישן. ווען איך שרייב די דאָזיקע דעראינערונגען, נעמט מיך ארום אזא שאנד, אזא שאנד לגבי דיר, אדאָלף ניכטבערגער, און לגבי אייך אלעמען, ברידער יידן!"

אין דער איינלייטונג צו די דעראינערונגען וועגן אדאָלף ניכטבערגער זאָגט רושינעק מיט בייסיקער איראָניע:

„אדאָלף ניכטבערגער איז נישט קיין גרויסער מענטש. ער איז נישט קיין פילאָזאָף, קיין היסטאָריקער, קיין מאטעמאטיקער און האָט נישט אָנ־געפירט מיט קיין שום זיגרייכער ארמיי. ער האָט נישט פארטיידיקט לע־נינגראד, נישט געווען הינטער לענינאָ און נישט דעראָבערט בערלין. ער איז געווען און א י ז א ייד. ער איז געווען א שקלאף אין די לאגערן פון פלאשאָוו, אָשוויענטשים און מאטהאאוזען און דערפאר מוז וועגן אדאָלף ניכטבערגערן וויסן גאנץ פוילן און די גאנצע וועלט".

אין די רעגירונגס־קרייזן גופא זענען פאראן צוויי שטרעמונגען אין באצוג צו די מעטאָדן פון קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם. איין שטרעמונג האַלט, אז עס איז פיל געזונטער די דאָזיקע שענדלעכע קראנקהייט צו פארדעקן און זי ארונטערנעמען אונטער דער אלגעמיינער באצייכענונג פון ראסן־האס, ווי דאָס איז פאָרמולירט אין דעם עקזיסטירנדיקן געזעץ. די אָנהענגער פון דער דאָזיקער שטרעמונג באהויפטן, אז שטעלן דעם טראָפ אויף אנטיסעמיטיזם אין קאמף קעגן דער פוילישער רעאקציע וועט בלויז פארשטארקן דעם ארגומענט פון דער אָפּאָזיציאָנעלער דעמאגאָגיע, אז פוילן ווערט רעגירט דורך יידן און דעריבער פארטיידיקט מען אזוי די יידן. דער דאָזיקער שטאנדפונקט ווערט פארטיידיסט גאנץ אָפט דורך יידן גופא.

דאָס איז אַן איבערבלייבעניש פון די אַלטע אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, וועלכע האָבן נישט אויסגעוועפּט אַפילו אין פּוילן, ווו מען האָט זיך שוין גענוג געקענט איבערצייגן, אַז די דאָזיקע טאַקטיק איז באַנקראָט.

די צווייטע טענדענץ איז פאַר אַן אָפּענעם אָנרופן די קראַנקהייט ביים נאָמען, פאַר אויפדעקן די שאַנד און די פאַרברעכנס, וואָס טויזנטער פּאָליאַקן זענען שולדיק קעגן זייערע יידישע מיטבירגער באַגאַנגען אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע, און וועלכע שטרעבן איצט נאָך צו פאַרענדיקן דאָס פאַרניכטונגס־ווערק פון אַדאָלף היטלער. זיי האַלטן, אַז „אָפּיזען" די אָפּאָזיציע אויפן געביט פון אַנטיסעמיטיזם וועט זיי נישט ברענגען קיין שום רעזולטאַטן און אַז די אַנטיסעמיטישע מכה דאַרף ווערן אומברחמנותדיק אויסגעשניטן, ווייל גראָד אין פּוילן טראָגט זי אין זיך אַלע גיפטיקע באַצילן פון דער רעאַקציע.

די שטימען פון אָט דער צווייטער טענדענץ האָבן זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט נאָך דעם קיעלצער פּאָגראָם. שרייבער און קינסטלער, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און קולטור־אָרגאַניזאַציעס, די גאַנצע פּראָגרעסיווע פּרעסע האָט אין איין כאָר אויסגעשריגן איר עמפּערונג, געפאָדערט וועגן דער „שאַנד פון פּוילישן פאָלק און גערופן די רעגירונג צו מעשים.

אין דעם כאָר האָט אויך נישט געפעלט די שטים פון דעם ליבעראַלן קאַטוילישן וואָכנבלאַט „טיגאָדניק פּאָושעכני", וואָס דערשיינט אין קראָקע און שטייט נאָענט צום קאַרדינאַל פירשט סאַפּיעהא. אין א רעדאַקציאָנעלן אַרטיקל, געדרוקט מיט פעטער שריפט אויף דער ערשטער זייט אין נומער פון 21סטן יולי, איז דער פּאָגראָם געוואָרן שאַרף פאַרדאַמט.

דער „טיגאָדניק פּאָושעכני" איז אַנטשטאַנען ערשט נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן און שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָנהייב פון א מין פּראָגרעסיווער קאַטוילישער באַוועגונג אין פּוילן, וואָס שטרעבט אָנצוהאַלטן דעם ניוואָ פון א לאָיאַלער אָפּאָזיציע צום איצטיקן רעזשים, שטיצנדיק דעם אויפבוי־פּראָגראַם פון דער רעגירונג.

אַרום דער צייטשריפט זאַמלען זיך פיל באַוווּסטע פּוילישע שריפטשטעלער, וועלכע האָבן פאַרן קריג באַלאַנגט צו פאַרשידענע לאַגערן, אָנהייבנדיק פון קאָנסערוואַטיווע רעאַקציאָנערן, ביז קעמפּערישע פאַשיסטן.

די לעצטע דרוקן אָבער דאָרט בלויז זייערע ליטעראַרישע שאַפונגען, בעת די פובליציסטיק ווערט געלייטעט דורך די מער ליבעראַלע שרייבער.

די צייטונג שטייט אויף א הויכן ליטעראַרישן ניוואָ און די אָפּיציעלע קרייזן אָבסערווירן מיט נייגיר די אַנטוויקלונג פון אָט דעם זשורנאַל, וועמענס רעדאַקציע געפינט זיך נישט נאָר בלויז אין נאָענטער שכנות פון סאַפּיעהאַס פּאַלאַץ, נאָר איז אומדירעקט אויך דער וואָרט־טרעגער פון דעם שוויינגדיקן פירשט קאַרדינאַל.

אויף די שפּאַלטן פון „טיגאָדניק פּאָווסעכני" געפינען מיר פיל קריטיק קעגן דער איצטיקער רעגירונג, אָבער זיי באַהויפּטן, אַז דאָס איז א קאָנסטרוקטיווע, פּריינציפּיעלע קריטיק און באַמיען זיך כסדר אָפּצושלאָגן די פּאָרוווּרפן, אַז זיי שטעלן מיט זיך פאָר א קאַמופלאַזשירטע רעאַקציע. די דאָזיקע קאַטוילישע צייטשריפט ווידמעט טאַקע פיל אויפמערקזאַמקייט די קאָנסטרוקטיווע אויפטוען פון דער רעגירונג, אָבער זי פּאַרטיידיקט דעם וואַטיקאַן קעגן די אָנגריפן פון דער פּוילישער רעגירונגס־פּרעסע.

די קאַטוילישע אינטעלעקטועלע, וועלכע זאַמלען זיך אַרום דעם „טיגאָדניק פּאָווסעכני" גיבן זיך אָפּ א דין וחשבון, אַז דאָס אַלטע פּוילן פון פאַרן קריג קען שוין נישט אויפשטיין תחית־המתים און אַז א נייע ווירקלעכקייט ווערט געבוירן.

„איינע פון די וויכטיקסטע מאָראַלישע דערגרייכונגען פון דער צייט פון קריג און אָקופּאַציע — שרייבט אין א טעאָרעטישן אַרטיקל דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „טיגאָדניק פּאָווסעכני", יאַן טוראָוויטש, — איז די איבערצייגונג, וואָס איז געוואָרן פאַרשפּרייט צווישן די אַלע פּאָליאַקן, וועלכע זענען נאָך נישט געוואָרן פאַרדאָרבן און דעמאָראַליזירט, אַז פון דער מלחמה מוז זיך אויסשיילן א נייע אָרדענונג, א בעסערע, א מער גערעכטע, אַן אמתדיק דעמאָקראַטישע... כדי אויסצומיידן מיספאַרשטענדענישן, דאַרף מען דאָ קלאָר זאָגן, אַז דער קאַטוילישער לאַגער אין פּוילן און זיינע פירער פאַרטרעטן נישט דעם שטאַנדפּונקט פון פּרינציפּיעלער קעגנערשאַפט צו די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר איצט אין פּוילן. דער אַקטיוו פון פּוילישן קאַטאָליציזם גיט זיך אָפּ א חשבון, אַז דער איבערבוי פון דער געזעלשאַפטלעכער און ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור איז געווען נישט נאָר בלויז אומפאַרמיידלעך, נאָר אויך נויטווענדיק, אַז די עפּאָכע פון קאַ־

פּיטאַליזם איז פאַרשוווּנדן אויף שטענדיק, אַז עס זענען אפשר נויטיק געווען די ווייטיקלעכע אָפּעראַציעס און אַז די עוואָלוציע פון דעם רעזשים מוז גיין פון ליבעראַליזם אין דער ריכטונג פון פּלאַנמעסיקייט".

פון דער צווייטער זייט אָבער וואָרנט טוראָוויטש קעגן דער געפאַר, אַז די ליקווידאַציע פון קאַפּיטאַליזם זאָל נישט דערפירן צו א „מלוכהשן קאַפּיטאַליזם".

קאפיטל זיבן

# דער פּאָליטישער קאַמף אין נייעם פּוילן

אין די טעג פון הויכער פּאָליטישער שפּאַנונג, ערב דעם רעפערענ־דום פון יאָר 1946, האָט דער פירער פון דער לעגאַלער פּוילישער אָפּאָ־זיציע, סטאַניסלאַוו מיקאָלאַיטשיק, אָפּט גערופן צו זיך די אויסלענדישע צייטונגס־לייט. די פּרעסע־קאָנפערענצן פלעגט ער אָפּהאַלטן אַמאָל אין לאָקאַל פון דער פּויערים־פּאַרטיי, „פּ.ס.ל.״ (פּאָלסקיע סטראָניצטוואָ לו־דאָווע), אָבער אממערסטן פלעגט ער אונדז איינלאַדן אין זיין פּריוואַטער וווינונג אויף אַלעיאַ וואָלנאָשטשי (פרייהייטס־אַלעיע), די געוועזענע אַלעיע שוכאַ. ער האָט דאָרט פאַרנומען א דירה אין א הויז, אין וועלכן עס וווינען כמעט אַלע מיטגלידער פון דער פּוילישער רעגירונג, און געפינט זיך אין שכנות פון א ריי וויכטיקע רעגירונגס־געביידעס.

אין די זעלבע הייזער אויף אַלעיאַ שוכאַ האָט אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע זיך געפונען די געשטאַפּאָ און פאַרשידענע אנדערע פּאָליציי־אישע אמטן. אין די קעלערס פון די דאָזיקע מאָדערנע געביידעס, ווו עס האָט פאַרן קריג זיך געפונען דאָס פּוילישע בילדונגס־מיניסטעריום, זענען פאַרפייניקט געוואָרן טויזנטער פּוילישע פּאַטריאָטן און דער נאָמען „אַלעיאַ שוכאַ״ איז געוועזן דער סינאָנים פון נאַצישן טעראָר אין ווארשע.

איצט איז דער נאָמען פון דער דאָזיקער גאַס געוואָרן געענדערט פון „אַלעיאַ שוכאַ״ אויף „פרייהייטס אַלעיע״. אויף דער דאָזיקער „פרייהייטס אַלעיע״ איז אָבער דער קאַמף פאַר פּוילנס פרייהייט נאָך נישט פאַרענדיקט און איך בין דאָ אָפּט געווען אַן עדות פון דעם פאַרביסענעם גראַנגל צווישן דער רעגירונג און דער לעגאַלער פּוילישער אָפּאָזיציע, וואָס ווערט אָנגע־פירט דורך סטאַניסלאַוו מיקאָלאַיטשיק.

עס איז אַן אויסטערלישער פּאַראַדאָקס: מיקאָלאַיטשיק קעמפט פאַר די קלאַסישע פּרינציפּן פון פּאָליטישער דעמאָקראַטיע, וואָס ער האָט דורך יאָרן פון קריג אָבסערווירט אין ענגלאַנד און אַמעריקע. ער קעמפט פאַר דער פרייהייט פון וואָרט, אָבער אויף זיין נצחון האָפן די סאַמע פינסטער־סטע כוחות אין פּוילן, וואָס האָבן די דאָזיקע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן אַלעמאָל געטרעטן מיט די פיס. זיי האָבן די דאָזיקע פּרינציפּן באַשמוציקט אפילו אין זייער אונטערערדישער פּרעסע אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, און וואָלטן זיי אויפן ברוטאַלסטן אופן ווייטער אונטערדריקט, ווען זיי וואָלטן געקומען צו דער מאַכט. מיקאָלאַיטשיק ווייסט דאָס זייער גוט, אָבער ער ווייסט אויך דעם עפעקט, וואָס דער קאַמף פאַר די דאָזיקע פּרינציפּן האָט אין אויסלאַנד און צו אויסלאַנד זענען אַלעמאָל געווענדט זיינע בליקן.

דאָס הויז אויף דער „פרייהייטס אַלעיע", ווו מיקאָלאַיטשיק האָט געוווינט, געפינט זיך קעגנאיבער דעם אויסערן־מיניסטעריום און נישט איינמאָל פלעגן מיר נאָך אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אין אויסערן־מיניסטעריום גלייך אריבערגיין אויף דער צווייטער זייט פון טראָטואַר, אויף אַן אַנדערער קאָנפערענץ צום וויצע־פּרעמיער מיקאָלאַיטשיק. דאָס הויז, ווו עס ווינען די מיניסטאָרן, ווערט שטאַרק איבערוואַכט און יעדער באַזוכער מוז זיך לעגיטימירן און באַקומען אַ נאָמענטלעכן איינטריטס־צעטל, וואָס ווערט אין טויער פון הויז אַרויסגעגעבן דורך אַ סאָלדאַט. מיר, די אויסלענדישע זשור־נאַליסטן, וועלכע פלעגן קומען אויף די פּרעסע־קאָנפערענצן צו מיקאָלאַי־טשיקן, זענען פון דער דאָזיקער קאָנטראָל געוואָרן באַפרייט און מיקאָ־לאַיטשיק פלעגט שטוינען, וואָס די וואַך אין הויז איז אַזוי טאָלעראַנט צו אונדז און אייגנטלעך צו אים.

פּונקט ווי קאַרדינאַל הלאָנד אַזוי האָט אויך מיקאָלאַיטשיק יעדעס מאָל באַמערקט, אַז די אינפאָרמאַציעס, וואָס ער גיט אונדז, זענען בלויז צו געברויכן אין דער אויסלענדישער פּרעסע. די באַמערקונג האָט מיר אויסגעזען מאָדנע, ווייל אין עטלעכע טעג אַרום זענען די אַלעמאָל סענ־סאַציאָנעלע דערקלערונגען פון מיקאָלאַיטשיקן, זיין שאַרפע קריטיק קעגן דער רעגירונג, צוריקגעקומען קיין וואַרשע דורך ראַדיאָ. עס האָבן זיי באַ־זונדערס עקספּלאָאַטירט מיקאָלאַיטשיקס געוועזענע פּאָליטישע פריינט אין לאָנדאָן. אַזוי איז שוין אָבער געווען דער נוסח.

מיקאָלאַיטשיק פּונקט ווי הלאָנד האָבן געהאַלטן אין איין פאַרמסרן די רעגירונג פאַר אויסלאַנד. מיקאָלאַיטשיק, וועלכער האָט נעבן דעם אמט פון וויצעפּרעמיער פאַרנומען אויך דעם אמט פון אגריקולטור־מיניסטער, האָט אויף די פּרעסע־קאָנפערענצן קיינמאָל נישט דערמאָנט וועגן די אויפטוען און דערגרייכונגען פון דער רעגירונג, אין וועלכער ער האָט מיטגעווירקט. ער פלעגט אפילו נישט דערמאָנען וועגן דער ארבעט פון זיין אייגענעם אגריקולטור־מיניסטעריום. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט צו דערציילן קיין פּאָזיטיווע וועגן זיין לאַנד, וואָס האָט זיך פאַרנומען צוריק אויפצובויען ממש פון אש. מיר האָבן פון אים כסדר געהערט בלויז אָנקלאַגעס וועגן די פאַרפאָלגונגען, וואָס זיין פּאַרטיי האָט אויסצושטיין, און דער עיקר האָט ער געשטורעמט קעגן דער זיכערהייטס־מאַכט, אָנגעבנדיק אלעמאָל ציפערן וועגן דער צאָל ארעסטירטע מיטגלידער פון זיין פּאַרטיי.

אויף צומאָרגנס נאָך אזא פּרעסע־קאָנפערענץ האָבן מיר אויף דער אנדערער זייט גאַס, אין אויסערן־מיניסטעריום, געוועגלעך באַקומען אַן אָפּלייקענונג פון די ציפערן און פאַקטן, וואָס מיקאָלאַיטשיק האָט אונדז מיט צוועלף שעה צוריק געהאַט געגעבן. און אזוי האָבן מיר אליין אָפּגעטראָגן די רכילות פון שכן צו שכן.

מיקאָלאַיטשיק האָט דערקלערט, אז מען האָט ארעסטירט אזויפיל און אזויפיל מיטגלידער פון זיין פּאַרטיי, אָבער דער פּאָרשטייער פון אויסערן־מיניסטעריום, וויקטאָר גראָש, האָט קודם כל רעדוצירט די ציפער אויף א צענטל און דערביי צוגעגעבן, אז דאָס זענען געווען די „יינגלעך פון וואַלד", וועלכע האָבן זיך בלויז געדעקט אונטער לעגיטימאַציעס פון מיקאָלאַיטשיקס פּאַרטיי, די „פּ.ס.ל."

די פּרעסע־קאָנפערענצן פון מיקאָלאַיטשיקן פלעגן אלעמאָל איבערלאָזן א שטאַרקן איינדרוק אויף די אויסלענדישע צייטונגס־לייט. ערשטנס איז אָפּאָזיציע אלעמאָל א געשמאַקער צייטונגס־ביסן און צווייטנס איז מיקאָלאַיטשיק א געשיקטער שטאַטסמאַן, ער איז א פּערזענלעכקייט. די פינף יאָר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין אויסלאַנד און זיין אָפטער קאָנטאַקט מיט די גרעסטע שטאַטסלייט פון אונדזער צייט האָבן אויסגעפאָרעמט דאָס פּאָליטישע וועלט־בילד פון דעם דאָזיקן יונגן פּויערים־פירער. דאָס איז

אָבער אויך זײַן טראַגעדיע און אויף אַט דעם פּאַן גײט טאַקע אָן דער קאַמף צווישן אים און דער רעגירונג.

מיקאָלאַיטשיק קוקט אויף זײַנע קעגנער ווי אויף גרויסע פיגורן, וועלכע זענען נישט אימשטאַנד זיך צו פאַרמעסטן מיט אים. אין חלום און אפשר אויך אויף דער וואָר זעט ער זיך אין אײן ראָם מיט טשוירטשיל, רוזוועלט און אפילו מיט סטאַלינען.

דער פּויערים־פירער מיקאָלאַיטשיק, וועלכער איז אין ווינטער פון יאָר 1939 געקומען קײן פראַנקרײַך אַלס אײנפאַכער סאָלדאַט, צוזאַמען מיט די רעשטלעך פון דער צעשלאָגענער פּוילישער אַרמײ, איז שנעל אויס־געוואַקסן צום פירער פון דער פּוילישער פּאָליטישער עמיגראַציע. ער האָט דאָס דערגרייכט אַדאַנק זײַן עקשנות, אַרבײטסזאַמקייט און פּאָלקסטימלע־כער פּשטות, וואָס האָט שטאַרק אימפּאָנירט די אַליאירטע שטאַטסלײַט, און וואָס די דעגענערירטע עליטע פון סאַנאַציע־רעזשים האָט נישט פאַרמאָגט.

אויסער דעם איז מיקאָלאַיטשיק געקומען אַלס דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון דעם אײגנטלעכן פירער פון די פּוילישע פּויערים, דעם וועטעראַן ווינצענטי וויטאָס. ער האָט דעריבער דורך די יאָרן פון גלות געטראָגן אויף זיך דעם אָרעאָל פון דעם אַלטן פּויערים־פירער, וועלכער האָט געקעמפט קעגן דעם סאַנאַציע־רעזשים און דאַן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע אָנגעפירט אַן אונטערערדישע טעטיקייט.

וואָלט וויטאָס איצט געלעבט, וואָלט דער תהום צווישן דער „פּ.ס.ל.“ און דער רעגירונג נישט געוואָרן אַזוי פאַרטיפט, ווײַל וויטאָס האָט נישט געקוקט צום אויסלאַנד, ווי עס טוט דאָס זײַן יונגער יורש, נאָר האָט גע־פּילט, אַז אַלע קאָנפליקטן מוזן געלייזט ווערן צווישן זיך, אין דער ספערע פון רעאַלער פּאָליטיק. ווינצענטי וויטאָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1945, אין מאָמענט פון דער וויכטיקסטער אַנטשיידונג פון פּוילנס פּאָליטישן גורל, און מיקאָלאַיטשיק, וועלכער האָט איבערגענומען די ירושה נאָך דעם גרויסן פּויערים־פירער, האָט נישט באַוויזן צו ירשענען זײַן מײַסטערס חוש פאַר רעאַל־פּאָליטיק, אין אָנבליק פון דער שווערער, אָבער אומפאַרמײַד־לעכער ווירקלעכקייט פון פּוילן.

די פּאַרטײ פון מיקאָלאַיטשיקן רעקרוטירט זיך טאַקע פון פּויערים,

וועלכע האָבן פאַרן קריג געקעמפט קעגן רעאַקציאָנערן פּילסודסקי־רעזשים. די דאָזיקע פּאַרטיי איז אָבער איצט פאַרפּלייצט געוואָרן דורך אַ מאַסן־אינפילטראַציע פון רעאַקציאָנערע עלעמענטן פון אַלע שאַטירונגען, מיט דער „נ.ס.ז." אין דער שפּיץ. אין דער צייט פון רעפערענדום האָב איך אויף די גאַסן פון וואַרשע און לאָדזש געזען אומלעגאַלע אויפרופן פון דער „נ.ס.ז.", אין וועלכע די באַוואָפנטע אונטערערדישע באַנדעס האָבן צוזאַמען מיט זייערע לאָזונגען פון אויסמאָרדן די יידן און באָלשעוויקעס גלייכצייטיק אַפּעלירט צו מיקאָלאַיטשיקן, אַז ער זאָל זיך שטעלן אין שפּיץ פון זייער קאַמף.

ווי ווייט די אינפילטראַציע פון די רעאַקציאָנערע כוחות באַווירקט די פּאַרטיי־ליטונג פון דער „נ.ס.ל.", קען מען זען, למשל, פון דער פּאַר־זיכטיקייט, מיט וועלכער דער הויפּט־אָרגאַן פון מיקאָלאַיטשיקן, די „גאַ־זעטאַ לודאָוואַ", באַהאַנדלט די אָנגעוויטיקטע יידן־פראַגע אין פּוילן. אין דער צייט, ווען די גאַנצע פּרעסע האָט די ידיעה וועגן קיעלצער פּאָגראָם געבראַכט אַלס הויפּט־נייעס אויף דער ערשטער זייט און עס געשטעמפּלט אַלס די גרעסטע שאַנד פון פּוילישן פאָלק, האָט די צייטונג פון מיקאָלאַי־טשיקן ערשט עטלעכע טעג נאָך דער שחיטה געבראַכט אַ פאַרעוועע דער־קלערונג און בכלל גאָר וויניק פּלאַץ אָפּגעגעבן פאַר די באַריכטן פון דער לוויה און פּראָצעס.

די אינפילטרירטע רעאַקציאָנערע כוחות אין מיקאָלאַיטשיקס פּויערים־פּאַרטיי שטיצן אים אין זיין אָפּאָזיציאָנערן קאַמף קעגן דער רעגירונג, זיי וואָלטן קיינמאָל אָבער נישט געשטיצט זיינע דעמאָקראַטישע פּאָסטו־לאַטן, וואָס ער וואָלט געפרוווט דורכצוזעצן אין לעבן. זיי וואָלטן אין דער ערשטער ריי באַקעמפט זיין צושטימונג צו דער אַגראַר־רעפאָרם און דער נאַציאָנאַליזאַציע פון דער גרויס־אינדוסטרי, ווי אויך זיין אויסערן־פּאָ־ליטיק פון פריינטלעכע באַציאונגען מיט סאָוועט־רוסלאַנד. זיי וואָלטן פון אים געפאָדערט צו באַזייטיקן יעדן ייד פון די אמטן און איינפירן די נירנבערגער געזעצן. פאַר וועלכע די פּוילישע רעאַקציע איז געווען באַ־גייסטערט נאָך פאַרן קריג.

אויסער מיינע אָפטע באַגעגענישן מיט מיקאָלאַיטשיקן אויף די פּרעסע־קאָנפערענצן, האָב איך אויך געהאַט אַ לענגערן פּערזענלעכן שמועס

מיט אַט דעם איינפלוסרייכן פויערים פירער. ער האָט מיך איינגעלאַדן צו קומען צו אים אין זיין ארבעט־קאבינעט אין מיניסטאָרן־ראט. אָבער ווען איך בין אהין געקומען, האָט זיין סעקרעטארין, פרוי הולעוויטש, מיר דערקלערט, אז מיקאָלאַיטשיק ווארט אויף מיר אין זיין צווייטן ביוראָ, אין אגריקולטור־מיניסטעריום.

די סימפּאטישע, שווארץ־חנעוודיק מאדאם הולעוויטש, די פרוי פון א באקאנטן פּוילישן היסטאָריקער, איז געווען איבערראשט, ווען איך האָב איר דערציילט, אז א יידישער זשורנאליסט פון אמעריקע האָט וועגן איר געשריבן, אז זי איז א „יידיש מיידל מיט א פּוילישן נאָמען"...

אין דעם האזארד פון „אנטדעקן" יידן, וואָס גייט איצט אָן אין פּוילן, איז מאדאם הולעוויטש מיט אירע טונקל־שווארצע האָר און גליענ־דיקע אויגן טאקע אין געפאר באטראכט צו ווערן אלס א „יידיש מייד־ מיט א פּוילישן נאָמען". אפילו א יידישער זשורנאליסט פון אמעריקע איז פארכאפּט געוואָרן פון דער דאָזיקער פּסיכאָז און זי אָנגענומען אלס א יידישע, טראָץ דעם, וואָס ער האָט געמעגט וויסן, אז אין דער פּארטיי פון מיקאָלאַיטשיק איז נישטאָ קיין איין ייד.

די סעקרעטארין פון מיקאָלאַיטשיק האָט מיט אויפריכטיקער סימ־פּאטיע גערעדט וועגן דער טראגישער לאגע פון די רעשטלעך לעבנגעבלי־בענע יידן אין פּוילן. אויך זי האָט אויסגעדריקט איר שטוינונג אויף דער פּלאָג פון „מאראניזם" — וואָס פיל יידן באהאלטן זיך נאָך אלץ אויס אונטער פּוילישע נעמען, פּונקט ווי בעת דער נאצישער אָקופּאציע. אונדזער געשפּרעך האָט איבערגעריסן א דינער פון מיניסטאָרן־ראט, וועלכער האָט געבראכט דאָס געהאלט פארן וויצעפּרעמיער. פרוי הולעוויטש האָט דאן מיט דער גאנצער נאאיווקייט מיר געוויזן די 7.200 זלאָטעס, וואָס איר־שעף באקומט מאָנאטלעך, און איך האָב זיך געטראכט, אז דאָס איז אפילו נישט גענוג אויף איין קאָקטייל־פּארטי פאר דער אויסלענדישער פּרעסע...

ווען איך בין אין א שעה ארום געזעסן מיט מיקאָלאַיטשיקן אין זיין קאבינעט, אויג אויף אויג מיט אים אליין, האָט ער אויסגעזען מער פארזאָרגט און אומזיכער, ווי בעת די פּרעסע־קאָנפערענצן. אויף זיין טיש איז געלעגן א פּאפּירענע טעקע מיט אן אויפשריפט „או. בע", וואָס האָט באדייט: „אוזשאנד בעזפּיעטשענסטווא" —זיכערהייט־אמט. אלזאָ אויך

אין אגריקולטור־מיניסטעריום האָט מיקאָלאַיטשיק זיך פארנומען מער מיט די פראגן פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי, ווי מיט די פּראָבלעמען פון לאנד, הגם עס איז דאן געווען שניט־צייט — הויך־סעזאָן פאר זיין מיניסטעריום.

מיקאָלאַיטשיק האָט מיר געענטפערט אויף אלע מיינע פראגן:

עס פארשטייט זיך, אז ער און זיין פּארטיי באקעמפן דעם אנטיסע־מיטיזם; ער וואָלט וועלן, אז אין פּוילן זאָל בלייבן וואָס א גרעסערע צאָל יידן, אָבער ער איז אלעמאָל צוריקגעקומען צו דער „בעזפּיעטשענסטוואָ" און מיר אָנגעוויזן אויף דער אָנגעשטאָפּטער פּאַפּירענער טעקע, וואָס אנט־האלט באריכטן וועגן די ארעסטירטע מיטגלידער פון זיין פּארטיי.

ווען איך האָב אים געפרעגט וועגן דער אינפילטראציע פון דער „נ.ס.ז." אין זיין פּארטיי, האָט ער עס נישט אָפּגעלייקנט, נאָר עס אנדערש פאָרמולירט און ווידעראמאָל צוריקגעקומען צו דער „בעזפּיעטשענסטוואָ":

„דאָס קומט פון פארצווייפלונג — האָט ער געזאָגט —. ווען די „בעזפּיע־טשענסטוואָ" ארעסטירט א פּויער פאר זיין אקטיוויטעט אין דער „פּ.ס.ל.", נעמט דער זון די ביקס און גייט אוועק אין וואלד אריין צו די „נ.ס.ז.", כדי נקמה צו נעמען פאר זיין פאָטער".

„דאָס אלץ וואָלט אויפגעהערט — האָט מיקאָלאַיטשיק פּאָרגעזעצט — ווען מיר, די פּויערים־פּארטיי, וואָלטן אויך זיך באטייליקט אין דער זי־כערהייטס־פּאָליציי"...

* * *

די אינפילטראציע פון צעשטערערישע עלעמענטן האָט אויך נישט אויסגעמיטן די פּוילישע ארבעטער־פּארטיי „פּ.פּ.ר.", וואָס האָט אין אָנהייב, אין די ערשטע חדשים נאָך דער באפרייאונג, ברייט געעפנט די טירן פאר יעדן איינעם, וועלכער האָט זיך נאָר געמאָלדן. אויך ביים אויפשטעלן דעם נייעם מלוכה־אפּאראט זענען ברייט געעפנט געוואָרן די טירן פאר עקספּערטן מכל המינים, וואָס זענען געווען אזוי נויטיק ביים אויפבויען די רעגי־רונגס־אדמיניסטראציע, די צעשטערטע אינדוסטרי, די קאָמוניקאציע, שול־וועזן און אלע אנדערע מלוכה־אינסטיטוציעס.

א גרויסער טייל פון אָט די עקספּערטן, וועלכע זענען אידעאיש ווייט פון דעם לייכט־קאמופלירטן קאָמוניסטישן פּראָגראם פון דער „פּ.פּ.ר.",

האָבן לאָיאַל זיך צוגעפּאַסט צו דער נייער ווירקלעכקייט, באַגרייפנדיק, אַז נאָך דורך אַ סוף מאַכן צו דער אינערלעכער אַנאַרכיע, דורך קאָנסטרוק־טיווער אויפבוי־אַרבעט און דורך פּרינציפּלעכע באַציאונגען מיטן מעכטיקן רוסישן שכן קען פּוילן אָנהאַלטן איר אומאָפּהענגיקייט.

צוזאַמען אָבער מיטן צופלוס פון פּאָזיטיווע קרעפטן, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם אויפבוי־ווערק פון נייעם פּוילן, האָט אין רע־גירונגס־אַפּאַראַט זיך אַריינגעריסן אַ דעסטרוקטיווער עלעמענט, וואָס האָט פאַרכאַפּט באַזונדערס פיל פּאָזיציעס אין דער זיכערהייטס־פּאָליציי. קעגן אַט דער פאַרוואַסערונג פון רעגירונגס־אַפּאַראַט האָט גלייך פון אָנהייב שאַרף זיך קעגנגעשטעלט די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די פּ.פּ.ס., וואָס האָט אַ סאָלידע, פעסטע באַזע צווישן די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן און האַלט אין איין וואַקסן. די וואָרענונגען פון דער פּ.פּ.ס. קעגן דער גע־פאַר פון צולאָזן צום אויפבוי פון מלוכה־לעבן אַלע, וועלכע מעלדן זיך, זענען אַ צייט איגנאָרירט געוואָרן דורך דער פּ.פּ.ר., וואָס האָט אַזוי אַרום געהאָפט צו געווינען צוטרוי און פּאָפּולאַריטעט ביי די בירגערלעכע שיכטן.

צוליב דעם האָבן אין דער פּ.פּ.ר. זיך אַריינבאַקומען פּאָליטיש־צוויפלהאַפטע עלעמענטן, אין דער צייט וואָס די פּ.פּ.ס. האָט באַפעסטיקט איר באַזע צווישן די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן. די מער פאַרנונפטיקע פּי־רער פון דער פּ.פּ.ר. גיבן זיך אָפּ אַ קלאָרן דין וחשבון, אַז די פּ.פּ.ס. האָט אַ מער סאָלידן פונדאַמענט אַלס אַן אַרבעטער־פּאַרטיי און וועט דעריבער באין־אופן נישט איינגיין אויף דעם פּאָרשלאַג צו פאַראייניקן ביידע פּאַר־טייען, און דעריבער איז דער דאָזיקער פּלאַן צייטווייליק אָפּגעלייגט גע־וואָרן. טראָץ דעם אָבער ווערט פון צייט צו צייט דער פאַראייניקונגס־פּאָרשלאַג באַנייט דורך דער פּ.פּ.ר.

דער פאַקט, אַז יוזעף ציראַנקיעוויטש, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּ.פּ.ס. און אַן אַנטשלאָסענער קעגנער פון אַ פאַראייניקונג צווישן די ביידע פּאַרטייען, איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער פּרעמיער פון דער ערשטער סטאַבילער פּוילישער רעגירונג נאָך די וואַלן פון 1947, איז אַ באַווייז, אַז פּוילן געפינט זיך נישט אונטער דער העגעמאָניע פון איין פּאַרטיי.

דער זעקס און דרייסיק יאָריקער ציראַנקיעוויטש — אפשר דער יינגסטער מיניסטער אין דער וועלט — איז אויסגעוואַקסן אין דער פּוי־

לישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין קראָקע, וואָס האָט אַלעמאָל מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם רעכטן פליגל פון דער פ.פּ.ס. דער הויכוואוקסיקער, בלאָנדער ציראַנקיעוויטש מאַכט זייער א סימפּאַטישן איינדרוק מיט זיין איינפאַכער האַלטונג. גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אים קען מען דערקענען, אַז מען האָט פאַר זיך א שטאַרקע פּערזענלעכקייט. ער האָט דורכגעמאַכט די האַרטע שולע פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג און זיך אויסגעצייכנט אַלס מוטיקער קעמפער אין די נאַצישע לאַגערן און אין פּאַרטיזאַנען־גרופּן אין מערב־גאַליציע. עס איז דעריבער קוים צו דערוואַרטן, אַז ציראַנקיעוויטש זאָל אַזוי לייכט זיך פאַרוואַנדלען אַלס א געצייג אין עמיצנס האַנט.

די פּ.פּ.ס. איז די איינציקע גרויסע פּאַרטיי אין דעם רעגירונגס־בלאָק, וואָס האָט באַוויזן אָפּצוהיטן אירע פּרינציפּן און איר פרייהייט פון אַקציע. די איבעריקע פּאַרטייען, ווי למשל די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און די ס.ל. (סטראַניצטוואָ לודאָווע, וואָס איז אַן אָפּגעשפּאַלטענע גרופּע פון מיקאָלאַיטשיקס פּויערים־פּאַרטיי), פאָלגן נאָך די פּאָליטישע ליניע און די אינסטרוקציעס פון דער פּ.פּ.ר.

* * *

איך בין געפאָרן קיין פּוילן אַן אָנגעשראָקענער פון די ידיעות וועגן דער „אייזערנער קורטינע", וועגן דער צענזור און דער געהיים־פּאָליציי, וואָס באַגלייט כלומרשט יעדן פרעמד־געקומענעם אויף שריט און טריט. צוויי חדשים צייט האָב איך גערייזט איבער פּוילן און האָב קיינמאָל נישט באַמערקט קיין שאָטן פון קיין געהיים־פּאָליציי, וואָס זאָל מיך באַגלייטן. איך בין געפאָרן אין פּוילן אומעטום, ווו איך האָב נאָר געוואָלט, חוץ דאָרט, ווו מען האָט נישט געקענט, און דאָס מיינט אין די געגנטן, וואָס ווערן קאָנטראָלירט דורך די „יינגלעך פון וואַלד", ווי מען רופט די נ.ס.ז. אין פּוילן.

איך האָב אין די קאַפעען געהערט די סאַמע בייזוויליקסטע וויצן וועגן דער איצטיקער רעגירונג, וויצן, וואָס קענען נישט איבערזעצט ווערן אין קיין שום אַנדער שפּראַך און וואָס דער עולם האָט גאַנץ אָפן, אָן שום שרעק זיך דערציילט ביי א גלעזל קאַווע. בייסיקע וויצן קען מען דער

רעגירונג קען מען אויך געפינען אין די סאטירישע צייטשריפטן, וואָס דערשיינען אין פּוילן, און ספּעציעל אין זשורנאל „שפּילקי", אין וועלכן עס באטייליקן זיך די פּראָמינענטסטע פּוילישע שרייבער, אין דער שפּיץ מיט דעם גרעסטן פּוילישן פּאָעט יוליאן טובים, וועלכער איז ערשט נישט לאנג פון אמעריקע צוריקגעקומען קיין פּוילן.

אין פאר־מלחמהדיקן פּוילן האָט דער הערשנדיקער קלאַס אנטוויקלט א מאָדנעם באגריף פון אומאָפּהענגיקייט און אויסטערליש אינטערפּרע־טירט די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטיע. די ארמיי פון באַאמטע און די ארמיי פון פּראָפעסיאָנעלע אָפיצירן, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א דריטל פון דער אלגעמיינער צאָל סאָלדאטן, זענען אלעמאָל גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. דאָס איז אָבער נישט געווען קיין אומאָפּהענגיקייט אין דעם איינפאכן זין פון וואָרט, ווי דער באגריף ווערט פארשטאַנען — ווי פרייהייט פאר אלע בירגער, אָן אונטערשיד פון ראַסע און רעליגיע.

דער הערשנדיקער קלאַס אין פּוילן האָט דעם באגריף „אומאָפּהענגי־קייט" אינטערפּרעטירט אלס אן אומאָפּהענגיקייט פון דער דרויסנדיקער וועלט, צו זיין אומאָפּהענגיק אין דער פּראַקטיק פון פאַרפאָלגן די מינ־דערהייטן, די אָפּאָזיציאָנעלע פּארטייען, פון מאכן פּאָגראָמען אויף יידן און דורכפירן שטראָף־עקספּעדיציעס קעגן אוקראַינער און ווייסרוסן, אָדער אין שיסן אויף שטרייקנדיקע ארבעטער.

דער הערשנדיקער קלאַס אין פּוילן האָט די מלוכה טראַקטירט ווי א מין פּריוואַטן פּאָלווארק, ווי א פּריציש גוט, און האָט נישט געפילט קיין שום פארבינדונג מיט דער דרויסנדיקער דעמאָקראַטישער וועלט, נישט געפילט קיין פאַרפּליכטונג לגבי די אוניווערסאל־אָנגענומענע הומאַניטארע פּרינציפּן, אונטער וועלכע זיי האָבן געלייגט זייערע חתימות אין די פאר־שידענע אינטערנאַציאָנאלע טראַקטאַטן, אָנהייבנדיק פון ווערסאיל.

פּוילן איז געווען זייער אייגענער וויינגאָרטן, ווי זיי האָבן געטון, וואָס עס האָט זיך זיי געגלוסט, און אויב אויסלענדישע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס אָדער מלוכות האָבן קריטיקירט אָדער פּראָטעסטירט קעגן דעם רעזשים, האָבן די הערשנדיקע פּאָליאַקן אויפגעהויבן א ויצעקו, אַז

דאָס פאַרגוואַלדיקט מען נעבעך זייערע דעמאָקראַטישע פרייהייטן — די פרייהייט צו טון, וואָס זיי ווילן.

די דאָזיקע האָטענטאָטישע מאָראַל איז געווען דער פונדאַמענט, אויף וועלכן די פוילישע מלוכה האָט אין די לעצטע יאָרן זיך געהאַלטן. די קאָנסטיטוציע איז פול געווען מיט אַלע גוטע זיבן זאַכן פון אַן אמתער דעמאָקראַטיע, מיט פרייהייט פון וואָרט, פרייהייט פון פּרעסע, פרייהייט פון רעליגיע. די קאָנסטיטוציע איז אָבער געווען אַ טויטער דאָקומענט, אַ געשענדעטער, אַ פאַרגוואַלדיקטער דאָקומענט, מיט וועלכן אפילו די „אומאָפּהענגיקע" באַריכטן האָבן זיך נישט גערעכנט.

די קאָנסטיטוציע האָט געדינט בלויז אַלס אַ שילד פאַר אויסלאַנד. יעדעס מאָל, ווען אין אויסלאַנד איז קריטיקירט געוואָרן דער פּוילישער רעזשים, האָבן די דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטערשאַפטן פון פּוילן גלייך זיך געעדותט מיט דער קאָנסטיטוציע, און דאָס האָט געווירקט, ווייל אין קיין שום אמתדיק דעמאָקראַטיש לאַנד האָט מען זיך נישט געקענט פאָר־שטעלן, אַז עס זאָל עקזיסטירן אַזש אַזאַ טיפער תהום צווישן די פאָר־שריפטן פון דער קאָנסטיטוציע און דער פּראַקטיק פון דער רעגירונג.

אין פּוילן האָט די מלוכה אין די לעצטע יאָרן דערצויגן אירע באַ־אַמטע, איר פּאָליציי אין אַן אַטמאָספער פון ווילקיר. יעדער סטאַראָסטע, יעדער וואָיעוואָדע, יעדער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט זיך געפילט אינגאַנצן „אומאָפּהענגיק", ער האָט געהאַט אַלע „פּרייהייטן" צו טון, וואָס זיין האַרץ גלוסט נאָר מיט יידן, מיט אוקראַאינער, מיט ווייסרוסן און אויך מיט פּאָליאַקן, וועלכע האָבן פּרובירט אַרויסצוּווייזן זייער אומצופרידנקייט מיטן רעזשים.

די ראַפינירטע פּייניקונגען פון דער נאַצישער געשטאַפּאָ זענען נישט געווען קיין אַנטדעקונג פאַר דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי. אין די תפיסות פון ביאַליסטאָק, ראָוונע, לוצק און לעמבערג האָט מען פּאָליטישע אַרעס־טאַנטן געשלאָגן אין די געשלעכט־אָרגאַנען, מען האָט געשטאָכן מיט נאָדלען אונטער די נעגל, מען האָט געהאָנגען ביי די פיס און געלאָזט טריפן וואַסער אויף די קעפּ פון די, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט מודה זיין צו די אויסגעטראַכטע פאַרברעכנס, וואָס די פּוילישע „דעפענסיווע" האָט זיי פאָרגעוואָרפן.



אין מיינע וואנדערונגען איבער דעם טויטן טייל פון ווארשע בין איך אָפט געקומען אויף דעם אמאָליקן פּילסודסקי פּלאץ, — דער גרעסטער און שענסטער פּלאץ אין שטאָט. דער פּירעק פון געביידעס, וואָס האָט ארומגעשלאָסן דעם פּלאץ, ליגט איצט אין חורבות. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען דער לוקסוסארטיקער „האָטעל עאוראָפּעיסקי" מיט זיין ריזיקן קאפע־זאל, ווו עס זענען געבוירן געוואָרן אלע פּאָליטישע רכילות אין ווארשע. די הויפּט־געסט זענען דאָ געווען די הויכע אָפיצירן פון דער שכנותדיקער שטאט־קאָמענדאנטור, זשורנאליסטן און די שטענדיק אויסגעפּוצטע באאמטע פון אויסערן־מיניסטעריום. אויפן ריזיקן פּלאץ, וואָס איז אָנגעשיט מיט שטיינער און ברוכווארג, זעט מען איצט זעלטן ווען א פארבלאָנדזשעטן פארבייגייער. אונטער די ארקאדן ביים אריינגאנג צום זאקסישן גאָרטן איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס אייביקע פייער ביים חרוב געוואָרענעם „קבר פון אומבאקאנטן זעלנער" און אין נאָענטער שכנות ליגט אין חורבות דער אזוי גערופענער „בריל"־פּאלאץ — דאָס געוועזענע אויסערן־מיניסטעריום אויף וויעזשבאווא גאס.

דאָ און דאָרט איז אין די חורבות פון פּאלאץ נאָך פארבליבן א מארמאָרענע קאָלאָנע, אָדער א ווינקל פון א צימער. דאָ, אין דעם פּאלאץ, האָט דער פּוילישער אויסערן־מיניסטער, קאָלאָנעל יוזעף בעק, אָנגעפירט זיינע אינטריגעס און דאָ געטרוימט דעם וואנזיניקן טרוים וועגן א פּוילישער גרויסמאכט פון „ים צו ים", לויט דער פּוילישער לאָזונג „אָד מאָזשא דאָ מאָזשא", וואָס דאָס האָט געמיינט, פון באלטיק ביזן שווארצן ים.

אין פּוילן איז שוין דאן אָנגעגאנגען אן אקטיווער קולטור־אויסטויש מיט נאצי־דייטשלאנד. נאצישע זשורנאליסטן זענען געווען אָפטע געסט אין ווארשע און פּוילישע שרייבער זענען געלאדן געוואָרן קיין בערלין, מינכען און נירנבערג. אזעלכע צייטונגען, ווי „א.ב.צ.", „פּראָסטאָ ז'מאָסטו", „פּאלאנגא" און דער קאטוילישער „מאלי דזשיענניק", וואָס האָט געהאט דעם גרעסטן טיראזש צווישן דער טעגלעכער פּרעסע אין פּוילן, האָבן אָפן געשפּילט היטלערס שפּיל.

אפילו די רעגירונגס־פּרעסע האָט מיטגעזונגען דעם זעלבן טאָן פון

האַס צו יידן. אזוי למשל האָט קאָלאָנעל מיעדזשינסקי, רעדאקטאָר פון דער אָפיציעלער „גאזעטא פּאָלסקא", אין אן ארטיקל געפאָדערט, אז ביי די פּוילישע שרייבער פון יידישער אָפּשטאמונג זאָל מען צונעמען דאָס רעכט זיך צו באנוצן מיט דער פּוילישער שפראך. דער פּאָעט־גראפאָמאן, דער הויף־זינגער פון פּוילישן פאשיזם, פּיעטרקיעוויטש, א מין פּוילישער האָרסט וועסל, האָט אפילו גאָר געפאָדערט טויט־שטראָף פאר די פּוילישע פּאָעטן פון יידישער אָפּשטאמונג און דערביי אָנגערופן ספּעציעל ביים נאָמען די פּראָמינענטסטע פּוילישע שרייבער — טובים, וויטלין און סלאָנימסקי.

דער קאָרעספּאָנדענט פון דער בערלינער „נאכט־אויסגאבע", וועלכער איז צוזאמען מיט דרייסיק אנדערע נאצישע קאָרעספּאָנדענטן געווען דער גאסט פון דער פּוילישער רעגירונג נאָך אין יאָר 1934, האָט דאן געשריבן: „איך גלויב, אז די פּאָליאקן זענען אויפן בעסטן וועג זיך צו באפרייען פון דעם באציל פון יידישער מערב־דעמאָקראטיע און פון דער מארקסיסטישער פריימויערישער קולטור".

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט א גרופּע פּוילישע זשורנאליסטן, מערסטנס רעדאקטאָרן פון רעגירונגס־בלעטער, רעוויזיטירט דעם נאצישן פּראָפּאגאנדע־מיניסטער געבעלס און דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ווארשעווער אָוונט־צייטונג „אב.ב.צ." האָט אויף פּאָלגנדיקן אופן געשילדערט די איינדריקן פון זיינע קאָלעגן:

„מיר אלע האָבן געקענט דאָס דייטשלאנד פון ווייטאר, אירע יידיש־מארקסיסטישע רעגירונגען, מיר האָבן געקענט בערלין, די רויטע ציטאַדעלע, די יידישע אויסנוצער, די מיליאָנען ארבעטסלאָזע. היינט, אין היטלער־דייטשלאנד, האָט זיך פיל געענדערט; די יידן און מארקסיסטן זענען פארשוואונדן, די ארבעטסלאָזע אויך. אין דייטשלאנד ווערט געארבעט, ווייל די צוויי גרעסטע שונאים פון דייטשן פאָלק, דער סאָציאליזם און די יידן, זענען אין קאָנצענטראציע־לאגער. דאָס איז א טרייסט און גלייכצייטיק א ביישפּיל פאר אונדז".

די באגייסטערונג פארן נאצי־רעזשים איז כסדר געוואקסן ביי דער פּוילישער רעאקציע און די פּוילישע רעגירונג האָט איינגעלאדן צו זיך די ארכיטעקטן פון אָט דער נייער אָרדענונג. גערינג איז געקומען אויף יאגד

קיין פוילן, געבעלס איז אויפגענומען געוואָרן אין ווארשע און ד"ר האנס פראנק, דער שפּעטערדיקער גובערנאטאָר פון פוילן, איז אויפגענומען גע־וואָרן אויפן קראָקעווער אוניווערסיטעט.

דער גלח טשעציאק, א מין פוילישער „פּאָטערל קאָגלין", האָט אָפט געררייזט קיין נירנבערג און שטוטגארט, ווו ער האָט פארטרעטן פוילן אין דעם אנטי־יידישן אינטערנאציאָנאל. ער האָט אויף פויליש ארויסגע־געבן די „זקני ציון" פּראָטאָקאָלן און אין איינעם פון זיינע העץ־ארטיקלען קעגן יידן באצייכנט היטלערן אלס „דעם נאָכפאָלגער פון דער גרויסער דינאסטיע פון די עלטסטע פויפּסטן". גלח טשעציאק האָט געפאָדערט איינ־צופירן די נירנבערגער געזעצן און זיין פאָדערונג האָט שנעל געפונען פּראקטישע פארווירקלעכונג. א גאנצע ריי פארבאנדן פון דאָקטוירים, אד־וואָקאטן, אפּטייקער און אינזשיניערן האָבן איינגעפירט ביי זיך דעם „אריער פאראגראף". אויף די אוניווערסיטעטן איז דער „נומערוס קלאַאוּ־זוס" פארוואנדלט געוואָרן אין א „נומערוס נולוס" און די געטאָ־בענק זענען איינגעפירט געוואָרן אויף די אוניווערסיטעטן פון ווארשע, קראָקע, פּויזן, ווילנע און לעמבערג. עס האָט זיך אָנגעהויבן א כוואַליע פון פּאָ־גראָמען אויף די אוניווערסיטעטן און פיל יידישע סטודענטן זענען דער־מאָרדעט געוואָרן.

פוילישע דעמאָקראטן האָבן געשמאכט אין דעם קאָנצענטראציע־לאגער פון קארטוז־בערעזא. די דעמאָקראטישע פּרעסע איז געוואָרן אונ־טערדריקט. די צייטונג פון פארבאנד פון די פוילישע פאָלקס־לערער „גלאָס נאַדזשיעננע", וואָס האָט מיט גרויס מוט געקעמפט קעגן דעם וואקסנדיקן פאשיזם, איז געוואָרן געשלאָסן, אנדערע דעמאָקראטישע בלעטער, ווי דער סאָציאליסטישער „ראָבאָטניק", „דזשיעננניק לודאָווי", ווי אויך די פויליש־יידישע פּרעסע איז אָפט קאָנפיסקירט געוואָרן און אין בעסטן פאל זענען די צייטונגען דערשינען מיט ווייסע פלעקן. דער זעלבער גורל האָט אויך געטראָפן די צייטונג פון פאדערעווסקי „נאָווא פּראַוודא" און די צייטונג פון גענעראל שיקאָרסקי „נאָווא זשעטשפּאָספּאָליטא", און דאָס נאָר דער־פאר, ווייל זיי האָבן קריטיקירט די פּראָ־דייטשע פּאָליטיק פון קאָלאָנעל בעק. יעדע אנטי־דייטשע ארויסטרעטונג איז דאן אין פוילן באטראכט גע־וואָרן אלס מלוכה־פארראט.

די פּראָפעסאָרן מיכאַלאָווסקי און אדאם קושיזשאַנאָווסקי, וועלכע האָבן מיט גרויס מוט פּראָטעסטירט קעגן די געטאָ־בענק אויף די אוניווער־סיטעטן און קעגן דעם וואקסנדיקן עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן יידן, זענען פארשריגן געוואָרן אלס יידן־קנעכט. גאנצע טייכן שמוץ זענען באזונדערס אויסגעגאָסן געוואָרן אויפן קאָפּ פון דעם גרויסן פּוילישן אָריענטאַליסט, פּראָפעסאָר טאדעאוש זאדארעצקי, וועלכער האָט זיין גאנצע ענערגיע גע־ווידמעט דעם קאמף קעגן גלח טשעציאַק און די פארשידענע אנדערע פאר־שפּרייטער פון בלבולים קעגן יידן.

די וואָרענונגס־שטימען פון די פּוילישע דעמאָקראטן זענען פאר־טויבט געוואָרן דורך די היסטערישע געשרייען פון די נאציאָנאַליסטישע סטודענטן, וועלכע האָבן דעמאָנסטרירט פארן הויז פון מאַרשאַל רידז־שמיגלי מיט אויפשריפטן: „וואָדזו, פּראָוואדזש נאָס נאַ קאָוונאָ!" (פירער, פיר אונדז אויף קאָוונע). די זעלבע סטודענטן האָבן אויך אין סעפּטעמבער 1938 מאַרשירט איבער דער וויעזשבאָווא גאס צום בריל־פּאַלאַץ, צום אויסערן־מיניסטעריום פון קאָלאָנעל בעק, און דאָס שמאָלע געסל, וואָס ליגט איצט אין חורבות, איז דאַן פארהילכט געוואָרן מיט געשרייען: „נאַ טשעכוו! ביטש זשידוו! — „לאָמיר מאַרשירן קעגן די טשעכן! לאָ־מיר שלאָגן די יידן!"

דאָס איז דער הינטערגרונט, אויף וועלכן עס ווערט געבויט דאָס נייע פּוילן. אין מיט פון פינסטערן מיטלאַלטער, אין מיט פון ווילדן אנטי־סעמיטיזם, ווילקיר און הפקרות, וואָס דער נאציזם האָט נאָך באקרעפטיקט אין פּוילן, ווערן דורכגעפירט פונדאמענטאַלע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע רעפאָרמען.

קאפיטל אכט

# די בלוטלאָזע רעוואָלוציע

אין קעגנזאַץ צו רוסלאַנד איז דער מעכטיקער פּריצישער קלאַס, וואָס האָט אַלעמאָל דעצידירט וועגן דעם פּאָליטישן גורל פון פּוילן, באַזייטיקט געוואָרן דורך אַ בלוטלאָזער רעוואָלוציע.

די גרויסע גיטער, וואָס זענען אַלעמאָל אין פּוילן געווען די נעסטן פון פּאָליטישע אינטריגעס, זענען צעטיילט געוואָרן צווישן די ערדלאָזע פּויערים. די געוועזענע אייגנטימער געפינען זיך מערסטנס אין אויסלאַנד. אַ טייל געפינט זיך נאָך אין די רייען פון די אונטערערדישע גרופּן און אַנדערע זיצן צוריקגעצויגן און לעבן פון זייערע לעצטע רעזערוון, אָדער פון האַנדל.

דאָס אויפלייזן דעם פּריצישן קלאַס איז די גרעסטע סאָציאַלע איבערקערעניש אין דער געשיכטע פון פּוילן. ערשט נעכטן האָבן די פּריצים מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ וויכטיקע פּאָליטישע קראַפט און איצט זענען זיי שוין אַלס פּאָליטישער פאַקטאָר אינגאַנצן אומבאַמערקבאַר.

דער פאַרנעם פון דער סאָציאַלער איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אויפן פּוילישן דאָרף, אין רעזולטאַט פון דער אַגראַר־רעפאָרם, שפּיגלט זיך אָפּ קלאָר אין עטלעכע ציפערן. דאָס לאַנד, וואָס איז צוגענומען געוואָרן ביי 8.830 גרויסע פּריצים, איז צעטיילט געוואָרן צווישן 382.000 פאַמיליעס פון לאַנדלאָזע און אָרימע פּויערים, וואָס ציילן אַן ערך 1.850.000 נפשות. העכער 38 פּראָצענט פון זיי זענען געווען אַגריקולטור־אַרבעטער. דאָס איז דער אָרימסטער און צאָלרייכער קלאַס פון פּוילישן דאָרפס־פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זינט די אַלטע צייטן פון דער „פּאַנשטשיזנאַ" געחלומט וועגן אַן אייגן שטיקל ערד.

די אינדוסטרי אין פארמלחמהדיקן פוילן האָט זיך נישט אנטוויקלט גענוג שטארק, כדי צו קענען איינזאפּן דעם גרויסן רעזערוואר פון אר־בעטס־הענט. די ערדלאָזע פּויערים זענען דעריבער געבליבן צוגעבונדן צו זייער דאָרף, ווו זיי האָבן פון דור צו דור געלעבט אין שרעקלעכער נויט און צוריקגעשטאנענקייט.

כדי צו פארשטיין די אומגעזונטע סטרוקטור פון פּוילישן דאָרף, איז גענוג צו דערמאָנען, אז אין פארמלחמהדיקן פּוילן איז 45 פּראָצענט פון לאנד געווען אין באזיץ פון אן ערך 19.000 גרויסע גוט־באזיצער, בעת מיליאָנען פּויערים זענען געווען ערדלאָז, אָדער האָבן זיך געשטיקט אויף קליינע ווירטשאפטן, פון וועלכע עס איז נישט מעגלעך געווען אויסצוהאלטן קיין פאמיליע. די נויט אויפן דאָרף, די מינימאלע קויף־קראפט פון די ברייטע פּויערים־מאסן, וואָס האָבן באטראָפן צוויי דריטל פון דער אלגע־מיינער באפעלקערונג אין פּוילן, איז אויך געווען די סיבה פון דעם כראָ־נישן קריזיס אין דער אינדוסטרי און אין האנדל. דער באגרענעצטער אָפּ־זאץ־מארק איז געווען דער וויכטיקסטער כאראקטער־שטריך פון דער צו־ריקגעשטאנענקייט פון פּוילישן ווירטשאפטלעכן לעבן.

צווישן די פּוילישע עקאָנאָמיסטן איז קיינמאָל נישט געווען קיין מיינונגס־פארשידנקייט וועגן דעם, אז די סטרוקטור פון פּוילישן דאָרף איז אן אומגעזונטע און אז די פּויערים דארפן באקומען ערד. גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, האָט דער פּוילישער פארלאמענט דעם 10טן יולי 1919 דורכגעפירט א געזעץ וועגן אגראר־רעפאָרם. די גרויסע גוט־באזיצער זענען אָבער געווען א צו שטארקע פּאָליטישע קראפט און האָבן נישט דערלאָזט רעאליזירן דאָס דאָזיקע געזעץ. ביזן יאָר 1925 איז די אגראר־רעפאָרם פארבליבן בלויז אויפן פּאפּיר אין דער פאָרם פון 13 געזעצן, 2 באפעלן פון מלוכה־פּרעזידענט, 5 פאראָרדע־נונגען פון מיניסטאָרן־ראט און 10 פאראָרדענונגען פון אגריקולטור־מי־ניסטעריום, אָדער פון דעם איינגעשטעלטן לאנד־אמט פאר דער אגראר־רעפאָרם. דערווייל האָבן אן ערך 10.000.000 אָרימע פּויערים אומזיסט געוואַרט אויף דער צוגעזאָגטער ערד.

ענדלעך, אין דעצעמבער 1925, איז דורכגעפירט געוואָרן דאָס פער־צנטע געזעץ פון אגראר־רעפאָרם, וואָס האָט באשטימט, אז יעדעס יאָר

דארפן פארטײלט װערן נישט מער װי 200.000 העקטאר פון די גרויסע גיטער. אזוי ארום האָט דער פּראָצעס פון צעטײלן די גרויסע גיטער באַדארפט זיך פארציען אזש ביזן יאָר 1965.

די דאָזיקע נישטיקע רעפאָרם האָט אלזאָ נישט באדײט קײן שום קאָנקרעטע ענדערונג אין דער סטרוקטור פון פּױלישן דאָרף. די פארצעלאציע איז געװען א פריװיליקע. מען האָט די פּריצים געצאָלט פאר דער ערד און די פּויערים, װעלכע האָבן די ערד באקומען, זענען געװאָרן שטארק פארשולדיקט. די רעפאָרם האָט זיך אלזאָ נישט פיל אונטערשײדט פון א געװענלעכן פארקויף.

אנדערש איז אָבער געשען מיט דער לאנד־רעפאָרם איצט. דער פּוילישער קאָמיטעט פון נאציאָנאלער באפרײאונג האָט גלײך נאָך זײן קאָנסטיטואירונג, אין יאָר 1944, פארעפנטלעכט א מאַניפעסט צום פּוילישן פאָלק, אין װעלכן עס איז צװישן אנדערן געזאָגט געװאָרן:

„כדי צוצואײלן דעם װידעראויפבוי פון לאנד און צו שטילן דעם דורות־לאנגן הונגער פון די פּוילישע פּויערים נאָך ערד, װעט דער פּוילישער קאָמיטעט פאר נאציאָנאלער באפרײאונג אָנהײבן דורכפירן א ברײט־פארמאָסטענע אגראר־רעפאָרם אין די באפרײטע געביטן".

די דעקלאראציע האָט געפונען איר פארװירקלעכונג אין דעם דעקרעט פון 6טן סעפּטעמבער 1944 װעגן דער אגראר־רעפאָרם, װאָס איז דערקלערט געװאָרן אלס א נאציאָנאלע און עקאָנאָמישע נויטװענדיקײט". דער דעקרעט שטעלט פעסט, אז די פּוילישע פּויערים װארטן שױן אויף דער דאָזיקער רעפאָרם זינט יאָרהונדערטער און אז די נײע סטרוקטור פון פּוילישן דאָרף װעט זיך באזירן אויף א שטארקן, געזונטן און פּראָדוקטיװן סיסטעם פון קלײנע װירטשאפטן, װאָס װעלן זײן דאָס פּריװאטע אײגנטום פון זײערע באזיצערס".

די 8.830 גרויסע גיטער, װאָס זענען באשטימט געװאָרן צו דער פארטײלונג, האָבן באלאנגט צו די פאָלגנדיקע פיר קאטעגאָריעס: 1. װירטשאפטן, װאָס האָבן שױן פריער באלאנגט צו דער מלוכה; 2. גרויסע גיטער, װאָס האָבן באלאנגט צו דײטשן, אָדער פּערזאָנען, װעלכע האָבן אָנגענומען דײטשע בירגערשאפט; 3. גיטער פון פּערזאָנען, װעלכע זענען פאראורטײלט געװאָרן פאר פארראט, דעזערציע אָדער קאָאָפּעראציע מיטן אָקו־

פאנט; 4. גיטער פון העכער 100 העקטאר לאנד, אָדער אזעלכע, וואָס האָבן העכער 50 העקטאר נוצבארע ערד; אין די מערב־געביטן פון דער פויזנער וואָיעוואָדשאפט, אין פּאָמערן און אין שלעזיע זענען צעטיילט געוואָרן אלע גיטער פון העכער 100 העקטאר לאנד, אָן אונטערשיד, וויפל נוצבארע ערד זיי אנטהאלטן.

דאָס געזעץ גיט די עקספּראָפּריאירטע גוטבאזיצער דאָס רעכט צו באקומען אן אייגענע, קליינעווירטשאפט, אָבער אויסער די גרענעצן פון דעם דיסטריקט, אין וועלכן זיי האָבן געהאט זייער גוט. אויב זיי ווילן נישט געניסן פון דעם דאָזיקן רעכט, ווערט זיי אלס אנטשעדיקונג צוגע־טיילט א מאָנאטלעך געהאלט אין דער הויך פון דעם געהאלט, וואָס עס באקומט א מלוכה־באאמטער פון דער זעקסטער קאטעגאָריע.

די אויספּארצעלירטע 4.242.949 העקטאר לאנד פון די 8.830 גרויסע גיטער באטרעפן 21 פּראָצענט פון דעם אלגעמיינעם שטח לאנד. דערפון זענען 1.844.771 העקטאר וואלד אריבער אין רשות פון דער מלוכה, וואָס האָט נאָך פארן קריג קאָנטראָלירט מער ווי א העלפט פון אלע עקספּלאָ־אטירטע וועלדער אין פּוילן. אויסער דעם זענען נאָך העכער צוויי מיליאָן העקטאר לאנד געבליבן צו פּארטיילן.

די צעטיילונג פון די גיטער איז דער ערשטער פונדאמענטאלער שריט צום איבערבוי פון פּוילישן דאָרף. דאָס איז געווען א רעפאָרם פון א סאָ־ציאלן כאראקטער. איצט פארמעסט זיך די רעגירונג אויף א גרויסער אָנ־שטרענגונג, וואָס דארף פירן צו דער עקאָנאָמישער אויפריכטונג פון דער רואינירטער פּוילישער לאנדווירטשאפט. דער נאצישער אָקופּאנט האָט אלץ אויסגערויבט, אויפגעפרעסן און פארניכטעט. דאָס דאָרף האָט נישט קיין מאשינען, קיין מכשירים און עס איז פולשטענדיק אויסגעליידיקט געוואָרן פון בהמות. אין מאָמענט פון דער באפרייאונג האָט די אלגעמיינע צאָל בהמות אין פּוילן באטראָפן קוים א דריטל, אין פארגלייך מיטן צושטאנד פון יאָר 1938.

דער דריי־יאָריקער ווירטשאפט־פּלאן, וואָס זעט פאָראויס א קאָלאָ־סאלע אנטוויקלונג פון דער אינדוסטרי, איז אָבער זייער פּאָרזיכטיק אין דעם טייל, וואָס באציט זיך צו דער לאנדווירטשאפט. די מחברים פון דעם פּלאן זענען קלאָר און רעאליסטיש אלע שוועריקייטן, וואָס שטייען אויפן

וועג פון הייבן דעם וווילשטאנד פון דאָרף און די פּראָדוקטיוויטעט פון די אינדיווידועלע קליינע פארמס. צוליב דעם טאקע ווערט פּאָראויסגעזען, אז נאָך דריי יאָר, אלזאָ ביים סוף פון יאָר 1949, וועט די פּראָדוקציע פון איין העקטאר לאנד אויפן געביט פון תבואה נאָך אפילו נישט דערגרייכן דעם פארמלחמהדיקן צושטאנד. דאָס באדייט אָבער נישט קיין ערנסטע געפאר פאר דער באפעלקערונג, ווייל הגם די אלגעמיינע לאנדווירטשאפט־לעכע פּראָדוקציע וועט, אין פארגלייך מיטן יאָר 1938, דערגרייכן בלויז 80 פּראָצענט, וועט זי אָבער „פּער קאפּיטא״ באטרעפן 110 פּראָצענט, און דאָס צוליב דעם טראגישן פאקט, וואָס די באפעלקערונג פון פּוילן איז פון 35 מיליאָן געוואָרן פארקלענערט אויף 25 מיליאָן.

די לייטער פון דער פּוילישער ווירטשאפט זעען פּאָראויס דעם גרויסן אויפשוואונג פון דער לאנדווירטשאפט ערשט נאָך דער אויספירונג פון ערשטן דריי־יאָריקן פּלאן פון אויפבוי, וואָס דארף שאפן די טעכנישע באזע פאר דער אנטוויקלונג פון צוריקגעשטאנענעם פּוילישן דאָרף. צוליב דעם טאקע ווערט פיל אכט געלייגט אויף דער עלעקטריפיקאציע פון דאָרף. לויט דעם פּלאן וועלן ביזן יאָר 1950 עלעקטריפיצירט ווערן גאנצע 420 דערפער, בעת אין משך פון די צוואנציק יאָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט פּוילן באוויזן צו עלעקטריפיצירן קוים 460 דערפער. חוץ דער עלעק־טריפיקאציע דארף אויך אין פארגלייך מיטן יאָר 1938 מער ווי פארטאָ־פּלט ווערן דער ווערט פון די פּראָדוצירטע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינען און דער פארברויך פון קינסטלעכער באמיסטיקונג דארף דערגרייכן 152 פּראָצענט אין פארגלייך מיט פאר דער מלחמה.

ביים אויפבוי פון פּוילישן דאָרף און ביי דער באפעסטיקונג פון דער אגראר־רעפאָרם שפּילט גאָר א וויכטיקע ראָל די קאָאָפּעראטיווע באַ־וועגונג, די ניי־אנטשטאנענע קאָאָפּעראטיוון פון דער „סאמאָפּאָמאָץ כלאָפּסקא״. נאָכן ערשטן יאָר האָט שוין די אָרגאניזאציע געציילט אן ערך אנדערהאלבן טויזנט קאָאָפּעראטיוון מיט 150.000 מיטגלידער. די ערשטע אויפגאבע פון די דאָזיקע קאָאָפּעראטיוון איז געווען צו פארוואלטן מיט די פארשידענע אונטערנעמונגען פון די פארצעלירטע גיטער, ווי מילן, ביר־ברויערייען, בראָנפן און צוקער־פאבריקן. אין קעגנזאץ צו די אלטע דאָרפס־קאָאָפּעראטיוון „ספּאָלעם״, וואָס האָבן הויפּטזעכלעך א כאראקטער פון

האנדלס־אונטערנעמונגען, קאָנצענטרירט זיך די „סאמאָפּאָמאָץ כלאָפּסקא" אויף אנטוויקלען די לאנדווירטשאפטלעכע אינדוסטריע. זי פארלייגט סטא־ציעס פאר באדינען די קלענערע פּויערישע ווירטשאפטן מיט מאשינען, סקלאדעס פאר תבואה און פרוכטן, קרעדיט־קאסעס און אנטוויקלען אויך א קולטור־טעטיקייט.

אין משך פון ערשטן יאָר האָט די „פּויערישע זעלבסטהילף" גענומען אונטער איר רשות העכער הונדערט דאָרפישע מיטלשולן, האָט אָרגאני־זירט ביבליאָטעקן, א פארלאג פאר ארויסגעבן ספּעציעלע ביכער פארן דאָרף, טעאטערן, קלובן, ווי אויך טעכנישע קורסן צו הייבן דעם אגראָנאָמישן וויסן צווישן די פּויערים. חוץ דעם איז אויך פארלייגט געוואָרן א גרויסע צאָל געזונטהייטס־פּונקטן און אמבולאטאָריעס צו הייבן דעם היגיענישן צו־שטאנד אויפן דאָרף.

דאָס פּוילישע דאָרף ציילט אין ערך 50 פּראָצענט אנאלפאבעטן. די צאָל טובערקולאָזע צווישן דער פּויערישער באפעלקערונג ווערט בארעכנט אויף עטלעכע מיליאָן. דאָס פארנאכלעסיקטע פּוילישע דאָרף פּאָדערט אן ארבעט פון די פונדאמענטן. צווישן די לייטער פון דער ווירטשאפט־פּאָ־ליטיק איז פאראן דער טיפער באוווּסטזיין, אז די אגראר־רעפאָרם, אָן דעם הייבן פון טעכנישן און סאָציאלן ניוואָ פון דאָרף, קען דערפירן צו א דורכפאל פון דעם גאנצן עקספּערימענט.

די ברייט־פארמאָסטענע קאָאָפּעראטיווע באוועגונג דארף דעריבער ווערן דער מאָטאָר פונעם פּאָרשריט אויפן דאָרף, וואָס זאָל אויך שטופנווייז גיוועלירן דעם תהום צווישן אָרימערן און רייכערן פּויער און אזוי ארום פארמיידן ווייטערדיקע סאָציאלע קריזיסן.

דער פּוילישער פּויער, ביי וועמען עס איז שטארק דאָס געפיל פון פּריוואט־אייגנטום, שרעקט זיך פאר דער דאָזיקער נייער קאָאָפּעראטיווער באוועגונג, וואָס נעמט זיך צעוואקסן אויפן דאָרף און ווערט קאָנטראָלירט דורך דער רעגירונג. עס וועקט זיך ביי אים דער פארדאכט, אז דאָס איז א פאסטקע פאר דער צוקינפטיקער קאָלעקטיוויזאציע; אז דאָס שטיקל לאנד, וואָס ער האָט באקומען אלס אייגנטום, איז נישט מער ווי אויף דערווייל און אז מיט דער צייט וועלן די אלע קליינע ווירטשאפטן ווערן צונויפגע־גאָסן אין ריזיקע קאָלכאָזן, ענלעך ווי אין סאָוועט־רוסלאנד.

דער פּויער, וועלכער גענײסט פון דער קאָאָפּעראַטיווער מעכאַנישער הילף ביים באַארבעטן דאָס לאַנד, שרעקט זיך, אז דאָס וועט אים מיט דער צייט פאַרשלינגען, צורויבן זיינע פּרייהייטן און אים בינדן די הענט; אז דאָס איז א פאַרשטעלטע פאָרם פון סאָוויעטיזאַציע, פּונקט ווי זיי זעען אין דער פּ.פּ.ר. א פאַרשטעלטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

די רעגירונג באַמיט זיך אָפּצושוואַכן דעם דאָזיקן פאַרדאַכט און גרעניצט זיך אָפּ פון יעדער מין פּאָרווורף וועגן סאָוויעטיזאַציע. דאָס ווערט געטון דורך די סאַמע פּראָמינענטסטע פירער פון דער פּ.פּ.ר. (קיין קאָמו־ניסטישע פּאַרטיי עקזיסטירט נישט אין פּוילן) מיט וויצע־פּרעמיער גאָמול־קאַ אין דער שפּיץ. אויף א פּויערים־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע האָט גאָ־מולקאַ גאַנץ באַזונדערס זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שרעק פאַר דער סאָ־וויעטיזאַציע אויפן דאָרף און געשילדערט די רעאַקציע, וואָס עס רופט אַרויס צווישן די פּויערים דאָס באַוויזן זיך פון א טראַקטאָר. די פּויערים שעפּטשען דאַן צווישן זיך: „דו זעסט, עס הייבט זיך שוין אָן. עס באַווייזן זיך שוין די ערשטע שוואַלבן פון די קאָלכאָזן — די טראַקטאָרן".

די דאָזיקע שרעק צווישן די פּוילישע פּויערים ווערט נאָך צעבלאָזן דורך דער אָפּאָזיציע און די רעגירונג האָט דעריבער א שווערע אויפגאַבע איבערצוצייגן די פּויערים, וועלכע זענען פון דער נאַטור פול מיט פאַר־דאַכט, אז אין פּוילן ווערט נישט געפּלאַנט קיין שום סאָוויעטיזאַציע.

* * *

פּאַראַלעל מיט דער לאַנד־רעפאָרם איז געקומען די נאַציאָנאַליזירונג פון דער גרויס־אינדוסטרי, וואָס איז לויט די טעאָרעטיקער פון דעם איצ־טיקן פּוילישן רעזשים געווען א נויטווענדיקייט פאַר דעם שנעלן אויפבוי פון חרובן לאַנד און פאַרן הייבן דעם וווילשטאַנד פון דער באַפעלקערונג סיי אין דאָרף און סיי אין שטאָט.

לויט דעם אינדוסטרי־מיניסטער הילאַרי מינץ וואָלט געווען אומ־מעגלעך אויפצובויען די חרובע פּוילישע אינדוסטרי אויף דער באַזע פון פּריוואַטער איניציאַטיוו. ביים פאַרטיידיקן דאָס געזעץ וועגן דער נאַציאָ־נאַליזאַציע האָט הילאַרי מינץ כסדר אונטערגעשטראָכן די פּראַקטישע נויט־ווענדיקייט און נישט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן.

# די פירער פון נייעם פוילן



פרעזידענט באָלעסלאוו ביערוט



מארשאל ראלא-זשימירסקי



פרעמיער יוזעף ציראנקעוויטש



מיניסטער הילארי מינץ

אלס א באשטעטיקונג דערויף, אז דאָ האנדלט זיך נישט וועגן אָפּ־שאפן דאָס פּריוואט־אייגנטום, נאָר וועגן שנעל אויפבויען דאָס לאנד, ברענגט מינץ דעם פאקט, אז גלייכצייטיק מיט דעם געזעץ וועגן נאציאָ־נאליזאציע איז אויך דורכגעפירט געוואָרן דאָס געזעץ וועגן שטיצן פּריי־וואטע איניציאטיוו אין דער אינדוסטריע. די דאָזיקע ביידע געזעץ־פּראָיעקטן זענען טאקע דעם 2טן יאנואר 1946 איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן דורך דעם צייטווייליקן פּוילישן פּארלאמענט.

ביים אריינטראָגן די דאָזיקע צוויי געזעץ־פּראָיעקטן האָט הילארי מינץ, אין א רעדע פארן פּארלאמענט, אויפגעוויזן, אז פארן קריג איז די פּוילישע אינדוסטריע געווען קאָנטראָלירט דורך מאָנאָפּאָליסטישע קארטעלן, וואָס האָבן געפירט א פּאָליטיק פון איינשרענקען די פּראָדוקציע און אָנ־האלטן הויכע פּרייזן. אזוי ארום זענען די קארטעלן געשטאנען אין וועג צום עקאָנאָמישן פּאָרשריט פון פּוילן. דער סיסטעם פון פּריוואטע קאר־טעלן האָט נישט באוויזן צו העכערן דעם לעבנססטאנדארד פון פאָלק, נאָר פארקערט, האָט געפירט צו כסדרדיקע קריזיסן און ארבעטסלאָזיקייט.

דער צווייטער ארגומענט לטובת דער נאַציאָנאליזאציע פון דער גרויס־אינדוסטריע איז, לויט הילארי מינץ, געווען דער פאקט, וואָס פארן קריג איז די פּוילישע אינדוסטריע אין א באדייטנדיקער מאָס געווען קאָנ־טראָלירט דורך אויסלענדישן קאפּיטאל, הויפּטזעכלעך דורך דייטשע פינאנץ־קאָנצערנס. דער דאָזיקער פאקט האָט געשטעלט אונטער א פראגעצייכן נישט נאָר די ווירטשאפטלעכע, נאָר אויך די פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן. דורך עקאָנאָמישע קאנאלן איז טאקע די דייטשן געלונגען גאנץ פּוילן צו פארוועבן אין א נעץ פון אגענטן און שפּיאָנען, וועלכע האָבן אין געהעריקן מאָמענט געשפּילט די ראָלע פון א מעכטיקער „פינפטער קאָלאָנע".

אין ערך 40 פּראָצענט פון אלע אינוועסטירונגען אין פּוילן האָבן זיך געפונען אין די הענט פון אויסלענדישע פינאנץ־קערפּערשאפטן, און דאָס גראָד אין די וויכטיקסטע אינדוסטרי־צווייגן. אין דער גרובן־אינ־דוסטריע האָט דער אָנטייל פון אויסלענדישן קאפּיטאל באטראָפן 52 פּראָ־צענט, אין דער כעמישער אינדוסטריע — 60 פּראָצענט, אין דער עלעקטרי־שער אינדוסטריע — 66 פּראָצענט און אין די אנשטאלטן פון עפנטלעכן דינסט, ווי עלעקטרישע קראפט, טעלעפאָן, גאז א״א״וו — 81 פּראָצענט.

אויב מען וואָלט אין פּוילן היינט די שליסל־אינדוסטריען איבערגע־לאָזט אין פּריוואטע הענט —באהויפּטעט הילארי מינץ— וואָלט זיך דאָס זעלבע איבערגעחזרט אויך איצט, ווייל די חרובע פּוילישע אינדוסטרי האָט שוין זיכער נישט קיין אייגענע קאפּיטאל־רעסורסן און וואָלט געמוזט ארונ־טערפאלן אונטער דער קאָנטראָל פון אויסלענדישע פינאנסיסטן.

„מיר גיבן זיך אָפּ א דין וחשבון —פּירט אויס הילארי מינץ— אז א לאנד, אין וועלכן די פונדאמענטאלע עקאָנאָמישע מיטלען געפינען זיך אין פרעמדע הענט, ווערט א קאָלאָניע אָדער האלב־קאָלאָניע פון אויסלענ־דישן קאפּיטאל. מיר ווילן זיין א פריי און אומאָפּהענגיק לאנד נישט בלויז לויט באַמבאסטישע פראזן, נאָר טאקע פאקטיש, אין דער ווירקלעכקייט. דאָס איז איינע פון די מאָטיוון, פארוואָס די מלוכה דארף איבערנעמען די גרויס־אינדוסטרי".

אין דער אינטערפּרעטאציע פון הילארי מינץ שטעלט דאָס אינדוס־טריאליזאציע־געזעץ אין פּוילן נישט פאָר מיט זיך קיין שום רעוואָלוציאָ־נערע מאסנאמען, און דאָס צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל אין קעגנזאץ צו דער אגראר־רעפאָרם ווערט דאָ אָנערקענט דער פּרינציפּ פון אנטשע־דיקונג, און צווייטנס, ווייל דער גרעסטער טייל פון די אונטערנעמונגען, וואָס ווערן ארומגענומען דורך דעם נייעם געזעץ, זענען דורך די אומשטענדן אָנגעוואָרפן געוואָרן דער מלוכה.

„אין די ערשטע טעג נאָך דער באפרייאונג האָבן כמעט אלע מיטעלע און גרויסע אינדוסטרי־אונטערנעמונגען, און אָפט אויך די קלענערע, פאק־טיש זיך געפונען אין די הענט פון די ארבעטער. א טייל פון די אייגנטימער זענען געווען דייטשן, אָדער פערזאָנען, וועלכע האָבן פארטרעטן זייערע אינטערעסן, און זיי זענען אנטלאָפן מיט דער דייטשער ארמיי. אנדערע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך דעם נאצישן אָקופּאנט, אָדער זענען אנטלאָפן קיין אויסלאנד. די איבעריקע האָבן מיינסטנס איבערגעלאָזט די פאבריקן אינגאנצן חרוב אָדער צעשטערט... פאר דער מלוכה איז דערוי־בער נישט געשטאנען די פראגע, וועלכע אונטערנעמונגען עס דארפן אי־בערגענומען ווערן, נאָר וועלכע עס דארפן גאָר צוריק אָפּגעגעבן ווערן צו זייערע פריערדיקע אייגנטימער".

וואָס אָנבאלאנגט די אנטשעדיקונגען, ווערט אין דעם נאציאָנאלי־

זירונגס־געזעץ געמאַכט אַ גאַנצע רייע אויסנאַמען, אונטער וועלכע עס פאַלן אַרונטער גאַנצע צוויי דריטל פון די נאַציאָנאַליזירטע אונטערנעמונגען. אַזוי למשל ווערט קיין שום אנטשעדיקונג נישט געצאָלט פאַר די איבערגענו־מענע פאַבריקן אין די נייע טעריטאָריעס, פאַר דייטשע פאַבריקן אין אַנ־דערע טיילן פון פוילן, ווי אויך נישט פאַר אונטערנעמונגען, וואָס זענען קאָנטראָלירט געווען דורך דייטשן קאַפּיטאַל, פאַר קאָנצערנען, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן צום דייטשן אָקופּאַנט בעתן קריג, פאַר פאַבריקן פון פוילישע בירגער, וועלכע ווערן באַשולדיקט אין מיטאַרבעטן מיטן שונא, ווי אויך אונטערנעמונגען, וועמענס אייגנטימער אָדער דירעקטע קרובים זענען טויט.

אונטער אָט די אויבן־אויסגערעכנטע קאַטעגאָריעס פאַלט אַרונטער די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די נאַציאָנאַליזירטע אונטערנעמונגען, און בלויז איין דריטל האָט געהערט צו לאָיאַלע פּאָליאַקן אָדער אויסלענדישע אייגנטימער פון פריינטלעכע מלוכות, וועלכע דאַרפן באַקומען אַנטשעדי־קונג פאַר זייערע נאַציאָנאַליזירטע אונטערנעמונגען.

לויט דעם געזעץ זענען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן אַלע אונטערנעמונ־גען, וואָס באַשעפטיקן מער ווי פופציק פּערזאָן אין אַ שיכט. עס קען זיך אַלזאָ אויסדאַכטן, אַז נאָך דער דאָזיקער רעפאָרם זענען שוין זייער ווייניק אונטערנעמונגען פאַרבליבן אין פּריוואַטע הענט. דער ענין איז אָבער גאַנץ אַנדערש. אין פּוילן איז די אינדוסטרי געווען שוואַך קאָנצענטרירט און אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 22.789 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָבן בלויז 2.775 באַשעפטיקט מער ווי צו 50 אַרבעטער — דאָס הייסט קוים 12 פּראָצענט. אין די פּוילישע פאַרהעלטענישן ווערט אַלזאָ אַ פאַבריק, וואָס באַשעפּטיקט העכער 50 פּערזאָן, פאַררעכנט צו דער קאַטעגאָריע פון גרעסערע אונטערנעמונגען. די פּוילישע עקאָנאָמיסטן מאַכן דעם חשבון, אַז נאָכן דורכפירן די נאַציאָנאַליזאַציע זענען נאָך העכער 60 פּראָצענט פון אַלע לוין־אַרבעטער באַשעפטיקט אין פּריוואַטע האַנדלס און אינדוסטרי־אונטערנעמונגען.

אין דעם געזעץ וועגן דערמוטיקן פּריוואַטע איניציאַטיוו אין האַנדל און אינדוסטרי ווערט פּאָראויסגעזען, אַז די אונטערנעמונגען, וואָס פאַר־בלייבן אין פּריוואַטע הענט, זענען נישט באַדראָאָט דורך דער נאַציאָנאַלי־

זאַציע, אַפילו ווען זיי וועלן זיך אַנטוויקלען און באַשעפטיקן מער ווי 50 אַרבעטער.

באַזונדערס ווערט די פּריוואַטע איניציאַטיוו דערמוטיקט אין דער בוי־אינדוסטריע, וואָס פאַלט אינגאַנצן נישט אונטער אונטער דעם געזעץ וועגן נאַציאָנאַליזאַציע. אויף דעם געביט האָבן זיך געשאַפן פיל קאָאָפּע־ראַטיוון, וואָס באַקומען פון דער רעגירונג קרעדיטן און אַנדערע שטיצע, אָבער דאָך שפּילט די פּריוואַטע איניציאַטיוו אויף דעם געביט אַ גרויסע ראָלע.

די פּריוואַטע אונטערנעמונגען אין פּוילן באַקומען פולע אונטער־שטיצונג פון דער רעגירונג, אָבער צווישן די אונטערנעמער, פּונקט ווי צווישן די פּויערים, הערשט אַ פאַרדאַכט, אַז דאָס דערמוטיקן פּריוואַטע איניציאַ־טיוו איז בלויז אַ צייטווייליקע פּאָליטיק, וואָס וועט דויערן בלויז דורך דער צייט פון אויפבוי, און שפּעטער וועלן זייערע אונטערנעמונגען אויך ווערן נאַציאָנאַליזירט. דער דאָזיקער אומצוטרוי האַלט אָפּ די אייגנטימער פון אַנטוויקלען זייערע אונטערנעמונגען, טראָץ דעם, וואָס עס הערשט אַ גרויסע נאָכפראַגע אויף אַלע סחורות.

איך האָב זיך געטראָפן מיט אייגנטימער פון קליינע פאַבריקן אָדער האַנדלס־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן נאָענטע קרובים אין די הויכע רע־גירונגס־קרייזן, און טראָץ זייערע פאַרזיכערונגען, אַז קיין שום ווייטערע נאַציאָנאַליזאַציע ווערט נישט געפּלאַנט, ווילן זיי דערין נישט גלויבן. צווישן די פּוילישע געשעפטסלייט לעבט נאָך אַלץ די דעראינערונג וועגן דעם סאָ־וועטישן „נעפּ" און אַלע פאַרזיכערונגען מצד דער רעגירונג, אַז אין פּוילן פּלאַנט מען נישט צו גיין אויף די זעלבע וועגן, ברענגען נישט קיין שום רעזולטאַטן. די אייגנטימער פון קליינע פאַבריקן מאַכן גלענצנדיקע גע־שעפטן, אָבער זיי אינוועסטירן נישט און באַמיען זיך בלויז אַרויסצושלעפּן וואָס גרעסערע פּראָפיטן, כדי צו קענען אָן פאַרלוסטן ליקווידירן זייערע אונטערנעמונגען, אין פאַל, ווען עס וואָלטן פאָרגעקומען וועלכע עס איז ענדערונגען.

עס איז נאַטירלעך, אַז צוליב דער שטימונג פון אומצוטרוי בלייבט די פּריוואַטע איניציאַטיוו שוואַך און די נאַציאָנאַליזירטע אינדוסטריע שפּילט

אלץ מער און מער די דעצידירנדיקע ראָלע אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד.

נאָך דעם ווי די מלוכה האָט איבערגענומען די גרויס־אינדוסטרי, איז פּוילן צוגעטרעטן אויסצואַרבעטן דעם ערשטן ווירטשאַפטלעכן פּלאַן פאַר די נאָענטסטע דריי יאָר, 1947־1949. דער דאָזיקער רעקאָנסטרוקציע־פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער לעצטער סעסיע פון צייטווייליקן פּאַר־לאַמענט, אין סעפּטעמבער 1946, און זעט פאָראויס א גרויסן אויפשוווּנג פון דער פּראָדוקציע.

די מחברים פון פּלאַן שטרייכן אונטער, אז אלס הויפּט־ציל ווערט געשטעלט דאָס העכערן דעם וווילשטאַנד פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז אויסגעהונגערט און האָט נאָך ווייט נישט דערגרייכט אפילו דעם זייער ני־דעריקן לעבנס־סטאַנדאַרד פון פאַר דער מלחמה.

ביים אריינטראָגן דעם דאָזיקן רעקאָנסטרוקציע־פּלאַן אין פּאַרלאַ־מענט האָט הילאַרי מינץ אויפגעוויזן, אז אויב די העכערונג פון דער קאָנ־סומפּציע איז ארויסגערוקט געוואָרן אלס הויפּט־ציל פאַר די נאָענטסטע דריי יאָר, איז דאָס מעגלעך געווען א דאַנק צוויי גינסטיקע מאָמענטן פאַר דעם ווירטשאַפטלעכן אויפבוי פון פּוילן. ערשטנס דערפאַר, ווייל פּוילן האָט אין די נייע מערב־געביטן באַקומען א שטאַרקע באַזע פון שווערער אינדוסטרי, וואָס קען גלייך צוטרעטן צו פּראָדוצירן סחורות פאַר דער מאַסן־קאָנסומפּציע, און צווייטנס, ווייל פּוילן האָט איצט נישט מער פאַר זיך דאָס פּראָבלעם פון פאַרטיידיקונג. „א דאַנק דער פּאָליטיש־מיליטערי־שער אליאַנץ מיט סאָוועט־רוסלאַנד — פּירט אוים הילאַרי מינץ — מוז פּוילן נישט מאַכן קיין צו גרויסע אָנשטרענגונגען אויפן געביט פון באַ־וואָפענונג און קען זיך קאָנצענטרירן אויף צושטעלן דער באַפעלקערונג סחורות פון ערשטן געברויך".

לויט דעם פּלאַן דאַרף ביים סוף פון יאָר 1949 די דורכשניטלעכע הכנסה „פּער קאַפּיטאַ" געהויבן ווערן אויף 50 פּראָצענט, אין פאַרגלייך מיט פאַרן קריג. די פאַרגרעסערטע פאַרדינסטן דאַרפן שאַפן א גרויסע נאָכ־פראַגע אויף קאָנסום־סחורות, אָבער די דאָזיקע נאָכפראַגע, באַוואָרענען זיך די מחברים פון דריי־יאָר־פּלאַן, וועט נישט קענען גלייכמעסיק באַפרידיקט

ווערן. דאָך וועט אין א גאַנצער ריי וויכטיקע געביטן אין משך פון די דריי יאָר שוין איבערגעיאָגט ווערן די קאָנסומפּציע פון פאַרן קריג.

דער גרעסטער פּאָרשטריט אין דער פּראָדוקציע פון קאָנסום־סחורות איז פאָראויסגעזען אין דער טעקסטיל־אינדוסטרי. די פּראָדוקציע פון דער ביינוול־אינדוסטרי דאַרף זיך פּאַרטאָפּלען און פון דער וואָל־אינדוסטרי — פאַרדרייפאַכן. אזוי ארום וועט דער פאַרברויך פון ביינוול־שטאָפן דער־גרייכן 103 פּראָצענט, אין פאַרגלייך מיט 1939, פון וואָל־שטאָפן — 200 פּראָצענט און פון זיידנס — 116 פּראָצענט. שוואַכער זענען די פּערספּעק־טיוון פאַר דער פּראָדוקציע פון לעדער־שיך און דאָס צוליב דעם קריטישן צושטאַנד פון פיי־צוכט.

אין אלגעמיין ווערט פּאָראויסגעזען א העכערונג אויף 25 פּראָצענט (אין פאַרגלייך מיט 1939) אין דער פּראָדוקציע פון פאַרברויך־סחורות. אָבער כדי דאָס צו דערגרייכן, וועט די שווערע אינדוסטרי מוזן פאַרגרעסערן די אויסאַרבעטונג פון פּראָדוקציע־מיטלען פאַר דער רואינירטער אינדוסטרי אויף גאַנצע 150 פּראָצענט. אזוי למשל ווערט פּאָראויסגעזען, אז אין יאָר 1949 וועט דער אינדעקס (אין פאַרגלייך מיט 1938) פאַר דער עלעקטרישער ענערגיע באַטרעפן 206, קוילן־פּראָדוקציע — 210, שטאָל — 139, אגרי־קולטור־מאַשינען — 144 און קינסטלעכע באַמיסטיקונג — 160.

צוואַנציק פּראָצענט פון דער אלגעמיינער נאַציאָנאַלער הכנסה ווערט באַשטימט פאַר אינוועסטיציע. דער מלוכה־בודזשעט וועט אויך שטאַרק פאַרגרעסערט ווערן אין פאַרגלייך מיט פאַרן קריג און די גרעסטע העכע־רונג און אויסגאַבן ווערט פּאָראויסגעזען פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, מע־דיצינישער הילף און קודם כל פאַרן שול־וועזן און אנדערע בילדונגס־צוועקן, פאַר וועלכע עס ווערן פּלאַנירט באַזונדערס גרויסע פאָנדן.

ביי יעדער געלעגנהייט ווערט אין פּוילן אונטערגעשטראָכן, אז אויפן געביט פון קאַמף קעגן אנאַלפאַבעטיזם טאָרן נישט זיין קיין שום פינאַנ־ציעלע שטערונגען, אז דערויף מוזן זיך געפינען אלע נויטיקע פאָנדן. די פאַרנאַכלעסיקונג אויפן געביט פון פּאָלקס־בילדונג אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן האָט געבראַכט באַזונדערס קאַטאַסטראָפאַלע רעזולטאַטן אויפן דאָרף. דערצו זענען נאָך צוגעקומען די זעקס יאָר פון נאַצישער אָקופּאַציע, ווען דאָס לערנען אין פּוילן האָט געקענט פּאָרקומען בלויז אונטערערדיש און

קיין שום שולן האָבן נישט עקזיסטירט פאַר פוילישע קינדער. אין רעזולטאַט דערפון איז היינט יעדער צווייטער איינגעווינער אין דאָרף א פולשטענדיקער אָדער האלבער אנאלפאבעט.

נאָך פאַרן קריג האָט דאָס דאָרף געליטן פון דעם אזוי גערופענעם „צוריקקומענדיקן אנאלפאבעטיזם". די קינדער פלעגן אזוי ווייניק זיך אויסלערנען אין די דאָרפישע שולן, אז נאָך א געוויסער צייט פלעגן זיי דאָס אויך פארגעסן און דער פויער האָט דורכגעלעבט זיינע יאָרן, נישט קענענדיק לייענען קיין צייטונג אָדער אָנשרייבן א בריוו. חוץ דעם איז פאַר אַן ערך האלבן מיליאָן קינדער אין פוילן אינגאנצן נישט געווען קיין פלאַץ אין די שולן.

אין די שטעט איז דאָס שול־וועזן געשטאַנען אויף א גאנץ הויכן פעדאגאָגישן ניוואָ. די לערער האָבן שטודירט די פּראָגרעסיווסטע לערן־מעטאָדן און די אידעען פון דעם אמעריקאנער פעדאגאָג און פילאָזאָף דזשאָן דואי האָבן אין פוילן געפונען הייסע אָנהענגער. עס איז אָבער שטענדיק געווען א גרויסער מאנגל אין שול־געביידעס. די קלאַסן זענען געווען איבערפולט און דער אומדעמאָקראַטישער רעזשים מיט זיינע נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן און דיסקרימינאציע לגבי די מינדערהייטן האָט זעלבסטפארשטענדלעך געלייגט זיין סטעמפל אויף דער דערציאונג.

אין דאָרף איז די לאגע געווען ממש קאטאסטראָפאל. די שול־נעץ איז געווען זייער שיטער און די קינדער האָבן געמוזט גיין אין שולע מיילן צופוס, באָרוועסע און הונגעריקע. אין ווינטער, ווען עס איז געפאַלן דער שניי, זענען די פויערישע קינדער בכלל ווייניק געגאַנגען אין שול אריין. אויסער דעם פלעגן די פויערים פארהאַלטן אָפט די קינדער אין דער היים, ווייל זיי האָבן געדאַרפט זייער הילף ביי באַארבעטן דאָס פעלד, ביים פאשען די בהמות און אנדערע ארבעטן.

א גרויסער פּראָצענט פון די דאָרפישע שולן האָט געהערט צו דער קאטעגאָריע פון „איין צימערדיקע", דאָס הייסט, אז איין לערער האָט אין איין צימער געמוזט לערנען מיט גרופן קינדער פון פארשידענעם עלטער. עס איז פארשטענדלעך, אז אין אזעלכע באַדינגונגען האָבן די קינדער פון דעם לערנען נישט געקענט פיל געניסן.

די ערשטע אויפגאַבע פון דער פונדאמענטאַלער שול־רעפאָרם, וואָס

דאָס נײַע פּױלן האָט אונטערגענומען, איז דאָס אױפבױען פון אן אײנ־הײטלעכן שול־סיסטעם פאר דער שטאָט און פאַרן דאָרף. די באזע פון דעם דאָזיקן סיסטעם איז די אכט־יאָריקע פאָלקס־שולע, אָנשטאָט דער זעקס־יאָריקער פאַרן קריג, און א פיר־יאָריקע מיטלשולע. די צװײטע אױפ־גאבע איז דאָס אנטװיקלען פון א ברײטער נעץ פאַך־שולן און דאָס דורכ־דרינגען פון דעם גאַנצן שול־סיסטעם מיט דער טענדענץ פון פאַך־בילדונג און ספּעציאַליזאציע.

טראָץ די מאטעריעלע שװעריקײטן, טראָץ דעם מאנגל פון געבײ־דעס, װאָס זענען אין דער מערהײט צעשטערט געװאָרן, טראָץ דעם מאנגל פון נײַע שול־ביכער, שרײב־מאטעריאַלן, מאַפּעס, לאַבאָראַטאָריעס, טראָץ דעם פעלן פון לערער האָט דאָס נײַע פּױלן באַלד אין ערשטן יאָר דערגרײכט ממש שטױנענדיקע רעזולטאַטן. דאָס שול־װעזן האָט ארומגענומען 91 פּראָצענט פון אלע קינדער אין שול־עלטער, בעת פאַרן קריג האָט מען דער־גרײכט בלױז 87 פּראָצענט. די צאָל שילער אין די מיטלשולן האָט איבער־געשטיגן דעם צושטאנד פון פאַרן קריג, טראָץ דער פארקלענערונג פון דער באַפעלקערונג. אױך די הױכשולן האָבן אין 1947 געצײלט 52.000 סטודענטן אָנשטאָט 48.000 פאַרן קריג.

די יוגנט איז נאָך די אָקופּאציע־יאָרן געװאָרן אױסגעהונגערט נאָך בילדונג און מיטן גאַנצן ברען זיך געװאָרפן צום לערנען. עס זענען גע־עפנט געװאָרן ספּעציעלע קורסן, כדי צו דערמעגלעכן דער יוגנט אין א קורצער צײט אָנצוּיאָגן די פארלוירענע לערן־יאָרן אונטער דער אָקופּאציע. פיבערהאַפט גײט אױך אָן דאָס אױסבילדן פון נײַע קאַדרען לערער פאר די שולן.

דער פונאַנדערבױ פון שול־װעזן אין פּױלן האָט געמאַכט א דעצי־דירנדיקן פּראָגרעס, אָבער פיל אינטערעסאַנטער איז נאָך דער אַטמאָספערי־שער פּראָגרעס אין דער פּױלישער שולע. אין די פאָלקס־שולן איז אָפט די אַטמאָספער פאַר ײדישע קינדער נאָך אלץ אומדערטרעגלעך און דער־מיט דערקלערט זיך דער פאַקט, װאָס עס איז אין פּױלן אזױ שנעל אױס־געװאַקסן א נײַע נעץ פון ײדישע שולן. אין פיל פּױלישע שולן איז נאָך דערװײל אוממעגלעך צו שיקן ײדישע קינדער, און די װעלכע גײען דאָך,

האָבן אָפּט אויסצושטיין אומאַנגענעמלעכקייטן מצד זייערע נישט־יידישע חברים.

א ליבעראַלער פּוילישער אוניווערסיטעטס־פּראָפעסאָר, א געלערנטער פון וועלט־רום, האָט מיר דערציילט, ווי אזוי זיין טעכטערל האָט זיך אָנגענומען פאר א מיידעלע, פון וועלכער דער גאנצער קלאַס קינדער האָבן זיך אָפּגעטרייסלט, ווייל זיי האָבן זי חושד געווען, אז זי איז א יידישע. דאָס פיינפילנדיקע טעכטערל פון דעם פּראָפעסאָר האָט דאַן מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט פּרובירט איבערצייגן די אנדערע קינדער, אז דאָס יידישע מיידעלע איז נישט יידיש, און געזאָגט: „קוקט זי אָן, זי איז דאָך פּונקט ווי מיר אלע". דער איינציקער ארגומענט, מיט וועלכן זי האָט געקענט פאַרטיידיקן דאָס יידישע מיידעלע, איז געווען אָפּצוּוואַרפן דעם חשד, אז זי איז יידיש.

א הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, א יידישע פרוי, וועלכע באַהאַלט זיך ווייטער אונטער א פּוילישן נאָמען, האָט מיט טיפן פאַרדרוס מיר דערציילט וועגן אן עפּיזאָד, וואָס האָט אין שולע פּאַסירט מיט איר 11־יאָריקן יינגעלע. ווען זיינע חברים האָבן אים געפרעגט, ווי אזוי עס איז געווען דער נאָמען פון זיין פאָטער, וועלכער איז אלס אָפיציר געפאַלן אין דער שלאַכט ביי לעני‍נאַ, האָט דאָס יינגל געענטפערט, אז ער געדענקט נישט. ער האָט אזוי געענטפערט דערפאַר, ווייל ער איז נישט געווען זיכער, צי דער נאָמען אדאָם, דער ריכטיקער נאָמען פון זיין פאָטער, וועט נישט אמאָל וואַרפן אויף אים א חשד, אז ער איז א ייד.

טראָץ דעם דאָזיקן צושטאַנד קוקן די פירער פון פּוילן צו דער שולע, ווי צו דער קוזשניע פון דעם נייעם דעמאָקראַטישן פּוילן, ווו די יוגנט וועט ווערן איבערדערצויגן און אויסגעהיילט פון דער דעמאָראַליזאַציע און דעם האַס, וואָס איז אין די קינדערישע מוחות איינגעפלאַנצט געוואָרן במשך פון די אָקופּאַציע־יאָרן.

קאפיטל ניין

# לאָדזש — דאָס פּוילישע מאַנטשעסטער

איך בין געפאָרן קיין לאָדזש אין די טעג פון דער העכסטער שפּאנונג נאָכן טויט־אורטייל פון די ערשטע ניין שולדיקע אין קיעלצער פּאָגראָם. פון די שטעטלעך זענען יידן אין פּאניק אנטלאָפן אין די גרעסערע שטעט אריין און עס האָבן צירקולירט קלאנגען, אז די „נ.ס.ז.״ האָבן אין פאר־שידענע געגנטן פארכאפּט יידישע משכנות און דראָען זיי צו דערמאָרדן אין פאל, ווען די עקזעקוציע אין קיעלץ וועט ווערן אויסגעפירט.

דער דאָזיקער קלאנג האָט אנטהאלטן די געווענלעכע אומלאָגישקייט פון אלע פּראָפּאגאנדע־קלאנגען, אין וועלכע מען גלויבט אָבער אמשטארק־סטן: „די „נ.ס.ז.״ האָט געכאפּט יידישע משכנות צוליב דעם קיעלצער אורטייל...״ און וואָס איז געווען דער קיעלצער פּאָגראָם גופא? און וואָס איז מיט אלע פריערדיקע מאָרדן אין די שטעטלעך, אויף די באנען? און אויב זיי האָבן טאקע פארכאפּט משכנות, ווער ווייסט, צי זיי לעבן נאָך גאָר בכלל? די ווערסיע האָט זיך אָבער אָנגענומען און עס איז גע־וואקסן די שפּאנונג: וואָס וועט קומען נאָך דער עקזעקוציע?

אין אָט דער שטימונג בין איך אין א הייסן יולי־פרימאָרגן איינ־געשטיגן אין צוג קיין לאָדזש. אויפן פעראָן האָבן פּאָרנוויז מיט „פּעפּע־שעס״ אין די אָרעמס הין און צוריק געשפּאנט סאָוועטישע סאָלדאטן. זייערע שווערע געקאָוועטע שטיוול האָבן גרילצנדיק צעמאָלן דעם זשוויר, וואָס איז געווען אָנגעשיט אויף דעם פרישן אספאלט. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב אין ווארשע געהאט געזען סאָוועטישע פּאַ־טרולן. די פּאסאזשירן האָבן געהיימניספול זיך איבערגעוואונקען און שטיל געשעפּטשעט. עס האָט אָבער וויניק ווער געוווּסט, אז מיט א טאָג צוריק

איז אין קיעלץ אויסגעפירט געוואָרן די עקזעקוציע. ווען דער סטאַציע־לייטער האָט געגעבן דעם סיגנאַל צום אָפּפאָר, זענען עטלעכע פּאָרלעך פון די סאָוועטישע פּאַטרולן אַריינגעשפּרונגען אין צוג, אפנים כדי צו באַשיצן פון אַן איבערפאַל.

די באַנען אין פּוילן גייען שוין איצטער פּינקטלעך, אָבער צוליב מאַנגל אין וואַגאָנען זענען די צוגן איבערפולט. מען שטייט אין די קאָרידאָרן און מען זיצט אפילו אויף די דעכער. אויף יעדער סטאַציע ווערן די באַנען באַלאַגערט נישט נאָר פון נייע, צוקומענדיקע פּאַסאַזשירן, נאָר דורך גאַנצע מחנות הענדלער, וועלכע ביטן אָן געטראַנקען, פּרוכטן, ווורשט און בלומען. די הענדלער זענען מייִנסטנס יונגוואַרג און פרויען אין פּויערישן טראַכט. דאָס איז דער נייער עלעמענט אין פּוילישן האַנדל, וואָס פאַרנעמט דאָס אָרט פון די פאַרשוווּנדענע יידן.

נישט קליין איז אויך די צאָל פון די בעטלער און מוזיקאַנטן, וועלכע גייען פון וואַגאָן צו וואַגאָן, שפּילן אויף גאַרמאָשקעס און שטרעקן אויס די הענט נאָך א נדבה. פאַר יעדן ווערטלאָזן זלאָטע, וואָס די רייזנדיקע וואַרפן זיי צו, בוקען זיי זיך און צלמען זיך אָן א סוף. די דאָזיקע בעטלער, וועלכע זעען אויס מאָדנע יונג און געזונט, טראָץ זייערע פאַרוואַקסענע געזיכטער און אָפּגעטראָגענע מלבושים, זענען אָפט די אויסשפּירער פון דער נ.ס.ז., זייערע פאַרבינדונגס־לייט און סיגנאַל־געבער, ווען דורכצופירן דעם איבערפאַל. זיי זענען דאָס אויך די, וועלכע שטעלן אָפּ דעם צוג, סיי דורך א צי ביים אַלאַרם־גלאָק אָדער דורך צושטעלן א פּיסטויל צו דער ברוסט פון מאַשיניסט.

פּונקט ווי קראָקע האָט אויך לאָדזש נישט געליטן פון קיין קריגס־פאַרניכטונג. די נאַצישע אַרמייען זענען דאָ געוואָרן איבעראַשט דורך דער בליץ־אָפענסיווע פון די סאָוועטישע דיוויזיעס און אַנטלויפנדיק פון די דאָזיקע צוויי שטעט, האָבן זיי נישט באַוויזן אָנצוצינדן די קנויטן פון די פאַרלייגטע מינעס.

פאַרניכטעט זענען בלויז געוואָרן די געטאָס, די קוואַרטאַלן, ווו די נאַציס האָבן געהאַט צונויפגעטריבן די יידישע איינוווינער פון די דאָזיקע אַמאָל גרויסע קהילות. עס קומט אָבער נישט צו וואַרשע. אין קראָקע ווי

אין לאָדזש איז אפילו אין די געטאָס פארבליבן א סימן פון אמאָליקן לעבן דאָרט.

לאָדזש האָט זיך נישט געענדערט. עס איז די זעלבע שטיינערנע שטאָט אָן א ברעקל גרינס, מיט רויטע, נאקעטע קוימענס, וואָס שטרעקן זיך צום אייביק־פארוואָלקנטן הימל. עס האָבן זיך בלויז געענדערט די איינוווינער. דאָס אָרט פון די פארטריבענע דייטשן און די פארניכטעטע יידן האָבן פארנומען פאָליאקן פון ווארשע און פון גאנץ פוילן. די צוויי צענדליק טויזנט יידן, וועלכע זענען זיך צונויפגעלאָפן קיין לאָדזש נאָך דער באפרייאונג, זענען צונויפגעדרענגט אין עטלעכע זייטן־געסלעך, צו־געטוליעט איינער צום צווייטן אין א מין נייעם געטאָ, אָבער אָן די שטע־כיקע דראָטן.

די הויפט־ארטעריע פון לאָדזש, די זיבן־מייליקע פיעטריקאָווער גאס, פון וואנען די יידישע סוחרים האָבן מיט זיבן מייליקע שטיוול געשפאנט איבער דער וועלט, איז ווידער רוישיק ווי אמאָל. די געשעפטן זענען אָפן, קאפעהייזער זענען טומלדיק, די טראמווייען זענען פול, אָבער עס זענען נישטאָ מער די אמאָליקע יידישע וועבער, די יידישע טרעגער, וועלכע האָבן אויף די פּלייצעס געטראָגן די ראָלן שטאָפן און די פעק מיט ביינוול. עס זענען נישטאָ מער די יידישע סוחרים, וואָס האָבן פארבונדן לאָדזש מיט כינע, אינדיע, זיד־אפריקע — מיט אלע עקן וועלט.

די איצטיקע יידן אויף די גאסן פון לאָדזש זענען מיינסטנס פרעמדע, אָן היימען, אָן ארבעטס־ווארשטאטן, אויסגעוואָרצלטע וואנדערער, וועלכע לעבן צונויפגעדרענגט אין א פּאָר זייטן־געסלעך. די יידישע מיטבויער פון דער דאָזיקער שטאָט זענען פארשוווּנדן. די פארשווּנדענע יידן זענען אמאָל געקומען קיין לאָדזש פון די פארחלומטע שטילע שטעטלעך אין פוילן און אויף די זאמדיקע פעלדער ארום דעם ראַכימישן טייכל „לודקאַ" מיטגע־האָלפן בויען אָט די גרויסע אינדוסטרי־שטאָט. די יידן, וועלכע האָבן קיינ־מאָל פאר זייערע אויגן נישט געהאט געזען אַמעריקע, האָבן אין דער שטאָט לאָדזש ארייגגעבלאָזן דעם אמעריקאנער אימפעט.

דער דאָזיקער אימפעט איז ווייטער געבליבן. לאָדזש געהער אויך איצט צו די גרעסטע טעקסטיל־צענטערן אין דער וועלט און דאָ געפינט זיך די גרעסטע ביינוול־פאבריק אין אייראָפּע. דאָס איז די פאבריק פון

שייבלער און גראָמאַן, וואָס איז אין איר איצטיקער גיגאַנטישער פאָרם אנטשטאַנען אין יאָר 1921, נאָך דעם ווי די צוויי באַזונדערע פאַבריקן פון שייבלער און גראָמאַן האָבן זיך פאַראייניקט.

די דאָזיקע פאַבריק שטעלט מיט זיך פאָר א באַזונדערע שטאָט, ארומגעצוימט מיט א פּלויט און מיט גאַסן אויף א לענג פון 16 קילאָמעטער. א ספּעציעלע באַן־ליניע ברענגט אריין די רוי־שטאָפן און פירט ארויס די אויסגעאַרבעטע מאַטעריאַלן פון די פאַרשידענע פאַבריקס־אָפּטיילונגען, ארום וועלכע עס ציען זיך רעלסן אויף א לענג פון עלף קילאָמעטער. די קאָלאָסאַלע פאַבריק האָט אין יאָר 1939 באַשעפטיקט 9.500 ארבעטער. די העכסטע קאָניונקטור האָט זי געהאַט דערגרייכט אין יאָר 1935, ווען עס האָבן דאָרט געאַרבעט 13.500 ארבעטער.

גלייך נאָך דער באַפרייאונג פון לאָדזש איז די פאַבריק פון שייבלער און גראָמאַן, פּונקט ווי הונדערטער אַנדערע קלענערע נאַציאָנאַליזירטע טעקסטיל־פאַבריקן, ווידער געלאָזט געוואָרן אין גאַנג, טראָץ דעם, וואָס די דייטשע ארבעטער, נישט די נאַצישע ארמיי, האָבן אין לעצטן מאָמענט פאַרניכטעט א טייל פון די איינריכטונגען.

דעם 1טן יולי 1946 האָבן אין זעקס פאַבריק־אָפּטיילונגען פון שייבלער און גראָמאַן שוין געאַרבעט קנאַפּע 8.000 ארבעטער. עס זענען אָבער דאַן אויסגענוצט געוואָרן בלויז 60 פּראָצענט פון די טעכנישע מיטלען און די פּראָדוקציע איז געווען קוים א העלפט אין פאַרגלייך מיט פאַרן קריג, און דאָס דערפאַר, ווייל די דייטשן האָבן נאָך פיל פריער געהאַט ארויסגעפירט ארום 30 פּראָצענט פון די שפּינערייען און אַנדערע איינ־ריכטונגען, ווי טראַנסמיסיע־פּאַסן און קופּער־וואַלצן פון די שטאָף־דרו־קערייען. די לאָדזשער פאַבריקן האָבן אויך געהאַט גרויסע שוועריקייטן ביים באַקומען רוי־שטאָפן. דעם ערשטן ביינוול האָבן די שייבלער־אַנ־שטאַלטן באַקומען פון סאָוועט־רוסלאַנד און שפּעטער האָט אויך די „אונרא" צוגעשטעלט באַדייטנדיקע טראַנספּאָרטן רוי־שטאָפן.

אויף דער ערשטער לאַנדעס־קאָנפערענץ פון דער טעקסטיל־אינדוס־טריי זינט דער באַפרייאונג, וואָס איז אין זומער פון יאָר 1946 פאָרגעקו־מען אין לאָדזש, איז באַקאַנט געוואָרן, אז אין פּוילן ארבעטן שוין 1100 נאַציאָנאַליזירטע טעקסטיל־פאַבריקן, אריינגערעכנט, פאַרשטייט זיך, די

נייע פּוילישע טעריטאָריעס. דער צענטער איז אָבער ווייטער לאָדזש. אין משך פון איין יאָר, פון מיטן 1945 ביז זומער 1946, האָט די טעקסטיל־אינדוסטריע געמאַכט גרויסע פאָרשריטן. פיל פאַבריקן, וועלכע האָבן אין אָנהייב געאַרבעט מיט גרויסע דעפיציטן צוליב דער נויטיקייט פון רע־מאָנטן, מאַנגל אין רוי־שטאָפן און מאַנגל אין אַרבעטער, זענען שוין אָר־גאַניזירט און אַרבעטן נאָרמאַל, מיט אַ פעסטן בודזשעט.

פון אָנהייב פלעגן די אַרבעטער באַקומען אַלס פּרעמיעס די אַזוי גערופענע „פּונקטן", דאָס הייסט באַלוינונג נישט אין געלט, נאָר אין סחורות, ווייל קיין געלט איז נישט געווען און די רעגירונג האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען אויסצומיידן אַן אינפלאַציע. דער סיסטעם פון „פּונקטן" האָט אָבער פאַרשטאַרקט דעם „שוואַרצן מאַרק" און נישט באַפרידיקט דעם אַרבעטער. לעצטנס זענען די „פּונקטן" געוואָרן אָפּגעשאַפט, די לוינען וואַקסן און דערצו פאַלן די פרייזן פון אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. טראָץ דעם אָבער איז דער לעבנס־סטאַנדאַרד פון די אַרבעטער נאָך זייער אַ נידעריקער און ער וועט קענען שטייגן שנעלער נאָר דאַן, ווען דער מאַרק וועט ווערן אָנגעזעטיקט מיט אַרטיקלען פון ערשטן געברויך.

דאָס לאַנד איז אויסגעהונגערט נאָך אַלעמען און באַזונדערס נאָך טעקסטיל־סחורות. די רעגירונג דערלויבט דעריבער נישט צו עקספּאָרטירן מער ווי 20 פּראָצענט פון דער פּראָדוקציע, הגם די פאַבריקן פאָדערן, אַז מען זאָל דערלויבן מער צו עקספּאָרטירן, כדי צו זיין אימשטאַנד צו ברענגען פון אויסלאַנד די נויטיקע מאַשינען, כעמיקאַליען און רוי־שטאָפן.

אַ העלפט פון דעם עקספּאָרט גייט קיין סאָוועט־רוסלאַנד, אַלס קאָמ־פּענסאַציע פאַר די רוי־שטאָפן — ביינוול און פלאַקס. דאַקעגן אָבער צאָלט שוועדן פאַר די טעקסטיל־סחורות מיט דעוויזן, וואָס ווערן פאַרניצט דורך דער אינדוסטריע טאַקע פאַרן אימפּאָרט פון זייער דרינגנדיקע אַרטיקלען, אָן וועלכע די פאַבריקן קענען נישט דורכפירן די נויטיקע פאַרבעסערונגען. עס ווערן אויסגעאַרבעט פּראָיעקטן פון טעקסטיל־עקספּאָרט אין דער שווייץ און אויפן נאָענטן מזרח, וווּ די פּוילישע ביינוול־אַרטיקלען זענען שוין געווען באַקאַנט פאַרן קריג.

אין משך פון איין יאָר איז די אויסאַרבעטונג פון ביינוול־שטאָפן

געשטיגן אויף 70 פּראָצענט, פון וואָל־שטאָפן אויף 60 פּראָצענט און פון פלאַקס־פאָדים — 150 פּראָצענט.

צו דער דאָזיקער ווידעראויפלעבונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטרי אין לאָדזש האָבן ווידעראַמאָל באַדייטנדיק מיטגעהאָלפן יידישע פאַכלייט. לויט די ציפערן, וואָס איך האָב באַקומען אין יידישן קאָמיטעט אין לאָדזש, זענען אין דער פאַבריקס־אַדמיניסטראַציע פון דער טעקסטיל־אינדוסטרי באַשעפטיקט געווען 2100 יידן, פאַרנעמענדיק די אַמטן פון דירעקטאָרן, טעכנישע לייטער און געשעפטס־פירער. די מערהייט באַהאַלט זיך אָבער נאָך אַלץ אונטער פּויליש נעמען. אין יידישן קאָמיטעט זענען זיי רעגיס־טרירט אונטער זייערע יידישע נעמען, אָבער אין דער פאַבריק גייען זיי נאָך אַלץ אָן אַלס „אַריער". טראַגיש קליין איז אָבער די צאָל יידישע טעקסטיל־אַרבעטער אין לאָדזש. בלויז 1200 יידישע וועבער זענען באַשעפטיקט אין די פאַבריקן. די אַטמאָספער אויף דער פאַבריקס־האַלע איז פאַר יידן פיל שווערער ווי אין די ביוראָען פון דער פאַבריקס־לייטונג.

אין דער פּוילישער אינדוסטרי איז איינגעפירט געוואָרן דער „אַר־בעטס־געוועט" לויטן סאָוועטישע מוסטער. ספּעציעל האָט דער דאָזיקער מעטאָד געבראַכט רעזולטאַטן אין לאָדזש. די פּרעסע פירט אָן גאָר אַ שטאַרקן קאַמפּיין פאַר דעם דאָזיקן אַרבעטס־געוועט, און לויט די באַהויפּ־טונגען פון די פּובליציסטן דאַרף דאָס דינען נישט נאָר בלויז אַלס אַ געצייג צו פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע, נאָר אויך אַלס מיטל „צו באַקעמפן די אַפּאַטיע, הייבן דעם ענטוזיאַזם צום אויפבוי פון לאַנד, ווי אויך פּאָ־ליטיש צעמענטירן די אַרבעטער אַרום דעם נייעם רעזשים".

לײדער גייט דער דאָזיקער גייסטיקער פּראָצעס זייער לאַנגזאַם פאָר־אויס, ווייל גראָד אין לאָדזש, אין די טעקסטיל־פאַבריקן, וווּ דער אַרבעטס־געוועט איז אַזוי דערפאָלגרייך, זענען נאָך אַלץ דערפאָלגרייך אויך די אַנ־טיסעמיטישע העצער פון דער נ.ס.ז.

דווקא אין דער מוסטער־פאַבריק פון שייבלער און גראָמאַן האָט אַ גרופּע אַרבעטער די ערשטע דורכגעפירט אַ זיץ־שטרייק קעגן דעם אורטייל פון קיעלצער געריכט לגבי די פּאָגראָמשטשיקעס און דאָס האָט געדינט אַלס מוסטער פאַר אַרבעטער אין אַ ריי אַנדערע לאָדזשער פאַבריקן.

עס איז אַ טרויעריקער פאַקט, אַז אין דער שטאָט לאָדזש, וווּ עס

זענען פאַרגעקומען די אימפּאָזאַנטסטע און שטורמישסטע ארבעטער־מאַ־ניפעסטאַציעס קעגן די קיעלצער פארברעכער, האָבן גרופּעס ארבעטער אין די פאבריקן געוואָגט צו מאַכן זיך־שטרייקן אין פאַרטיידיקונג פון די דאָ־זיקע פאַרברעכער. דאָס באַווייזט די אַגרעסיווקייט און פאַרוואָרצלטקייט פון די פאַשיסטישע עלעמענטן אין פּוילן.

* * *

איך בין אָנגעקומען קיין לאָדזש אין דער צייט, ווען דער דאָזיקער אינדוסטרי־צענטער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די גרעסטע יידישע קהילה אין באפרייטן חרובן פּוילן. עס איז אָבער געווען א טראַגישע גרויסקייט. פון די 200.000 יידן, וואָס האָבן פאַרן קריג געטריבן דאָס ראָד פון פּוי־לישן מאַנטשעסטער, האָבן דאָן זיך געפונען בלויז 25.000 יידן און צווישן זיי קוים א קליין הייפעלע אמאָליקע לאָדזשער. די מערהייט איז באַשטאַנען פון יידן, וועלכע זענען אין בהלה אָנגעלאָפן פון די שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, נאָכדעם ווי זיי זענען רעפּאַטריאירט געוואָרן פון די ווייטסטע געגנטן אין רוסלאַנד.

אויף די לאָדזשער גאַסן האָב איך אָבער צום ערשטן מאָל דערזען יידן מיט בערד און מיט לאַנגע קאַפּאָטעס. בלויז דאָס טיפּישע קיילעכדיקע יידישע היטעלע איז פאַרשוווּנדן פון זייערע קעפּ. די וועליסאָפּעד־היטלען און די צעקנייטשטע, פאַרשטויבטע קאַפּעלושן זענען געווען ווי א פרעמדער טייל פון דעם עקזאָטישן לבוש, וואָס די דאָזיקע פרומע פּוילישע יידן האָבן באַוויזן אויפצוהיטן אין די ווייטע עקזאָטישע לענדער פון סאָוועטן־פאַר־באַנד, וווּהין דער שטורעם פון קריג האָט זיי פאַרוואָרפן.

אין קאַזאַקסטאַן, אין קירגיזן־לאַנד, הינטער די בערג פון אוראַל, האָבן די רעשטלעך געראַטעוועטע פּוילישע יידן קאָנסערווירט זייער רעגיאָ־נעלן יידישן טראַכט פון אמאָליקן פּוילן. ווען זיי זענען אָבער צוריק געקו־מען אין די אַלטע היימען, האָבן זיי פּלוצלינג דערזען, אז עס איז דאָרט מער נישטאָ קיין אָרט פאַר זיי און אז זייער טראַכט רופט ארויס שטוינונג און אפילו צאָרן ביי זייערע אמאָליקע שכנים, ביי די אמאָליקע יונגט־פריינט, מיט וועלכע זיי זענען אויסגעוואַקסן אויף דער זעלבער גאַס, אונטער דעם זעלבן הימל.

אין די שטעטלעך האָבן זיי מער נישט געקענט בלייבן און זיי זענען דעריבער אוועק אין די עטלעכע גרעסערע קהילות, וואָס האָבן צוריק גענומען אויסוואַקסן אין פּוילן, און צווישן זיי, די גרעסטע קהילה — לאָדזש, וואָס איז איצט די פעסטונג פון די אָרטאָדאָקסישע יידן אין פּוילן. ווען איך זאָג פעסטונג — איז עס נישט נאָר בלויז היפּערבאָליש, נאָר טאַקע בפּועל ממש. דער מאָדערנער פיר־פּליגלדיקער בנין אויף זאַכאָדניאַ 66 מיט דעם ריזיקן אָפּגעשלאָסענעם הויף מאַכט טאַקע דעם אײַנדרוק פון אַ פעסטונג. ביים טויער זענען געשטאַנען עטלעכע קרעפטיקע יידן און באַוואַכט דאָס הויז. די הענט האָבן זיי געהאַלטן אין די קעשענעס און איך וואָלט נישט געשווירן, צי זייערע פינגער זענען דאָרט נישט געווען פאַרלייגט אויף די צינגלעך פון פּיסטוילן.

אין הויף און אויף די טרעפּ האָט געהערשט אַ געפּילדער. יידן מיט בערד, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און פּלושענע קאַפּעלושן; יונגעלייט אין קורצע רעקלעך, וועליסאָפּעד־היטלען און מיט ווילד־שפּראָצנדיקע בערדלעך; פרויען אין שייטלען און מיידלעך מיט טיכלעך אויף די קעפּ; חדר־ייִנגלעך מיט לאַנגע פּאהלעך — עס איז געווען ווי אַ לעבעדיקער אויסשניט פון אַ פאַר־מלחמהדיקן הויף אויף די נאַלעווקעס, ווי אַריבערגעפּלאַנצט אַ שטיק גאַליציע מיט די דאָרטיקע יידן אין זייער עקזאָטישן טראַכט. מען האָט גע־לערנט און געהאַנדלט. אויפן הויף זענען געשטאַנען יידן מיט קיישלעך בייגל, מיט עפּל, געטראַנקען און אַנדערע סחורות. דער גמרא־ניגון פון די ישיבה־בחורים האָט זיך צונויפגעמישט מיט אַ געזשומעריי פון ניי־מאַשינען. מיט איין וואָרט: תורה ועבודה.

אין דער פעסטונג אויף זאַכאָדניאַ 66 געפינען זיך צוויי ישיבות, אַ פּוילישע און אַ ליטווישע. דאָ געפינט זיך אויך דער קיבוץ פון די „בנות ישראל". זיבעציק מיידלעך פירן אָן אַ שניידער־וואַרשטאַט. אין די צימערן פון דעם פיר־פליגלדיקן בנין וווינען אויך עטלעכע טויזנט יידן, נישט נאָר בלויז פּוילישע יידן, נאָר אויך ליטווישע, רומענישע און אונגארישע; רבנים, ישיבה־בחורים און סתם פרומע, אָפּגעהיטענע יידן, וועלכע זענען דורך דעם שטורעם פון קריג פאַרטריבן געוואָרן קיין רוסלאַנד, זיך געהאַלטן צוזאַמען און צוזאַמען אויך געקומען קיין פּוילן. ווי אַזוי אונגאַרישע און רומענישע יידן האָבן באַוויזן זיך אַריינצוקריגן קיין פּוילן, דאַרף מען קיין

שאלות נישט פרעגן. יידן טוען זיך אן עצה און די פוילישע מאכט האָט געקוקט דורך די פינגער.

ווי נאָר איך בין אריין אין הויף, בין איך גלייך ארומגערינגלט געוואָרן פון א מחנה יידן. דאָס האָט געווירקט אזוי מיין אמעריקאנער מונדיר. יעדער האָט געוואָלט, אז איך זאָל פארשרייבן זיין נאָמען און זוכן זיין קרוב אין אמעריקע. דער עולם האָט קודם־כל אָפּגעטרעטן דאָס אָרט פאר די רבנים, אז זיי זאָלן די ערשטע אָפּגעבן דעם גרוס קיין אמעריקע.

איך וואָלט געקענט אזוי אָפּשטיין א גאנצן טאָג און כסדר פארשרייבן די אדרעסן, ווען מיין פריינט, דער ווילנער ד"ר ליבאָ, וועלכער האָט מיך באגלייט אויף דעם דאָזיקן באזוך, וואָלט מיך נישט ארויסגעריסן פון עולם און גענומען מיט מיר גיין פאָראויס. מיר זענען אָבער נישט געגאנגען, נאָר געטראָגן געוואָרן דורכן עולם. די פירער פון דער קהילה און פון די אָרטאָדאָקסישע אינסטיטוציעס האָבן געוואָלט, אז איך זאָל אלץ זען מיטאמאָל — די ישיבות, די חדרים, די וואַרשטאַטן, דאָס בית המדרש, די בעקעריי, ווו מען שטעלט טשאָלנט אויף שבת, און אויך די מקוה.

די מקוה אין הויז אויף זאַכאָדניאַ 66 שטאמט נאָך פון פארן קריג. דאָס דאָזיקע הויז איז שוין פון לאנגע יאָרן צוריק געווען די פעסטונג פון דער אָרטאָדאָקסיע אין לאָדזש און דער באלעבאָס, הערש יאָסקאָוויטש, איז א לאנג יאָריקער אגודה־טוער. ער איז אויך צוריקגעקומען פון רוסלאנד און איז ווייטער דער נאָמינאלער באלעבאָס פון דער ריזיקער געביידע. יעדער אגודה־מיטגליד פילט זיך אָבער דאָרט ווי א גלייכער שותף צום הויז. די אגודת ישראל צאָלט טאקע דעם באלעבאָס 12.000 זלאָטעס א חודש דירה געלט (ארום צוואנציק דאָלער), אָבער ווי יאָסקאָוויטש האָט מיר געזאָגט, איז עס געגנוג בלויז אויף ארויסצופירן דאָס מיסט.

אין דעם דאָזיקן הויז האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך אויסבאהאלטן דער אָסטראָווצער רבי, דער בארימטער גאון ר' יחיאל מאיר האלטשטאק, אויף וועמען די צארישע מאכט אין פוילן האָט געהאט געוואָרפן א בלבול, אז ער פירט אָן שפּיאָנאזש לטובת די דייטשן. דאָס איז דער זעלבער אָסטראָווצער רבי, אגב א גאונישער מאטעמאטיקער, א זון פון א בעקער, וועלכער האָט במשך פון פערציק יאָר צייט טאָג טעגלעך געפאסט און בלויז ביינאכט, נאָך מעריב, זיך דערכאַפּט דאָס הארץ. פאר

אים האָט דאָס טאקע זיין טרייער, פרומער חסיד אויסגעבויט א מקוה אין הויז אויף זאכאָדניא 66.

אין בית המדרש זענען ביי עטלעכע טישן געזעסן עטלעכע גרופּן עלטערע און יינגערע תלמידים און געלערנט מיט גרויס התמדה. זייער ציקלען זיך איז אָבער אָפּט פארטויבט געוואָרן דורך א געזעגעריי און גע־קלאפעריי פון די סטאָלארעס, וועלכע האָבן געבויט נייע פּאָליצעס פאר די ספרים, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן פון פארשידענע באהעלטענישן.

איך בין דורך דעם עולם צוגעשפּארט געוואָרן צום בעלעמער און געמוזט זאָגן א פּאָר ווערטער.

„וואָס הייסט, האָבן זיי געטענהט, א ייד קומט פון אמעריקע און וועט אונדז גאָרנישט זאָגן?״...

איך האָב געקוקט אויף די יידן מיט די פארשידענע בערד: ברייטע און שפּיציקע, גלייך־אויסגעקעמטע און פארקנוילטע; איך האָב געקוקט אין זייערע אויגן, אין וועלכע עס איז געווען וויניקער שרעק, ווי ביי די יידן אָן די בערד, וועלכע איך האָב באגעגנט אין לאָדזש. פון גערירטקייט האָב איך קוים געקענט פון זיך ארויסברענגען א וואָרט. איך בין גערירט געווען פון דער וויטאליטעט, פון דעם טיפן גלויבן און אומגעשראָקנקייט, וואָס איז געלעגן אויף די אָפּגעצערטע פּנימער פון די דאָזיקע יידן. און וועגן דעם האָב איך טאקע גערעדט.

אין א ווײַלע ארום האָב איך זיך געפונען אין ביוראָ פון דער „פּועלי אגודת ישראל״, אין דער „אינטענדענטור״ פון דער אָרטאָדאָקסישער פּעס־טונג. אריבערטרעטנדיק די שוועל פון קליינעם ביוראָ־צימערל, בין איך שטיין געבליבן א פארגאפטער און נישט געגלויבט מיינע אייגענע אויגן: אויף דער מזרח־וואנט איז געהאנגען א גרויסער פּארטרעט פון מארשאל סטאלין.

איך האָב נאָך אפילו נישט געהאט באוויזן צו עפענען דאָס מויל, כדי צו פרעגן, און דער עולם ארום מיר האָט גלייך באמערקט מיין אי־בערראשונג און גענומען מיר פארענטפערן די רעטעניש:

„פרעגט נישט קיין קשיות״ — האָט איינער געזאָגט — עס איז א סגולה...״

א צווייטער האָט זיך אָנגערופן:

„איר זעט מיין באָרד? דאָס האָב איך צו פארדאנקען סטאַלינען".

„און וואָס איז מיטן קאָפּ?" — האָט א דריטער זיך אָנגערופן.

דער טעלעפאָן האָט א קלונג־געטון. פון דעם איינזייטיקן געשפּרעך האָב איך זיך אָריענטירט, אז דאָס איז א ווייטער טעלעפאָן פון א שטעטל ביי דער רוסיש־פּוילישער גרענעץ און אז עס האנדלט זיך וועגן א פרישאָנגעקומענעם טראנספּאָרט פון אָרטאָדאָקסישע יידן, פאר וועלכע מען דאַרף שנעל צוגרייטן געלעגערס אין לאָדזש.

איך האָב דאן גענומען פרעגן, אז אזוי, אויב סטאַלין האָט יאָ געראַטעוועט די בערד און די קעפּ, טאָ נאָך וואָס זענען זיי צוריק געקומען קיין פּוילן, ווו עס דראָט זיי איצטער צו פארלירן די בערד צוזאמען מיט די קעפּ?

די מערהייט פון די יידן האָט געשוויגן, נישט געוואָלט זיך אריינלאָזן אין קיין דיסקוסיעס וועגן רוסלאנד, צו וועמען זיי האָבן געפילט א דאנקבארקייט פאר דער רעטונג און דאָס האָבן זיי קלאָר אונטערגעשטראָכן. פון זייערע רייד האָט מען אָבער געקענט לערנען, אז עס איז זיי שווער געווען זיך איינצולעבן אין רוסלאנד און זיי זענען דעריבער צוריקגעקומען, כדי זיך צונויפצובאהעפטן מיט די רעשטלעך פון די לעבנגעבליבענע יידן אין פּוילן און אויך כדי צו זיין נענטער צו די אָרטאָדאָקסישע יידישע צענטערן אין אייראָפּע, ארץ ישראל און אמעריקע.

ווען איך בין ארויס פון דעם ביוראָ, האָט איינער פון מיינע באגלייטער, א יונגערמאַן מיט א געדיכטער באָרד, מיר געזאָגט:

„איר פארשטייט, מיר האָבן אין רוסלאנד זיך אויסבאהאלטן אין צייט פון קריג און עס איז געווען א גוטע באהעלטעניש, א זיכערע באהעלטעניש, אָבער ווי לאנג קען מען לעבן אין א באהעלטעניש?..."

ער האָט אויף מיר א קוק־געטון מיט זיינע גליענדיקע אויגן און מיך אָבסערווירט, צי איך האָב פארשטאנען דעם רמז.

מיר זענען אוועק אָנקוקן דעם ווארשטאַט פון די נייטאָרינס. די מיידלעך און יונגע ווייבלעך, וועלכע האָבן ערשט חתונה געהאט מיט ישיבה־ בחורים, האָבן פלייסיק געארבעט ביי די נייי־מאשינען און ביי די פּרעס־אייזנס. זיי האָבן זיך אָבער געקלאָגט אויפן מאנגל אין נייי־מאשינען און אנדערע מכשירים. אזוי בין איך געגאנגען טרעפּ־אראָפּ און טרעפּ־

ארויף און געזען די איינריכטונגען פון דער אָרטאָדאָקסישער פעסטונג אין פוילן.

דאָ געפינט זיך אויך די „ישיבה הגבוהה נצח ישראל", וועמענס אָפיציעלער בריוובויגן איז געדרוקט אין פיר שפּראַכן: העברעאיש, פּויליש, ענגליש און פראַנצויזיש. אין די דריי פרעמדע שפּראַכן ווערט די ישיבה באַצייכנט אלס א ראבינער־הויכשולע און דער ראש־ישיבה, דער אשמיאַנער גאון, זאב מורינו, טראָגט דעם טיטול „רעקטאָר". אין שפּיץ פון דער דאָזיקער ישיבה שטייען נישט נאָר בלויז די רבנים פון פארשי־דענע חרובע קהילות אין פוילן, נאָר אויך רבנים פון אונגארן, רומעניע און צווישן זיי איז אפילו פאראן א רב פון רוסלאַנד, ר' בנימין קאַלקאַ, געוועזענער רב פון פערוואָמאַיסק און שפּעטער פון אָדעס. מיטן שטראָם פון די אָרטאָדאָקסישע רעפּאַטריאַנטן, צווישן וועלכע עס זענען פאראן העכער 100 רבנים, זענען אויך מיטגעקומען אייניקע רוסישע רבנים, גרויסע גאונים.

א גרויסע אויפלעבונג צווישן די אָרטאָדאָקסישע יידן אין פוילן, און באַזונדערס אין לאָדזש, האָט ארייַנגעבראַכט דער באַזוך פון הרב אליעזר סילווער, פּרעזידענט פון אגודת ישראל אין אמעריקע. אין אלע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, וווּ איך האָב זיך באַגעגנט מיט הרב אליעזר סילווער, האָט זיין דערשיינען צוגעצויגן די גרעסטע אויפמערק־זאַמקייט — א רב מיט א ברייטער, בלאָנדער באָרד, אין א העלן אמערי־קאַנער גאַלאַ־מונדיר מיט גאָלדענע קנעפּ — דאָס איז געווען א זאַך, וואָס מען האָט צום ערשטן מאָל געזען אין פוילן. דערצו האָט נאָך הרב סילווער נישט נאָר בלויז סתם גערעדט יידיש, נאָר בקול רם ממש אויסגעשריגן אויף דער גאַס יעדעס יידיש וואָרט.

אין לאָדזש האָט דער אָנקום פון הרב סילווער זיך פאַרוואַנדלט ממש אין א גרויסער מאַניפעסטאַציע. א ריזיקער יידישער עולם און דערביי יידן מיט בערד. האָבן אים פּריוויטיק בייטאָג אָפּגעוואַרט אויף דער באַן און אים צו־פוס באַגלייט צום „גראַנד האָטעל". דאָן איז אויפן הויף פון דער אגודה־שער פעסטונג אויף זאַכאָדניאַ 66 פאָרגעקומען א מאַסן־מיטינג, בעת וועלכן הרב סילווער האָט גערעדט פון א באַלקאָן. דער הויף איז געווען אָנגעפּולט דורך עטלעכע טויזנט יידן.

דאָן איז אוועק א סדרה פון באזוכן אין די פארשידענע אינסטיטו־ציעס. פאר קבלת־שבת איז הרב סילווער מיט א ריזיקן עולם אוועק זאָגן קדיש אויף די חורבות פון געטאָ. די אגודה־לייטונג אין לאָדזש האָט אָפּ־געדרוקט א פולן פראָגראם פון הרב סילווערס אויפטרעטן, באזוכן און אקטיוויטעטן דורך די פיר טעג פון זיין וויילן אין לאָדזש. דער שלש סעודות, וואָס איז געפּראוועט געוואָרן אין קיבוץ „חפץ חיים״, האָט צוגע־צויגן הונדערטער מענטשן אויף די ארומיקע גאסן, וועלכע האָבן זיך צו־געהערט צו די זמירות.

עס האָבן זיך אין לאָדזש געפונען גענוג יידן, וועלכע האָבן געהאלטן, אז די דאָזיקע אָפענע מאניפעסטאציעס פון דער אגודה מיט הרב סילווער קענען חלילה ברענגען צו אומגליקן, אז די אנטיסעמיטן קענען מאכן אי־בערפאלן. די ווירקונג איז אָבער געווען פונקט א פארקערטע. די חוצפה־דיקע אנטיסעמיטן זענען גאָר געוואָרן דערשטוינט און געפּלעפט פון דער געוואגטקייט פון די אָרטאָדאָקסישע יידן און זייער גאסט פון אמעריקע.

איך אליין האָב פערזענלעך זיך איבערציינגט וועגן דער דאָזיקער ווירקונג אויף די פוילישע אנטיסעמיטן, ווען איך האָב אין דער סאמע טומלדיקסטער צייט פון טאָג זיך דורכשפּאצירט איבער דער גאנצער לענג פון דער פּיעטריקאָווער גאס אין דער באגלייטונג פון צוויי רבנים — דווקא גאליציאנער רבנים מיט פלושענע קאפּעלושן און לאנגע זשופּיצעס. פּ״ל פּאָליאקן האָבן אויפן וועג נישט נאָר בלויז אונדז אָנגעקוקט מיט שטוי־נונג, נאָר ממש אָפּגעטרעטן דעם וועג. עס האָט זיי איבערראשט די גע־וואגטקייט פון די יידן מיט די בערד, וועלכע גייען זיך אזוי אומדערשראָקן איבער דער הויפּט־ארטעריע פון לאָדזש, ווו זיי האָבן שוין לאנג אזעלכע יידן נישט געהאט געזען.

* * *

איך האָב אין לאָדזש זיך באגעגנט מיט פיל נאָענטע חברים און יוגנט־פריינט. אָבער די פרייד פון דער דאָזיקער באגעגעניש האָט שנעל באקומען דעם טעם פון ביטערקייט. איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן מאָ־מענט פון צונויפטרעפן זיך מיט דער גרופּע לעבנגעבליבענע שרייבער, שוישפּילער און קינסטלער, מיט וועלכע עס פארבינדן מיך אזוי פיל גע־

מיינזאמע דעראינערונגען פון מיינע יוגנט־יאָרן. איך האָב אויף דעם דאָזיקן צוזאמענטרעף געהאַפּט ווי אויף א ליכטיקן מאָמענט אין די פּיינלעכע איבערלעבונגען אין פּוילן. ווען איך האָב אָבער פּנים אל פּנים זיך צונויפ־געטראָפן מיט די דאָזיקע חברים מיינע, זענען אלע האָפערדיקע דערוואר־טונגען מיטאמאָל צערונען. די איינציקע טעמע פון אונדזער געשפּרעך איז געווען: א וויזע.

ווו נעמט מען א וויזע? דאָס איז געווען דער איינציקער וויזיאָנע־רישער באגער פון די פּאָעטן, פון די קינסטלער און די שוישפּילער. אלע אנדערע טעמען האָבן זיך אויסגעדראכט אומוויכטיק, זינלאָז.

אין אמאָליקע יאָרן פלעגט איינער דעם צווייטן מקנא זיין צוליב א געלונגענעם ליד, צוליב אן אָריגינעלער מעטאַפאָרע. איצטער האָבן מיינע חברים בלויז געחלומט וועגן דעם צויבערפולן סטעמפּל אויף מיין פּאס־פּאָרט. עס איז מיר דעריבער געווען פּיינלעך, וואָס איך האָב נישט געקענט מיין פּאספּאָרט צעטיילן לכל הפּחות אין צווייען.

צווישן די שרייבער און אינטעלעקטועלע, יידן און נישט־יידן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון רוסלאנד, זענען געווען אייניקע, וועלכע האָבן דאָרט דורכגעמאכט די שווערסטע נסיונות, געזעסן אין תפיסות און געווען אויף פאַרשיקונג.

די באשולדיקונגען, וואָס זענען געמאכט געוואָרן קעגן זיי, זענען אזוי אויסטערליש, אזוי אומגלויבלעך, אז אפילו די געליטענע גופא האָבן בעסער וועגן דעם נישט געוואָלט ארייננגיין אין קיין איינצלהייטן. זיי זענען געווען איבערצייגט, אז איך וועל סיי ווי נישט גלויבן דערין. זיי האָבן די דאָזיקע רעטעניש מיר דערקלערט דערמיט, אז די קליינע באאמטע אין ווייטן, פאַרוואָרפענעם סאָוועטישן אזיע האָבן אין זייער לאנגווייליקייט פאַרטראכט פאַנטאסטישע באשולדיקונג־אקטן, געזוכט גרויסע העלדן־פאַר־ברעכער און געהאַפּט דורך דעם צו קענען אוואנסירן. דער סוף איז אָבער געווען, אז די בלבול־מאכער זענען געוואָרן אויפגעדעקט און שווער באשטראָפט.

איך האָב גערעדט מיט דריי אינטעלעקטועלע, וועלכע זענען געווען די קרבנות פון אזעלכע לעכערלעכע באשולדיקונגען און הגם זיי זענען לאנגע חדשים אומזיסט געזעסן אין תפיסות, האָבן זיי אָבער אונטערגע־

שטראָכן, אַז דער פאַקט, וואָס די שולדיקע זענען געוואָרן שווער באַשטראָפט, האָט ביי זיי אוועקגענומען די ביטערניש צו רוסלאַנד.

„רוסלאַנד איז צו לאַנג געווען הערמעטיש אָפּגעשלאָסן פון דער דרויסנדיקער וועלט —האָט מיר איינער פון די דאָזיקע דריי דערקלערט— דער רוסישער באַאמטער האָט נישט געזען קיין צופלוס פון קיין נייעם מענטש און דעריבער האָט דער פּלוצימדיקער שטראָם פון די פּליטים אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט ביי די קליינע באַאמטע, און אין יעדן אינטע־לעקטועלן, וועלכער איז געשטאַנען העכער פון זיי, האָבן זיי געוואָלט אַנט־דעקן אַ געפערלעכן שפּיאָן"...

ווען איך האָב מיינע פריינט געפרעגט, צי אַזעלכעס וואָלט מעגלעך געווען אין איצטיקן פּוילן, האָבן זיי מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט אונטערגעשטראָכן, אַז אין פּוילן איז אַזאַ זאַך אוממעגלעך.

„דאָס איז אַן ענין מער פון קלימאַט. ווי פון רעזשים. די פּאָליטישע לופט אין פּוילן איז אַנדערש —האָט איינער פון זיי באַמערקט,— מיר גלויבן, אַז די פּערזענלעכע פרייהייטן, וואָס ווערן אונטערשעצט אין רוס־לאַנד, וועלן אין פּוילן ווערן אָפּגעהיט און קולטיווירט".

דערפאַר טאַקע זענען זיי צוריקגעקומען קיין פּוילן, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן נאָך זייער רעהאַביליטאַציע געקענט זיך זייער גוט איינ־אָרדענען אין רוסלאַנד. די סאָוועטישע מאַכט האָט זיי געוואָלט אפילו אין אַ געוויסן זין פאַרגיטיקן פאַר די ליידן, וואָס זענען זיי אומזיסט פאַרשאַפט געוואָרן.

מיט איייניקע פון די שרייבער און אינטעלעקטועלע, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט קיין רוסלאַנד, זענען אויך פּאָרגעקומען אויסטערלישע מע־טאַמאָרפאָזעס. עס איז מערקווירדיק, אַז גראָד די, וועלכע זענען פאַרן קריג געווען באַגייסטערטע אָנהענגער פון סאָוועט־רוסלאַנד און לאַנגע יאָרן אין פּוילן אָפּגעזעסן אין תפיסות פאַר זייער אַקטיוויקייט אין ראַדיקאַלע אָר־גאַניזאַציעס, גראָד די זענען פון רוסלאַנד צוריקגעקומען אַנטוישטע. זיי האָבן אין רוסלאַנד נישט געטראָפן דאָס, וואָס זיי האָבן געהאָפט צו טרעפן.

פון דערווייטנס איז רוסלאַנד געווען פאַר זיי אַן אויסגעטרוימטער גן־עדן, ווו עס זענען פאַרשוווּנדן אַלע דיסאָנאַנסן און ווו אַלץ גייט אָן אין אַ וווּנדערלעכער האַרמאָניע. ווען זיי האָבן זיך אָבער צונויפגעטראָפן מיט

דער ווירקלעכקייט און געזען די שוועריקייטן און די קאָנפליקטן, זענען זיי געוואָרן אנטוישט און צוריק געקומען קיין פּוילן.

איך האָב זיך אויך צונויפגעטראָפן מיט מערקווירדיקע פאַלן פון ראַדיקאַלע אינטעלעקטועלע, וועלכע זענען אין רוסלאַנד, צוליב זייער אַנ־טוישונג, געוואָרן פרום און אריינגעפאַלן אין מיסטישע שטימונגען. א באַוווּסטער פּוילישער שרייבער, וועלכער איז פאַרן קריג געווען איינער פון די פירנדיקע אינטעלעקטועלע לינקע שריפטשטעלער, איז אין ווייטן, פאַר־וואָרפענעם סאָוועטישן אזיע געוואָרן א פרומער קאַטאָליק און איז אַרומ־געגאַנגען מיט א צלם אויף דער ברוסט.

צוריקקומענדיק קיין פּוילן, האָט ער שנעל דערפון זיך אויסגעהיילט און איז איצטער צוריק אקטיוו אלס שרייבער און קולטור־טוער. דער פאַקט, וואָס אין רוסלאַנד איז דער דאָזיקער שרייבער געשטאַנען אונטערן פאַר־דאַכט פון אַנטי־סאָוועטישקייט, האָט אבסאָלוט נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף די פּוילישע רעגירונגס־קרייזן, וועלכע האָבן אים אָנפאַרטרויט א וויכטיקע שריפטשטעלערישע אויפגאַבע.

אויך דער באַרימטער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער פּאָעט וולאַדיס־לאַוו בראָניעווסקי, וועלכער איז פאַרן קריג פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער פּוילישער דעפענסיווע, איז אין רוסלאַנד אריינגעפאַלן אונטער א שווערן פאַרדאַכט און א צייט אָפּגעזעסן אין תפיסה. ער איז באַפרייט געוואָרן ערשט נאָכדעם ווי גענעראַל שיקאָרסקי האָט געשלאָסן דעם אָפּמאַך מיט דער סאָוועטישער רעגירונג און עס איז דערקלערט געוואָרן אן אמנעסטיע פאַר אַלע אַרעסטירטע פּאָליאַקן. בראָניעווסקי איז באַלד אַרויס פון רוס־לאַנד צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרמיי־אָפּטיילונגען פון גענעראַל אַנדערס. אין אויסלאַנד אָבער האָט דער רעוואָלוציאָנערער פּאָעט, וועלכער איז געווען א קאַפּיטאַן אין דער פּוילישער אַרמיי, גלייך זיך אָפּגעטיילט פון דעם רעאַק־ציאָנערן אַנטיסעמיטישן גענעראַל אַנדערס און זיך באַזעצט אין ארץ ישראל.

אין ארץ ישראל האָט בראָניעווסקי אָנגעהאַלטן גאָר נאָענטע באַצי־אונגען מיט די העברעאישע שריפטשטעלער און מיט די פירער פון ישוב. ער האָט געשריבן באַגייסטערטע לידער וועגן ארץ ישראל און וועגן די פּיאָנערן־לייסטונגען פון פּוילישע יידן פאַרן ישוב. ווי נאָר אָבער פּוילן איז געוואָרן באַפרייט, האָט ער זיך גלייך, אין יאָר 1945, צוריק אומגע־

קערט און ער איז איצט אין פּוילן ארומגערינגלט מיט דער גרעסטער אכ־טונג און אָנערקענונג.

איך האָב בראַניעװסקין צופעליק באגעגנט אין א רעסטאָראַן. עס איז געװען א רירנדיקער צוזאמענטרעף. מיר האָבן דעם טאָג אויסגעטרונקען א היפּש ביסל בראָנפן. בראַניעװסקי, װעמענס לידער איך האָב איבערזעצט אין יידיש, האָט פאר מיר דאן פון אויסנװייניק רעציטירט זיינע נייעסטע לידער און דװקא געװאָלט, איך זאָל הערן זיינע לידער װעגן ארץ ישראל. ער איז געװען אין אן אויפגעהייטערטער שטימונג, אָבער טראָץ דעם װאָס ער איז גראָד געװען זייער בארעדעװדיק, האָט ער קיין איין ביטער װאָרט נישט געזאָגט װעגן רוסלאנד, נאָר בלויז מיט באדויערונג גערעדט װעגן דעם טעות, װאָס איז מיט אים באגאנגען געװאָרן.

אן אויסטערלישע איבערראשונג איז פאר מיר געװען די באגעגעניש מיטן יידישן פּאָעט מרדכי אָלעי. אין דער פעסטונג פון די אָרטאָדאָקסישע יידן אין לאָדזש, אויף זאכאָדניא 66, האָב איך באקומען א ביולעטין, אין װעלכן עס איז צװישן די פארשידענע ארטיקלען און נאָטיצן אָפּגעדרוקט געװען א ליד פון מרדכי אָלעי. שוין דער פאקט אליין, װאָס דאָס ליד איז געװען אָפּגעדרוקט אין דעם אָרטאָדאָקסישן ביולעטין, איז פאר מיר געװען א געװונגנדיקער באװייז, אז מיט דעם פּאָעט איז פאָרגעקומען אן איבער־קערעניש. די הכנעהדיקייט, דער געבעט־טאָן פון דעם ליד טראָגט אין זיך אלע סימנים פון א בעל־תשובה, פון א באקערטן. מרדכי אָלעי פארנעמט אליץ באהבה... ער גלויבט, אז עס װעט קומען א טאָג פון פארגיטיקונג פאר די ליידן פון יידישן פאָלק.

איך האָב אָבער נישט געגלויבט מיינע אויגן, װען איך האָב אויג אויף אויג זיך צונויפגעטראָפן מיט דעם פּאָעט. די ברייט־צעװאקסענע בלאָנדע באָרד האָט דעם מיטלװוּקסיקן, ברייטפּלייציקן מרדכי אָלעי גע־מאכט נאָך ברייטער און נאָך נידעריקער. די ביטערקייט און בייסיקער סארקאזם, װאָס איז אלעמאָל געװען אזוי כאראקטעריסטיש פאר דעם שטענ־דיק איינגעשפּארטן מרדכי אָלעי, איז פולשטענדיק פארשװוּנדן. פאר מיר איז געשטאנען א מילדער, גוטמוטיקער פרוש — א נזיר. װען איך האָב פּרובירט אָנבינדן מיט אים א שמועס װעגן די סיבות, װאָס האָבן אים

געבראכט צו דער אויסטערלישער באקערעניש, אינערלעך און אויסערלעך, האָט ער קורץ אָפּגעהאקט מיט ווערטער:

„דאָס איז דער אמתער דרך".

אין אלגעמיין האָט ביי די יידישע רעפּאטריאנטן אין באצוג צו רוסלאנד זיך אויסגעפורעמט א געמישט געפיל פון דאנקבארקייט און אנטוישונג. דאנקבארקייט — דערפאר ווייל זיי האָבן אין רוסלאנד זיך געראטעוועט פון א זיכערן טויט, און אנטוישונג — צוליב דער קאלטקייט נישט בלויז פון סיביר, נאָר צוליב דער קאלטער אויפנאמע און פארדאכט, מיט וועלכע פיל פון זיי זענען געוואָרן אויפגענומען. די דאָזיקע אומפריינט־לעכע באהאנדלונג איז געקומען דערפאר, ווייל די יידן האָבן זיך אָפּגע־זאָגט צו אָפּטירן פאר רוסלאנד. הונדערטער זענען אויך ארעסטירט גע־וואָרן צוליב זייער אָנגעהעריקייט צו סאָציאליסטישע און ציוניסטישע פארטייען.

צווישן די צוריקגעקומענע זענען פאראן טיף־פארביטערטע מענטשן, וועלכע זענען צוליב זייערע פארפאָלגונגען געוואָרן קאָמפּראָמיסלאָזע שונאים פון סאָוועט־רוסלאנד און זענען גרייט, אָן שום איבערקלויב, זיך אנצושליסן אין יעדער קרייץ־צוג קעגן רוסלאנד. די צאָל פון די דאָזיקע איז זייער קליין און דאָס זענען מייניסטנס ראדיקאלע אינטעליגענטן, וועלכע זענען דורך דעם פייער פון האס געוואָרן פולשטענדיק פארבלענדט און מיט זיי איז אוממעגלעך צו רעדן וועגן רוסלאנד.

איין זאך איז אָבער זיכער, אז די פּוילישע יידן, וועלכע האָבן זיך געהאט געראטעוועט קיין רוסלאנד אין דער צייט פון קריג, האָבן דאָרט נישט געוואָלט בלייבן און ווי נאָר די טויערן פון באפרייטן פּוילן האָבן זיך געעפנט — זענען אלע צוריקגעפאָרן.

קאפיטל צען

## דער „בלינדער מאקס" האָט געבענקט נאָך לאָדזש

צווישן די יידישע רעפּאטריאנטן פון רוסלאנד, מיט וועלכע איך האָב זיך באגעגנט אין פּוילן, איז דער „בלינדער מאקס" די אממיינסטן פּיטארעסקע פיגור. לויט די אָפיציעלע דאָקומענטן און לויט פּאָטאָגראפישע באווייזן פון דער נאצישער אָקופּאציע־מאכט אין פּוילן איז דער „בלינדער מאקס" און אייגנטלעך מאקס באָרנשטיין א געהאָנגענער. איך האָב אָבער דעם דאָזיקן געהאָנגענעם געזען א לעבעדיקן אין לאָדזש, און אויסגעהערט זיין מערקווירדיקע געשיכטע, וואָס אפילו דער פּיפּיקסטער האָליווּד־שרייבער וואָלט נישט געוואגט אויסצוטראכטן.

די נאצים האָבן געהאט באשטימט דעם פּרייז פון הונדערט טויזנט מארק פאר דעם קאָפּ פון מאקס באָרנשטיין מיט זיינע צעשויבערטע האָר און שיקלדיקע אויגן. און היות ווי קיינער האָט דעם דאָזיקן הויך־געשעצטן קאָפּ נישט צוגעשטעלט, האָבן די פארשעמטע נאצים אָפּגעדרוקט א פּלאַקאט, וואָס ווייזט שווארץ אויף ווייס, אז מאקס באָרנשטיין איז געוואָרן אויפגעהאָנגען.

מאקס באָרנשטיין איז פארן קריג געווען דער קעניג פון דער לאָדזשער אונטערוועלט. ער איז באקאנט געווען אונטערן צונאָמען „בלינדער מאקס" און דאָס צוליב זיינע שיקלדיקע אויגן, וואָס זענען אָבער שוין גאָרנישט בלינד און האָבן אין זיך ביז היינט צו טאָג נאָך די שארפקייט פון א שפּארבער. ווי א שפּארבער האָט ער טאקע אלעמאָל זיך געוואָרפן אויף זיינע קרבנות, סיי ווען דאָס זענען געווען צארישע פּאָגראָמשטשיקעס, פּוילישע פּראָוואָקאטאָרן, צי די גרויזאמע געשטאפּאָ־לייט.

ווען איך האָב אין לאָדזש זיך באגעגנט מיטן „בלינדן מאקס", האָב

איך געהאט דאָס געפיל, אז איך זע פאר זיך א פארקערפערונג פון א סטענקא ראזין, רינאלדאָ רינאלדיני און ראָבין הוד.

אין יאָר 1905, בעת די בלוטיקע איבערפאלן, וואָס די צארישע קאָזאקן האָבן דורכגעפירט אין לאָדזש קעגן שטרייקנדיקע ארבעטער, האָט מאקס באָרנשטיין, וועלכער איז דאן אלט געווען קוים 15 יאָר, זיך באַטייליקט אין אטענטאטן קעגן דער צארישער פאָליציי. ער האָט דעמאָלט שוין באלאנגט צו דער אונטערוועלט, אָבער אויף זיין שטייגער ארויסגעוויזן א פארשטענדעניש פאר גערעכטיקייט. ער פלעגט גנבענען ביי רייכע און עס אוועקגעבן די אָרימע. אויב עמיץ פון זיין חברה האָט באגנבעט אן אָרימען ארבעטער, האָט ער די געגנבעטע זאכן געהייסן צוריקגעבן. איז א שוואכער געוואָרן באַוווּסט, איז מאקס באָרנשטיין אלעמאָל גרייט געווען אים צו פארטיידיקן.

מיט דער צייט איז זיין אויטאָריטעט אין דער לאָדזשער אונטערוועלט אויסגעוואקסן און זיין וואָרט איז פאר די לאָדזשער גנבים געווען געזעץ. ריזיק אין וווּקס, מיט אייזערנע מוסקולן, פלינק אין די הענט און שארף אין זיינע שיקלדיקע אויגן, איז מאקס באָרנשטיין אָדער דער „בלינדער מאקס" שנעל געוואָרן דער קעניג פון דער לאָדזשער אונטערוועלט. עס זענען צו אים געקומען מיט „דין תורות" נישט נאָר בלויז גנבים, נאָר עס האָבן צו אים זיך געווענדט נאָך הילף און שטיצע די געקריוודעטע און שוואכע צווישן דער לאָדזשער יידישער אָרימקייט. האָט א רייכער ווירט ארויסגעוואָרפן פון דער דירה אן אָרימען לאָקאטאָר, האָט דער „בלינדער מאקס" דעם דאָזיקן באלעבאָס געצווּנגען צוריק ארייננעמען דעם אָרימאַן.

באזונדערס האָט דעם „בלינדן מאקס" געצויגן צום טעאטער, צום יידישן און נישט־יידישן. ער פלעגט זיך איינשטעלן פאר די געקריוודעטע קליינע שוישפּילער און כאָר־זינגער, פאר וועלכע ער פלעגט פאָדערן הוספות. טעאטער איז אלעמאָל געווען זיין שוואכקייט און ווען מאקס באָרנשטיין איז געקומען צו מיר אין מיין האָטעל־צימער אין לאָדזש, האָט ער אין איין אָטעם פאר מיר דעקלאמירט אויף פּויליש שטיקער פון שעקספּירס „שיילאָק", רעציטירט אויף יידיש גאנצע דיאלאָגן פון גאָרדינס „קעניג ליר" און אפילו אָפּגעזונגען עטלעכע אָפּערן־אריעס. זיין באליבטע אָפּערע, האָט מאקס מיר געזאָגט, איז „קארמען", וואָס ער האָט געזונגען פאר מיר אין

דייטש און ספּעציעל אונטערגעשטראָכן דעם פערז „שטאָלץ אין דער ברוסט". ער האָט דערביי מיט דער פויסט זיך א זעץ־געטון אין זיין ברוסט, אז עס האָט אזש אָפּגעהילכט.

אין יאָר 1931 האָט דער „בלינדער מאקס". אין מיטן העלן טאָג, אויפן ראָג פון די גאסן פּאָמאָרסקא און זאכאָדניא, דערשאָסן דעם פּראָוואָקאטאָר ישראל קלמן באלבערמאן, וועלכער האָט געדינט אין דער פּוילישער דע־פענסיווע. ער האָט אין אים אריינגעשאָסן ניין קוילן. דערפאר האָט דער „בלינדער מאקס באקומען אכט יאָר תפיסה. די ריכטער האָבן די דראַזיקע מילדע שטראָף קעגן דעם „בלינדן מאקס" ארויסגעגעבן דערפאר, ווייל זיי האָבן אין אכט גענומען זיינע העלדישקייטן בעת די אומאָפּהענגיקייט־קאמפן אין פּוילן קעגן דער צארישער מאכט. פאראן אפילו א סברא, אז פּילסודסקי פּערזענלעך זאָל האָבן אינטערווענירט פאר דעם „בלינדן מאקס", וועלכן ער האָט געקענט טאקע פון די קאָנספּיראציע־יאָרן.

עטלעכע טעג פארן אויסברוך פון לעצטן קריג איז דער „בלינדער מאקס" געוואָרן באפרייט.

עס איז אים אָבער נישט באשערט געווען לאנג צו געניסן פון זיין פרייהייט. דעם 1טן סעפּטעמבער איז אויסגעבראָכן דער קריג און אין עטלעכע טעג ארום זענען די נאצים שוין געווען ביי די טויערן פון לאָדזש און די יידישע פּונקט ווי די פּוילישע באפעלקערונג איז אין פּאניק אנט־לאָפן פון שטאָט. אין דעם עקזאָדוס האָט זיך אויך געפונען דער „בלינדער מאקס".

דער שאָסיי צווישן לאָדזש און בזשעזשין איז פול געווען מיט אנט־לויפנדיקע מענער, פרויען און קינדער, צוזאמען מיט דער ציווילער באַ־פעלקערונג זענען אויך אנטלאָפן אָפּטיילונגען פון די געשלאָגענע פּוילישע ארמייען. דער כאָאָס איז געווען גרויס. מיטאמאָל האָט אין דער געדיכ־טעניש פון דער מאסע, וואָס האָט געצויגן אויפן שאָסיי, גענומען פאלן איין האנט־גראנאט נאָכן אנדערן און עס זענען שוין געלעגן פארבלוטיקטע מענער, פרויען און קינדער.

די אנטלויפנדיקע האָבן דאן דערזען א מאָדנע זאך. מיטן ברעג פון שאָסיי איז אויף א ביציקלעט געפאָרן א פּוילישער אָפיציר מיט א ביקס פארהאָנגען אויף די פּלייצעס. איינעם נאָכן צווייטן האָט ער אָפּגעטשעפּעט

האַנט־גראַנאַטן פון זיין גאַרטל און מאַכנדיק אַ קרייז מיט דער האַנט גע־שליידערט דירעקט אין דעם אַנטלויפנדיקן המון.

מיטאַמאָל אָבער האָט פון עולם אויפן שאָסיי זיך אָפּגעריסן אַ ריי־זיקער מאַנסביל און מיט איין שפּרונג זיך געוואָרפן אויפן אָפיציר, אים אַראָפּגעשליידערט פון זיין ביציקלעט, אַראָפּגעריסן די ביקס פון זיינע פּליי־צעס און מיט דער קאָלבע אים דערלאַנגט איבערן קאָפּ. עס איז געוואָרן אַ צוזאַמענלויף, טייל האָבן באַוווּנדערט דעם מאַן דערפאַר, וואָס ער האָט אומשעדלעך געמאַכט דעם פּוילישן אָפיציר, וועלכער האָט געוואָרפן די האַנט־גראַנאַטן אין דער אַנטלויפנדיקער מאַסע, אָבער אַנדערע האָבן גע־נומען שרייען: „אַ ייד האָט געהרגעט אַ פּוילישן אָפיציר!"...

עס איז אָנגעקומען אַ לאַסט־וואָגן מיט פּויליש מיליטער און דער „בלינדער מאַקס" איז שיעור נישט געלינטשט געוואָרן אויפן אָרט.

„האָסט דערמאָרדעט אַ פּוילישן אָפיציר" — האָבן די זעלנער צו אים געשריגן מיט אַ דראָענדיקן טאָן. דער „בלינדער מאַקס" האָט אָבער מיט דער גאַנצער זיכערהייט געזאָגט:

„דאָס איז נישט קיין פּוילישער אָפיציר. דאָס איז אַ נאַצי! קוקט אויף די מענטשן, וואָס ער האָט דערהרגעט" — און אָנגעוויזן אויף די קערפּערס, וועלכע זענען אויסגעשפּרייט געווען אויף דער ערד.

די פּוילישע סאָלדאַטן האָבן זיך אָנגעבויגן איבערן דערהרגעטן אָפי־ציר און ווען זיי האָבן אויפגעקנעפּלט זיין רעקל, האָבן זיי פון אונטן דער־זען אַ דייטשע בלוזע מיט נאַצישע אויסצייכענונגען און אַ זעלנעריש דער־קענונגס־בלעכל, אויף וועלכן עס איז אויסגעקריצט געווען דער נאָמען: פריץ שמידט, אָבערלויטנאַנט, ברעסלאַו.

דער דאָזיקער כלומרשטער פּוילישער אָפיציר איז אַלזאָ געווען אַ דייטשער דיווערסאַנט. די פּוילישע מיליטערלייט האָבן דאַן אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג דעם העלדישן מאַקס באָרנשטיין און דערפאַר אים מיט־גענומען אויף זייער לאַסט־וואָגן קיין וואַרשע.

די ידיעה וועגן דער העלדישקייט פון „בלינדן מאַקס" האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין לאָדזש און ווי נאָר די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָט די געשטאַפּאָ אָנגעהויבן זוכן דעם „בלינדן מאַקס". זיין פאַמיליע

האָט אונטער דער דראָאונג פון טויט באקומען א טערמין פון 15 טעג אים צוצושטעלן. זיי האָבן אָבער נישט געהאט די מינדסטע אנונג, ווו ער איז.

אין עטלעכע טעג ארום איז דער „בלינדער מאקס", וועלכער האָט אפילו נישט געוווּסט, אז מען זוכט אים, צוריקגעקומען פון ווארשע קיין לאָדזש. זײנע פרײנט פון דער טעאטער־וועלט האָבן אים פארגרימירט, כדי מען זאָל אים נישט דערקענען, אָבער ער האָט נישט געקענט ענדערן זײנע שיקלדיקע אויגן און אײנמאָל בײנאכט איז ער אויפן ראָג פון בזשע־זשינער און פראנצישקאנער דערקענט געוואָרן דורך א געוועזענעם פוילישן פּאָליצײ־קאָמיסאר, סטאַניסלאַוו וויעיער, וועלכער איז אריבער אין דינסט צו די דײטשן.

דער קאָמיסאר האָט דעם „בלינדן מאקס" דערקענט טאקע צוליב זײנע אויגן. ער האָט אים אָפּגעפירט אין פּאָליצײ־קאָמיסאריאט אויף קי־לינסקעגאָ נומ. 52 און אים איבערגעגעבן אין די הענט פון דער דײטשער פּאָליצײ.

אין אָנהייב האָבן די געשטאַפּאָ־לײט גערעדט מיט אים העפלעך און אים אָנגעבאָטן צו ארבעטן פאר זיי. ער האָט געדארפט אָנווײזן אויף רײכע יידן, וועלכע פארמאָגן געלט און בריליאנטן, אָבער דער „בלינדער מאקס" האָט דאן אויף זײן שטײגער געענטפערט דעם נאצישן אגענט:

„איך ווייס, ווער עס פארמאָגט הײזער אין לאָדזש, אָבער איך קוק נישט קײנעם אין דער קעשענע, צי ער האָט געלט אָדער בריליאנטן".

ווען אײנער פון די געשטאַפּאָ־לײט האָט אויפגעהויבן זײן מעטאַ־לענע שפּיץ־רוט און געוואָלט א קלאַפּ־טון, האָט דער „בלינדער מאקס" פלינק מיט דער רעכטער האנט א זעץ־געטון אין די צײן דעם געשטאַפּאָ־וויעץ, וועלכער האָט זיך איבערגעקערט; ווען דער צווייטער נאצי האָט ארויסגעצויגן דעם רעוואָלווער, האָט דער „בלינדער מאקס" אים א כאַפּ־געטון ביים גאָרגל און אים גענומען ווערגן. ער האָט דאן פון דעם פאר־חלשטן ארויסגעצויגן דעם רעוואָלווער, דערלאנגט די צוויי נאצים נאָך עטלעכע קלעפּ און פון מלבושים־הענגער אראָפּגענומען א מאנטל און א היטל מיט א טויטן־קאָפּ פון פאָרנט און מיטן פּיסטויל אין קעשענע רואיק ארויסגעשפּאצירט.

אין דרויסן האָט דער דיזשורירנדיקער נאצישער פּאָליציסט אויפן

דייטשן שטייגער א קלאַפּ־געטון מיט די קנאַפּל און סאַלוטירט פאַר דעם „בלינדן מאַקס", וועלכער איז געקליידט געווען ווי א געשטאַפּאָ־אָפיציר.

דער „בלינדער מאַקס" האָט די דאָזיקע קעפּעניק־סצענע פאַר מיר געשילדערט מיט זיין גאַנצן שווישפּילערישן טאַלאַנט, מיר געוויזן גענוי, ווי אזוי ער האָט „קאַלט געמאַכט" די צוויי נאַציס און ווי אזוי דער נאַצי אין דרויסן האָט פאַר אים סאַלוטירט:

„דער נאַצישער סאָלדאַט אין דרויסן האָט א הייב־געטון די האַנט און געשריגן „הייל!" איך האָב אים געענטפערט „הייל היטלער" און אויס־שפּייענדיק דריי מאָל באַלד דערנאָך געזאָגט: „שמע ישראל!"...

„אָפּגייענדיק א שטיקל אויף בזשעזשינער גאַס, — האָט דער „בלינדער־מאַקס" פאָרגעזעצט — האָב איך אָנגעטראָפן א נאַצי, וועלכער האָט גע־פירט צוויי יידישע פרויען. איך האָב א געשריי געטון: „שטיין בלייבן, הייל!". דער נאַצי האָט געענטפערט „יאַוואָל" און זיך אויסגעצויגן ווי א סטרונע. איך האָב ארויסגעצויגן מיין רעוואָלווער, אריינגעיאָגט אין אים דריי קוילן און אנטלאָפן. איך בין נעגאַנגען פּליטה, אָנגעקומען קיין בזשע־זשין און אריין צו מיין אַלטן פריינט, דעם שניידער דיאַמענט, וועלכער האָט מיך אויסבאַהאַלטן".

אין עטלעכע טעג ארום האָבן אויף די מויערן פון לאָדזש און אין די ארומיקע שטעטלעך, און צווישן זיי אויך אין בזשעזשין גופא, זיך באַ־וויזן פּלאַקאַטן, אין וועלכע די געשטאַפּאָ האָט אָנגעבאָטן הונדערט טויזנט מאַרק פאַרן „בלינדן מאַקס", וועמענס פאָטאָגראַפיע איז געווען אָפּגע־דרוקט. מאַקס באָרנשטיין איז דעריבער באַלד ביינאַכט אוועק פון בזשעזשין און זיך געלאָזט אויפן וועג קיין וואַרשע.

„אָבגייענדיק עטלעכע קילאָמעטער — האָט דער „בלינדער מאַקס" ווייטער דערציילט — האָב איך אויפן שאָסיי דערזען אנטלויפן א טאַקסי. איך האָב די טאַקסי אָפּגעשטעלט און דעם שאָפער, וועלכער איז צופעליק געפאָרן אליין, מיטן רעוואָלווער געצוווּנגען מיך אָפּצופירן קיין וואַרשע. אין וואַרשע בין איך אוועק צו מיינעם א פריינט אויף נאַוואָליפּקי נומ. 51, וווינונג 10, אָבער אויך אין וואַרשע — האָט מאַקס באָרנשטיין פאַרמרו־זשעט זיינע שיקלדיקע אויגן — האָב איך געזען מיין פאָרטרעטל, וואָס די

נאַצים האָבן געהאַט אויפגעהאָנגען אומעטום, און איך האָב דעריבער גע־מוזט שנעל מאַכן ויברח".

דערווייל האָבן די נאַצים ווידעראַמאָל אַרעסטירט די פאַמיליע פון „בלינדן מאַקס": זיין פרוי, צוויי ברידער און אַ שוועסטער און זיי פאַר־שיקט ערגעץ קיין דייטשלאַנד, פון וואַנען זיי זענען שוין מער נישט צוריק געקומען. מיט דער הילף פון זיינע אַמאָליקע אונטערוועלט־חברים איז מאַקס באַרנשטיין צוגעטשעפּעט געוואָרן צו אַ גרופּע פון אַכט יידן, וועלכע האָבן געדאַרפט אַריבערגעשמוגלט ווערן איבער דער סאָוועטישער גרענעץ.

„אין מאַלקין —האָט דער „בלינדער מאַקס" דערציילט— האָט אַ פּאָליאַק אונדז געדאַרפט אַריבערפירן צו די באָלשעוויקעס. דער דאָזיקער הונט האָט אונדז אָבער נאָך לאַנגע שלעפּענישן איבערן וואַלד איבערגע־געבן אין די הענט פון דער נאַצישער גרענעץ־וואַך".

אַלע זענען געוואָרן אַרעסטירט און באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש. אַ צופאַל האָט אָבער געוואָלט, אַז גראָד אין דער צייט האָט זיך אויף דער גרענעץ געפונען אויף אַן אינספּעקציע אַ דייטשער גענעראַל, וועלכער האָט אויך אָנטייל גענומען אין פאַרהערן די אַרעסטירטע. אין אַ געוויסן מאָ־מענט האָט דער גענעראַל אַ פרעג־געטון דעם „בלינדן מאַקס", צי ער ווייסט אויף וואָס פאַראַ ערד ער געפינט זיך און וואָס פאַראַ געזעצן עס פאַר־פליכטן דאָ. „דער בלינדער מאַקס" האָט אים דאַן געענטפערט:

„יאָ, איך ווייס. דאָס איז פּוילישע ערד, אָבער דערווייל איז עס אָקו־פּירטע דייטשע טעריטאָריע".

דער „בלינדער מאַקס" האָט אין זיין טיפּיש־לאָדזשער דייטש צי־טירט פאַר מיר דעם ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן דעם גענעראַל, און דערביי דערציילט, אַז איבער זיין קאָפּ האָבן זיך דאַן גענומען שיטן קלעפּ.

אַלע פאַרהאַלטענע זענען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט, אָבער דער „בלינדער מאַקס" האָט געבעטן, מען זאָל אים דערלויבן צו זאָגן „דאָס לעצטע וואָרט". דער גענעראַל האָט אים די דערלויבעניש געגעבן און צו אַלעמענס איבעראַשונג האָט ער פאַר די נאַצים גענומען זינגען זיין באַ־ליבטע אַריע פון „קאַרמען", אין וועלכער עס זאָגט זיך: „שטאָלץ אין דער ברוסט"...

דער גענעראַל איז געוואָרן ווי אַנטוואָפנט און געענדערט דעם אור־

טייל, באַשליסנדיק די אַרעסטירטע אָפּצושיקן קיין מאַלקין צו דער אויבער־קאָמענדאַנטור. צוליב דעם, וואָס עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, האָבן די נאַציס די אַכט אַרעסטירטע דערווייל אָפּגעפירט אין אַ שטאַל אַריין, ווו זיי האָבן געדאַרפט איבערנעכטיקן, כדי אויף צו מאָרגנס זיי אַוועקצופירן קיין מאַלקין.

„איך האָב אָבער באַשלאָסן פון דאָרט צו אַנטלויפן — האָט דער „בלינדער מאַקס" געזאָגט — און האָב גענומען גראָבן אַ לאָך אונטער אַ וואַנט פון שטאַל. איך בין דער ערשטער אַרויס און דעם נאַצישן סאָלדאַט, וועלכער האָט באַוואַכט די שטאַל, אַ כאַפּ־געטון פון הינטן פאַרן קאַרק און אים גלייך אַוועקגעלייגט. איך בין דאַן צוריק אַריין אין שטאַל, כדי מיטצונעמען מיט זיך די איבעריקע חברה, זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט גיין, זיי האָבן מורא געהאַט. איך האָב זיי דעריבער געמוזט געבן אַ פּאָר קלעפּ און זיי צווינגען זיך צו ראַטעווען...

„אין עטלעכע שעה שפּעטער זענען מיר געווען אויף דער סאָוועטישער זייט און איך האָב צו די סאָוועטישע סאָלדאַטן אַ געשריי געטון: „דאַ זדראַסטוווייעט טאָוואַרישטש סטאַלין!"

אין דער צייט, ווען דער „בלינדער מאַקס" האָט זיך שוין געפונען אין רוסלאַנד, האָבן די דייטשע צייטונגען אין פּוילן אויף דער ערשטער זייט פאַרעפנטלעכט די ידיעה, אַז דער געפערלעכער „בלינדער מאַקס" איז געוואָרן אויפגעהאָנגען און עס איז אפילו אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ פאָטאָ־גראַפיע, וואָס שטעלט פאָר דעם „בלינדן מאַקס" אויף דער תליה.

וועגן די מלחמה־יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין רוסלאַנד, האָט דער „בלינדער מאַקס" ווייניק געהאַט וואָס צו דערציילן. ער האָט זיך דאָרט געפילט פרעמד, עלנט.

„דאָרט קען מיך דאָך קיינער נישט, כאָטש גיי איבער די גאַסן און שריי: „אני שלעפי מאַקס" — האָט ער פאַראַפראַזירט דעם ביבלישן „אני שלמה" און זיין צונאָמען „בלינדער" געזאָגט גאָר אויף פּויליש. ער האָט די ווערטער „בלינדער מאַקס" געזאָגט מיט אַזאַ חשיבות, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען דער העכסטער אַדל־טיטל.

דעם „בלינדן מאַקס" האָט געצויגן קיין לאָדזש, ער האָט געבענקט נאָך זיין היים־שטאָט, ווו זיין רום איז נישט נאָר בלויז נישט צעראָנען געוואָרן דורך די יאָרן פון שרעק און גרויל, נאָר פאַרקערט — נאָך אויס־געוואַקסן און געוואָרן אַ לעגענדע.

קאפיטל עלף

# יידן ארבעטן און זינגען

אויפן אָרט, וווּ עס איז געווען דאָס לאָדזשער געטאָ, אויפן אמאָליקן באלוט, זענען פארבליבן עטלעכע, האלב הרובע געמויערטע הייזער, וואָס זענען אויף שנעל צוריק געוואָרן רעמאָנטירט. עס זענען פולשטענדיק אָפּגעמעקט געוואָרן די געסלעך מיט די הילצערנע הייזקעס, וווּ עס האָט גענעסט די יידישע אָרימקייט און וווּ טויזנטער וועב־שטולן האָבן טאָג און נאכט נישט אויפגעהערט זייער הילצערנעם, ריטמישן געקלאַפּ.

די יידן האָבן דאָ געטראָגן שמאטעדיקע קליידער, אָבער אין די גרויע, פארהושכטע צימערלעך, וואָס זענען פון דער פּאָדלאָגע ביזן סופיט אויסגעפולט געווען מיט די ריזיקע וועב־שטולן, האָט מען אויסגעוועבט דאָס טייערסטע טוכווארג און די בעסטע מאטעריאלן, וואָס זענען פארקויפט געוואָרן איבער אלע מערק פון דער וועלט.

עס איז אָבער נישט קיין פארגלייך צו דער וויסטעניש פון ווארשעווער געטאָ. נישטאָ די אומגעהייערע מאסן פון ברוכווארג און צעמאָלענע שטיינער, דורך וועלכע עס קען זיך אפילו נישט דורכשלאָגן קיין גרעזל. אין לאָדזשער געטאָ זענען שטיקער ערד פארדעקט מיט גרינעם, פעטן גראָז, אויף וועלכן עס פאשען זיך אפילו ציגן, ווי א לעבעדיקע דעקאָראציע צו דער אידיליע... עס שפּילן זיך דאָ אפילו קינדער פון די פריש־איינגעוואנדערטע פּאָליאקן, וועלכע האָבן גלייך נאָך דער באפרייאונג פון לאָדזש פארכאַפּט די דירות פון די אנטלאָפענע ציווילע דייטשן, די דירות פון די דערמאָרדעטע אָדער אנטלאָפענע יידן.

דאָ און דאָרט זעט זיך נאָך א שטיקל וואנט, א קופּע ציגל, א לאָך פון אן אונטערערדישער באהעלטעניש, און העכער ארויף, אויפן בערגל,

וואָס פירט פון געטאָ־טאָל, שטייען א פּאָר געמויערטע הייזער, וואָס זענען שנעל צוריק רעסטאַווירט געוואָרן.

אין איינעם פון די דאָזיקע הייזער, אויף יאקובא נומ. 16, געפינט זיך דער זאמל־צענטער פאר די אָנקומענדיקע רעפּאטריאנטן. דאָ האָט זיך געפונען די גרויסע דאמף־מיל פון אָלטשער און בירנבוים. די גרויע, אָפּגעשיילטע געביידע טראָגט נאָך אויף זיך דעם שטויב פון מעל, וואָס האָט זיך איינגעפרעסן אין די שטיינער, אין געהילץ און אפילו אין די אייזערנע קראטן פון די קליינע פענסטערלעך. די געביידע מאכט דעם איינדרוק פון א ריזיקער תפיסה. די צימערלעך, ווי צעלעס, זענען אָנגעשטעלט מיט טאפּטשאנעס. טייל זענען נאקעט און טייל האָבן שטרוי־זעק.

בעת מיין באזוך זענען אין דעם חושכדיקן הויז געווען צונויפגעדרענגט העכער צוויי טויזנט יידן און דורך די עטלעכע שעה, וואָס איך האָב דאָרט פארבראכט, זענען כסדר אָנגעקומען אלץ נייע פּליטים. דאָס געוויין פון די קינדער און דער געפּילדער פון די דערוואקסענע, זייערע טענות און געשרייען האָבן פארטויבט די לופט. מען האָט געזידלט און געשאָלטן דעם פארוואלטער, וועלכער איז אן אומבאהאָלפענער געשטאנען צווישן זיינע אָנקלאָגער און געדולדיק פארנומען אלע ביטערע פאָרווורפן.

די געשרייען פון עולם זענען באגלייט געוואָרן דורך דעם מעטאלענעם געקלימפּער פון דער וואסער־פּאָמפּע אין מיט פון הויף, וואָס איז כסדר געווען אין באוועגונג. די וואסער־פּאָמפּע איז געווען באלאגערט, דאָ האָבן געשטילט זייער דורשט און אָפּגעוואשן דעם שטויב די פריש־געקומענע יידן פון די שטעטלעך און די רעפּאטריאנטן פון רוסלאנד.

צווישן די היימלאָזע אין דער געוועזענער מיל אויף יאקובא נומ. 16 האָב איך געטראָפן אלט־איינגעזעסענע לאָדזשער יידן, וועמענס היימען און ווארשטאטן זענען נישט געוואָרן פארניכטעט, נאָר פארנומען דורך פרעמדע פּאָליאקן, אָדער גאָר דורך אמאָליקע פּוילישע שכנים. די אָנקומענדיקע יידישע אייגנטימער זענען אָבער אפילו נישט אריבערגעלאָזט געוואָרן איבער דער שוועל.

עס זענען דאָרט אויך געווען אזעלכע לאָדזשער יידן, וועלכע האָבן שוין געהאט געריכטלעך אָפּגענומען זייערע וווינונגען און ווארשטאטן,

אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זײ באַקומען דראָאונגס־בריוו זיך אָפּ־צוטראָגן, אויב זײ ווילן בלײַבן לעבן.

„חשובֿער גודלאַי, אויב דו וועסט זיך נישט גלײַך אָפּטראָגן פֿון דער דירה, וועלן מיר פֿאַר יעדן אומשולדיק־דערמאָרדעטן קיעלצער פּאָליאַק דערמאָרדען צוואַנציק ייִדן״.

אַזעלכע בריוועלעך, געקלאַפּט אויף אַ שרייב־מאַשין, האָבן עטלעכע טעג נאָכן קיעלצער אורטייל באַקומען פֿיר ייִדישע פֿאַמיליעס. און אַלע האָבן זיך גלײַך אָפּגעטראָגן און אַוועק אויף יאַקובאַ 16.

איינער פֿון מײַנע מיטשמועסער, אַ פֿעסט־געבויטער, קרעפּטיקער ייִד, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט שווײַגנדיק זיך אײַנגעהערט צו די גע־שיכטעס וועגן די צוגענומענע און אָפּגעגעבענע דירות, האָט דאַן אַ זאָג געטון:

„און איך בין צופֿרידענער, וואָס מײַן הויז מיט די וועב־שטולן זענען אַוועק מיטן רויך״ — האָט ער מיטן פֿינגער געוויזן אַראָפּ אונטן אין טאָל, ווו עס האָבן זיך געפּאַשעט עטלעכע ציגן.

ווען איך האָב געפֿרעגט, צי עס האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אַליין פֿרײַוויליק אָפּגעגעבן די דירות צו די צוריקגעקומענע ייִדן, אָדער אַמוויניקסטנס זײ אַרײַנגעלאָזט ווינען צוזאַמען, האָט דער עולם מיט שטוינונג מיך אָנגעקוקט, גלײַך ווי איך וואָלט געווען חסר־דעה.

אַ דראָבנינקע ייִדעלע מיט אַ לאַנגער געלער באָרד און אַ גרויסן קאַשקעט אויפֿן אָפּגעגאָלטן בײנערדיקן קאָפּ האָט איבערגעריסן דאָס שווײַגן און אַ זאָג־געטון:

„עס קען זײַן, אַז עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע „למד־וואָווניקעס״, אָבער גיי זוך זיי״. „איר פֿאַרשטייט מיך —האָט ער צונויפֿגעקוועטשט די באָרד אין דער האַנט ווי אַ בינטל היי—ביי די וואַלן האָבן זײ געשטימט דרײַ מאָל „יאָ״, צוויי מאָל „יאָ״ אָדער איינמאָל „יאָ״. וועגן ייִדן שטימען זײ אָבער אַלע דרײַ מאָל „ניין!״...

מײַנע מיטשמועסער האָבן טרויעריק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ צו אָט דער ביטערער אַלוזיע וועגן רעפֿערענדום, וועמענס אָפּקלאַנגען זענען נאָך געווען גענוג פֿריש. אַזוי האָבן הויפּטזעכלעך געפֿילט די פּאַרביטערטע רעפּאַטריאַנטן, באַזונדערס די לאָדזשער, וועמענס היימען זענען נישט גע־

וואָרן פאַרניכטעט, און האָבן דאָך געמוזט אוועק זוכן אַ געלעגער אויף אַ שטרוי־זאַק אין דער געוועזענער מיל, אויפן פּאָן פון חרובן געטאָ.

אין דער צייט פון לאָדזשער געטאָ איז די מיל פון אַלטשער און בירנ־בוים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שניידער־פאַבריק. קיין שקלאַפן־לאַגערן האָבן נאָך דאַן נישט עקזיסטירט, אָבער אַרטור גרייזער, דער גאַוליייטער פון דער פּראָווינץ וואַרטעגאַו, האָט שוין באַצייטנס גענומען צוגרייטן די אוניפאָרמען פאַר די שקלאַפן פון די צוקינפטיקע לאַגערן, וואָס האָבן אינ־גיכן באַדאַרפט אויסגעבויט ווערן איבער דער פּוילישער ערד.

דעם 8טן אָקטאָבער 1939 איז לאָדזש און אַ טייל פון דער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט, צוזאַמען מיטן פּויזנער קרייז, איינגעגלידערט געוואָרן אין „דריטן רייך" אַלס אַ נייע פּראָווינץ אונטערן נאָמען „וואַרטעגאַו". לאָדזש איז געענדערט געוואָרן אויף „ליצמאַנשטאַדט", אויפן נאָמען פון גענעראַל ליצמאַן, דעם דייטשן דעראָבערער פון לאָדזש אין ערשטן וועלט־קריג. גרייזער האָט גלייך איינגעפירט די נירנבערגער געזעצן און די 450.000 יידן פון זיין פּראָווינץ פאַראָרדנט צו טראָגן געלע לאַטעס אויף די פּלייצעס.

דעם 8טן פעברואַר 1940 איז אין דער „ליצמאַנשטאַדטער צייטונג" דערשינען די פּאַראָרדענונג וועגן אַ באַזונדערן יידישן קוואַרטאַל אין לאָדזש. דאָס וואָרט „געטאָ" איז נאָך דאַן נישט דערמאָנט געוואָרן, אָבער די פאַר־אָרדענונג האָט זיך פאַררופן אויף אַ פּרייסיש געזעץ פון יאָר 1632, וואָס האָט דאַן צום ערשטן מאָל אין דייטשלאַנד איינגעפירט באַזונדערע קוואַר־טאַלן פאַר יידן.

ווילקיר און געזעצלאָזיקייט איז בלויז אָנגעגאַנגען אין פּוילישן „גע־נעראַל גאָווערנעמענט". אָבער אויף דער טעריטאָריע, וואָס האָט באַלאַנגט צו דייטשלאַנד, האָבן די נאַציס געפּייניקט די יידן אויפן סמך פון „אָפי־ציעלע געזעצן"...

אין די ענגע געסלעך פון לאָדזשער באַלוט זענען צונויפגעטריבן געוואָרן 320.000 יידן פון לאָדזש און די אַרומיקע שטעטלעך. אין שפּיץ פון „יודענראַט" האָבן די נאַציס אַוועקגעשטעלט דעם לאָדזשער סוחר מרדכי חיים רומקאָווסקי, וועלכער האָט אָנגעפירט דאָס געטאָ מיט אַ שטאַר־קער האַנט. די מיטגלידער פון יידנראַט, וועלכע האָבן פּרובירט רעוואָלטירן

קעגן אים, זענען פארפייניקט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ און רומקאָווסקי איז געוואָרן דער איינציק־הערשער פון לאָדזשער געטאָ.

רומקאָווסקי האָט שטרענג אויסגעפירט אלע פאראָרדענונגען פון די נאציס. דער גרייז־גרויער, 60יאָריקער מאן איז מיטאמאָל אָנגעפולט געוואָרן מיט נייער ענערגיע און די יידן פון באלוט געטריבן צו דער ארבעט. ער האָט דערקלערט, אז ער טוט דאָס, כדי צו ראטעווען די יידן פון פארשיקונג. „איך קען די דייטשן — האָט ער געטענהט —, אויב זיי וועלן זען, אז מיר פּראָדוצירן און זענען נוצלעך, וועלן זיי אונדז נישט פארניכטן".

די לאָדזשער יידן האָבן זיך אָבער געבונטעוועט קעגן דער דאָזיקער פּאָליטיק פון דעם זעלבסט־הערשער רומקאָווסקי. די פּארטייען און פּארשידענע געזעלשאפטלעכע גרופּן האָבן אָנגעפירט זייער אקטיוויטעט. אין געהיים זענען פּאָרגעקומען פארזאמלונגען, קורסן און אפילו פּאך־קורסן. עס זענען אין געטאָ געווען טעטיק אויך צוואנציק פּארשידענע קבוצים. א געוויסע צייט האָט רומקאָווסקי טאָלערירט די דאָזיקע געזעלשאפטלעכע אקטיוויטעטן, זיך נישט געמאכט זען, אָבער ווען ער האָט דערפילט, אז זיי וואקסן אויס צו א גרויסן כוח, וואָס איז געוואָרן פיינטלעך צו אים און נעמען אָפּן פּראָטעסטירן קעגן זיין זעלבסט־הערשאפט אין לאָדזש, האָט ער אָנגעהויבן רודפן די פירער פון די אָרגאניזאציעס און קלובן.

טראָץ דעם אָבער זענען די אקטיוויטעטן ווייטער פּאָרגעזעצט געוואָרן האלב אָפן און האלב אונטערערדיש. לאָדזש איז געווען דאָס איינציקע געטאָ אין פּוילן, וואָס האָט פארמאָגט א נעץ פון שולן, וואָס האָבן פונקציאָנירט ביזן יאָר 1942. דער יידישער לערער און קולטור־טוער פון לאָדזש, ישראל טאבאקסבלאט, וועלכער איז געווען אקטיוו אין דעם אונטערערדישן שול־וועזן אין לאָדזשער געטאָ, גיט אָן, אז ביזן יאָר 1942 זענען אין לאָדזשער געטאָ געווען טעטיק 43 פּאָלקס־שולן, אין וועלכע עס האָבן געלערנט 13.079 קינדער *). עס זענען אויך געווען צוויי מיטלשולן מיט

---

*) זע: ישראל טאַבאַקסבלאַט — „חורבן לאָדזש", 5־טער באַנד פון דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע. בועניאָס איירעס, 1946.

1278 תלמידים. אין דער דאָזיקער נעץ פון שולן זענען באַשעפטיקט גע־
ווען 414 לערער.

יידישע קינסטלער און שרייבער זענען געווען זייער אַקטיוו אין
לאָדזשער געטאָ. אויף די אָוונטן און צוזאַמענקונפטן האָט מען אָפן גע־
לייענט שאַרפע סאַטירעס קעגן דעם געטאָ־הערשער רומקאָווסקי. נישט
איינמאָל האָט אויך פּאַסירט, אַז רומקאָווסקי האָט אינדערפרי אויף זיין
ביוראָ־טיש געפונען זיין אייגענע קאַריקאַטור מיט אַ בייסיקער צושריפט.
אין געטאָ האָט אויך צירקולירט אַ פאָטאָ־מאָנטאַזש מיט אַן איבערשריפט:
„טאַטע, דו לאַכסט?" דאָס בילד האָט פאַרגעשטעלט דעם צעשמייכלטן גרוי־
האָריקן רומקאָווסקי און אַרום זיין פּאָרטרעט זענען געווען בילדער פון
לאָדזשער געטאָ, מיט פאַרפייניקטע יידן, סצענעס פון שקלאַפן־אַרבעט און
דעפּאָרטירונגען.

רומקאָווסקי האָט געוווּסט, ווער עס זענען די שרייבער און די קינסט־
לער, וועלכע האָבן אָנגעפירט קעגן אים די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט,
געשריבן סאַטירעס און געצייכנט זיינע קאַריקאַטורן. ער האָט זיך אָבער
נישט געמאַכט וויסן. ער האָט זיי טאָלערירט.

אין ווינטער פון יאָר 1941 האָבן זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטירונגען
און 60.000 יידן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאָדזש. וווּהין מען האָט
זיי געשיקט, האָט קיינער נישט געוווּסט. ווען די פאַרטרעטער פון די אָר־
גאַניזאַציעס זענען געקומען צו רומקאָווסקין און געפרעגט וועגן דעם, האָט
ער געענטפערט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די יידן ווילן נישט אַרבעטן.
ער האָט זיך אָבער צוזאַמענגעבראָכן, ווען די נאַציס האָבן מיטאַמאָל אַרויס־
געפירט די קינדער פון די אינטערנאַטן, וואָס ער האָט אַליין געהאַט געבויט.
ער האָט אָבער ווייטער געהאַלטן אין איין טרייבן צו דער אַרבעט.

אין אָט דער צייט האָבן די פּאָליטישע פּאַרטייען אין געטאָ אָפּגע־
האַלטן אַ באַראַטונג וועגן שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. עס זענען
אַרויסגעשיקט געוואָרן שלוחים, כדי אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט דער פּוי־
לישער אונטערערדישער באַפעלקערונג וועגן באַקומען געווער, אָבער די
שלוחים האָבן זיך אומגעקערט מיט ליידיקע הענט. אין 1942 איז דאָס
לאָדזשער געטאָ, וואָס האָט ביז דאַן נאָך געהאַט געוויסע אויטאָנאָמע פריי־
הייטן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוועלנלעכן אַרבעטס־לאַגער.

די ײדן אויפן באַלוט זענען אײנגעשפּאַנט געװאָרן צו דער אַרבעט. פאַרהונגערטע זענען די װעבער און שנײדער־אַרבעטער געפאַלן בײ די מאַשינען, אָבער זײער אָרט האָבן גלײך פאַרנומען אַנדערע, און אין די װאַרשטאַטן איז די אַרבעט אָנגעגאַנגען אָן איבעררײס. די ײדישע װעבער און שנײדער פון באַלוט און פון די שכנותדיקע שטעטלעך אַרום לאָדזש האָבן פּראָדוצירט אוניפאָרמען פאַר דער נאַצישער אַרמײ. הויפּטזעכלעך אָבער זענען פון אונטער די אַלטמאָדישע הילצערנע װעב־שטולן אין באַלוטער געטאָ אַרויסגעקומען די שװאַרץ־װײסע געשטרײפטע בײנװל־שטאָפן פאַר די צוקינפטיקע לאַגערן.

דער ערשטער פאַרניכטונגס־לאַגער אויף דער אָקופּירטער פּוילישער ערד איז טאַקע אײנגעשטעלט געװאָרן דורך אַרטור גרײזער. דאָס איז דער לאַגער אין כעלמנאָ, פערציק מײל פון לאָדזש. דאָס איז דער אַמװײניקסטן באַקאַנטער לאַגער, טראָץ דעם, װאָס דאָרט זענען געמאַכט געװאָרן די ערשטע עקספּערימענטן פון מאַסן־מאָרד דורך גאַז.

דעם 8טן דעצעמבער 1941 האָט דער לאַגער זיך שוין געפונען אין פולן גאַנג. דרײ גאַז־קאַמערן האָבן פונקציאָנירט און טויזנט ײדן פון לאָדזשער געטאָ זענען טעגלעך געבראַכט געװאָרן קײן כעלמנאָ. אַרטור גרײזער און זײן געהילף האַנס ביבאָװ, אַמטס־לײטער פון לאָדזשער געטאָ, האָבן במשך פון אַ לאַנגער צײט באַװיזן אָפּצוהיטן דעם סוד װעגן די גאַז־קאַמערן אין כעלמנאָ. פון דעצעמבער 1941 ביז מאַי 1942 זענען פון לאָדזשער געטאָ אַרויסגעפירט געװאָרן קײן כעלמנאָ העכער 150.000 ײדן, װעלכע זענען אומגעבראַכט געװאָרן אין די דאָרטיקע גאַז־קאַמערן און פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריומס.

גרײזער האָט אויך באַװיזן צו פאַרװישן אַלע שפּורן פון אָט דער ערשטער מאָרד־פאַבריק אין פּוילן. אין האַרבסט פון יאָר 1944 איז דער לאַגער געװאָרן ליקװידירט און די קלײדער, צירונג און אַנדערע װערטפולע זאַכן פון די אומגעקומענע זענען צוריק געשיקט געװאָרן קײן לאָדזש און פאַרקויפט פאַר די דײטשע װינטער־הילף אָרגאַניזאַציעס.

כעלמנאָ איז געװען דער מוסטער, די ערשטע עקספּערימענטאַלע לאַבאָראַטאָריע פון מאַסן־מאָרד אין פּוילן — אַ מוסטער־לאַגער, לויט װעלכן

עס זענען ערשט שפּעטער אויסגעבויט געוואָרן די לאַגערן אין טרעבלינקאַ, מאַידאַנעק און אָשוויענטשים.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין לאָדזש, איז אין דער פּרעסע פאַר־עפנטלעכט געוואָרן דער טויט־אורטייל איבער אַרטור גרייזער, וועמענס גע־ריכטס־פאַרהאַנדלונגען זענען פאָרגעקומען אין דער געוועזענער הויפּט־שטאָט פון דער וואַרטעגאַו־פּראָווינץ, אין פּויזן. צוויי טעג שפּעטער האָבן די צייטונגען געבראַכט די ידיעה, וואָס האָט אין ערשטן אויגנבליק אויס־געזען צו זיין פאַנטאַסטיש: דער וואַטיקאַן האָט ביים פּוילישן מלוכה־פּרע־זידענט אינטערווענירט און געבעטן אָפּצוהאַלטן די עקזעקוציע איבער גרייזערן, כדי דעם געוועזענעם גאַולייטער צו געבן אַ מעגלעכקייט צוצושטעלן נייע באַווייזן פאַר זיין פאַרטיידיקונג.

אין „גראַנד האָטעל" אין לאָדזש, וווּ איך בין איינגעשטאַנען, האָט מען זיך געריסן די צייטונגען פון די הענט. סקעפּטישע לעזער האָבן זיך איבערגעוווּנקען און די דאָזיקע ידיעה אויפגענומען ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע־טריק קעגן פּויפּסט. עס האָט קיינער נישט געוואָלט גלויבן, אַז דער וואַטי־קאַן זאָל זיך איינשטעלן פאַר דעם דאָזיקן בלוטיקן נאַצי, וועלכער האָט דער ערשטער איינגעפירט גאַז־קאַמערן אין פּוילן.

ווען צומאָרגנס האָבן די צייטונגען איבערגעחזרט די דאָזיקע ידיעה און ביטער אַטאַקירט דעם וואַטיקאַן פאַרן פאַרטיידיקן דעם נאַצישן בלוט־הונט, האָט דער עולם געגאַפט, אָבער אַלץ נישט געקענט גלויבן דערין.

אין אָט די טעג, ווען די פּוילישע פּרעסע האָט געשטורעמט קעגן וואַטיקאַן, האָבן די פּוילישע „העלדן פון וואַלד" אויך געלאָזט הערן זייער שטימע אין דעם וואַלד פון לאָדזשער קוימענס. אויף די מויערן פון דער פאַבריקס־שטאָט זענען דאַן דערשינען האַנט־געשריבענע אויפרופן, אין וועלכע עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז די יידן זענען שולדיק אין דעם טויט נישט נאָר פון די ניין קיעלצער „פּאַטריאָטן", נאָר זיי זענען אויך פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דער דערמאָרדונג פון די צען טויזנט פּוילישע אָפיצירן אין קאַטין.

„די יידן ווילן רעגירן מיט דער וועלט — האָט זיך געזאָגט אין דעם אויפרוף. — זיי ווילן די פּאָליאַקן פאַרוואַנדלען אין זייערע שקלאַפן. מיר רופן דעריבער אויף די פּאָליאַקן צו פאַרטרייבן די יידן פון פּוילן און זיי

צו שלאָגן אומעטום, וווּ עס איז נאָר מעגלעך". דער אויפרוף האָט זיך געענדיקט מיט דער לאָזונג: „שלאָגט די יידן און ראַטעוועט פּוילן!" דאָס איז א געטרייע פּאַראַפראַזע פון דער לאָזונג, וואָס די שוואַרץ־מאַהניקעס האָבן גענוצט אין צאַרישן רוסלאַנד: „בעי זשידאָוו, ספּאַסאַי ראָסיו".

אַזאַ מין אויפרוף האָב איך געזען אויפן עק פון פּיעטריקאָווער און דער גאַס פון 6טן אויגוסט, דירעקט ביי דער טראַמוואַי־סטאַציע. אויף דער זעלבער וואַנט איז נאָך געהאָנגען דער טרויער־פּלאַקאַט, וואָס האָט מיטגעטיילט וועגן דער לוויה פון דעם יונגן בונדישן פירער פּישקע ניימאַן, וועלכער איז אין מיטן העלן טאָג דערמאָרדעט געוואָרן אין זיין וווינונג אין צענטער פון לאָדזש.

די פּאָליציי האָט די פּלאַקאַטן פון דער נ.ס.ז. גלייך פאַרניכטעט, אָבער צווישן די צעשראָקענע יידן אין לאָדזש האָבן די דאָזיקע אויפרופן אָנגעיאָגט א שטימונג פון טעראָר און פּאַניק.

אין מיט פון אָט דער פּאַניק האָב איך דאָך אין די לאָדזשער יידישע קאָאָפּעראַטיוון געהערט זינגען. טראָץ דער שרעק, טראָץ דעם טרויער האָט דער אַלטער גוטער פּאָלקס־הומאָר נישט אויסגעוועפּט אין די געמיטער פון די עלנטע פּוילישע יידן. פון זייערע ליפּן זענען נישט פאַרשוווּנדן די היימישע פּאָלקס־לידלעך, וואָס האָבן לייכטער געמאַכט די שווערע אַרבעט ביי די וואַרשטאַטן. די לאָדזשער יידישע שניידערס, שוסטערס, סטאָלערס און שמידן, האָבן ביטער זיך געקלאָגט און אויך זיך געוויצלט וועגן זייער טרויעריקן גורל.

ווען איך האָב געעפּנט די טיר אין דעם סטאָלער־קאָאָפּעראַטיוו אויף יאַראַטשאַ נומ. 2 (אַמאָל צעגיעלניאַנאַ גאַס), איז מיר אַנטקעגנגעקומען דאָס געסווישטשערייַ פון די הובלעס, דאָס געטרעשטשעריי פון די זעגן, צונויפגעמישט מיט די טענער פון „א הזנדל אויף שבת".

עס איז פאַרשוווּנדן דאָס חזנדל, עס איז הרוב געוואָרן דאָס שטעטל, עס איז פאַרשטערט געוואָרן דער שבת, גרוי און האָפענונגסלאָז זענען די וואָכעדיקע טעג פון די יידן אין פּוילן, די צוקונפט איז פאַרטונקלט, אָבער אין דעם קאָאָפּעראַטיוו, וואָס טראָגט דעם נאָמען „צוקונפט", לעבט דער אַלטער נגון אין מויל פון די אַרבעטער.

אין דעם דאָזיקן לאָדזשער קאָאָפּעראַטיוו האָבן געאַרבעט 21 סטאָ־

לערס, אָבער דאָס זענען געווען יידן פון צוואנציק באַזונדערע שטעט און שטעטלעך, און צווישן זיי קוים צוויי לאָדזשער. די דאָזיקע יידן זענען אויך כמעט אַלע געווען איינזאַמע, איינצלנע, לעבנגעבליבענע פון זייערע פאַמיליעס. טייל זענען רעפּאַטריאירט געוואָרן פון רוסלאַנד, די איבעריקע האָבן אויף זייערע הענט געהאַט דעם צייכן פון די נאַצישע טויטן־לאַגערן.

ווען איך בין אריין אין וואַרשטאַט, האָט דאָס זינגען אויפגעהערט. עס האָבן זיך אויך געגומען אָפּשטעלן די זעגן און די הובלעס, און איך האָב אויפגעכאַפּט אן איראָנישע באַמערקונג: „שוין ווידער אן אַמעריקאַנער דעלעגאַט"...

די קאָאָפּעראַטיוון זענען אן אָביעקט, וואָס ווערט דורכן קאָמיטעט אַממיינסטן געוויזן די אויסלענדישע געסט. מען וויל ווייזן, אַז די יידן אין פּוילן זענען נישט קיין שנאָרערס, אַז זיי ווילן אַרבעטן און צוריק זיך אומקערן צו אַ פּראָדוקטיוו לעבן. דער פאָרשטייער פון קאָמיטעט, וועלכער האָט מיך באַגלייט און די גאַנצע צייט אויפן וועג מיר געגעבן ציפערן און פאַקטן וועגן דער פּראָדוקציע פון יעדן קאָאָפּעראַטיוו באַזונדער, איז דעריבער געווען איבערראַשט און זיך פאַרלוירן, ווען איינער פון די סטאָלערס האָט אַ זאָג געטון צו מיר:

„אן עברה אריינצולייגן אַ גראָשן. עס וועט פון די קאָאָפּעראַטיוון גאָרנישט אַרויסקומען. עס איז אַ ברכה לבטלה".

אַנדערע אַרבעטער האָבן אים געפּרוּווט אָפּשטויסן פון מיר, צונישט מאַכן זיינע פּעסימיסטישע באַהויפּטונגען און אונטערגעשטראָכן, אַז אויב עס וועט זיך נאָר באַרואיקן, וועלן די קאָאָפּעראַטיוון זיין דערפאָלגרייך. דער אָפּטימיסט האָט אָבער איבערגעשריגן זיינע חברים:

„יונגערמאַן, לאָזט זיך נישט פאַרדרייען קיין קאָפּ. אַ שאָד אפילו איין דאָלאַר. גיט זיי נאָר וויזעס, וועט איר זען, ווי זיי וועלן לויפן. דאָ מאַכן מיר שטולן, בענקלעך —האָט ער מעשה ליץ אַ ווונק געטון מיטן אויג— אָבער אין אונדזערע שטובן איז נישטאָ קיין בענקלעך. מיר זיצן אויף די וואַליזעס".

די אַרבעטער, וועלכע זענען שווייגנדיק געשטאַנען ביי די טישן, זענען אויך פאַרטיילט געווען אויף צוויי צדדים. טייל האָבן געהאַלטן מיטן פּעסימיסט, אַז יעדע אָנשטרענגונג פון אויפבויען צוריק אַ יידיש לעבן אין

פּױלן איז אומזיסט, און אנדערע ווידער האָבן געהאַלטן, אַז מען טאָר נישט אַנטלױפן פון פּױלן, אַז „מען דאַרף קעמפן אױפן אָרט".

װען איך האָב געפרעגט, װאָס מען פּראָדוצירט דאָ, האָט אײנער פון די אַרבעטער אַ זאָג געטאָן: „הױפּטזעכלעך מאַכן מיר הילצערנע אָבצאַסן". דער שרײַענדיקער פּעסימיסט האָט זיך אַרײַנגעמישט און צוגעגעבן: „יאָ, מיר מאַכן אָבצאַסן, מען זאָל האָבן אױף װאָס אַװעקצולױפן פון פּױלן..."

די אַרבעטער האָבן מיר דערצײלט, אַז במשך פון צװײ חדשים צײַט האָט דער צוזאַמענשטעל פון דעם קאָאָפּעראַטיװ זיך שױן עטלעכע מאָל געענדערט. די גרינגערע זענען שױן פון לאַנג אַװעק און אױף זײער אָרט זענען געקומען נײַע סטאָלערס פון צװישן די רעפּאַטריאַנטן, אָבער עס איז נישטאָ קײן װאָך, אַז עטלעכע מיטגלידער פון דעם קאָאָפּעראַטיװ זאָלן נישט פאַרשװינדן. דערבײַ האָבן זײ צוגעגעבן, אַז זײ האָבן גאַנץ פײַן פּרנסה און זײ זענען ממש פאַרװאָרפן מיט באַשטעלונגען. די פּאַניק טרײַבט אָבער אַלעמען.

אין דעם מעטאַל־קאָאָפּעראַטיװ אױף פּאָגאָנאָװסקיעגאָ נומ. 13 (אַמאָל זאַקאָנטנאַ גאַס) האָב איך שױן אָנגעטראָפן אַ שטימונג פון מער גלײַכגעװיכט און װידערשטאַנד קעגן דער פּאַניק. צװישן די 22 מעטאַל־אַרבעטער, װאָס האָבן פּונקט אַזױ װי אין דעם סטאָלער־קאָאָפּעראַטיװ געשטאַמט פון אַלע עקן פּױלן, האָב איך אױך געטראָפן עטלעכע, װעלכע האָבן באַװיזן זיך צו ראַטעװען צוזאַמען מיט זײערע פאַמיליעס. אין דער פאַבריק האָבן זיך אױך געפונען צװײ ברידער, ישׂראל און עלי מענדזשיצקי.

די דאָזיקע מעטאַל־פאַבריק האָט באַלאַנגט צו אַ דײַטש און די דײַטשע אַרבעטער האָבן אין לעצטן מאָמענט צעשטערט די מאַשינען און געװיסע טײלן מיטגענומען מיט זיך. די מיטגלידער פון דעם נײַעם ייִדישן קאָאָפּעראַטיװ האָבן דעריבער עטלעכע חדשים צײַט געאַרבעט, ביז װאַנען זײ האָבן צוריק רעסטאַװרירט די מאַשינען.

דער לײטער פון דער פאַבריק, אַ יונגער אינזשיניער, האָט מיט פּלאַ־מיקע אױגן אַ באַגײסטערטער מיר געװיזן, װי אַזױ ער האָט צוריק געבראַכט צום לעבן די טאָקערײַ־מאַשין, די שטאַנץ־מאַשין און די פּרעס־מאַשין. ער האָט װעגן זײַנע מאַשינען גערעדט װי װעגן שװער פאַרװוּנדעטע לע־

בעדיקע מענטשן, וועמענס ווונדן זענען געוואָרן פארבאנדאזשירט און צונויפגענייט. ער האָט געגלעט די שרייפלעך, געצערטלט די הענטלעך און די קניען פון די מאשינען, און דאן מיטאמאָל געלאָזט זיי אין גאנג און הנאה־געהאט פון דעם געקלימפער, פון דעם פארטויבנדיקן קלאנג, וואָס זיי האָבן ארויסגעלאָזט ביים דורכלעכערן דעם מעטאל. די זעלבע פרייד האָב איך אויך געזען אויף די פנימער פון די איבעריקע ארבעטער, וועלכע האָבן מיר געוויזן, ווי אזוי זיי פראָדוצירן קארביד־לאָמפּן „פאר די יידישע קוילן־גרעבער אין נידערשלעזיע".

דאָס דאָזיקע וואָרט „יידישע קוילן־גרעבער" האָבן זיי אונטערגע־שטראָכן מיט א באזונדערע הנאה און האָבן דערביי מיך אָבסערווירט, וואָס פארא איינדרוק דאָס מאכט אויף מיר: „קארביד לאָמפּן פאר יידישע קוילן־גרעבער"... איך האָב געהאט דאָס געפיל, אז זיי רעדן וועגן דעם מיט פיל גרעסערער הנאה, ווי וועגן דעם, אז אין פּוילן זענען היינט פאראן יידישע מיניסטאָרן!

„יאָ, מען וואָלט געקענט אויפבויען צוריק א יידיש לעבן, א ווירדיק יידיש לעבן, אָבער..."

עס איז נישט נויטיק געווען דעם „אָבער" צו פארטייטשן. עס איז פאר אלעמען געווען קלאָר.

דער אלטער שמיד וועלוול זינגער פון טאראספאָל, פון דעם אוגער־קע־שטעטל הינטער בריסק, וועלכער שטייט שוין פערציק יאָר צייט ביים פייער און קאָוואדלע, האָט זיך צוגעהערט צו אונדזער געשפרעך און געזאָגט:

„ווען איך וואָלט געוווּסט, אז אזוי זעט עס אויס אין פּוילן, וואָלט איך פון רוסלאנד נישט צוריקגעקומען".

ער האָט אָבער מיט אנטשלאָסנקייט אונטערגעשטראָכן, אז ווייטער לויפט ער נישט מער:

„די, וועלכע ווילן נישט ארבעטן, —האָט ער געזאָגט מיט זיין טיפער־באסאָווער שטים— לויפן קיין מינכען. איך וויל מיט מיין פוס נישט באַ־טרעטן די דייטשע ערד. ווען מען וואָלט געקענט ווי א מענטש פאָרן קיין ארץ ישראל אָדער קיין אמעריקע, איז עפּעס אנדערש. אָבער לויפן קיין דייטשלאנד אין א לאגער אריין..."

דער אַלטער שמיד האָט מיט די פאַרסמאַלעטע הענט אַ גלעט געטון זײַנע גרויע, לאַנגע וואָנסעס און שמײכלענדיק אַ זאָג געטון:

„מיט מײַן פּנים האָב איך נאָך דערווײַל אין פּוילן נישט וואָס מורא צו האָבן..."

דאָס איז געווען אַן אָנדײַטונג אויף זײַן נישט ייִדישן אויסזען, מיט וועלכן ער האָט זיך געפרײַט, ווי מיט אַ גרויס געווינס. ער האָט אָבער דאָך מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים אויסזוכן זײַן שוואָגער אין אַמעריקע, מאיר ראָזענשטײַן פון טאַראַספּאָל.

אויך אַלע אַנדערע מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו האָבן צו מיר געהאַט די זעלבע בקשה. די ברידער מענדזשיצקי האָבן מיך געבעטן אויסזוכן זייער קוזין, מאיר ראָזען, וועלכער געפינט זיך אין אַמעריקע און איז אַן אײַנגנטימער פון אַ מעכאַנישער בעקערײַ. די, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין קרובים, האָבן סתם געבעטן צו גריסן די ייִדן אין אַמעריקע.

„סוף כּל סוף, אויב דער דאָזיקער קאָאָפּעראַטיוו גייט, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען די אַמעריקאַנער ייִדן" — האָט דער לײַטער פון דער פאַבריק אויסגערופן.

און אַזוי איז די שטימונג געווען אַ געמישטע אויך אין אַלע אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס איך האָב באַזוכט אין לאָדזש. עס זענען געווען פּעסימיסטן און אָפּטימיסטן.

אין די אַלע קאָאָפּעראַטיוון האָט מען אָבער נישט געזען קיין יונג־וואַרג. דאָס יונגוואַרג האָט זיך געפונען אין די קבוצים, אין די פּאָדער־הײַזער פון יציאת פּוילן. די, וועלכע האָבן געקענט די מלאכה, האָבן דער־ווײַל ווײַטער געאַרבעט, כּדי צו פאַרדינען אויף לעבן, אָבער קיין נײַע בעלי־מלאכות זענען כּמעט נישט צוגעקומען. די יוגנט האָט נישט געזען פאַר זיך קיין צוקונפט, די יוגנט האָט זיך געריסן אַוועק. דער מין לערן־ייִנגלעך אין די וואַרשטאַטן האָט כּמעט נישט עקזיסטירט.

טראָץ דער געדריקטער שטימונג, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט, האָבן די אַרבעטער אין די קאָאָפּעראַטיוון וועגן דער אומזיכערקייט פון זייער לאַגע אין פּוילן אָפט גערעדט מיט הומאָר, דורכגעפלאָכטן מיט אַ פאָלקס־ווערטל, און אומעטום, בײַ די נײַ־מאַשינען, בײַ די שוסטער־וואַר־שטאַטן און בײַ די וועב־שטולן האָב איך געהערט זינגען.

עס זענען אין פּוילן פאַרברענט געוואָרן אַלע יידישע ביכער, אָבער די לידער זענען געבליבן לעבן אין מויל פון די געראַטעוועטע.

א מוסטער פון אמתן „גאַלגען הומאָר" (טאַקע אמתדיקער תליה־הומאָר) האָבן אַרויסגעוויזן די סטאָלערס פון קאָאָפּעראַטיוו „האמער", אין וועלכער עס איז געראָד געווען א גרעסערע צאָל לאָדזשער. די דאָזיקע סטאָלערס האָבן געאַרבעט אין לאָדזשער געטאָ און אויסגעפירט באַשטעלונגען פאַר דער געשטאַפּאָ און פאַר דער דייטשער אַרמיי. דער אַמטס־לייטער פון לאָדזשער געטאָ, פאַרטרעטער פון אַרטור גרייזער, האַנס ביבאָוו, האָט די יידישע סטאָלערס ספּעציעל באַשעפטיקט ביים מאַכן תליות פאַר די מאַרטירער פון געטאָ און אויך פאַר די פּוילישע מאַרטירער אויסער דעם געטאָ. נישט איינמאָל פלעגט דער סאַדיסטישער נאַצי אַראָפּקומען אין דער סטאָלעריי אויפן באַלוט מיט א בייטש אין דער האַנט און שלאָגן די יידישע סטאָלערס דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט גוט אויסגעפירט די תליות און זיי נישט געהעריק אויסגעפּוצט.

האַנס ביבאָוו האָט זיך דאַן געפונען אין דער לאָדזשער טורמע און געוואַרט אויף דעם סוף פון זיין געוועזענעם שעף, אַרטור גרייזער, וועלכער איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אין פּויזן. די לעבנגעבליבענע סטאָלערס פון לאָדזשער געטאָ, די מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו „האמער", האָבן זיך געווענדט צו דער געריכטס־מאַכט מיט אן אָנבאָט צו מאַכן די תליה פאַר האַנס ביבאָוו, אויסגעפירט לויט די פאָרשריפטן, וואָס זיי פלעגן פון אים באַקומען אין געטאָ. די אַרבעטער האָבן דערביי אונטערגעשטראָכן, אז די תליה פאַר האַנס ביבאָוו ווילן זיי מאַכן אַלס „מתנה", אינגאַנצן אומזיסט, און אַלע הוצאות פאַרן מאַטעריאַל וועלן זיי דעקן פון זייער אייגענער קעשענע.

דער דאָזיקער פאָרשלאַג איז געמאַכט געוואָרן דורך אַכט יידישע סטאָלערס, פון וועלכע זיבן האָבן געאַרבעט אין דער סטאָלעריי פון לאָדזשער געטאָ. דאָס זענען געווען: געצל ניימאַן, בערל בידערמאַן, שמואליק ראָזענבערג, משה פעללויפּער, ראַקאָטאָוויטש, פישל ווייס און קלמן בורשטין. דער איינציקער נישט לאָדזשער, וועלכער האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט זיך צו באַטייליקן אין דער דאָזיקער „מתנה" פאַר האַנס ביבאָוו, איז געווען דער וואַרשעווער סטאָלער אהרן פריידענס.

בעת מיין באזוך אין לאָדזש האָבן זיך דאָרט געפונען אכצן פאַר־שידענע קאָאָפּעראַטיוון מיט א מיטגלידערשאַפט פון העכער 500. דאָס זענען געווען ווארשטאַטן פון שניידער, שוסטער, סטאָלערס, מעטאַל־ארבעטער, וועבער, זאָקן־ארבעטער, דרוקער און טריקאָטאַזש־ארבעטער. די גרינדונגס־פאָנדן פאר די קאָאָפּעראַטיוון קומען פון דעם „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע”, אויסער דעם האָט דער „דזשאָינט”, דורכן צענ־טראַל־קאָמיטעט, געגעבן שטיצע פאר 2000 יידישע האַנטווערקער אין לאָדזש, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט זייערע אייגענע ווארשטאַטן.

זייער אקטיוו אין דער אנטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַ־וועגונג איז געווען דער דערמאָרדעטער יונגער בונדישער פירער, פּישקע ניימאַן, און עס איז מאָדנע טראַגיש געווען דער פאַקט, אז אין דעם זעלבן יוני־נומער פון דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג”, אין וועלכער עס איז אויף דער ערשטער זייט אין א שווארץ רעמל מיטגעטיילט געוואָרן די ידיעה וועגן דעם פּאָליטישן מאָרד איבער דעם דאָזיקן יידישן ארבעטער־פירער, האָט זיך אויף דער צווייטער זייט געפונען זיין ארטיקל וועגן דעם וווּקס פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילן.

פּישקע ניימאַן איז געווען אקטיוו סיי אין דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג, סיי אין דער פּוילישער, געווען אַן אָפיציר אין דער העלדישער קאָשטשיושקאָ־דיוויזיע און דורכגעקעמפט דעם וועג פון לענינאַ ביז ווארשע. נאָך דער באפרייאונג פון פּוילן האָט ער פאָרגעזעצט זיין שטודיום אויפן לאָדזשער אוניווערסיטעט. ער האָט קלאָר געזען די ספּעציפישע לאַגע פון די יידישע ארבעטער אין פּוילן און אין זיין ארטיקל, וואָס ער האָט אָנגע־שריבן עטלעכע טעג פאר זיין טראַגישן טויט, זאָגט זיך צווישן אנדערן:

„ס'איז איבעריק אונטערצושטרייכן, אז די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידישע ארבעטער איז פיל ערגער פון דעם אלגעמיינעם צושטאַנד פון די פּוילישע ארבעטער. במילא איז זיין פּראָדוקטיוויזירונגס־וועג פיל קאָמ־פּליצירטער און אויך מער באַשווערט ווי פון זיין פּוילישן חבר. הגם מיר האַלטן, אז די ארבעט אין די פאבריקן איז דער וועג פאר דער צוקונפט פון יידישן ארבעטער, מוזן מיר דאָך אָנערקענען, אז צוליב די אויבנדער־מאָנטע סיבות מוזן מיר לייגן מער אכט אויף די קאָאָפּעראַטיוון. דער קאָאָפּעראַטיוו איז דער אויסוועג פאר א טייל פון די יידישע ארבעטער

גלייך צוצוטרעטן צו דער ארבעט און אזוי ארום גלייך פארדינען, און דאָס נישט ווי אמערגסטן".

דער דאָזיקער יונגער יידישער פירער האָט נישט פארשטעלט די ווונד פון די אָנגעשטרענגטע באציאונגען, וואָס הערשן אפילו צווישן יידישע און פוילישע ארבעטער, און וואָס מאכן אוממעגלעך יידישע ארבעטער צו שטיין אססל ביי אקסל אין דער זעלבער פאבריקס־האלע מיט זיין פוילישן חבר.

קאפיטל צוועלף

# דער מאָנומענט פון אונדזוער צייט

פון די דריי מיליאָן פוילישע יידן און נאָך דריי מיליאָן יידן פון אנדערע נאצי־אָקופּירטע לענדער אין אייראָפּע זענען געבליבן א פּאָר קופּעס אש. בלויז קליינע ווייסע קנאָכן אין דעם דאָזיקן אש האָבן אויסגעהאלטן דאָס גיהנום־פייער, וואָס איז דורך די נאצישע וויסנשאפטלער אראָפּגע־בראכט געוואָרן אויף דער ערד, אין די קאָנצענטראציע־לאגערן פון אָש־וויענטשים, מאידאנעק, בעלמזאָ און טרעבלינקא.

דאָס מענטשלעכע אש זעט אויס ווי אש, דאָס זענען גרויע און שוואר־צע פליטערלעך, וואָס דער ווינט צעטראָגט; ווי דאָס אש פון האָלץ; ווי דאָס אש פון קוילן. עס זעט גאָרנישט אויס אנדערש. דער ווינט צעזייט עס, צעשטויבט עס אויף די לאָנקעס ארום און עס קרעפּטיקט די וואָרצלען פון גראָז. עס איז געוועגלעך אש.

מוראדיק זענען אָבער אויס די קופּעס שיך, וואָס זענען געבליבן אין די לאגערן פון אָשוויענטשים, מאידאנעק און טרעבלינקא, — „קינדער־שיך, פרויען־שיך, מענער־שיך". גרויסע, צעפּאטלטע שיך פון שווערע פיס, וואָס האָבן לאנג זיך געשלעפּט אויפן וועג צום טויט. דאָס לעדער האָט זיך אויסגעפּאָרמט לויט די ווינטער־ביילן, לויט די קנאָכן, און די שיך האָבן זיך געשטאלטיקט לויטן געשטאַלט פון מענטש. יעדער קנייטש פון לעדער דערציילט וועגן דעם ווייטיק און דער מידקייט פון די, וועלכע זענען געגאנגען צום טויט.

עס ליגן דאמען־שיכעלעך, שמאָלע שיכעלעך מיט הויכע אָפּצאסן, געשניצט און באפּוצט; עס ליגן קינדער־שיכעלעך, אויסגעדרייט, אָפּגע־ריבן. די שיך זעען אויס, גלייך עס וואָלט פון זיי נאָר וואָס אויסגערונען

דאָס לעבן. מאכסט צו די אויגן אויף אַ רגע און דו זעסט די טויזנטער פּיס, די פּיס פון די זעקס מיליאָן יידן, וועמען מען האָט געהייסן אויסטון די שיך אין לעצטן מאָמענט, איידער זיי זענען אריין אין די גאַז־קאמערן.

נאָך שרעקלעכער זענען די קופּעס ברילן, גאנצע קופּעס ברילן. ביי־נאָקלען־גלעזער מיט דינינקע קייטעלעך פון יונגע תּלמודיסטן, פון בוכ־האלטערן אין די שטעטלעך; בינאָקלען אָן קייטעלעך פון די זייגערמאכערס און גאָלדשמידן — די פּראָווינציעלע פילאָזאָפן; ברילן איינגעפאסט אין דיקע האָרן־רעמלעך, גרויסע אמעריקאנער ברילן פון גרויסשטאָטישע סטו־דענטן, ספּאָרטסלייט און קאָמיוואָיאַזשאָרן; קליינע, אָוואלע אויגן־גלעזער, איינגעפאסט אין דראָטענע רעמלעך — אלט־מאָדישע ברילן פון יידענעס, וואָס האָבן זיך אויסגעוויינט די אויגן איבערן טייטש־חומש, פון יידן, פּארטיפּט אִין די גמרות. אויך קינדער־ברילן — קיילעכדיקע, קליינע קינ־דער־ברילן און אויך קאָלירטע ברילן — בלויע, ברוינע, זון־ברילן.

דאָ און דאָרט איז אויך געלעגן אַ מאָנאָקל פון אַן אינטערנאציאָ־נאלן יידישן קאַפע־מענטש פון ווין, בודאפּעסט אָדער פּאריז, וועלכער איז אריינגעשלעפּט געוואָרן אין די שאָף־וואגאָנען, צוזאמען מיט אלע אנדערע יידן, וועלכע זענען ווי סטאדעס געטריבן געוואָרן צום טויט.

אויף דער קופּע צעקנייטשטע, צונויפגעפּלאָנטערטע ברילן זענען אויך געלעגן ברילן אין אַ פּרידלעכער פּאָזיציע, גלייך ווי זייער באזיצער וואָלט נאָר וואָס זיי רואיק געהאט אראָפּגענומען פון דער נאָז און אוועקגעלייגט מיטן גרעסטן פּאָרזיכט.

עס האָט זיך געדאכט, אז פון הינטער די גלעזער קוקן נאָך אלץ אויף אייך די אויגן פון די אומגעקומענע, גלייך ווי דער לעצטער בליק וואָלט פארגליווערט געוואָרן אויפן גלאָז און שרעקט איצט און באשולדיקט.

דאָס איז אלץ, וואָס איז פארבליבן פון די יידן אין פּוילן, דאָס איז דער מאָנומענט.

דאָס גאָלד פון די אויערינגלעך און בראסלעטן, פון די חופּה־רינגלעך און מעדאליאָנען איז שוין אויסגעגאָסן געוואָרן אין שטאבעס און געפינט זיך אין די שאַץ־קאמערן פון די זיגרייכע אליאירטע. דאָס דאָזיקע גאָלד האָט שוין פארלוירן דעם מענטשלעכן חותם. דאָס איז רעפּאטריאציע־

גאָלד. עס איז שוין נאָמענלאָז, פארבלאָז, עס איז טויט גאָלד. אָבער די שיך, די ברילן שרייען נאָך און מאָנען!

עס זענען אויך פארבליבן אביסל ביכער, אביסל שמות, אביסל כתבים, אביסל בילדער געשענדעטע, צעריסענע ספר־תורות, מגילות, קור־פערנע און זילבערנע הענגל־לייכטער, עטלעכע מנורות, א פּאָר חנוכה־לעמפּלעך — דאָס איז אלץ!

אין עטלעכע פארחושכטע צימערלעך פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש ווערט צונויפגעזאמלט די גייסטיקע ירושה נאָך דעם גרויסן פּוילישן יידנטום. פון טאָג צו טאָג וואקסט אָבער די צאָל פון די בוידעמער ווערט קיין לאָדזש צונויפגעפירט די איבערבלייבענישן נאָך דעם גרויסן פּוילישן יידנטום. פון טאָג צו טאָג וואקסט אָבער א צאָל פון די פריש־געשריבענע זייטן וועגן דעם פארלויף פון גרויסן יידישן חורבן — מגילת פּוילן.

א פּאָר יונגע יידישע היסטאָריקער, קולטור־טוער און שרייבער, וועל־כע זענען צוזאמען מיט דער פּוילישער באפרייאונגס־ארמיי אריין קיין לובלין, האָבן גלייך זיך ארייגעוואָרפן אין דער ארבעט פון צונויפזאמלען די באווייזן און דאָקומענטן פון דער יידישער מארטיראָלאָגיע אין פּוילן.

די ערשטע גרינדונגס־זיצונג פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמי־סיע איז פאָרגעקומען אין לובלין, דעם 29סטן אויגוסט 1944. די איניציאַ־טאָרן זענען געווען מארק ביטער, מארק אש און יהודה עלבערג. דאן האָט דער קרייז זיך פארגרעסערט, עס זענען צוגעקומען יונגע יידישע אינטע־לעקטועלע פון די פּארטיזאנען, פון די באהעלטענישן אין די וועלדער. עס זענען צווישן זיי געווען אָפיצירן, וועלכע זענען דורך דער פּוילישער ארמיי־לייטונג אָפּקאָמאנדירט געוואָרן, כדי צו טון די דאָזיקע וויכטיקע ארבעט פון אויפשטעלן א מאָנומענט פארן פּוילישן יידנטום.

אין א מונדיר פון א מאיאָר אין אקטיוון דינסט האָב איך טאקע אין לאָדזש באגעגנט דעם גענעראל־סעקרעטאר פון דער יידישער היסטאָ־רישער קאָמיסיע, מיין פריינט פון די סטודענטן־יאָרן אין ווארשע, ד״ר יעקב קיערמיש, און אויך מאגיסטער נחמן בלומענטאל, מיין אמאָליקן רעדאקציע־קאָלעגע פון די „ליטערארישע בלעטער".

דעם דירעקטאָר פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע, ד״ר פיליפּ פריד־

מאַן, האָב איך פריער געהאַט באַגעגנט אין נירנבערג, ווּ ער איז געקומען פאָרשן דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער פאַרניכטונג פון פּוילישן יידנטום. ער האָט מיר דאַן דערציילט וועגן די פאַרשידענע מאַטעריאַלן, וואָס ער האָט אַנטדעקט וועגן דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין פּוילן. אָבער די דאָזיקע מאַרטיראָלאָגיע איז דאַן נאָך אַלץ פאַר מיר געווען אומבאַגרייפלעך און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי דאָס וואָלט באַלאַנגט צו עפּעס אַ ווייטער עפּאָכע. אויף צומאָרגנס נאָך אונדזער באַגעגעניש זענען מיר געזעסן אין געריכטס־זאַל און געזען די „מײַסטער" פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין פּוילן: גערינג, שטרייכער, פראַנק, קאַלטענברונער, יאָדל. דאָס האָט זיך מיר אָבער אויסגעדאַכט צו זיין נישט מער, ווי שווישפּיל, דראַמע, אינסצעניזאַציע און פון די דאָקומענטן און באַריכטן האָב איך געפילט דאָס אַמעריקאַנער פּאַפּיר, די אַמעריקאַנער דרוק־מאַשין.

דעם אמתן גרויל פון דער מאַרטיראָלאָגיע, די בלוט־פלעקן פון דעם יידישן אומקום, דעם געשענדעטן גוף פון די זעקס מיליאָן יידישע קדושים האָב איך דערפילט ערשט אין די צימערן פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש, אויף נאַרוטאָוויטשאַ נומ. 25. עס איז אַ טראַגישער סימבאָל: די אַרכיוון פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין פּוילן געפינען זיך אויף דער גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דעם ערשטן פּוילישן פּרעזידענט, גאַבריעל נאַרוטאָוויטש, וועלכער איז אומגעקומען מיטן טויט פון אַ מאַרטירער. נאַרוטאָוויטש איז אין מיטן העלן טאָג דערמאָרדעט געוואָרן דורך די פאַרגייער פון די איצטיקע יידן־מערדער אין פּוילן, דורכן גייסטיקן פאָטער פון די נ.ס.ז., סטאַניסלאַוו ניעוויאַדאָמסקי.

אין די צימערן פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש האָב איך איבערגעלעבט די רירנדיקסטע מאָמענטן אין פּוילן. איך האָב געדריקט די הענט פון מײַנע אַמאָליקע קאָלעגן, קיערמיש און בלומענטאַל, און מיר האָבן לאַנג געשוויגן. עס איז אוממעגלעך געווען אַרויסצוברענגען אַ וואָרט אויף די ליפּן. די קנאַפּע צען יאָר, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען, האָבן זיך מיר אויסגעדאַכט, ווי בלויז איין קאָשמאַרהאַפטע נאַכט.

אָט דאַכט זיך ערשט נעכטן האָבן מיר זיך באַגעגנט אין וואַרשע. אין יאָר 1936 האָט קיערמיש געאַרבעט איבער זיין געשיכטע וועגן דעם אָנטייל פון יידן אין דעם קאָשטשיושקאָ־אויפשטאַנד און אויך געהאַט

פאַרעפנטלעכט א ווערק וועגן לובלין אין די לעצטע יאָרן פון דער פּוילי־שער מלוכה, ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט. און דאָ מיטאמאָל — קיער־מיש אין לאָדזש, אין מונדיר פון א פּוילישן מאיאָר, אלס גענעראל־סע־קרעטאר פון דער צענטראלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן.

זיין ערשטע געשיכטלעכע ארבעט וועגן דעם אָנטייל פון יידן אין פּוילישן אומאָפּהענגיקייטס־קאמף האָט קיערמיש געשריבן אויפן סמך פון אלטע ארכיוו־דאָקומענטן. איצטער אָבער האָט ער אליין זיך פארוואנדלט אין א מיטקעמפער. ער האָט אליין מיטגעקנאָטן דאָס טייג פון דער געשיכ־טע און באלאנגט צו די, וועלכע שאפן דעם ארכיוו פאר די צוקינפטיקע היסטאָריקער.

די זילבערנע שטערן אויף זיינע אקסלען זענען געווען אָפּגעריבן, עס האָט זיי געפעלט דער אָפיצערישער גלאנץ, און זיין אָפּגעבלאקעוועטער קהאקי־מונדיר איז געווען ענלעך צו די געלע שמות, צו די צעקנייטשטע פארמעט־שטיקער, מיט וועלכע עס זענען פול די פּאָליצעס אין דער היס־טאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש. איך האָב געהאט דעם איינדרוק גלייך ווי זיין אָפיצירן־מונדיר וואָלט איינגעזאפּט אין זיך דעם שטויב און די געלקייט פון די אלטע, צעריסענע ביכער און ספרים, וואָס זענען אָפּגעזוכט געוואָרן אין די חורבה שטעטלעך און געטאָס.

נחמן בלומענטאל האָט פארן קריג זיך פארנומען מיט עטנאָגראפישע פאָרשונגען, פילאָלאָגישע סטודיען, געוואָלט זיך דערגראָבן צו דעם שורש פון יידישע פאָלקס־ווערטער פון דער ווייטער פארגאנגענהייט. איצטער פארטייטשט ער די ווערטלעך און פאָלקס־אויסדרוקן, וואָס ער האָט געהערט ווי זיי ווערן געבוירן אויף די ליפּן פון די געטריבענע, געפייניקטע און געפּלאָגטע יידן אין די געטאָס. די געשיכטע האָט אָנגעיאָגט אירע פאָרשער און זיי אריינגענומען אין דעם קלעם פון איר ווייטיקלעכן געבורטס־גראנגל.

ד"ר קיערמיש האָט מיך ארומגעפירט איבער די צימערן און מיר געוויזן די טראגישע ירושה פון פּוילישן יידנטום. ער האָט פאר מיר גע־בלעטערט די טויזנטער זייטן פון פּראָטאָקאָלן, די גבית עדות פון די לעבנ־געבליבענע יידן, פון די איינצלנע עדות, וועלכע זענען ווי וווּנדער־פעניקסן ארויסגעפלויגן פון די פלאמענדיקע שייטערהויפנס. צענדליקער טויזנטער

זייטן פון נאַצישע דאָקומענטן, פאַראָרדענונגען, גזירות, טויט־אורטיילן; דער פולער ארכיוו פון דעם אמטס־לייטער פון לאָדזשער געטאָ, האַנס בי־באָוו, ווי אויך דער ארכיוו פון דעם „יודענראַט" אין לאָדזשער געטאָ, וואָס פאַרנעמט 2700 פאָליאָס מיט חשבונות, קאָרעספּאָנדענצן, קאַסע־באַריכטן, און אויך די רשימה פון זאַכן, וואָס מען האָט צוגענומען ביי יידן נאָך דער דעפּאָרטאַציע; מעלדונגען פון דער יידישער פּאָליציי און ביטעס פון יידן צום יידישן דיקטאַטאָר רומקאָווסקי; אַקטן פון די לאַגערן אין פּוילן און אין דייטשלאַנד, פּאַספּאָרטן פון יידן, וועלכע זענען פון אויסלאַנד געבראַכט געוואָרן קיין פּוילן; באַשרייבונגען און פאַקטן וועגן די נאַצישע פאַרברעכער, וועלכע זענען נאָך אויף דער פריי. און דאַן — די געשיכטע פון יידישן ווידערשטאַנד אין די געטאָס און אין די פּאַרטיזאַנען־אָפּטיי־לונגען; יידישע אונטערערדישע צייטשריפטן און אַנדערע דאָקומענטן פון די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס.

קנאַפּע 2000 עדות האָט די יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע אויסגע־הערט. דאָס זענען גבית עדות פון די געטאָס, וועגן די יידנראַטן, וועגן די לאַגערן, וועגן די פּאַרטיזאַנען, וועגן די בונקערס, וועגן אויסבאַהאַלטן זיך אויף דער אַרישער זייט, וועגן די באַציאונגען צווישן דער יידישער און נישט־יידישער באַפעלקערונג, און דאַן איבערלעבונגען פון קינדער, דער־ציילט דורך קינדער אַליין.

העכער 3000 פאָטאָגראַפיעס פון יידישן פּיין און מאַסן־מאָרד זענען געוואָרן צונויפגעקליבן. באַזונדערס צאָלרייך זענען די פאָטאָגראַפיעס, וואָס שטעלן פאָר די צינישע פאַרווײלונגען, וואָס די נאַצים האָבן איינגעאָרדנט מיט יידן. יידן אין טליתים און מיט אויפגעקנעפּלטע הויזן; יידן מיט האַלב־אָפּגעגאָלטע קעפּ; נאַצים רייסן אַראָפּ קליידער פון יידישע מיידלעך. און דאַן גרויל פאָטאָגראַפיעס פון מאַסן־קברים און מאַסן־עקזעקוציעס.

רייך איז די אָפּטיילונג פון מאַנוסקריפּטן און טאָג־ביכער פון אומ־געקומענע שרייבער, ווי אויך פאָלקס־לידער, וואָס זענען געזונגען געוואָרן אין די יידישע געטאָ־טעאַטערן פון וואַרשע, ווילנע און לאָדזש, און אין די לאַגערן.

די דאָזיקע פּאָפּולערע לידער פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע מחברים זענען געשריבן אין יידיש, העברעאיש, פּויליש, דייטש און אפילו אונגאַ־

ריש און רומעניש. דאָס איז א באַווייז פון דער פארשידן־שפּראַכיקייט, וואָס האָט געהערשט אין די געטאָס און אין די לאַגערן, ווו עס זענען צונויפגעטריבן געוואָרן יידן פון גאַנץ איראָפּע.

פארשידן איז אויך די טעמאַטיק פון די דאָזיקע לידער. דאָס זענען קאַמפּס־לידער פון פּאַרטיזאַנען; סענטימענטאַלע לירישע לידער; בייסיקע סאַטירישע לידער קעגן די יידישע מוסרים, קעגן יידישע פאררעטער און קעגן די נאַצישע פירער. פיל פון די דאָזיקע לידער זענען געשאַפן געוואָרן ממש אונטער דער נאַצישער בייטש.

ווען די געשטאַפּאָ־לייט האָבן זייערע קרבנות געטריבן צום טויט, האָבן זיי געהייסן די יידן זינגען, אָן אונטערשיד וואָס פארא לידער. האָט דער עולם געזונגען און אויפן וועג פארפאַסט ווערטער צו די באַקאַנטע מעלאָדיעס. די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע לידער זענען געגאַנגען פון מויל צו מויל, אָפט געוואָרן געענדערט און געזונגען אין פארשידענע וואַריאַנטן, דאַן געוואָרן אָפּגעשריבן און אויפגעהיטן.

זוכנדיק פארבאָרגענע ארכיוון אין די חורבות פון לאָדזשער געטאָ, האָבן די פאָרשער פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע געפונען עטלעכע זייט־לעך, פארשריבן מיט א דראָבנע, קלאָר כתב. בלויז עטלעכע זייטלעך, אָבער אין זיי ווערט אנטפּלעקט דאָס גיהנום פון געטאָ־לעבן. נישט דער מאַסן־מאָרד, נישט די מתים, נאָר דאָס אינעווייניקסטע לעבן, די לופט, די אַט־מאָספער, די גרויסע שרעק פארן אומפארמיידלעכן טויט, וואָס האָט זיך טריט ביי טריט דערנענטערט צו דער שוועל פון פּאָעט, צו אלעמענס שוועלן. דער טויט איז שוין געווען אויף דער שכנותדיקער גאַס, אָבער דער פּאָעט איז נאָך געזעסן ביים טיש, געטונקען די פּען אין דעם גלעזערנעם טינטער און אין ריימען פארשריבן דעם ציטער פון זיין הארץ, אין ריטמען אויס־געלייגט דאָס פּולסירן פון זיין בלוט.

ש. שאַיעוויטש האָט אין געטאָ א גאַנצן טאָג געאַרבעט אלס שיק־ייִנגל אין א שפּייז־געשעפט און אויסגעשטאַנען שרעקלעכע נגישות פון די באַלעבאַטים און פון די קונים, און אין די נעכט האָט ער זיך פארמאָסטן צו שאַפן די עפּאָפּעיע פון אומקום.

ביז צום אויסברוך פון קריג האָט ש. שאַיעוויטש נאָך געטראָגן א לאַנגע קאַפּאָטע און א קײלעכדיק היטעלע — דער פארשווונדענער טראַכט פון די

אָרטאָדאָקסישע יידן אין פּוילן. ער האָט דאַן נאָר וואָס געהאַט פאַרלאָזט די ישיבה און פון צייט צו צייט זיך אריינגעגנבעט אין דער לאָדזשער ליטעראַרישער קאַפּע „פּאַד שקלאַנקאַן", וווּ עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די יינגערע יידישע פּאָעטן. ער פלעגט דאַן פון בוזים ארויסציען אַ שטיקל פּאַפּיר און שעמעוודיק פאָרלייענען זיינע סטראָפן.

ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, האָט שאַיעוויטש קוים געהאַט באוויזן אָפּצודרוקן אייניקע לידער. באַלד אָבער איז געקומען דאָס געטאָ. די יידישע שרייבער און קינסטלער זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן הינטער שטעכעדיקן דראָט. דער מינדסטער אָפּקלאַנג פון זייער לעבן איז נישט דער־גאַנגען צו דער דרויסנדיקער וועלט. ביים סוף פון יאָר 1944 אָדער אין אָנהייב 1945, נאָענט צו דער באַפרייאונג, איז שאַיעוויטש אומגעקומען אין לאַגער קאַפערינג אין דייטשלאַנד. ער איז דאָרט פאַרשיקט געוואָרן אין זומער פון יאָר 1944, נאָך דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד. אָבער אַ פּאָר זייטלעך פּאַפּיר, צוויי פּאָעמעס פון קוים עטלעכע הונדערט שורות, און אַ פּאָר בריוו זענען פאַרבליבן און אין זיי איז פאַראייביקט געוואָרן דאָס גאַנצע אומגליק פון לאָדזשער געטאָ און פון אַלע געטאָס אין פּוילן. די דאָזיקע ליטעראַרישע ירושה פון אומגעקומענעם דיכטער איז פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן דורך דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין אַ ביכעלע פון 72 זייטן.

אין דער ערשטער פּאָעמע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „...לך לך...", טענהט דער דיכטער זיך אויס מיט זיין פינף־יאָריק טעכטערל. ער הייסט איר אָנטון דאָס מאַנטעלע, וואָס די מאַמע האָט נאָר וואָס פאַרראָכטן, כדי צו זיין גרייט אין וועג אריין, ווייל פון דער שכנותדיקער גאַס טראָגן זיך שוין די געשרייען פון די מחנות, וואָס ווערן געטריבן צו דער דעפּאָרטאַציע. דער פּאָעט פאַראַפראַזירט דעם ביבלישן לך־לך פון בראשית, אין וועלכן גאָט זאָגט צו אברהמען, אַז ער זאָל פאַרלאָזן זיין געבורטס־לאַנד און אוועק אין לאַנד כנען. אָבער דער דיכטער איראָניזירט אליין וועגן דעם דאָזיקן פאַרגלייך:

געקומען איז דער בייזער טאָג,
געקומען איז די בייזע שעה.

וואָס כּילערנען מוז מיט דיר, א מיידעלע,
די שרעקלעכע פּרשה לך לך.

נאָר ווי מעג מען עס פארגלייכן
צום בלוטיקן לך לך פון היינט.
„און געזאָגט האָט גאָט צו אברהם:
גיי דיר ארויס פון דיין לאנד

און פון דיין געבורטס־אָרט און פון
דיין פאָטער־הויז צום לאנד, וואָס כּיוועל דיר
אָנווייזן און דאָרט וועל איך
מאכן א גרויס פאָלק פון דיר"...

און איצט מוז דאָס גרויסע פאָלק ארויס
צום אומבאקאנטן ווייטן וועג —
קראנק און מיד — צעבראָכענע שיפלעך,
וואָס דערשווימען נישט צו קיין ברעג".

אין דער דאָזיקער פּאָעמע אנטפּלעקט זיך די וויזיאָנערישע קראפט פון פּאָעט, וועלכער זעט פאָר די שרעקלעכע פארניכטונג פון פוילישן יידנ־טום אין דער צייט, ווען אין געטאָ האָט נאָך קיינער נישט געוווּסט וועגן קיין גאז־קאמערן, וועגן קיין פארניכטונגס־לאגערן. זיין הארץ האָט אים אָבער קלאָר אָנגעזאָגט, וואָס עס דערווארט די מחנות, וועלכע ווערן ארויס־געטריבן פון געטאָ:

„און ווען מען אן אָפּגעציטערט קינד
וועט אין פראָסט־פייער פארפרירן
און די מאמע וועט'ס נאָך טראָגן לאנג
און מיינען, אז ס'טוט זיך נאָך רירן.

— — — — — — — — — — — —

און פרויען מיט מעוברתע לייבער
וועלן פארשמאכטע אנידערקניען,
באלד וועלן זיי פאלן אהינטער זיך
און דער שניי וועט זיי ווי קוילן גליען.

— — — — — — — — — — — — —

און ס'אייז אונטער פיס וועט קנאקן,
מיט דער בהלה פון שראפנעל אויפרייסן.
דער שניי וועט ווינקען: תכריכים פאר אלע...
תכריכים פאר יונגע און גרייזן..."

אזוי האָט דער יונגער פּאָעט פּאָרגעאנט די פארניכטונג פון פּוילישן ייִדנטום.

די צווייטע פּאָעמע, „פרילינג תש"ב", איז א לירישע געזאנג וועגן דעם ביטערן פרילינג אין געטאָ, וואָס שמעקט מיט גרינס, צוויט און טויט. „אין א מזלדיקער שעה איז דער פרילינג שוין דאָ". דער דאָזיקער פערז ווערט אין פארשידענע וואריאציעס איבערגעחזרט ביים אָנהייב פון יעדער קאַפּיטעלע, אָבער מיט אן אלץ שטייגנדיקער איראָניע, ביז וואנען דער דיכטער דערגייט צום הויך־פּונקט פון זיין גאליקייט, וואָס איז נישט ווייט שוין פון גאָט־לעסטערונג:

„א טויטן־גירוש מיט א פרילינג —
דער גאָרטן בליט, די זון לייכט
און דער שוחט — שעכט...
נאָר מיר פאָדערן נישט ביי קיינעם קיין לויז,
ווייל ווערט א מענטש געשאָכטן —
שעכט מען אויך זיין גאָט..."

די צען קאַפּיטעלעך פון דער דאָזיקער פרילינג־פּאָעמע האָט דער פּאָעט מיט דראָבנינקן כתב אָנגעשריבן אויף א גרויסן בלאט פון א בוך־האלטעריע־בוך, וואָס טראָגט אויף זיך די נומערן 101־102. דאָס איז אפנים

א בלאט פון דעם בוכהאלטעריע־בוך אין דער געטאָ־אינסטיטוציע, ווו דער פּאָעט האָט שפּעטער געארבעט, א דאנק דער פּראָטעקציע פון געטאָ־מעצענאט.

מיט גרויסער לירישער קראַפט ווערט אין דער פּאָעמע געשילדערט דער טויט פון א יונג טובערקולאָז מיידל, וועלכע בלייבט אליין אין א בוידעם־שטיבל נאָך דעם ווי אירע עלטערן און אלע שכנים האָט מען אוועקגעפירט צום דעפּאָרטירן. אין אלע טירן האָבן די מענטשן־כאַפּער געקלאַפּט, נאָר די טיר פון איר צימערל איז אויסגעמיטן געוואָרן. נאָך צען טעג און נעכט פון הונגער און קאָשמארהאפטע זעאונגען גייט דאָס מיידל אויס אין א זיסן גסיסה־חלום וועגן איר חופּה־נאכט.

„און אָט דערזעט דער אקערער
ווי דעם טויטנס בלאָטיקע האנט
איז פארקראמפּט אויפן שטיקל ברויט —
שטייט ער און גאפט און ווייסט נישט:
זאָל עס זיין א גוטער סימן —
אָט איז ברויט...
זאָל עס זיין א שלעכטער — דערנעבן ליגט דאָך טויט..."

און אזוי שטייגט די שפּאַנונג אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע. די לירישע סטראָפן פארוואנדלען זיך מיטאמאָל אין צאָרנדיקע אויסגעשרייען, אין אן איוב־געקלאָג, וואָס וואקסט, שטייגט און פארכאפּט אזש דעם אָטעם. פּונקט ווי איוב האָט געריסן שטיקער פון זיין צרעתדיקן לייב, אזוי רייסט דער דיכטער שטיקער פון זיין געמיט:

„און אין א מזלדיקער שעה
כא־כא־כא איז דער פרילינג ווידער דאָ —
דאָס גראָז, דער בוים וועט זיך אין טוי
ווי אין פּערל ציירן
און די זון וועט אויפסניי איר גאָלד
דער וועלט שענקען — ווי א פּזרן זיך פירן,

נאָר פאַרוואָס א צווייגל, א קזשאַק
קנאַקט און פּלאַצט ווען מען טרעט דערויף
און דו, אָרים פאַרשטאָלטן האַרץ מיינס,
פּלאַצסט נישט פאַר ווייטיק,
ווען דיינע ברידער ווערן ווי הינט געטריבן?
מיינסט אַוודאי — דער נע ונד וועט דיך מיידן...
זונהדיק, טעמפּ האַרץ,
פאַרוואָס גייסטו נישט אַראָפּ פון זינען
און צעטאַנצסט זיך אין מיטן גאַס
און מאַכסט קאָזשעלקעס — מיטן קאָפּ אַראָפּ,
מיט די פיס אַרויף צום הימל.
מיט די פויסטן געביילט צו איס, אויבן,
און האַקסט דיר קאָפּ אָן וואַנט
און זינגסט א יום־טובדיקן זמר.
נאָר פון די אויגן גיסן זיך טרערן,
פולע עמערס, פולע עמערס —
דו אָרים, פאַרשטאָלטן האַרץ,
פאַרוואָס פּלאַצסטו נישט פאַר וויי?"

און דאַן קומט דאָס געבעט — געשריי פון פּאָעט פאַר די הימלאָזע, פאַר די הונגעריקע, פאַר די קראַנקע. ווער — פרעגט ער — וועט אויסשטרעקן צו זיי די האַנט פון הילף, און די פּאָעמע פאַרענדיקט זיך מיט א „פּראָסט יידישער פּאַרטײַטשונג פון „שפך המתך", ווי א סוף־פּסוק לכבוד דעם ערב פּסח פון יאָר 1941, ווען די דאָזיקע טראַגישע און נביאיש־שטאַרקע פערזן זענען געשריבן געוואָרן.

אויסער בעלעטריסטישע שאַפונגען האָט די היסטאָרישע קאָמיסיע אויך צונויפגעזאַמלט העכער פופציק טאָג־ביכער אין יידיש, העברעאיש, פּויליש און דייטש. דער גרעסטער טייל פון די מחברים איז אומגעקומען און די מאַנוסקריפּטן זענען צוגעשטעלט געוואָרן דורך פריינט און באַקאַנטע. דאָס זענען טאָג־ביכער וועגן לעבן פון די יידן אין די געטאָס פון לאָדזש, וואַרשע, קראָקע, ביאַלאַ פּאַדלאַסקאַ, בעלזשיץ, שידלאָוויעץ און

אנדערע שטעט. פיל טאָג־ביכער זענען געשריבן געוואָרן דורך מענטשן, וועלכע האָבן קוים באהערשט די שפּראַך, אָבער עס איז אין זיי פאראן אן אוצר פון אינפאָרמאציע און כאראקטעריסטישע שילדערונגען.

אין דעם ארכיוו זענען צונויפגעזאמלט, נישט נאָר בלויז די דאָקו־מענטן וועגן דער פארניכטונג פון פּוילישן יידנטום, נאָר אלץ, וואָס עס איז נאָר געבליבן פון דער טויזנט־יאָריקער יידישער געשיכטע אין פּוילן. מיט דער גרעסטער זאָרגפעלטיקייט ווערט צונויפגעקליבן יעדער בוך, יעדער ספר, יעדע צייטונג און בלעטל, וואָס האָט זיך נאָר באוויזן אויפצוהיטן נאָך דעם שרעקלעכן חורבן.

ד"ר קערמיש האָט פון א פּאָליצע ארויסגעצויגן א האלב־צעשיטן באנד פון א פּויליש־יידישער צייטונג, וואָס האָט זיך אָפּגעזוכט ערגעץ אין די געטאָ־חורבות, און מיר אויפגעמישט מיינע באריכטן פון שפּאנישן בירגער־קריג. איך האָב געבלעטערט דעם גרויסן פאליאל און עס האָט זיך מיר געדאכט, אז דאָס איז דער ספר הזכרונות פון א ווייטער עפּאָכע, אין וועלכער מיר האָבן ביידע געלעבט אין עפּעס א פריערדיקן גלגול... אין איינעם פון די בלעטער האָב איך צווישן די פארשידענע אויסטערלישע נייעסן באמערקט א ידיעה וועגן א פייערלעכער אויפנאמע, וואָס די פּוי־לישע פּאָליציי אין ווארשע האָט געגעבן דעם שעף פון דער דייטשער פּאָ־ליציי (געשטאַפּאָ בלע"ז), היינריך הימלער...

ד"ר קערמיש האָט פארזשמורעט די אויגן איבער די פארגעלטע צייַ־טונגס־בלעטער, און די אלטמאָדישע ברילן אין דער שטאָלענער פאסונג האָבן זיך אים אראָפּגעלאָזט נידעריק אויף דער נאָז. אונדזערע בליקן האָבן זיך באגעגנט און שטומערהייט האָבן מיר ווי אויפגעמישט אונדזערע לע־בנס־בלעטער פון דעם פריערדיקן גלגול. פאר מיינע אויגן האָט מיר דאן א בלענד־געטון די קופּע ברילן, וואָס איך האָב געזען אין אָשוויענטשים...

אין דער היסטאָרישער קאָמיסיע איז איין צימער אויך שוין פאר־וואנדלט געוואָרן אין אן אָנהייב פון א מוזעאום. אונטערן גלאָז געפינען זיך דאָרט באווייזן פון די נאצישע פארברעכנס — אש פון די קרעמאַ־טאָריומס, פארבלוטיקטע טליתים און טפילין פון יידן, וועלכע זענען דער־שאָסן געוואָרן אין מיט פון דאווענען; טאָרטור־אינסטרומענטן פון די פייניקונגס־לאגערן; געלט, וואָס האָט צירקולירט אין די געטאָס פון לאָדזש

און אין טערעזיענשטאט, און אויך פּאָסט־מארקן, וואָס זענען ארויסגע־געבן געוואָרן דורכן הערשער פון לאָדזשער געטאָ חיים רומקאָווסקי, וועלכן מען האָט גערופן „חיים דער ערשטער". עס איז דאָרט אויך צונויפגע־זאמלט א קאָלעקציע פון אָרעם־בענדער פון פארשידענע געטאָס און אויך פּאָליציי־היטלען; געטאָ־פּרעסע, פּלאסטישע מאקאטן און קונסטבילדער פון לעבן אין די געטאָס.

צווישן די קונסט־ווערק ציט באזונדערע אויפמערקזאמקייט דאָס בילד פון דער אזוי גערופענער „טויטן־בריק" אין לאָדזשער געטאָ. די בריק איז אויפגעבויט געוואָרן הויך איבער די צוויי גאסן, זגיערסקא און אלעק־סאנדראָווסקא, וואָס זענען אויסגעשניטן געוואָרן פון געטאָ אלס ארישע און האָט פארבונדן איין טייל געטאָ מיטן צווייטן. די בריק איז אלעמאָל געווען פול מיט מענטשן, ווייל פון אויבן האָט מען געקענט ווארפן א בליק צו דער דרויסנדיקער, פרייער וועלט. דאָס האָבן די נאצים אויסגע־נוצט, כדי פון צייט צו צייט ארייננצושיסן אביסל קוילן־סאלוועס אין דער גערדיכטער מאסע. די דאָזיקע בריק איז ממש געוואָרן דער עמבלעם פון לאָדזשער געטאָ און איר אָפּבילדונג האָט פיגורירט אפילו אין אָפיציעלע דאָקומענטן און אויף פּאָסט־מארקעס.

די יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע האָט שוין ביז איצט ארויסגעגעבן עטלעכע צוואנציק ווערטפולע אויסגאבן — דאָקומענטירונגען, באריכטן, טאָגביכער און אויך א גרויסן בילדער־אלבום אונטערן נאָמען „די פאר־ניכטונג פון פוילישן יידנטום", וואָס ציילט 104 זייטן גרויסן אלבאָם־פאָרמאט מיט העכער 500 בילדער און מיט אונטערשריפטן אין זעקס שפראכן.

אין א בראָשור, וואָס די מיטארבעטער פון דער יידישער היסטאָרי־שער קאָמיסיע, נח גרים און דיאנא גרינבערג, האָבן פארעפנטלעכט וועגן דער אָפּגעטוענער ארבעט במשך פון יאָר 1945־1946, ווערן געשילדערט די שווערע באדינגונגען, אין וועלכע עס קומט זיי אויס צונויפצוזאמלען די טראגישע ירושה פון פוילישן יידנטום און זיי ווענדן זיך טאקע גאנץ באזונדערס צו די יידן אין אויסלאנד און בעטן הילף.

„די דאָזיקע פליכט —זאָגט זיך אין דער בראָשור— מוזן אויך פאר־שטיין די אויסלענדישע יידן, באזונדערס יידן פון פוילישער אָפּשטאמונג,

וועלכע וועלן שוין מער נישט קומען אויף קבר־אבות אין זייערע שטעטלעך. די קברים זענען מער שוין נישטאָ און דאָס אש פון די קרעמאַטאָריומס האָט דער ווינט צעבלאָזן אויף אלע עקן וועלט. צי וועט איר דערלאָזן, אז עס זאָל פון דער מענטשלעכער געדעכעניש אויסגעמעקט ווערן דער אָנדענק פון אייערע ברידער — די קרבנות פון בלוטיקן פאשיזם? מיר דארפן זיי שטעלן א מאָנומענט נישט פון מארמאָר און נישט פון שטיין, נאָר זייער הייליקן אָנדענק איינפלאנצן אין אונדזערע הערצער און אונדזערע מוחות. דער ראָזיקער מאָנומענט קען בלויז זיין די געשיכטע פון זייער מארטירערשאפט. דאָס צוגרייטן דעם מאטעריאל פאר דער דאָזיקער געשיכטע איז טאקע די ערשטע אויפגאבע פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע און די יידישע געזעלשאפטלעכקייט דארף העלפן שאפן די פאָנדן דערפאר".

קאפיטל דרייצן

# א צוזאמענפאָר און א לוויה

צוויי מאָל האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט דער יידישער טעאטער־משפחה אין פוילן. דאָס ערשטע מאָל בעת זייער צוזאמענפאָר אין לאָדזש און דאָס צווייטע מאָל אויף דער לוויה פון דעם שוישפילער שמחה נאטאן, אויפן גענשער בית עולם אין ווארשע.

אין דעם קאָנפערענץ־זאל אין לאָדזש און אויפן גענשער בית עולם זענען געהאלטן געוואָרן טרויער־רעדעס אָבער אין די טרויער־רעדעס ביים אָפענעם קבר איז געווען ווייניקער טרויער, ווי אין די רעדעס אויפן פייער־לעכן צוזאמענפאָר אין לאָדזש.

ביים קבר פון פארשטאָרבענעם שוישפילער פון דער אמאָליקער ווילנער טרופּע האָבן זיינע חברים אונטערגעשטראָכן, אז זינט די זעקס יאָר פון חורבן איז עס דער ערשטער שוישפילער, וועלכער איז געשטאָרבן אויף זיין בעט מיט א נאטירלעכן טויט. עס האָט אויסגעזען, גלייך אין דעם טויט פון שמחה נאטאן און אין דער לוויה אויפן גענשער בית עולם האָבן די פריינט פון פארשטאָרבענעם, וועלכע זענען געקומען מיט קרענץ און מיט יידישע אויפשריפטן, געזען דעם ערשטן סימן פון א צוריקקער צום נאָרמאלן לעבן אין באפרייטן פוילן.

דער אקטיאָרן־צוזאמענפאָר אין לאָדזש איז געווען דער ערשטער צוזאמענטרעף פון די לעבנגעבליבענע יידישע שוישפילער נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן. זיי זענען זיך צונויפגעקומען, כדי זיך צו בּאראטן וועגן צוריק אויפשטעלן דאָס חרובע יידישע טעאטער אין פוילן, וועגן שאפן צוויי טעאטערן, איינעם אין לאָדזש און איינעם אין נידער־שלעזיע.

דאָס איז טאקע געווען די הויפּט־טעמע פון די בּאראטונגען, אָבער

דאָמינירט האָט אויף דעם צוזאמענפּאָר דער אזכרה־טאָן נאָך דער גרויסער יידישער טעאטער־משפּחה אין פּוילן, וואָס איז אומגעקומען אין די געטאָס און קאָנצענטראציע־לאגערן. פון די העכער 400 מיטגלידער, וואָס דער יידישער אקטיאָרן־פאראיין האָט געציילט ביים אויסברוך פון קריג, זענען געבליבן קוים 60 און פון די זעכציק זענען העכער פופציק צוריקגעקומען פון רוסלאנד. בלויז געציילטע האָבן זיך באוויזן צו ראטעווען אין פוילן.

איבער דער טריבונע פון צוזאמענפּאָר איז געהאָנגען דאָס בילד פון מענדעלע מוכר ספרים און פון דער מאמע פון יידישן טעאטער, אסתר רחל קאמינסקי, וועמענס מצבה איז געבליבן נישט אָנגערירט אויפן ווארשעווער בית עולם, פונקט ווי דער אהל פּרץ. אונטער די בילדער איז אין א שווארצער ראם געהאָנגען די רשימה פון די אומגעקומענע שוישפּילער־מארטירער, וועלכע האָבן נישט קיין מצבות און וועמענס קברים זענען אומבאַקאנט. זיי זענען אומגעקומען מיטן טויט פון מארטירער, אויף תליות, אויף שייטערהויפנס און אין גאז־קאמערן.

אייזיק סאמבערג, דער טעמפּעראַמענטפולער גרויסער שוישפּילער, וועלכער האָט איינגענומען די יידישע בינעס פון ווארשע ביז ניו־יאָרק און בוענאָס־איירעס, האָט בעתן אויפשטאנד פון געטאָ אָנגעפירט מיט א יידישן נקמה־באטאליאָן. ער איז אומגעקומען מיט א שרעקלעכן טויט. די נאצים האָבן אים אויפגעהאָנגען ביי די פיס און דער קרעפטיקער אייזיק סאמבערג, דער ריז פון דער יידישער בינע, האָט לאנג זיך געמאטערט אויף דער תליה, ביז וואנען ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה.

א צווייטער יידישער שוישפּילער, שלמה הערשקאָוויטש, האָט בעת דער דעפּאָרטאציע אָנגעכאפּט א געשטאפּאָוויעץ ביים האלדז און אים גענומען ווערגן. אָבער אן אנדערער נאצי האָט אים אויפן אָרט אוועקגעשאָסן.

אייניקע שוישפּילער זענען משוגע געוואָרן און ארומגעגאנגען איבער די גאסן און געזונגען. די שוישפּילערין העלא אינוועטאזש האָט בעת דער דעפּאָרטאציע אין ווארשע פארלוירן דאָס לשון און שטומערהייט האָט מען זי אריינגעשטופּט אין וואגאָן. דער שוישפּילער מאָרים לאמפּע, א הויכוווקסיקער, ברייטפּלייציקער און שטענדיק לוסטיקער אקטיאָר, איז אין ווילנער געטאָ לעבעדיקערהייט פארברענט געוואָרן אויף א שייטערהויפן.

אזוי איינער נאָכן צווייטן זענען אומגעקומען העכער 300 יידישע שוישפּי־

לער. טייל זענען אוועקגעשאָסן געוואָרן אויף די בינעס, ווען די נאַציס זענען איבערגעפאַלן יידישע טעאַטערן אין די געטאָס.

„מיר זענען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען — האָט אין זיין דערעפענונגס־רעדע טרויעריק געזאָגט משה ליפּמאַן, — ווייל דאָס איז דער פאַרלאַנג פון אונדזערע חברים, די קדושים, וועלכע רופן אונדז פון זייערע אומבאַקאַנטע קברים און פון די קופּעס אש אין טרעבלינקאַ, אז מיר זאָלן פאָרזעצן זייער אַרבעט. מיר זענען די טרובאַדורן פון יידישן פאָלק און עס איז אונדזער פליכט אויסצוזינגען דעם טרויער און פרייד פון אונדזערע לעבנגעבליבענע רעשטלעך. . .״

צו דעם צוזאַמענפאָר זענען אויך געקומען אַלע יידישע שרייבער אין לאָדזש און פון די באַגריסונגען, וואָס פאַרשידענע פאַרטרעטער פון צאָלרייכע אָרגאַניזאַציעס און גרופּן האָבן געהאַלטן, האָט מען געקענט באַקומען דעם איינדרוק, אז עס לעבט צוריק דאָס אַמאָליקע גרויסע פּויליש יידנטום.

די צאָל פּאַרטייען און גרופּן זענען נישט קלענער געוואָרן, פאַרקערט, עס זענען נאָך צוגעקומען נייע גרופּירונגען, פאַרשידענע אָפּצווייגונגען און שאַטירונגען. עס האָט אפילו גערעדט א פאָרשטייער פון דער אַמאָליקער פאָלקס־פּאַרטיי, מאַגיסטער מענדל באַלבעריסקי, א נאָענטער מיט־אַרבעטער פון אומגעקומענעם נח פּרילוצקי. פון דער גאַנצער פּאַרטיי זענען אייגנטלעך געבליבן קוים א פּאָר געציילטע מענטשן, וועלכע האָבן אויפ־געלעבט בלויז דעם סטעמפּל פון דער באַוועגונג. דאָס איז אָבער א באַווייז פון דער וויטאַליטעט פון די פּוילישע יידן און פון דעם דראַנג נאָך המשך. א פּאָר געציילטע מענטשן, וועלכע זענען לעבנגעבליבן פון א באַוועגונג, פילן די נויטווענדיקייט די דאָזיקע באַוועגונג אויפצולעבן, ווען אפילו בלויז אלס אן אָנדענק, אלס א זכר.

און אויב עס איז נאָך וויניק געווען די באַגריסונגען פון די פּאַר־טייען און פּאַרטייעלעך, בין איך אויך אויפגערופן געוואָרן צו באַגריסן, הגם איך האָב אייגנטלעך אָפיציעל קיינעם נישט פאַרטרעטן. זיי האָבן אָבער געוואָלט, אז איך זאָל ברענגען דעם גרוס פון אַמעריקאַנער יידנטום, פון דער יידישער פּרעסע און יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. עס האָט זיך דערין אָפּגעשפּיגלט דער דורשט נאָך פייערלעכקייט, דער דראַנג אָנצוקניפּן

פאַרבינדונגען מיט אַלע אַנדערע יידישע ישובים, פון וועלכע זיי זענען אָפּגעריסן געווען במשך פון זעקס יאָר צייט.

אויפן זאַל, פּונקט ווי ביים פּרעזידיום־טיש, זענען געזעסן מיינע נאָענטע חברים, שרייבער און שוישפּילער, מיט וועלכע איך האָב אַמאָל צוזאַמענגעאַרבעט. צווישן די שרייבער האָבן אויפן צוזאַמענפאָר זיך געפונען מיינע עלטערע און יינגערע קאָלעגן: דער דיכטער און פּראָזאַאיקער אברהם זאַק, וועלכער איז נאָר וואָס געהאַט צוריק געקומען פון רוסלאַנד, כדי צו זוכן די שפּורן פון זיין ווייב און זון; דער פּראָזאַאיקער משה גראָסמאַן, מיט וועלכן איך האָב מיט יאָרן צוריק אַרויסגעגעבן אַן אַוואַנגאַרד־צייטשריפט; דער הומאָריסט משה נודעלמאַן, דער פּאָעט נחום באָמזע און דאַן שוישפּילער, מיט וועלכע עס פאַרבינדן מיך יאָרן פון פריינטשאַפט — דער גרויסער כאַראַקטער־שוישפּילער. דוד לעדערמאַן, דער באַגאַבטער אַקטיאָר אייזיק ראָטמאַן און מיין יוגנט־פריינט, שוישפּילער יעקב קורלענדער, יצחק גרודבערג־טורקאָוו א״א.

ביים פּרעזידיום־טיש האָט יצחק גרודבערג־טורקאָוו נאָך געטראָגן אַן איבערגעפאַרבטן מיליטערישן מונדיר. יצחק טורקאָוו איז אַ שרייבער, אַ שוישפּילער און אויסער זיין אַרבעט פאַרן אויפבוי פון יידישן טעאַטער אין פּוילן, איז ער אויך געזעלשאַפטלעך אַקטיוו און פאַרנעמט דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין נידערשלעזיע, וווּ עס געפינט זיך איצט דער גרעסטער יידישער ישוב אין פּוילן.

דער נאָמען טורקאָוו האָט אין יידישן קולטור־לעבן אין פּוילן מיט זיך פאַרקערפּערט: טעאַטער, פילם און פּרעסע. די פאַרצווייגטע טורקאָוו־פאַמיליע איז אָבער צעשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט. דער גרויסער שוישפּילער, רעזשיסער און שריפטשטעלער זיגמונט טורקאָוו, איינער פון די פּיאָנערן פון מאָדערנעם יידישן טעאַטער, איז פאַרוואָגלט געוואָרן קיין בראַזיל, דער פּאָפּולערער זשורנאַליסט. מאַרק טורקאָוו. איז פאַרטראָגן געוואָרן קיין בוענאָס איירעס, יאָנאַס טורקאָוו, דער פּיאָנער פון יידישן פילם אין פּוילן. און זיין פרוי, די זייער טאַלאַנטירטע שוישפּילערין און זינגערין דיאַנאַ בלומענפעלד, האָב איך געטראָפן אין דייטשלאַנד.

יאָנאַס טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענפעלד באַלאַנגען צו די געציילטע יידישע שוישפּילער, וועלכע זענען געבליבן לעבן אין פּוילן. זיי האָבן די

גאַנצע צייט זיך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ און זיך באַטייליקט אין אויפשטאַנד. נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן זענען זיי געווען די אָנהויבער פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן. יאָנאַס טורקאָוו איז געווען דער פּאָרזיצער פון פאַראיין פון יידישע שרייבער און שוישפּילער און אויך אָנגעפירט מיט דעם ערשטן יידישן ראַדיאָ־פּראָגראַם.ביידע זענען זיי אָבער אוועק פון פּוילן און איך האָב זיי געטראָפן אין די לאַגערן אויפטרעטן פאַר די רעשטלעך געראַטעוועטע פּוילישע יידן, פאַר וועלכע זיי האָבן פאָר־געטראָגן דעם רעפּערטואַר פון די געטאָ־טעאַטערן, די לידלעך, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין קאַמף, אין דעם אונטערערדישן געראַנגל.

דער יינגסטער פון די טורקאָווס, יצחק טורקאָוו־גרודבערג, איז פון רוסלאַנד צוריקגעקומען קיין פּוילן און ער האָט מיט דער גאַנצער אַנט־שלאָסנקייט מיר דערקלערט:

„איך פאַרבלייב דאָ. אויב מען וועט מוזן אַנטלויפן פון דאַנען, וועל איך זיין פון די לעצטע. אָבער איך האָף, אַז אין פּוילן וועט בלייבן אַ יידישער ישוב, אַז עס וועלן דאָ עקזיסטירן יידישע שולן, אַ יידישע פּרעסע און אַ יידיש טעאַטער".

אין דער דאָזיקער דערקלערונג זיינער איז נישט געווען אַזוי פיל קיין האָפערדיקייט, ווי אַנטשלאָסנקייט, צונויפגעמישט מיט ביטערער עקשנות נישט צו רעזיגנירן, נישט נאָכצוגעבן, נישט אָפּצוטרעטן.

כמעט די זעלבע שוישפּילער און שרייבער, מיט וועלכע איך האָב זיך צונויפגעטראָפן אויפן צוזאַמענפאָר אין לאָדזש, האָב איך אין אַ וואָך אַרום באַגעגנט אויפן געגנשער בית עולם, אויף דער לוויה פון שמחה נאַטאַן. ביים אָפענעם קבר זענען אַרויסגעטרעטן כמעט די זעלבע רעדנער מיטן פּרעזידענט פון יידישן אַקטיאָרן־פאַראיין, משה ליפּמאַן, אין דער שפּיץ.

עס איז געווען אַ זוניקער זונטיק נאָכמיטאָג און לאַנג נאָך, איידער דער אָרון איז געבראַכט געוואָרן, איז שוין אויפן בית עולם פאַרזאַמלט געווען אַ היפּשע צאָל מענטשן. צווישן זיי זענען טאַקע געווען פאַרערער פון דעם באַליבטן שוישפּילער, וועלכער איז נאָך זיין צוריקקומען פון רוסלאַנד אייניקע מאָל אויפגעטרעטן אין יידישן טעאַטער אין דער פאָר־שטאָט פון וואַרשע, אין פּראַגע. די מערהייט אָבער איז באַשטאַנען פון יידן, וועלכע האָבן די לוויה אויסגענוצט, כדי צו באַזוכן די קברים פון

זייערע עלטערן, וואָס האָבן געהאַט דאָס „גליק" געבראַכט צו ווערן צו קבר ישראל.

דאָס גענשער בית עולם געפינט זיך אויף דער אנדערער זייט פון דעם געטאָ־וויסטעניש און באַלאַנגט צו די „דזשונגלס" פון דער חרובער הויפּטשטאָט. קיינער וועט נישט וואַגן צו קומען אויפן בית עולם אַליין, אפילו אין מיטן העלן טאָג. מען וואַרט דעריבער אויף דער געלעגנהייט פון אַ לוויה, כדי צו קומען אויף קבר אבות, ווען עס זענען פאַראַן מער מענטשן און אַזוי אַרום פילט מען זיך היימלעכער און זיכערער.

די יידישע בית עלמינס אין פּוילן זענען נאָך אַלץ אַ לאָקונגס־פּלאַץ פאַר די דעגענערירטע מענטשלעכע היענעס, וועלכע זוכן גאָלד אין די איינגעווייידן פון די מתים. דאָס האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ גאַנצער אינדוסטריע. די דאָזיקע גאָלדזוכער באַנוצן זיך אפילו מיט וויסנשאַפטלעכע מיטלען, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון די נאַציס.

אין אָשוויענטשים האָבן די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען אַרעסטירט אַ באַנדע פון דרייסיק, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט כעמישן שווענקען די ביינער פון מענטשן, וועלכע זענען פאַרברענט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריומס, כדי אַרויסצוקריגן די סובסטאַנץ פון צעשמאָלצענעם גאָלד. די קרבנות האָבן אָפט אַראָפּגעשלונגען זייערע גאָלד־רינגלעך און גאָלד־מטבעות, ווען מען האָט זיי געהייסן אויסטון זיך נאַקעט פאַרן אַריינגיין אין די גאַז־קאַמערן. שפּעטער, ווען מען האָט די קרבנות פאַרברענט, האָט דאָס אַראָפּגעשלונגענע גאָלד אין דער הויכער טעמפּעראַטור פון די קרעמאַטאָריומס זיך צעשמאָלצן און אַריינגעדרונגען אין די ביינער.

ביי דער אַרעסטירטער באַנדע האָט מען אַנטדעקט פיל גאָלד, וואָס זיי האָבן אַרויסבאַקומען סיי אויף אַ כעמישן אופן און אויך איינפאַך פון די איינגעווייידן פון די, וועלכע זענען געוואָרן באַגראָבן נאָך די עקזעקוציעס.

אויך אויפן וואַרשעווער בית עולם הערן די מענטשלעכע היענעס נישט אויף צו זוכן גאָלד אין די קברים און אין די אונטערערדישע בונקערס, אין וועלכע הונדערטער יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

איידער די לוויה־צערעמאָניע האָט זיך אָנגעהויבן, האָב איך צוזאַמען מיט אברהם זאַק, אפרים קאַגאַנאָווסקי און חיים גראַדע געבלאָנדזשעט

## די לוויה פון ארטיסט שמחה נאטאן



צווישן די אַנוועזנדיקע זעט מען דעם פּאַרזיצער פון יידישע ארטיסטן־פאריין משה ליפּמאַן, דעם דיכטער אברהם זאק, זשורנאַליסט י. באַרנשטיין, ארטיסט גינזבערג (אין מונדיר פון א מאַיאָר פון פוילישן מיליטער) א״א.

איבער דעם ווילד־פאַרוואַקסענעם בית עולם און באַזוכט די אונטערער־דישע היילן, וואָס מענטשן האָבן אויסגעגראָבן אונטער די מצבות, דאָס הייסט איינפאַך — אין די קברים.

אַזעלכע קברים־באַהעלטענישן האָבן מיר געזען אין דער אַזוי גע־רופענער „שרייבער־אַלעע", וואָס איז כמעט נישט צעשטערט געוואָרן און וווּ עס זענען פאַרבליבן די מצבות פון אסתר רחל קאַמינסקי, ביינוש מי־כאַלעוויטש, יוסף כמורנער, קלמן קאַמאַשענמאַכער און אויך דער אהל פּרץ, וואָס שטייט אין זיין גאַנצן ריזיקן פאַרנעם, מיט דער געוועלבטער קאַפּולע און די יידישע אויפשריפטן.

דער שעפער פון דעם דאָזיקן מאָנומענט, דער גרויסער סקולפּטאָר א. אָסטזשעגא, איז אומגעקומען אין געטאָ, אָבער די מצבות, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר די יידישע שרייבער און קינסטלער, זענען געבליבן אומבאַרירט.

פאַרוואָס די נאַציס האָבן איבערגעלאָזט גראָד אָט די מצבות, איז ווירקלעך נישט צו פאַרשטיין. קיין צופאַל האָט עס נישט געקענט זיין, ווייל די שרייבער־אַלעע געפינט זיך נאָענט צום אַריינגאַנג און די מצבות זענען פון די סאַמע אָנזעעוודיקסטע.

טראָץ דעם, וואָס דאָס גענשער בית עולם איז שטאַרק צעשטערט, קומט דאָס אָבער נישט צום געטאָ — אויפן בית עולם פילט זיך מער „לעבן", ווי אין די אַמאָליקע גאַסן פון געטאָ.

וואַנדערנדיק צווישן די קברים, האָב איך באַגעגנט פיל מענטשן, וועלכע זענען אין קאָנטעמפּלאַציע געשטאַנען פאַר די מצבות פון זייערע נאָענטע. איך האָב אָבער נישט באַמערקט, אַז עמיץ זאָל וויינען. פאַרקערט, איך האָב גאָר געהאַט דאָס געפיל, אַז ביי די דאָזיקע קברים געפינען די איינזאַמע מענטשן אַ שטיקל טרייסט, אַז די מוטער אָדער פאָטער זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און אויף אַ מענטשלעכן אופן געקומען צו קבורה.

קוים עטלעכע שריט פון גענשער בית עולם, אין די גאַסן פון געטאָ, זענען אומגעקומען צענדליקער טויזנטער יידן, אָבער אויפן בית עולם איז נישט פאַראַן קיין איין מצבה פון די דאָזיקע מאַרטירער. ערגעץ וווּ אין די געדיכטע גראָזן און ווילדע געוויקסן זענען פאַראַן אַ פּאָר ברידער־

קברים, אָבער קיינער ווייסט נישט, ווו זיי זענען. בלויז נעבן דעם פּריש־אויסגעגראָבענעם קבר פון שמחה נאטאן האָבן מיר געזען איין פרישע מצבה. אויף דעם ריזיקן שווארצן מארמאָרנעם טאָוול איז אין יידיש און פּויליש אויסגעקריצט געוועז פאָלגנדיקער עפּיטאַף:

## פּאָלא עלסטער

קאָנספּיראטיווע טוערין,
ראטמאַן פון דעם אונטערערדישן
ווארשעווער שטאָט־ראט.

## הערש בערלינסקי

קאָמענדאנטור־מיטגליד פון דער
יידישער קאמפּס־אָרגאניזאציע.

## אליהו ערליך

קעמפער פון דער יידישער
קאמפּס־אָרגאניזאציע, געפאלן מיט
געווער אין האנט, אין קאמף מיט דעם
היטלעריסטישן שונא, דעם 21סטן סעפּטעמבער
1944, אין ווארשע.

## כבוד די העלדישע קעמפער

צענטראל־קאָמיטעט פון דער יידישער
ארבעטער־פּארטיי
„פּועלי ציון" לינקע אין פּוילן".

דאָס זענען דערווייל די איינציקע געטאָ־קעמפער, וועלכע האָבן א מצבה און דאָס דערפאר, ווייל זיי זענען געפאלן נישט אין געטאָ, נאָר מחוץ דעם געטאָ. פּאָלא עלסטער, הערש בערלינסקי און אליהו ערליך האָבן באלאנגט צו דער קליינער גרופּע געטאָ־קעמפער, וואָס האָט זיך באַ־

ווייזן צו ראַטעווען נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ און זיי האָבן שפּעטער זיך באַטייליקט אין אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד. זיי האָבן פאַר־טיידיקט אַ פּאָזיציע אין דער וואַרשעווער פאָרשטאָט זשאָליבאָזש, ווען גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי האָט שוין פאַרהאַנדלט וועגן דער קאַפּיטו־לאַציע צו דעם נאַציִשן קאָמאַנדיר פון פּוילישער אָפּשטאַמונג, גענעראַל פאָן דעם באַך־זשעלעווסקי.

די יידישע העלדן זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן אָרט, ווו זיי זענען געפאַלן און נאָך דער באַפרייאונג פון וואַרשע זענען זייערע קערפּערס אי־בערגעפירט געוואָרן אויפן גענשער בית עולם און אין פרילינג פון יאָר 1946 איז אויף זייער געמיינזאַמען קבר געשטעלט געוואָרן דער מאָנומענט.

„דיינע בינע־חברים, וועלכע זענען אומגעקומען אין די געטאָס, האָבן נישט געהאַט די זכיה געבראַכט צו ווערן צו קבר ישראל — האָט ביים אָפענעם קבר פון שמחה נאַטאַן געזאָגט משה ליפּמאַן — קיינער ווייסט נישט, ווו זייער געביין איז, ווו זייער אַש איז אַהינגעקומען...״

דאָס זעלבע האָבן אויך אונטערגעשטראָכן אַלע אַנדערע רעדנער. עס איז אַלזאָ געווען אַ טרייסט־לוויה און די פאַרערער פון דעם גרויסן שוישפּילער האָבן אויף זיין קבר אוועקגעלייגט די בלומען־קראַנצן מיטן געפיל, אַז ענדלעך איז שוין צוריקגעקומען דער גאָט־געבענטשטער אַלטער טויט — דער טויט אויפן בעט, וועגן וועלכן די זעקס מיליאָן יידישע מאַר־טירער האָבן נישט געוווּסט.

ווען דער חזן האָט גענומען מאַכן די אזכרה, האָט זיך פּלוצים פון וווייטנס דערהערט אַ געדיכטע שיסעריי. דער עולם האָט אינסטינקטיוו זיך צונויפגערוקט, ענגער זיך צונויפגעפּרעסט. דאָס איז געווען אַ דערמאָנונג, אַז דער אויסטערלישער טויט, דער טויט פון די געטאָ־יאָרן, שפּאַנט נאָך אַלץ אַרום איבער דער פּוילישער ערד, אפילו אין מיטן העלן טאָג...

קאפיטל פערצן

# די „פּאַטריאָטן" פון וואַלד

אין לאָדזש האָב איך בייגעוווינט געריכטס־פּראָצעסן פון די פּוילישע אונטערערדישע באַנדעס, די אַזוי גערופענע נ.ס.ז. (נאַראָדאָווע שילי זבראָינע — נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע קרעפטן). די דאָזיקע געריכטס־פּראָצעסן האָבן פאַר מיר אַנטפּלעקט דעם ריזיקן פאַרנעם פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין פּוילן און דעם אָנשפּאַר, וואָס די דאָזיקע באַוועגונג האָט צווישן דער באַפעלקערונג אין די קלענערע שטעטלעך און אין די דערפער. איבערראַשנדיק איז אָבער פאַר מיר געווען דער פאַקט, וואָס די „נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע קרעפטן" האָבן אַזאַ וויכטיקן אָנשפּאַר גראָד אין דער אינדוסטריע־שטאָט לאָדזש, אין דער שטאָט, וואָס האָט אַזאַ פּראָלעטאַרישע באַפעלקערונג און ווו די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַ לאַנג־יאָריקע טראַדיציע.

די גאַלעריע פון פאַרברעכער, וואָס איך האָב באַוויזן צו אָבסערווירן פאַרן מיליטערישן טריבונאַל אין לאָדזש, האָט מיר געגעבן אַ בילד פון דער דעמאָראַליזאַציע, וואָס דער נאַצישער אָקופּאַנט האָט איבערגעלאָזט אין באַפרייטן פּוילן, באַזונדערס צווישן דעם יונגן דור. אין זייער פּראָגראַם האָבן די נ.ס.ז.־באַנדעס איבערגענומען נישט נאָר די נאַצישע לאָזונגען וועגן „פאַרניכטן די יידן און באָלשעוויקעס", נאָר אויך אין די מאָרד־מעטאָדן קאָפּירט די געשטאַפּאָ. אַזוי למשל האָבן זיי זייערע קרבנות געהייסן אַליין אויסגראָבן פאַר זיך אַ קבר, גאַנץ באַזונדערס האָבן זיי זיך איזדיעקעוועט איבער די יידישע קרבנות און זיי געפּייניקט מיט אויס־טערלישן סאַדיזם.

די באַנדעס —אַגב איז עס אַ טערמין, וואָס ווערט באַנוצט אויך דורך

זייערע מיטגלידער גופא — טראָגן מיינסטנס שיין־קלינגענדיקע נעמען, ווי „בליץ", „קאמף מיט אומרעכט", „אָדע" און „אומאָפּהענגיקייט". די מיטגלידער קלויבן זיך צו ראָמאנטישע פּסעוודאָנימען, ווי „פייל", „אָדלערל", „בלויקייט", אָדער גאָר די פארשידנסטע סינאָנימען פון שרעק, וואָס דארף פארגליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן, ווי „פּאָסטראַך" אָדער „גראזשני".

פונקט ווי די נאַציס האָבן זייער רויב און מאָרד פארדעקט מיט א שלייער פון פארנעפּלטן מיסטיציזם וועגן דער אויסדערוויילטער גערמאַנישער ראַסע, אזוי שפּילט אויך די פּוילישע רעאַקציע אויף די סטרונעס פון רויבער־ראָמאַנטיזם און פּאַטריאָטישער פראזעאָלאָגיע. דאָס זענען די פּסיכאָלאָגישע מיטלען, וואָס די פּוילישע פאַשיסטן נוצן ביים ווערבירן די „יינגלעך" אין וואַלד אריין...

דער טערמין „יינגלעך פון וואַלד" דארף פארשטאַנען ווערן אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. דאָס איז דער גאַנגבארער טערמין אין פּוילן, וואָס ווערט באַנוצט סיי דורך זייערע פארפאָלגער און סיי דורך זייערע שטיצער.

די מיטגלידער פון די אונטערערדישע באַנדעס, מיינסטנס יונגוואַרג, האָבן זייערע הויפּט־קוואַרטירן טאַקע אין די וועלדער. דאָרט האָבן זיי זייערע באַהעלטענישן, דאָרט קומען פאָר זייערע צוזאַמענקונפטן מיט די סימפּאַטיקער פון די שכנותדיקע דערפער און שטעטלעך, וועלכע ברענגען זיי שפּייז און אינפאָרמאַציעס וועגן דעם צושטאַנד פון מיליטער און מיליץ אין דער געגנט.

פון וואַלד ווערן עס אָרגאַניזירט די אָנפאַלן און פּאָגראָמען אויף באַנען, שאָסייען און אויף די רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן אין די שטעט און שטעטלעך. אין וואַלד אריין ווערן אויך פארשלעפּט די קרבנות צום דערמאָרדן און אין וואַלד קומען אויך פאָר די שמחהלעך נאָך א געלונגענעם איבערפאַל, בעת וועלכע דער היימיש־אויסגעבריטער בראָנפן, דער אזוי גערופענער „בימבער", גיסט זיך ווי וואַסער.

צו די הוליאַנקעס קומען די געליבטע פון די דערפער און נישט איינמאָל ווערן אין די וועלדער אויך געפּראַוועט רוישיקע חתונות מיט מוזיק און טענץ — מיט איין וואָרט: א צוריקקער צו די אַלטע סלאַווישע צייטן פון אורוואַלד.

די גרעסטע באַנדע, וואָס איז ליקווידירט געוואָרן אין דער לאָדזשער געגנט, האָט טאַקע געטראָגן דעם נאָמען „באָרי", וואָס באַדײַט — טיפֿער וואַלד. דער בלוטיקער באַלאַנס פֿון איר טעטיקייט נעמט אַרום: 423 דערמאָרדעטע אין פֿאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פֿון לאָדזשער קרייז. דערפֿון — 122 ציוויל־מענטשן פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, 21 זעלנער פֿון דער פּוילישער אַרמיי, 30 זעלנער פֿון דער רויטער אַרמיי, 23 מיטגלידער פֿון דער בירגערלעכער מיליץ און 17 מיטגלידער פֿון דער פּ.פּ.ר.

בעת דער ליקווידאַציע פֿון דער דאָזיקער באַנדע זענען קאָנפֿיסקירט געוואָרן גרויסע סקלאַדן מיט געווער, אַ ראַדיאָ־סטאַציע, אַן אונטערערדישע דרוקעריי, שרײַבמאַשינען און אַנדערע אײַנריכטונגען פֿון פּראָפּאַגאַנדע־שטאַב. צווישן געווער האָט מען געפֿונען אַ קאַנאָן, 18 מאַשין־געווער, קנאַפּע 200 ביקסן און 136 אויטאָמאַטישע פּיסטוילן.

די דאָזיקע באַנדע מיט איר אָנפֿירער „וואַרשיץ" האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט איינע פֿון די געפֿערלעכסטע באַוואָפֿנטע גרופּן פֿון דער נ.ס.ז. און שוין נאָך דער ליקווידאַציע האָט מען שפּעטער פֿיל פֿון אירע געוועזענע מיטגלידער אַרעסטירט אַלס אָנפֿירער פֿון אַנדערע באַנדעס.

די אידעאישע באַזע פֿון דער „נ.ס.ז." און זייער טראַדיציע ציט זיך נאָך פֿון די פֿאַרמלחמהדיקע „זשילעטקע" העלדן פֿון דער עקסטרעם פֿאַשיסטישער גרופּע „אָ.נ.ר.", וועלכע פֿלעגן מיט ראַזיר־מעסערלעך פֿאַרווונדן יידישע און פּויליש־דעמאָקראַטישע סטודענטן אויף די אוניווערסיטעטן און אויך דורכפֿירן בלוטיקע באָיקאָט־אָנפֿאַלן אויף יידישע הענדלער. זיי האָבן אין זייערע פּרעסע־אָרגאַנען הויך געפּרייזט די נירנבערגער געזעצן און געפֿאָדערט „געטאָס" פֿאַר די יידן, נישט נאָר בלויז אויף די אוניווערסיטעטן, נאָר אויך אין די וווין־קוואַרטאַלן.

אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, אין יאָר 1943, האָט די „אָ.נ.ר." זיך פֿאַראייניקט מיטן רעכטן פֿליגל פֿון דער ענדעקציע, פֿון וועלכער די „אָ.נ.ר." האָט זיך געהאַט אָפּגעשפּאָלטן אין די יאָרן פֿאַרן קריג, צוליב זייער „מילדקייט" אין באַצוג צו דער יידן־פֿראַגע. צוזאַמען האָבן זיי דאַן געשאַפֿן די „אונטערערדישע" נ.ס.ז., אַלס אַ טייל פֿון דער „אַרמיאַ קראַיאָווא", וואָס איז געשטאַנען אונטער דער קאָנטראָל פֿון דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן.

די אונטערערדישע טעטיקייט פֿון דער „נ.ס.ז.״ איז באַשטאַנען אין העלפֿן די דייטשן אין זייער יאָגד אויף די לינקע פּאַרטיזאַנען־גרופּן און אויף יידן. זייער הויפּט־פּעסטונג האָט זיך געפֿונען אין די שווייענטאָ־קזשיס־קער בערג, אַרום קיעלץ, און זייער מיליטערישער פֿירער איז געווען גע־נעראַל באָהון. נאָך דער באַפֿרייאונג פֿון פּוילן איז באָהון מיט זיין „שווייענ־טאָ־קזשיסקער בריגאַדע״ אַנטלאָפֿן קיין דייטשלאַנד, צוזאַמען מיט דער דייטשער אַרמיי.

אויף איינעם פֿון די פּראָצעסן, וואָס איז אין יולי פֿון יאָר 1946 פֿאָרגעקומען אין לאָדזש, האָט אַן אָנגעקלאָגטער, אַ געוויסער אַנטאָני קו־לאַרסקי, זיך מודה געווען, אַז ער האָט פֿון „נ.ס.ז.״־שטאַב אין וואַרשע באַקומען פֿאַלשע פּאַפּירן אויף אַ יידישן נאָמען און אויך 7.000 זלאָטעס, כדי צוזאַמען מיט די אַנטלויפֿנדיקע יידן זיך אַריבערצוכאַפּן קיין דייטש־לאַנד, אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, ווו ער האָט זיך באַדאַרפֿט טרעפֿן מיט פֿאָרטרעטער פֿון גענעראַל אַנדערס.

איך האָב נישט געהאַט קיין שום סיבות צו צווייפֿלען אין די דאָזיקע דערקלערונגען פֿון קולאַרסקי, ווייל אין מינכען און אין רעגענסבורג האָב איך געטראָפֿן פּאָליאַקן, וועלכע האָבן מיר אָן שום קונצן דערציילט, אַז זיי פֿאָרן אָפּט קיין פּוילן אין „וויכטיקע פּאָליטישע מיסיעס״. וואָס די דאָזיקע „מיסיעס״ זענען און ווי אַזוי זיי פֿאָרן, האָבן זיי אויסגעמיטן צו זאָגן, אָבער פֿאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז דער רעזולטאַט פֿון זייער יעדער „מיסיע״ איז געווען: צו דערמאָרדן יידן און פּוילישע דעמאָקראַטן.

דער באַשולדיקטער אַנטאָני קולאַרסקי, אַן אינטעליגענט, האָט באַ־לאַנגט צו דער גרופּע „פּ.א.ס.״ (פּאָגאָטאָוויע אַקצי ספּעציאַלנעי — אַ מין שטורעם־טרופּע) פֿון דער לאָדזשער „נ.ס.ז.״. ער האָט אָנגעפֿירט מיט דער אויפֿקלערונגס־אַרבעט און אָנגעהאַלטן פֿאַרבינדונגען מיט אָפֿיצירן פֿון דער געוועזענער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״, וועלכע האָבן נאָך איר אויפֿלייזונג זיך געשטעלט אין שפּיץ פֿון דער „נ.ס.ז.״.

די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פֿון אַנטאָני קולאַרסקי זענען געווען צוויי סטודענטן פֿון לאָדזשער אוניווערסיטעט. איינער פֿון זיי, סטאַניסלאַוו מאַרקאָוויטש, איז ביזן מאָמענט פֿון זיין אַרעסט געווען באַשעפֿטיקט אין פּראָפּאַגאַנדע־אַמט פֿון דער לאָדזשער וואָיעוואָדעשאַפֿט. דער צווייטער,

יאַנוש װעסטפּאַל, איז געװען אַן אַקטיװער טוער אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטײ („סטראָנניצטװאָ דעמאָקראַטיטשנע"), װאָס באַלאַנגט צום רעגי־רונגס־בלאָק און איז דורך דער יוגנט־באַװעגונג פֿון דער דאָזיקער פּאַרטײ אױסגעװײלט געװאָרן אַלס ראַטמאַן צום לאָדזשער שטאָט־ראַט.

אױפֿן פּראָצעס פֿון די 14 מיטגלידער פֿון קולאַרסקיס גרופּע האָט װעסטפּאַל דערצײלט, אַז בעת דער אָקופּאַציע האָט ער באַלאַנגט צו דער „אַרמיאַ קראַיאָװאַ" און אַז שפּעטער, נאָך דער אױפֿלײזונג, האָט ער פֿון זײנע פֿריערדיקע אָפֿיצירן אָפּט באַקומען דראָאונגען, אַז אױב ער װעט זיך נישט אָנשליסן אין „פּ.אַ.ס.", װעט ער װערן דערמאָרדעט.

די מיטגלידער פֿון אינטעליגענטיש „פּ.אַ.ס." האָבן נישט נאָר אָפּ־געהאַלטן געהײמע פּאָליטישע פֿאַרזאַמלונגען און געשמוגלט דאָקומענטן קײן אױסלאַנד, נאָר אױך געזאַמלט און איבערגעפֿירט געװער פֿון שטאָט צו שטאָט און זיך געגרײט דורכצופֿירן איבערפֿאַלן אױף פֿאַרשידענע מלוכה־אינסטיטוציעס. ענלעך װי אין אַנדערע פּראָצעסן האָבן אױך די מיטגלידער פֿון דער קולאַרסקי־גרופּע זיך פֿאַרטײדיקט, אַז זײ זענען טע־ראָריזירט געװאָרן דורך די אָנפֿירער פֿון „נ.ס.ז." און געמוזט אױספֿירן זײערע באַפֿעלן.

פֿיל אָפּטער איז דער דאָזיקער אַרגומענט געהערט געװאָרן אױפֿן גרױסן לאָדזשער פּראָצעס פֿון די 25 מיטגלידער פֿון אַ באַנדע, װאָס איז אָנגעפֿירט געװאָרן דורך אַ פֿאַרשױן מיטן צונאָמען „גראַזשני" (גרױזאַמער).

דער באַשולדיקונגס־אַקט אין דעם דאָזיקן פּראָצעס איז פֿול מיט באַשרײבונגען פֿון די סאַמע בעסטיאַלישסטע מאָרדן און רױבערײען. דאָ זענען אױף דער באַשולדיקונגס־באַנק שױן נישט געזעסן קײן אינטעלי־גענטן, נאָר יונגע, דעמאָראַליזירטע בחורים, און אױך מײדלעך, מײנסטנס אָן עלעמענטאַרער בילדונג, און אַפֿילו אַנאַלפֿאַבעטן. די דאָזיקע פֿאַרברע־כער האָבן זיך אױסגעקליבן פּסעװדאָנימען פֿון פֿאַרשידענע חיות און װען דער ריכטער אָדער פּראָקוראָר האָט זײ גענומען אױפֿן פֿאַרהער און זײ אָנגערופֿן בײ די דאָזיקע נעמען, האָט מען באַקומען דעם אײנדרוק, אַז מען געפֿינט זיך אין אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן, אָדער מען הערט זיך צו צו אַן עזאָפּ־פֿאַבעל װעגן גרױזאַמקײט, ײנגלערישער פֿאַרדאָרבנקײט און איגנאָראַנץ.

די יינגסטע צווישן די באשולדיקטע, די 16־יעריקע מיראָווסקאַ, איז אוועק צו דער באנדע אין וואלד אריין, צוזאמען מיט איר חתן. זי האָט אקטיוו מיטגעהאָלפן ביי אָנפאלן, וואָס די באנדע האָט דורכגעפירט. זי איז שוין פריער אמאָל געווען ארעסטירט, אָבער געוואָרן פריינעלאָזט נאָך דעם, ווי זי האָט אויף דער פּאָליציי געהאט צוגעזאָגט, אז מער וועט זי זיך צו דער באנדע נישט אומקערן. זי האָט אָבער נישט געהאלטן איר צוזאָג. זי איז צוריק אוועק אין וואלד אריין צו דער באנדע, וואָס האָט אין א קורצער צייט ארום דערמאָרדעט דעם מיליציאָנער, וועלכער האָט זי געהאט דאָס ערשטע מאָל ארעסטירט.

א מיטגליד פון דער דאָזיקער באנדע, באָלעסלאוו קאמינסקי, א קליין בלאָנד בחורל, האָט מיט שטוינענדיקער קאלטבלוטיקייט געשילדערט די איינצלהייטן פון אן אָנפאל אויף דער פּאָליציי אין א שטעטל ארום לאָדזש. זיי זענען ביינאכט איבערפאלן דאָס הויז, ווו די פּאָליציי האָט געוווינט, ארויסגעשלעפּט דעם פּאָליציי־קאָמענדאנט מיט צוויי פּאָליציאנטן און זיי אוועקגעפירט אין וואלד אריין. דאָרט האָבן זיי די קרבנות געצוווּנגען אויסצוגראָבן זייער ברודער־קבר און ווען דאָס האָט געדויערט צו לאנג, האָבן די מיטגלידער פון דער באנדע גענומען מיטהעלפן. דאן האָט זייער פירער „גראָזשני" באפוילן די דריי געפאנגענע זיך צו לייגן אין גרוב אריין און יעדן איינעם פון זיי אריינגעשאָסן צו דריי קוילן.

איינער פון די יונגיטשקע מערדער, וועמענס קינדעריש האריץ איז נאָך נישט געווען גענוג „פארהארטעוועט", האָט בעת דער עקזעקוציע זיך פּלוצים צעוויינט. „גראָזשני" האָט אים אָבער אויסגעזידלט און אים געדראָט צו דערשיסן, אויב ער וועט נישט אויפהערן זיינע „ווייבערישע שטיק"...

דער יונגינקער קאמינסקי האָט אויך דערציילט, ווי אזוי זיי זענען אויפן לאָדזשער שאָסיי איבערגעפאלן א געווויסן ייד, גענעבן אים זיך אָנ־צוטרינקען מיט „בימבער" (היימישן בראָנפן) און אים צוגערעדט, אז ער זאָל אריינטרעטן אין זייער באנדע. א פארשיכורטן האָבן זיי אים פאר־שלעפּט אין וואלד אריין, דאָרט דערשאָסן און באגראָבן.

א צווייטער באשולדיקטער מיטן לירישן צונאָמען „בלימעלע" האָט דערציילט, ווי אזוי עס איז דערמאָרדעט געוואָרן א געוויסער קאפּיטאַן

פון דער פּוילישער אַרמיי, ווען זיי האָבן בײנאַכט פאַרהאַלטן אויפן שאָסיי אין זײַן דורכפאָרנדיקן אויטאָ. זיי האָבן אים אַוועקגעשלעפּט אין וואַלד אַרײַן, וווּ זיי האָבן פון פאָראויס געהאַט צוגעגרייט אַ גרוב, איידער זיי זענען אַרויס אויפן „יאַגד", דער קרבן איז אַרײַנגעשטופּט געוואָרן אין גרוב אַרײַן, פון פאָרנט האָבן זיי אים באַלויכטן מיט אַן עלעקטריש לעמפּל און פון הינטן האָט מען אים אַרײַנגעשאָסן עטלעכע קוילן. אַן אַנדערש מאָל האָבן זיי אויפן שאָסיי דערהרגעט אַ יידישן סערזשאַנט פון דער פּוילישער אַרמיי.

אויף דער פראַגע פון ריכטער, פאַרוואָס ער איז אַרײַנגעטרעטן אין דער באַנדע, האָט דער זעלבער אָנגעקלאָגטער מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט געענטפערט, אַז „גראָזשני" האָט אים צוגעזאָגט גוט צו באַצאָלן.

„גראָזשני" פלעגט באַקומען געלט פון נ.ס.ז.־שטאַב, אָבער די באַנדע האָט זיך אויסגעהאַלטן קודם־כל פון רויב־אָנפאַלן. איינער פון די אָנגעקלאָגטע, אַן אײַזנבאַן־אַרבעטער, האָט אָנטייל גענומען אין 17 אָנפאַלן אויף אַמטן, מלוכה־אונטערנעמונגען און מיליץ־פּאָסטנס. בעת די אָנפאַלן פלעגן זיי מאָרדן און דאָן צונעמען געווער און געלט.

די אָנגעקלאָגטע האָבן דערציילט, אַז „גראָזשני" פלעגט זיך פאַר זיי באַרימען, אַז ער האַלט אָן באַציאונגען מיט לאָנדאָן און זיי אַלעמאָל געזאָגט, אַז די באַנדע איז אַ פאָרזעצונג פון דער „אַרמיאַ קראַיאָווא". דער וויכטיקסטער אַרגומענט אין זײַנע „פּאָליטישע רעפעראַטן איז געווען, אַז מען דאַרף אויסהרגענען די יידן, וועלכע רעגירן מיט פּוילן.

פיל פון די אָנגעקלאָגטע האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן פון דער באַנדע, אָבער „גראָזשני" האָט זיי געשיקט דראָאונגס־בריוו און זיי געצוווּנגען זיך אומצוקערן אין וואַלד אַרײַן.

ווי די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען האָבן באַוויזן, האָט בלויז אַ טייל פון די אָנגעקלאָגטע זייער גאַנצע צייט אָפּגעגעבן פאַר די אַקטיוויטעטן פון דער „נ.ס.ז."־באַנדע, אין וועלכער זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן. אַנדערע האָבן אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט אויף פאַרשידענע פּאָסטנס, אפילו אין רעגירונגס־אינסטיטוציעס און בלויז אין דער פרייער צייט באַזוכט די געהיימע צוזאַמענקונפטן פון דער באַנדע.

אַזוי, למשל, איז איינער פון די אָנגעקלאָגטע אין פּראָצעס פון דער

קולארסקי־באַנדע געווען באַשעפטיקט אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער אָפיציעלער פוילישער פרעסע־אַגענטור „פּאָלפּרעס" און פלעגט אויף די מיטינגען פון דער באַנדע ברענגען אינערלעכע ביולעטינען מיט באַריכטן פון די ראַדיאָ־פּראָגראַמען, וואָס ווערן אָנגעפירט דורך דער פוילישער פּאָליטישער עמיגראַציע אין לאָנדאָן.

אין סעפּטעמבער פון יאָר 1946 איז פאַרן העכסטן מיליטערישן טריבונאַל אין לאָדזש פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון צען מיטגלידער פון דער באַנדע „בליסקאַוויצאַ" (בליץ). דער אָנפירער פון דער באַנדע, א שלאָסער־מעכאַניקער מיטן פּיל־צוזאָגנדיקן צונאָמען „ספּעץ", האָט זיך מודה־געווען, אַז דאָס אויפרייס־מאַטעריאַל פון ענגלישער אָפּשטאַמונג, וואָס איז געפונען געוואָרן אין זיין וווינונג, האָט ער גענוצט אויף אויס־צואַרבעטן באָמבעס...

אויף דער פראַגע, וואָס ער האָט בדעה געהאַט צו טון מיט די דאָזיקע באָמבעס, האָט דער „ספּעץ" געענטפערט, אַז זיי האָבן באַדאַרפט אונ־טערגעלייגט ווערן אונטער יידישע געשעפטן און הייזער, ווייל „יידן נעמען צוריק אָפּ די געשעפטן און הייזער ביי פּאָליאַקן". אויסער דעם האָט ער די באָמבעס געגרייט פאַר די קומענדיקע וואַלן.

אויסער אָנפאַלן אויף יידן, וואָס דאָס איז דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט פאַר די אונטערערדישע באַנדעס, איז די גרופּע „בליסקאַוויצאַ" באַשול־דיקט געוואָרן אין דורכפירן א ריי מאָרדן קעגן די טוער פון די רעגירונגס־שטיצנדיקע פּאַרטייען אין די שטעטלעך אַרום לאָדזש און צווישן זיי צוויי פאָלקס־לערער, א טוער פון דער פּויערים־פּאַרטיי און צוויי פּוילישע פרויען, וועלכע זענען צופעליק געהרגעט געוואָרן בעת זייער אָנפאַל אויף א יידיש געשעפט אין לאָדזש.

פאַר דירעקטער דיווערסאַנטישער טעטיקייט אינערהאַלב דעם מלוכה־אַפּאַראַט איז אין לאָדזש געמשפּט געוואָרן א גרופּע מיטגלידער פון דער באַנדע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „קאַמף קעגן אומרעכט".

דער הויפּט־אָנגעקלאָגטער אין דעם פּראָצעס, וולאַדיסלאַוו יאַניאַק, האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז געווען דער מחבר פון א ריי אויפרופן, אין וועלכע עס האָט זיך גערעדט וועגן דער „הייליקער מלחמה קעגן דעם איצטיקן רעזשים".

ווי די פאַרהאַנדלונגען האָבן באַוויזן, האָט דער זעלבער פּאַרשוין אויך מיטגעאַרבעט אין לעגאַלע צייטשריפטן, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען פול מיט ליוב־געזאַנגען פאַר די אויפטוען פון דער איצטיקער רעגירונג.

לויט די פעסטשטעלונגען פון דער אויספאָרשונג, האָט די באַנדע פון דעם צוויי־פּנימדיקן שריפטשטעלער זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיט פאַרשפּרייטן אויפרופן, נאָר האָט זיך אויך געגרייט דורכצופירן אַן אַטענ־טאַט אויפן לאָדזשער וואָיעוואָדע און קעגן לינקע אַרבעטער־טוער. די פאַר־שוינען, וועמען עס איז אָנפאַרטרויט געוואָרן די דאָזיקע אויפגאַבן, זענען אָבער באַצייטנס געוואָרן אַרעסטירט.

* * *

אין יעדער שטאָט אין פּוילן, וואָס איך האָב באַזוכט, האָב איך בײַ־געוווינט פּראָצעסן קעגן די אונטערערדישע באַוואָפנטע באַנדעס. אומזיסט האָב איך אין די דאָזיקע געריכטס־זאַלן געוואַרט אויף עפּעס אַ דראַמאַ־טישן קאָנפליקט, אויף אַ צוזאַמענשטויס צווישן די אָנגעקלאָגטע און די אָנקלאָגער.

דערבײַ מוז געזאָגט ווערן, אַז די אָנגעקלאָגטע האָבן געקענט רעדן אומבאַגרענעצט, פאַרקערט, די ריכטער האָבן זיי ממש אַרויסגערופן, זיי דערמוטיקט צו דערקלערן די מאָטיוון פון זייערע פאַרברעכנס. איך האָב אָבער אומזיסט געוואַרט אויף אַ מוטיקער דערקלערונג אפילו מצד די אָנ־געקלאָגטע פון דער סאַמע עקסטרעמסטער גרופּע צווישן די „נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע קרעפטן" (נ.ס.ז.), די גרופּע, וואָס טראָגט דעם הויך־קלינגענ־דיקן פּאַטריאָטישן נאָמען: „פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט" („וואָל־נאָשטש אי ניעפּאָדלעגלאָשטש").

מיט דער צייט האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז אויף דער באַ־שולדיקונגס־באַנק אין אַלע שטעט, אין אַלע געריכטן זיצן די זעלבע פאַרב־לאָזע, יונגע פאַרברעכער, וועלכע האָבן בלויז געהאַט אַנדערע געזיכטס־שטריכן און אַנדערע נעמען.

אומעטום האָבן זיך איבערגעחזרט די זעלבע עלעמענטן: מאָרד,

רויב, פּ.פּ.ר., יידן, באָלשעוויקעס, לאָנדאָן. פון די מיינסטע פּראָצעסן, וואָס איך האָב באַזוכט, האָב איך אָבער באַקומען דעם איינדרוק, אַז די איינגעטלעכע פירער פון די באַוואָפנטע באַנדעס זענען אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק נישט געזעסן, אַז געכאַפּט געוואָרן זענען בלויז די קליינע פישלעך, וועמען מען האָט געצאָלט פאַר דער שוואַרצער אַרבעט, אָדער זיי זענען דערצו „געצוווּנגען געוואָרן דורך טעראָר", ווי זיי האָבן אין זייער פאַרטיידיקונג אַליין דערקלערט.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז פיל פון די פירער זענען גאָר פאַרשטעקט אין די רעגירונגס־אַמטן, ווי עס איז אָפט געקומען צום אויסדרוק אין די פאַרהאַנדלונגען קעגן די וויכטיקער וויכטיקע מיטגלידער פון די בריט־פאַרצווייגטע, באַוואָפנטע באַנדעס.

נישט בלויז אין די וועלדער גייט אָן דער אונטערערדישער קאַמף פון דער פּוילישער רעאַקציע, נאָר אויך אין די שטעט. די „נ.ס.ז." האָט אירע קעמערלעך אין די רעגירונגס־אַמטן, אין געריכטס־וועזן און אויף די אוניווערסיטעטן.

באַזונדערס אַקטיוו זענען אין דעם שטאָטישן אונטערערדישן קאַמף טאַקע די אַקאַדעמיקער. דער טראַדיציאָנעלער אַנטיסעמיטישער זומפּ אויף די פּוילישע אוניווערסיטעטן איז נאָך ווייט נישט אויסגעטריקנט. די נאַציס האָבן פאַרניכטעט די פּוילישע ליבעראַלע אינטעליגענץ, די דעמאָקראַטישע פאָלקס־לערער, אָבער זיי האָבן איבערגעלאָזט די אַקאַדעמישע העלדן פון די פאַרמלחמהדיקע געטאָ־בענק. אָט דער צושטאַנד האָט זיך באַזונדערס בולט אָפּגעשפּיגלט אין דעם פּראָצעס פון די דרייצן אַקאַדעמיקער, וואָס איז אין זומער פון יאָר 1946 פאָרגעקומען פאַרן מיליטערישן קרייז־געריכט אין וואַרשע.

די הויפּט־באַשולדיקטע אין דעם דאָזיקן פּראָצעס, די אַקאַדעמיקער אַנטאָני שימאַנאָוויטש און טאַדעאוש לינאָווסקי, האָבן פאַרן געריכט אויספירלעך פאָרגעשטעלט דעם פּאָליטישן פּראָגראַם פון דער נ.ס.ז. און איר אָפּצווייג די אָ.פּ. (אָרגאַניזאַציאַ פּאָלסקאַ). זיי האָבן גערעדט וועגן זייער אָנטייל אין דער אונטערערדישער באַוועגונג בעת דער אָקופּאַציע. לויט זייערע דערקלערונגען האָבן זיי דאַן געקעמפט קעגן די דייטשן און קאָ־

מוניסטן און איצטער זעצן זיי פֿאָר דעם קאַמף קעגן דעם נײַעם רעזשים אין פּוילן.

אַנטאָני שימאַנאָוויטש איז בעת דער אָקופּאַציע געווען סעקרעטאַר פֿון אונטערערדישן אוניווערסיטעט אין וואַרשע און נאָך דער באַפֿרײַאונג האָט ער אָנגעפֿירט מיט דער אַקאַדעמישער גרופּע ביי דער אָ.פּ. טאַדעאוש לינאָווסקי איז פֿון אַקאַדעמישן געביט אַריבער צו ברייטערער פּאָליטישער טעטיקייט און אַ צייט לאַנג געווען קאָמענדאַנט פֿון דער נ.ס.ז. אין וואַר־שעווער קרייז.

ביידע האָבן אין זייער פּאַרטיידיקונג באַהויפּטעט, אַז אין די לעצטע חדשים האָבן זיי גענומען צווייפֿלען אין דער ריכטיקייט פֿון פּראָגראַם פֿון דער נ.ס.ז. און אין דער צוועקמעסיקייט פֿון ווייטערדיקן אונטערערדישן קאַמף קעגן דער רעגירונג.

טאַדעאוש לינאָווסקי האָט געזאָגט: „איצט זע איך איין, אַז פּוילן דאַרף גיין אין דער ריכטונג פֿון פֿאַרברידערונג מיטן ראַטנפֿאַרבאַנד און אַז קעמפּנדיק מיט געווער אין האַנט, האָט די נ.ס.ז. צעשטערט פּוילן אָנ־שטאָט עס צו בויען”.

די הויפּט־פּאַרטיידיקער אין דעם דאָזיקן פּראָצעס זענען געווען צוויי יידישע אַדוואָקאַטן, גראָס און מאַשלאַנקאָ. דאָס אַנגאַזשירן יידישע אַד־וואָקאַטן צו פּאַרטיידיקן די אונטערערדישע פֿאַרברעכער איז זייער אַ כאַ־ראַקטעריסטישער טריק מצד זייערע עלטערן, קרובים און פּאָליטישע פֿריינט, וועלכע גלויבן אַפּנים אַזוי אַרום צו האָבן אַ ווירקונג אויף די ריכטער.

די יידישע אַדוואָקאַטן האָבן חלילה נישט פּאַרטיידיקט די פֿאַר־ברעכערישע אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע זייערע קליענטן האָבן באַלאַנגט. זיי האָבן בלויז זיך באַמיט אָפּצושוואַכן די פּערזענלעכע שולד פֿון די אָנ־געקלאָגטע. טראָץ דעם אָבער האָבן אין מויל פֿון די יידישע פּאַרטיידיקער אומנאַטירלעך געקלונגען די אַרגומענטן, אַז די אָנגעקלאָגטע זענען יונג און פֿאַרבלענדט דורך דער היסטאָרישער שנאה צו רוסלאַנד, וואָס שטאַמט נאָך פֿון די צאַרישע צייטן, און אַז די נייגונג צו קאָנספּיראַציע שטעקט אין בלוט פֿון יעדן פּאָליאַק.

אויך דער פּראָקוראָר האָט אונטערגעשטראָכן די דאָזיקע פּסיכאָלאָ־גישע מאָמענטן: „די פּוילישע יוגנט איז לייכטזיניק, אָבער מוטיק און

דרייסט ביז שגעון. דעריבער ווילן מיר, אז דער פּראָצעס זאָל זיין א וואָרע־נונג פאר די פאַרבלענדטע און זאָל זיי אָנרעגן זיך צו פארטראכטן, ווי אזוי זיי קענען אמבעסטן דינען פּוילן".

די פּארטיידיקער האָבן אין אלגעמיין גערעדט וועגן דער ווירקונג, וואָס עס האָט אויף דער יוגנט געהאט די רעאקציאָנערע אידעאָלאָגיע פון די פאַרמלחמהדיקע פּוילישע פּארטייען. און אדוואָקאט מאשלאנקאָ האָט מיטן פּראָקוראָר פּאָלעמיזירט וועגן דעם אונטערשיד צווישן נאציאָנאל־סאָציאליזם און פאשיזם, באהויפּטנדיק, אז די באוועגונג פון זיין קליענט האָט אין זיך גיכער „לייכטע אָפּקלאנגען פון פאשיזם".

ציענדיק דעם זעלבן פאָדים פון פּאראלעלן צווישן פאשיזם און נא־ציזם, האָט דער יידישער אדוואָקאט זיך באמיט צו ווירקן אויף די סענ־טימענטן פון די ריכטער און אויסגערופן:

„עס איז א מאָדנער צופאל, אז אין די מויערן פון דער זעלבער תפיסה, אין וועלכער עס געפינט זיך דער באשולדיקטער שימאַנאָוויטש, איז איצט אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער פארברעכערישער קאָמענדאנט פון לאגער אין אָשוויענטשים. מיר פאַרשטייען דאָס אנדערש, אָבער וואָס וועט דערוויף זאָגן די געשיכטע? איך בעט דעריבער דאָס הויכע געריכט ארויס־צוטראָגן פאר שימאָנאָוויטש אזא אורטייל, אז אין די מויערן פון דער דאָזיקער תפיסה זאָל נישט קענען פּאָרקומען קיין באגעגעניש צווישן זיי..."

אויך די רעדע פון פּראָקוראָר, וועלכער האָט פאר די אָנגעקלאָגטע געפאָדערט א שטראָף פון צוויי ביז זיבן יאָר, איז געהאלטן געוואָרן גיכער אין א טאָן פון א פּעדאגאָג, ווי פון א בייזן באשולדיקטן.

די אָנגעקלאָגטע סטודענטן האָבן פארן געריכט קלאָר און דייטלעך גערעדט וועגן דער אידעאָלאָגיע פון דער נ.ס.ז., וועגן זייער אנטשלאָסענעם קאמף קעגן יעדער פאָרם פון סאָציאליזם. נישט קיין דעמאָקראטישע גלייכ־הייט, נאָר סאָציאלע היערארכיע דארף זיין די באזע פון געזעלשאפטלעכער אָרדענונג אין פּוילן. וואָס אָנבאלאנגט ווידער דער אויסערן פּאָליטיק האָבן די אָנגעקלאָגטע איבערגעחזרט די טעאָריע וועגן די צוויי „היסטאָרישע שונאים פון פּוילן" — רוסלאנד און דייטשלאנד און אלס קעגנגעוויכט צו רוסלאנד דארף דעריבער פּוילן זיך שטיצן אויף ענגלאנד, אמעריקע

און אַ קאָנסערוואַטיוו פראַנקרײַך. אויסער דעם דאַרף געשאַפן ווערן דער אַזוי גערופענער „א.ב.צ.־בלאָק" (אַדריאַטיק, באַלטיק און שוואַרצער ים).

דאָס איז אַ פולשטענדיקע איבערחזורונג פון דער אויסערן־פּאָליטיק, וואָס עס האָט געפירט קאָלאָנעל יוזעף בעק און לויט דער דאָזיקער שיטה ווערט אַלס פאַררעטער פון פּוילישן פאָטערלאַנד באַטראַכט יעדער איינער, וועלכער רעדט וועגן פרײַנטשאַפט מיט רוסלאַנד.

לויט די באַהויפּטונגען פון נ.ס.ז. איז דער קאָנפליקט צווישן רוס־לאַנד און די אַנגלאָ־זאַקסישע מלוכות אומפאַרמײַדלעך און דעריבער מוזן די אמתע פּוילישע פּאַטריאָטן בלײַבן ווײַטער אין קאָנספּיראַציע און זאַמ־לען מענטשן און געווער, כדי צו זײַן גרייט אויף דעם דאָזיקן גרויסן מאָ־מענט, ווען די אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס וועט קומען באַפרײַען פּוילן.

אויף דער פראַגע פון פּראָקוראָר, צי דער אָנגעקלאָגטער זעט נישט קיין ענלעכקייט צווישן דער אידעאָלאָגיע פון נ.ס.ז. און היטלעריזם, האָט אַנטאָני שימאַנאָוויטש געענטפערט, אַז זײַן באַוועגונג שטיצט זיך אויף דער קאַטוילישער עטיק און קעגנזאַץ צו דעם „היטלעריסטישן מאַטע־ריאַליזם".

„דאָס דינען דעם פאָטערלאַנד — האָט ער אויסגעפירט — איז בײַ אונדז בלויז אַ מיטל צו דינען גאָט".

אַלס אילוסטראַציע צו זײַן באַהויפּטונג האָט ער ציטירט די לאָזונג פון פּוילישן פאַשיזם „גאָט און פאָטערלאַנד" (בוג אי אָיטשיזנאַ) — די צוויבער־ווערטער, מיט וועלכע די נ.ס.ז. ציט צו די ראָמאַנטיש־געשטימטע אַוואַנטוריסטישע פּוילישע יוגנט.

* * *

די פאַרבינדונג פון דער נ.ס.ז. מיט אויסלאַנד און די שטיצע, וואָס די „ייִנגלעך פון וואַלד" באַקומען פון דער פּוילישער מיליטערישער עמי־גראַציע, איז כסדר געוואָרן אונטערגעשטראָכן אין די רעדעס פון די באַ־שולדיקער אויף די פאַרשידענע פּראָצעסן. אָביעקטיווע אָבסערוואַטאָרן האָבן אָבער די דאָזיקע באַשולדיקונגען אויפגענומען בלויז ווי אַ שאַבלאָ־נעם לײַטמאָטיוו פון רעזשים און מען האָט געוואַרט אויף קאָנקרעטע באַווײַזן.

די דאָזיקע באַווייזן זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דעם פּראָצעס וועגן דעם אַזוי גערופענעם „רעגענסבורגער צענטער", וואָס איז אין אויגוסט פון יאָר 1946 פאָרגעקומען אין וואַרשע.

אין גאַנג פון די פאַרהאַנדלונגען איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער הויפּט־אָנגעקלאָגטער אין דעם דאָזיקן פּראָצעס, קאָזאַזשעווסקי—„קאָנראַד", האָט אָרגאַניזירט אין רעגענסבורג אַן אָפּטיילונג פון דער „אָ.פּ.", מיטן ציל איינצושטעלן אַ רעגולערע פאַרבינדונג מיט די אונטערערדישע קע־מערלעך פון דער „אָ.פּ." און די נ.ס.ז.־באַנדעס אין פּוילן. די קוריערן זענען געפאָרן קיין פּוילן דורך דער טשעכאָסלאָוואַקיע, וווּ עס זענען פאַר דעם צוועק איינגעשטעלט געוואָרן פאַרבינדונגס־פּונקטן. זיי פלעגן אויך אונטער פרעמדע נעמען זיך פאַרשרייבן אַלס רעפּאַטריאַנטן און אַזוי אַרום פאָרן קיין פּוילן.

לויטן באַשולדיקונגס־אַקט פלעגט דער „רעגענסבורגער צענטער" איבערשיקן קיין פּוילן געלט, ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, אינסטרוקציעס פאַר די אונטערערדישע גרופּן און צוריק באַקומען פאַרשידענע אינפאָרמאַציעס פון פּאָליטישן, מיליטערישן און עקאָנאָמישן כאַראַקטער.

קאָזאַזשעווסקי האָט אויפן פּראָצעס באַשטעטיקט, אַז פּונקט ווי די מערהייט פון די טוער פון דער „אָ.פּ." האָט ער אויך פאַרן קריג באַלאַנגט צו דער פאַשיסטישער יוגנט־גרופּע „אָ.נ.ר.", וואָס האָט אונטער דער אָקו־פּאַציע זיך פאַרוואַנדלט אין דער נ.ס.ז.

נאָך דער באַפרייאונג איז קאָזאַזשעווסקי נישט צוריקגעפאָרן קיין פּוילן, נאָר געבליבן אין דייטשלאַנד אַלס אַ „דיספּלעיסד פּערסאָן", זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַרימטער „שווייענטאָקזשיסקער בריגאַדע" און באַ־שטימט געוואָרן אַלס אַן „אָפיציר פאַר בילדונגס־צוועקן". ער האָט רעדאַ־גירט די צייטונג פון דער בריגאַדע און אויך איינגעשטעלט דעם צענטער אָנצוהאַלטן פאַרבינדונגען מיט פּוילן.

ער איז אַליין אויך צוויי מאָל, אונטער פרעמדע נעמען, געפאָרן קיין פּוילן אַלס אַ רעפּאַטריאַנט. ווען ער איז צום לעצטן מאָל אָנגעקומען קיין פּוילן, האָט ער אָנגענומען אַ פּאָסטן אַלס רעפערענט אין אינדוסטרי־מי־ניסטעריום. דאָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט די אינסטרוקציעס פון זיין אָרגאַניזאַציע, אַריינצודרינגען אין די רעגירונגס־קרייזן און אַזוי אַרום

באקומען גענויע אינפאָרמאציעס און אויסאיבן אַן איינפלוס אין דער אדמיניסטראציע.

די אַנגעקלאָגטע יאנינא קאנאָפאצקא האָט דערציילט, אַז אין אוי־גוסט 1945 איז זי מיט א גרופּע רעפּאטריאנטן געקומען קיין ווארשע און אין א דירה אויף כמיעלנא גאס פארלייגט א פארבינדונגס־פּונקט, וווּהין עס פלעגן קומען אינסטרוקציעס און געלט פון אויסלאנד. דאָס שטיך־וואָרט איז געווען: „צי וועט דער אָנקל קויפן סאדזע?" ווען דער ענטפער איז געווען „יאָ", האָט דער אָנגעקומענער אויסגעפירט זיין שליחות. דאָרט זענען טאקע פאָרגעקומען די ערשטע ארעסטן פון דעם צענטער.

איינער פון די אָנגעקלאָגטע, אויך א רעפּאטריאנט, האָט געבראכט אינסטרוקציעס וועגן אינסטאלירן א ראדיאָ־סטאנציע, כדי איבערצושיקן אינפאָרמאציעס. א צווייטער האָט געבראכט 5000 דאָלער און א דריטער האָט זיך באמיט צו עפענען א טראנספער־קאָנטאָ אין איינעם פון די פּוי־לישע בענק, כדי צו קענען איבערווייזן געלט פון אויסלאנד פאר די אומ־לעגאלע גרופּעס פון דער נ.ס.ז. דער זעלבער רעפּאטריאנט האָט אויך פאר־לייגט אַן אָרגאניזאציע צום אומלעגאלן ארויספירן פון פּוילן די „פאר־ברענטע", דאָס הייסט די מיטגלידער פון דער נ.ס.ז., וועלכע זענען שוין געוואָרן קאָמפּראָמיטירט און עס האָט זיי געדראָט אריינצופאלן אין די הענט פון דער פּאָליציי.

דער פּראָצעס פון „רעגענסבורגער צענטער" האָט ארויסגעבראכט פיל אינטערעסאנטע פּרטים וועגן דער באריכטער „שוויענטאָקזשיסקער בריגאדע", וואָס איז דורך די אָנקלאָגער פארגליכן געוואָרן צו די אמאָ־ליקע פּוילישע פאררעטער אין טארגאָוויצע, וועלכע האָבן ביים סוף פון 16טן יאָרהונדערט זיך פארקויפט צום צארישן אונטעריאָכער.

די „שוויענטאָקזשיסקער בריגאדע" איז בעת דער נאצישער אָקוּ־פּאציע געשאפן געוואָרן דורך קאָלאָנעל באָהון אלס אַן אָפּטיילונג פון דער נ.ס.ז. אין דער קיעלצער געגנט. לויט די דערקלערונגען פון עדות דענקע־וויטש, א געוועזענער אדיוטאנט פון באָהון, האָט די דאָזיקע אָפּטיילונג בעת דער ווינטער־אָפענסיווע פון דער רויטער ארמיי, ביים אָנהייב פון יאָר 1944, זיך געפונען אין א קלעם צווישן די דייטשע פארטיידיקונגס־פּונקטן און די אוואנסירטע סאָוועטישע פּאנצער־אָפּטיילונגען. נאָך א באַ־

ראטונג מיט זיינע אָפיצירן, האָט קאָלאָנעל באָהון בעסער באשלאָסן זיך צו מעלדן צום דייטשן שטאב און באקומען א דערלויבעניש זיך צוריק־ציען קיין טשעכיע. די „שוויענטאָקזשיסקער בריגאדע" איז טאקע דורכ־געלאָזט געוואָרן דורכן דייטשן פראָנט און זייענדיק שוין אין טשעכאָסלאָ־וואקיע, האָט באָהון אָנגעבאָטן די דייטשן זיין הילף פאר דיווערסאנטישע אקציעס אין פוילן, הינטער די ליניעס פון דער רויטער ארמיי.

די „באָהונאָווצעס" זענען דאן אויסגעשולט געוואָרן דורך דייטשע אינסטרוקטאָרן, באקומען פון די נאצים שפייז און געווער, און אין דער נאכט פון 13טן אויפן 14טן פעברואר 1945 איז די ערשטע גרופּע פון זיינע פאראשוטיסטן אויפן פלי־פעלד אין פראג איינגעשטיגן אין א נאַ־צישן עראָפּלאן און זיך אראָפּגעלאָזט אין פוילן. מיטן צוגרייטן די דאָ־זיקע עקספּעדיציע האָט אָנגעפירט דער נאצישער אָפיציר. וואָלף, וועלכן מען פלעגט אָפט זען אין שטאב פון דער בריגאדע. אין פוילן האָבן די „באָהונאָווצעס" אָנגעבונדן א קאָנטאקט מיט די נ.ס.ז.־אָפּטיילונגען און אָנגעפירט דיווערסיע־אקציעס קעגן דער רויטער ארמיי און קעגן דער נייער פּוילישער ארמיי.

שפּעטער איז די בריגאדע אריבער קיין דייטשלאנד און אין זומער פון יאָר 1945 דאָרט אָפיציעל געוואָרן פונאנדערגעלאָזט. די גרעסטע טייל פון אירע מיטגלידער איז אריבער צו די אזוי גערופענע וואך־אָפּטיילונגען (קאָמפּאניע ווארטאוונישע), וואָס זענען געוואָרן אָרגאניזירט דורך דער אמעריקאנער אָקופּאציע־ארמיי. באלד דערנאָך האָט זיך אויך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון דעם „אויסלענדישן צענטער" אין רעגענסבורג.

די אָנגעקלאָגטע פּונקט ווי זייערע פּארטיידיקער (צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער יידישער אדוואָקאט מאשלאנקאָ!) האָבן זיך בלויז באמיט אָפּצוּווארפן די באשולדיקונגען וועגן צושטעלן וויכטיקע דאָקומענטן צו אויסלענדישע שטאבן. זיי האָבן אָבער נישט אָפּגעלייקנט, אז זיי האָבן ארויסגעשיקט אינפאָרמאציעס צום רעגענסבורגער צענטער און אז עס עקזיסטירט א ברייט־פארצווייגטע אויסלענדישע אָרגאניזאציע פון דער נ.ס.ז., וואָס שטייט אין פאַרבינדונג מיט גענעראל אנדערס און שיקט איבער קיין פּוילן געלט און אינסטרוקציעס.

אויף דער פראגע פון פּראָקוראָר, צי די דאָזיקע טעטיקייט פון דער

„שוויעגטאָקזשיסקער בריגאַדע" קען באַטראַכט ווערן אַלס נאַציאָנאַלער פאַרראַט, האָבן זיי געגעבן אויסמיידנדיקע ענטפערס און לויטן שטייגער פון די נאַצים די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַרויפגעוואָרפן אויף באַהונען.

„מיר זענען געווען זעלנער — האָבן זיי געטענהט — און האָבן בלויז אויסגעפירט די באַפעלן פון אונדזער פירער".

אין 1947 האָט די נייע פוילישע רעגירונג, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָך די ערשטע סעים־וואַלן, פּראָקלאַמירט אַן אַלגעמיינע אַמנעסטיע. פיל מיטגלידער פון די אונטערערדישע באַנדעס האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט, כדי זיך אומצוקערן צו אַ נאָרמאַל לעבן. עס זענען אָבער נאָך פאַרבליבן אין זייערע באַהעלטענישן טויזנטער פאַרביסענע קעגנער פון איצטיקן רעזשים, וועלכע זענען אַנטשלאָסן פאָרצוזעצן זייער אויסזיכטס־לאָזן קאַמף.

קאפּיטל פופצן

# רייזע איבער שלעזיע

אין אן עקסטרא צוג האָבן מיר דורכגעמאכט די רייזע איבער די נייע פּוילישע געביטן, וואָס פאַרנעמען איצט העכער א דריטל פון דער פּוילישער טעריטאָריע. די אומענדלעכע פראכט־צוגן מיט קוילן האָבן אָפּגעטרעטן דעם וועג און דורכגעלאָזט די אויסטערליש קורצע באַן, וואָס איז באשטאנען בלויז פון א לאָקאָמאָטיוו און צוויי וואגאָנען.

ווי א קורצער עק פון א מעטעאָר האָט אונדזער צוג פאַרבייגעבליצט די קלענערע אָפּשטעל־פּונקטן און די סטאַציע־לייטער אין די רויטע היטלען האָבן געקוקט און זיך געוווּנדערט, ווער עס פאָרט דאָס אין אָט דעם מאָדנעם צוג.

מיר זענען געווען א גרופּע פון קוים זעקס אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דעם אויספלוג איבער די שטעט און אינדוסטרי־צענטערן פון אויבערשלעזיע און נידערשלעזיע.

צו דער דאָזיקער עקספּעדיציע איבער די נייע פּוילישע געביטן זענען איינגעלאַדן געוואָרן אַלע אויסלענדישע זשורנאַליסטן. געמאָלדן האָט זיך אָבער בלויז א קליינע גרופּע, ווייל די מיינסטע אויסלענדישע צייטונגס־לייט קומען איצט קיין פּוילן נאָך סענסאַציאָנעלע נייעס. זיי שמעקן נאָך פּולווער און קוליסן־פּאָליטיקעס. דאָס שטעלט צו וואַרשע, לאָדזש, לובלין, קיעלץ, ביאַליסטאָק און אויך קראָקע. אָבער עטלעכע צענדליק מייל נאָך קראָקע ענדיקן זיך די דאָזיקע נייעס. דאָרט שמעקט שוין מער נישט אזוי שטאַרק דער פּולווער פון בירגער־קריג.

אויפן פילפארביקן פאָן פון די פרוכטבאַרע שלעזישע פעלדער איז די ציגלדיקע רויטקייט פון די פאַבריק־געביידעס מילדער ווי אין דעם ענגן,

גרויען לאָדזש. אין די נעכט אָבער איז דער הימל איבער שלעזיע צעפלאַמט פון די העלישע פייערן, וואָס שלאָגן פון די הוטעס און די פאַרבלאַסטע לבנה זעט אויס, ווי א קינדערישער אויסשניט פון אָפּגעבלאַקעוועטן געלן פּאַפּיר.

פאַרן קריג איז קאַטאָוויץ געלעגן ביי דער פּויליש־דייטשער גרענעץ און די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן פּלעגן דאָ טאַקע קומען שמעקן פּולווער. דאָ האָט געהערשט שפּאַנונג. דאָ איז געווען דער קאָרידאָר פון דער נאַצישער אינפילטראַציע קיין פּוילן, דאָ זענען אָנגעגאַנגען די אינטריגעס ארום די מינדערהייטן אויף ביידע זייטן גרענעץ; דאָ האָבן דייטשע אינדוסטרי־מאַגנאַטן שפּיאָנירט, איבערגעקויפט און אויסגעבויט דעם „פינפטן קאָלום" פאַר דער צוקינפטיקער אינוואַזיע פון פּוילן. דאָ האָט געהערשט הויכע פּאָליטישע שפּאַנונג.

איצט איז קאַטאָוויץ די גרענעץ פון דער פּאָליטישער אנטשפּאַנונג אין פּוילן. קאַטאָוויץ איז איצטער אין צענטער פון פּוילן. ארום דער דאָזיקער אמאָליקער גרענעץ־שטאָט ענדיקט זיך שוין דער ווידערשטאַנד פון די פּוילישע וואַלד־פּאַטריאָטן. דאָ האָט דער נייער רעזשים שוין געשלאָגן טיפערע וואָרצלען.

די נאַציאָנאַליזאַציע פון די קוילן־גרובן, פון דער שווער־אינדוסטרי און די גרויסע גיטער איז דאָ דורכגעפירט געוואָרן מיינסטנס אויפן חשבון פון די דייטשע מאַגנאַטן און זייערע אויסלענדישע פינאַנץ־שותפים און די וויכטיקסטע אינדוסטרי אונטערנעמונגען פון פּוילישן שלעזיע האָבן נאָך פאַרן קריג באַלאַנגט צו דער מלוכה. עס זענען דאָ דעריבער נישט פאַראַן די עקספּראָפּריאירטע אינדוסטרי־אייגנטימער און גוט־באַזיצער, וועלכע זאָלן שטיצן די אָפּאָזיציע באַוועגונג קעגן דעם איצטיקן רעזשים. פאַרקערט, די פיר מיליאָן פּאָליאַקן, וועלכע זענען אין משך פון איין יאָר צייט קאָלאָניזירט געוואָרן אין די נייע געביטן, אויפן אָרט פון די עוואַקוּאירטע דייטשן, האָבן זייער ווייניק מיט זיך מיטגעבראַכט אהער און אלץ באַקומען אויפן אָרט.

די פּויערים פון מזרח־פּוילן, וואָס איז צונויפבאַהאָפטן געוואָרן מיט סאָוועט־רוסלאַנד, האָבן געלעבט אין שטרויענע כאַטקעס און אונטערן פּילסודסקי־רעזשים אָפט געשפּאָלטן א שוועבעלע אין צווייען, געשפּאָרט יעדער

שטויבעלע זאַלץ, און ברויט איז געווען פאַר זיי א לוקסוס. איצט זענען זיי באַזעצט געוואָרן אין די מאָדערנע שלעזישע פאַרם־הייזער, אויף א הויך קולטיווירטן לאַנד מיט גאַז און עלעקטרי, וואָס דערגרייכט אפילו צו די פאַרוואָרפנסטע דערפער.

דער פיר־מיליאָניקער שטראָם פון איבערוואַנדערער האָט נאַטירלעך אויך מיטגעבראַכט מיט זיך א היפּש ביסל אָפּפאַל און דעמאָראַליזירטע עלעמענטן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. זיי שטעלן אָבער מיט זיך פאָר גיכער א רויבערישן עלעמענט, ווי א פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע.

אין שלעזיע זענען באַזונדערס פּאָפּולער די אַזוי גערופענע „שאַ־בראַווניקעס". דאָס איז א מין נייער טיפּ פון לאַנד־פּיראַטן, וועלכע פאַר־נעמען זיך מיט אויסרויבן באַמבאַרדירטע אָדער אויף הפקר־געלאָזענע היימען. דאָס „שאַבראַווען" האָט אין שלעזיע זיך פאַרוואַנדלט אין א מין צווייטער אינדוסטרי און טויזנטער פּאָליאַקן זענען דערפון רייך געוואָרן. גאַנצע בריגאַדעס פלעגן מיט לאַסט־וועגענער קומען קיין שלעזיע און אוועקפירן סחורות פון די פאַבריקן, פון וועלכע די דייטשן זענען געהאַט אַנטלאָפן, ווי אויך דאָס מעבל פון די פאַרשידענע ווילעס און פּאַלאַצן פון די פאַרשוווּנדענע נאַצישע קאַרפּן־קעפּ. איצט פירט די רעגירונג א ביטערן קאַמף קעגן די „שאַבראַווניקעס" און שטראָפט זיי אונטערן פּאַראַגראַף פון צורויבן דאָס אייגנטום פון דער מלוכה.

די פּראָצעסן קעגן די נ.ס.ז.־באַנדעס, וואָס קומען פאָר אין די נייע פּוילישע געביטן פון שלעזיע און פּאָמערן, האָבן מער דעם כאַראַקטער פון קרימינעלע פּראָצעסן איידער פּאָליטישע. דאָס זענען פּראָצעסן פון איינפאַכע רויבער און באַנדיטן, זיי באַצירן זיך בלויז אין דעם אָרעאָל פון פּאַטריאָטן, וואָס קעמפן כלומרשט קעגן דעם רעזשים.

אין זייערע רייען שליסן זיך אויך אָן „פּאָלקס־דויטשן" און אפילו ריין־ראַסיקע נאַציס. עס פאַרבינדט זיי די שותפות פון פאַרברעכנס, וואָס זיי זענען באַגאַנגען אין די יאָרן פון דער אָקופּאַציע. דאָס זענען געוועזענע אויפזעער פון די שלעזישע טויטן־לאַגערן, מוסרים און שפּיאָנען. קעגן זיי איז די מאַכט אומרחמנותדיק און זייער צאָל ווערט אַלץ קלענער פון טאָג צו טאָג.

אין שלעזיע עקזיסטירט אויך נישט אין אַזאַ מאָס דער אַנטיסע־

מיטישער האַס. דער אַנטיסעמיטיזם איז דאָ גלײַך פון ערשטן מאָמענט אָן קוואַליפיצירט געוואָרן אַלס אַ פאַרברעכן. דער ענערגישער שלעזישער וואָיעוואָדע, גענעראַל אַלעקסאַנדער זאַוואַדזקי, קען אין דער הינזיכט דינען אַלס מוסטער. דאָ און דאָרט פּאַסירן אַנטיסעמיטישע אינצידענטן אָבער עס איז קײן פאַרגלײַך נישט מיט דער שנאה און פאַרביסנקײט, וואָס הערשט אין צענטראַל־פּוילן.

דעריבער טאַקע עקזיסטירט כמעט נישט אין שלעזיע דער „מאַראַ־ניזם" פון צענטראַל־פּוילן, ייִדן באַהאַלטן זיך נישט דאָ אונטער קײן אַרישע נעמען. אין קאַטאָוויץ האָב איך געטראָפן מײַנס אַ יוגנט־פרײַנט, וועלכער פאַרנעמט דעם אַמט פון מיליטערישער פּראָקוראָר אין ראַנג פון מאַיאָר און טראָגט זײַן ייִדישן נאָמען, פעליקס פינקעלשטײן. אַזאַ זאַך איז זיך נישט פאָרצושטעלן אין וואַרשע. ייִדן מיט ייִדישע נעמען פאַרנעמען הויכע אַמטן אין דער אַדמיניסטראַציע פון לאַנד און ייִדישע אַרבעטער שטײען אַקסל בײַ אַקסל מיט זײערע פּוילישע חברים אין די הוטעס, אין די צוקער־פאַבריקן און אפילו אין די קוילן־שאַכטעס, — אַ זאַך, וואָס איז נישט מעגלעך געווען אין פריערדיקן פּוילן און טרעפט נאָך אַלץ לײדער אָן אויף שוועריקײטן אין אַזעלכע שטעט, ווי לאָדזש, לובלין אָדער ראַדאָם.

אַ רײַזע איבער די נײַע געביטן פון פּוילן איז פאַר יעדן אײנעם, פאַר דעם פרעמדן באַזוכער, פּונקט ווי פאַר אַ פּוילישן בירגער, אַ רײַזע פון אַנטשפּאַנונג. אויף די נײַע געביטן און באַזונדערס טאַקע אין שלעזיע, אָטעמט מען אָפּ פרײַער. די צווײ באַאַמטע פון מיניסטעריום פאַר די נײַע געביטן, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך וויצעמיניסטער גאָמולקאַ , און דער פאַרטרעטער פון אויסערן־מיניסטעריום, וועלכע האָבן אונדז באַגלײט אויף דער רײַזע, האָבן נישט באַהאַלטן פאַר אונדז, אַז אויך זײ פילן זיך אין שלעזיע פיל האָפערדיקער.

די דאָזיקע דרײַ יונגע באַאַמטע, וועלכע פאַרנעמען פאַראַנטוואָרט־לעכע שטעלעס אין דער נײַער רעגירונג, האָבן מיט אונדז אָפנהאַרציק גע־רעדט וועגן די שוועריקײטן, וואָס דאָס נײַע פּוילן האָט פאַר זיך. גלײַך פון ערשטן מאָמענט ווי מיר זענען אײַנגעשטיגן אין צוג, איז פאַרשוווּנדן די אָפיציעלע שטײַפקײט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דאָזיקן טיפּ באַאַמטן אין יעדן אַנדערן לאַנד. מיר האָבן געהאַט דאָס געפיל, אַז זײ

ווילן, מיר זאָלן זען די שוועריקייטן, אָבער אויך באַקומען די דערגרייכונ־
גען. די שמועסן מיט זיי האָבן ביי מיר אַרויסגערופן רעמיניסצענצן פון
די צייטן פון שפּאַנישן בירגער־קריג, ווען די באַאַמטע פון רעפּובליקאַנישן
שפּאַניע האָבן צו די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן געטענהט: „מיר
פאַרלאַנגען פון אייך בלויז איין זאַך: שרייבט דעם אמת".

דאָס מערקווירדיקע דערביי איז דער פאַקט, וואָס די דאָזיקע דריי
פּוילישע באַאַמטע האָבן פאַר אונדז נישט באַהאַלטן, אַז זיי שטאַמען פון
פאַמיליעס פון געוועזענע הויכע באַאַמטע אונטער דעם פאַרמלחמהדיקן
רעזשים. די מוטער פון איינעם, אַן אַמאָליקע פריינדין פון מאַרשאַל פּיל־
סודסקי, איז געווען אַ מיטגליד פון לעצטן סענאַט, נאָמינירט דורך דעם
מלוכה־פּרעזידענט. דער פאָטער פון דעם צווייטן באַאַמטן איז געווען אַ
וויכטיקער פירער פון דער „ענדעקישער" פּאַרטיי און פאַרנומען אַ הויכן
אמט.

איצטער זענען די דאָזיקע יונגע באַאַמטע מיטגלידער נישט פון די
איינפלוסרייכערע אַרבעטער־פּאַרטייען, נאָר פון דער דעמאָקראַטישער
פּאַרטיי, וואָס זאַמלט אַרום זיך די ליבעראַלע פּוילישע אינטעליגענץ. זיי
האָבן פאַר אונדז נישט געזונגען קיין איבערטריבענע לויב־געזאַנגען פאַר
דעם נייעם רעזשים, נאָר אויספירלעך אונטערגעשטראָכן, אַז ביי דער איצ־
טיקער פּאָליטישער קאָנסטעלאַציע אין אייראָפּע און צוליב דער געאָגראַ־
פישער לאַגע פון פּוילן, וואָס געפינט זיך אין קלאַמערן צווישן דייטשלאַנד
און רוסלאַנד, רעפּרעזענטירט די איצטיקע פּוילישע רעגירונג, וואָס שטיצט
זיך אויף פריינטשאַפט מיט רוסלאַנד, דעם איינציקן לעבנס־פעאיקן רע־
זשים, וואָס פאַרזיכערט דעם אויפבוי פון אומאָפּהענגיקן פּוילן.

אויף די באַן־סטאַציעס פון די שטעט, ווו מיר האָבן זיך לענגער
פאַרהאַלטן, כדי צו באַזוכן אַ פאַבריק אָדער אַ קוילן־גרובן, זענען מיר
אויפגענומען געוואָרן דורך ספּעציעלע קאָמיטעטן, וואָס זענען באַשטאַנען
פון דעלעגאַציעס פון אַרבעטער, פון די דירעקטאָרן און אויך פון דער
לאָקאַלער מאַכט.

די לייטער פון די פאַבריקן, די דירעקטאָרן און אינזשינירן, האָבן
אין די מיינסטע פאַלן אויך פאַרן קריג פאַרנומען די זעלבע פּאָסטנס און
זענען געבליבן איצט אַלס נויטווענדיקע עקספּערטן. מען האָט זיי גלייך

דערקענט אין זייער האַלטונג און אין זייער קליידונג. זיי זענען געקומען אין עלעגאַנטע שוואַרצע אָנצוגער, שטייפע, ווייסע קעלנער און האַרטע הוטן. אויף זייערע בייכער האָבן זיך אָפט געבאָמבלט גאָלדענע קייטלעך און צום רומל האָבן אפילו נישט געפעלט די לעדערנע הענטשקעס, הגם דאָס איז געווען אין די הייסטע יולי־טעג.

גאָר נייע מענטשן האָבן מיר אָבער געזען אין די פאָרשטייער פון דער לאָקאַלער מאַכט, אין די סטאַראָסטעס און אַנדערע הויכע באַאַמטע. דאָס זענען געווען הויפּטזעכלעך אַמאָליקע אַרבעטער, פירער פון פּאַרטיזאַנען, געוועזענע סעקרעטאַרן פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אָדער פאָלקס־לערער. שוין צו „פאָלקסטימלעך" זענען געווען זייערע קליידער. גאַנץ אָפט זענען זיי געקומען אפילו אָן קראַוואַטן.

אין די פאַבריקן און קוילן־גרובן איז אונדזער ערשטער שמועס אַלע־מאָל פאָרגעקומען מיט דער אַזוי גערופענער „ראַדאַ זאַלאָגאָוואַ" — דאָס איז דער אַדמיניסטראַציע ראַט, וואָס באַשטייט פון די דעמאָקראַטיש־אויסגעוויילטע פאָרשטייער פון אַרבעטער, אינזשעניערן און די אַדמיניס־טראַציע־לייטער. אונדזערע געשפּרעכן מיט זיי זענען פאָרגעקומען אין די ביוראָען, וואָס זענען אַמאָל פאַרנומען געווען דורך די אומצוטריטלעכע די־רעקטאָרן אָדער אייגנטימער. איצטער האָט זייער אָרט פאַרנומען אַ קאָ־לעקטיוו און יעדער איינער פון דעם קאָלעקטיוו האָט אונדז געגעבן אינ־פאָרמאַציעס וועגן דעם טייל אַרבעט, פאַר וועלכן ער איז געווען פאַראַנט־וואָרטלעך.

אין די קוילן־גרובן האָבן די מיטגלידער פון פאָרשטאַנד אומעטום מיט שטאָלץ אונטערגעשטראָכן, אַז עס געפינען זיך ביי זיי פּוילישע קוילן־גרעבער, וועלכע זענען צוריק געקומען פון פראַנקרייך, בעלגיע און ענג־לאַנד, נאָך דעם ווי זיי האָבן פיל יאָרן געאַרבעט אין די דאָרטיקע גרובנס.

במשך פון העכער הונדערט יאָר, זינט דער צעטיילונג פון פּוילן, האָבן פּוילישע אַרבעטער פאַרלאָזט זייער אָרים היים־לאַנד, כדי צו זוכן ברויט אין דער פרעמד. אין די הונדערטער טויזנטער דערגרייכט נאָך היינט די צאָל פון פּוילישע קוילן־גרעבער אין פראַנקרייך, בעלגיע און דייטש־לאַנד. איצט הייבן זיי אָן צוריקקומען קיין פּוילן.

די פאָרשטאַנד־מיטגלידער אין די קוילן־גרובן האָבן נישט געוואָלט,

מיר זאָלן זיי גלויבן אויפן וואָרט, נאָר גלייך געהייסן פון דער שאכטע ארויסרופן אייניקע ארבעטער, וועלכע זענען לעצטנס געקומען פון נאָרד־פראנקרייך. עס האָט געדויערט א לענגערע ווײַלע און פאר אונדז זענען דערשינען עטלעכע פארסאַזשעטע ארבעטער, וועלכע האָבן אונדז דער־ציילט, אז זייער ביישפיל ווערט איצט נאָכגעטון דורך הונדערטער פון זייערע חברים.

די פארטרעטער פון דער ווארשעווער רעגירונג פירן אָן אן אויפ־קלערונגס־טעטיקייט צווישן די פוילישע קוילן־גרעבער אין אויסלאנד, באַ־זונדערס אין פראנקרייך, אז זיי זאָלן צוריק אהיים קומען ארבעטן אין די שלעזישע קוילן־גרובן. אין דער זעלבער צייט אָבער ווערט אויך אָנגעפירט א קעגן־פּראָפּאגאנדע דורך די אגענטן פון דער געוועזענער לאָנדאָנער גלות־רעגירונג.

ביידע צדדים, וועלכע זענען פארביסן אין זייער קאמף, גיבן זיך אָפּ א קלאָרן חשבון וועגן דעם, אז קוילן איז נישט נאָר בלויז א נויטווענ־דיקער ברען־שטאָף, נאָר אויך א וויכטיקער פּאָליטישער אינסטרומענט; אז „אויף קוילן בויט זיך איצט דאָס נייע פוילן".

יעדער קוואליפיצירטער קוילן־גרעבער, וועלכער קומט צוריק קיין פוילן, מיינט: באַרייכערן פוילן מיט טויזנטער טאָן „שווארצע דימענטן", וואָס וועגן נישט נאָר בלויז אויפן בודזשעט פון דער מלוכה, אויפן וויל־שטאנד פון לאנד, נאָר פארשטארקן אויך די שוואכע דיפּלאָמאטישע פּאָ־זיציע פון פוילן אין דער וועלט.

עס גייט דעריבער אָן א געיעג נאָך קוילן. פאר דער פוילישער ווירט־שאפט איז קוילן וויכטיקער ווי גאָלד, ווייל אייראָפּע איז אויסגעהונגערט נאָך קוילן. אויף די פוילישע קוילן וואַרטן פאבריק־אויוונס אין רוסלאנד, אין רוסיש־אָקופּירטן דייטשלאנד, שוועדן, דענעמארק, נאָרוועגן, יוגאָ־סלאַוויע, אונגארן, רומעניע און אפילו אין דער שווייץ. אויך ענגלאנד נויטיקט זיך אין פוילישע קוילן, וואָס זי האָט פארן קריג פארברויכט אין גרויסע קוואנטיטעטן.

ענגלאנד האָט פארן קריג פּראָדוצירט 250 מיליאָן טאָן יערלעך, איצט — בלויז 175 מיליאָן. דאָס דייטשע רור־געביט האָט פארן קריג פּראָ־דוצירט 180 מיליאָן טאָן יערלעך און היינט איז די גרעסטע טייל פון די

דאָזיקע דייטשע גרובן צעשטערט. אין יאָר 1938 האָט פּוילן פּראָדוצירט 38 מיליאָן טאָן קוילן און אין יאָר 1946 איז די פּוילישע קוילן־פּראָדוקציע דערגאַנגען ביז איבער 47 מיליאָן טאָן (מיט א מיליאָן טאָן מער, ווי עס איז געווען פּראָויסגעזען). דער פּלאַן פאַרן יאָר 1947 זעט פּאָראויס א קוילן־פּראָדוקציע פון 80 מיליאָן טאָן.

די סטאַטיסטיק פון דער אייראָפּעאישער קוילן־פּראָדוקציע פאַר יאַנואַר 1947 באַווייזט, אז די פּוילישע קוילן־גרובן אין שלעזיע האָבן געשלאָגן דעם רעקאָרד אין אייראָפּע, דערגרייכנדיק 1.168 טאָן קוילן פאַר דער שיכט־ארבעט פון איין מענטש. אין דער זעלבער צייט האָבן בעלגישע קוילן־גרעבער פּראָדוצירט בלויז 577 טאָן.

די „שווארצע דימענטן" זענען איצט אין פּוילן דאָס ערשטע עקספּאָרט־ארטיקל. דאָס חרובע ווירטשאפטלעך־רואינירטע פּוילן באַקומט פאַר קוילן די פאָלגנדיקע ארטיקלען פון אויסלאַנד: ביינוואָל, מעטאלן און מאַשינען, נאַפט און טאַבאַק, גומע און כעמיקאַליען, תבואה און פיש.

* * *

גרויס איז אין פּוילן דער הונגער נאָך אינדוסטרי־ארטיקלען. עס פעלט נישט קיין ברויט, אָבער עס פעלט א מעסער צו שניידן דאָס ברויט, עס פעלן לאָפּאַטעס פאַר די טויזנטער הענט, וועלכע שטרעקן זיך אָפּצוראַמען די חורבות; עס פעלט א זעג און א האַמער צו בויען נייע היימען.

דערפאַר טאַקע גייט אָן אזא פיבערהאַפטער געיעג צו לאָזן אין גאַנג די האַלב־חרובע ווארשטאַטן און פאַבריקן, די גיסערייען און שמידערייען פון אינדוסטריעלן שלעזיע.

אין ביטאָם און אין ראַציבאָר, אין וואַלבזשיך און אין ריכבאַך, אין אָפּאָלע און אין וראָצלאַוו — אומעטום, ווו עס איז נאָר געבליבן שטיין א פליגל פון א פאַבריק, ווערט געארבעט און געבויט. אין פיל שטעט און שטעטלעך פון שלעזיע האָט אָפט פּאַסירט, אז גאַנצע גאַסן זענען חרוב געוואָרן און א פאַבריק איז שטיין געבליבן צווישן די חורבות. ארום הערשט א טויטקייט, אָבער אין דער פאַבריק ווערט געארבעט טאָג און נאַכט.

נישט איינמאָל זענען די שויבן־ווענט פון די פאַבריקן צעשפּרונגען

געוואָרן אין דער לופט. אָבער עס זענען געבליבן גאַנץ די מאַשינען, די שמעלץ־אויוונס. האָט מען אויף שנעל פאַרלאַטעט דעם דאַך, צונויפגעשטיקעוועט די ווענט און געלאָזט אין גאַנג די מאַשינען.

אין אַ פולשטענדיק חרובן קוואַרטאַל אין ראַציבאָר איז צווישן די אָפּגעברענטע מויערן שטיין געבליבן אַ רויט־ציגלדיקע געביידע פון דער שאָקאָלאַד־פאַבריק, וואָס טראָגט איצט דעם נאָמען „שלאָנזאַק". די פאַבריק אַרבעט טאָג און נאַכט און פּראָדוצירט געשמאַקהאַפטע צוקערלעך. די פאַבריק, וואָס באַשעפטיקט קוים 90 מענטשן, האָט אין יאָר 1946 פּראָדוצירט 5200 טאָן זיסוואַרג, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער „אונראַ".

אין מאָמענט פון דער באַפרייאונג איז די גרעסטע טייל מאַשינען אין דער דאָזיקער פאַבריק געווען צעשטערט, אָבער מען האָט אויף שנעל רעפּאַרירט, צונויפגעבראַכט טיילן פון אַנדערע פאַבריקן און גלייך אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן שאָקאָלאַד. אין די קעלערן פון דער פאַבריק האָט מען נאָך געפונען רוי־מאַטעריאַלן און געדרוקט פאַרפּאַקונגס־פּאַפּיר מיט דייטשן טעקסט, וואָס ווערט ווייטער גענוצט. עס ווערט בלויז צוגעקלעבט אַ צעטעלע מיטן נייעם פּוילישן נאָמען „שלאָנזאַק".

אין ראַציבאָר איז אויך אויף שנעל געלאָזט געוואָרן אין גאַנג די איינציקע אין פּוילן פאַבריק פון עלעקטראָדן, וואָס באַזאָרגט מיט דעם דאָזיקן וויכטיקן פּראָדוקט אַלע פאַבריקן פון עלעקטרישע מאַטעריאַלן און שטאָלערייען. פון דעם ריזיקן אויוון טראָגן די הייב־מאַשינען אַרויס די עלעקטראָד־בלאָקן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ געמיש פון אַנטראַסיד, גראַניט, סמאָלע און קאָקס. דערווייל אָבער אַרבעט בלויז אַ קליינער אָפּשניט פון דער פאַבריק, ווייל דער גרעסטער טייל איז געוואָרן צעשטערט און ווערט אין איילעניש צוריק אויפגעבויט.

ראַציבאָר געהערט צו די שטאַרקסטע צענטערן פון פּוילישן ווידערשטאַנד אין שלעזיע. דאָ איז אויסגעוואַקסן דער פירער פון שלעזישן פויערטום, אַרקאַ באָזשעק, וועלכער איז איצט דער וויצע־וואָיעוואָדע פון שלעזיע. דער דאָזיקער ברייטפּלייציקער פויערים־פירער געהער צו די קאָלירפולסטע פּערזענלעכקייטן אין שלעזיע. די נאַציס האָבן אים געפּייניקט און פאַרפאָלגט, אָבער דער ריזיקער אַרקאַ באָזשעק האָט זיך נישט איינגע־

בראָכן. אין יאָר 1938 האָט ער ענדלעך געמוזט פאַרלאָזן זיין היים אין דאָרף מאַרקאָוויצע, נעבן ראַציבאָר, ווו אויף דעם זעלבן שטיקל לאַנד פון 9 העקטאַר זענען זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס געזעסן קנאַפּע 500 יאָר. אין די אַרכיוון פון ווראָצלאַוו געפינט זיך א דאָקומענט, וואָס באַ־שטעטיקט, אַז אין יאָר 1493 האָט אויף דעם דאָזיקן שטיקל לאַנד הינטער ראַציבאָר זיך באַזעצט א געוויסער יענדראָ באָזשעק. איצט איז אַרקאַ באָזשעק אויסגעוואַקסן צו א נאַציאָנאַלן פּוילישן העלד פון שלעזיע.

איבער די וועגן און ביים אַריינפאָר אין די שטעט און שטעטלעך פון שלעזיע זענען געענדערט געוואָרן די דייטשע נעמען און פאַרטרעטן מיט זייערע אַמאָליקע מיטלאַלטערלעכע פּוילישע נעמען, וואָס קלינגען פאָלקסטימלעך־אַרכאַאיש. אין די קוילן־גרובן און אין די גרויסע מעטאַל־פאַבריקן זענען אָבער נעבן די נייע פּוילישע אויפשריפטן נאָך פאַרבליבן די דייטשע און דאָס דערפאַר, ווייל עס זענען נאָך אויף זייערע שטעלעס פאַרבליבן פיל דייטשע ספּעציאַליסטן, וועלכע זענען דערווייל נאָך אומ־פאַרטרעטבאַר.

אין די קוילן־גרובן פון ביטאָם זענען פאַרבליבן 10 פּראָצענט הויך־קוואַליפיצירטע דייטשע אינזשינירן און שטייגערן, וועלכע באַקומען דעם זעלבן געהאַלט ווי זייערע פּוילישע קאָלעגן. ביי די דייטשן ווערט אָבער פון זייערע פּענסיעס אַראָפּגענומען 25 פּראָצענט פאַר די קרבנות פון היט־לעריזם. די פּוילישע מאַכט ווייזט אַרויס א טענדענץ צו רעהאַביליטירן די דאָזיקע הויך־קוואַליפיצירטע דייטשע אַרבעטער און א ספּעציעלע דענאַצי־פיקאַציע־קאָמיסיע איז טעטיק, כדי פעסטצושטעלן זייער פּאָליטישע פאַר־גאַנגענהייט.

די פאַרבליבענע דייטשן פּאָלאָניזירן זיך מיט טיפּיש דייטשן פלייס. דעם זעלבן אייפער האָבן זיי באַשטימט אַרויסגעוויזן אונטער דעם נאַצי־רעזשים. איצטער לערנען זיי פּויליש און פון טאָג צו טאָג נעמען זיי אליין אַוועק אַלץ מער דייטשע אויפשריפטן פון די מאַשינען און די געפאַר־וואָרענונגען פון די עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס און כעמישע שטאָפן אין די לאַבאָראַטאָריעס.

דער אַרבעטס־געיעג ווערט באַגלייט דורך צאָלרייכע פייערונגען. יעדע פאַרראָכטענע בריק, יעדעס אויפגעבויטע הויז, יעדער ניי־אָנגעצונדענער

שמעלץ־אויוון איז א געלעגנהייט צו א מאניפעסטאציע און צו א פייערונג.

איך האָב בייגעווױנט די פייערונג פון עפענען די ערשטע פאררעכ־טענע בריק איבערן טייך אָדער. די דאָזיקע פייערונג איז פאָרגעקומען זונטיק בייטאָג. טויזנטער איינוווינער פון דער שטאָט אָפּאָלע, מענער, פרויען און קינדער, זענען עטלעכע קילאָמעטער געגאנגען צו פוס, כדי זיך צו באטייליקן אין דער פייערונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך א גלח און האָט זיך אָנגעהויבן מיט א רעליגיעזער צערעמאָניע פון באַ־שפריצן די בריק מיט געהייליקטן וואסער. דערנאָך ערשט זענען געהאלטן געוואָרן רעדעס דורך די אינזשיניערן און די פארטרעטער פון דער מאכט.

אלס בוי־מאטעריאל האָט מען צו דער דאָזיקער בריק אויך גענוצט די מעטאלענע שטאנגען און דאָס שטעכעדיקע דראָט פון א שכנותדיקן קאָנצענטראציע־לאגער. דער אינזשיניער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן אויפבויען די בריק, איז אליין געזעסן אין איינעם פון די קאָנצענטראציע־לאגערן און ווען דער גלח אין זיין פייערלעכן טראכט האָט מיט א שערלע איבערגעשניטן די באנד ביים ארייננאנג צו דער בריק, האָט דער אינזשי־ניער זיך צעוויינט פון פרייד.

פייערונגען זענען אָן אָפּטע דערשיינונג אין די ארבעטס־צענטערן פון שלעזיע, אָבער גאנץ אָפט ווערט אין די פאבריקן ספּעציעל געארבעט אין די ימים־טובים. דאָס קומען ארבעטער פרייוויליק פראָדוצירן מאַ־טעריאל פאר א שולע, פאר אן אוניווערסיטעט, אָדער א קינדערהיים. אזוי למשל האָבן די ארבעטער פון דער גלאָז־הוטע אין וואלבזשיך אָפּגעגעבן פרייוויליק א טאָג ארבעט, כדי צו פּראָדוצירן צוויי און א האלב וואגאָנען שויבן פאר דעם וורָאָצלאווער אוניווערסיטעט. פון דעם דאָזיקן גלאָז איז אויסגעבויט געוואָרן א גאנצער לערן־זאל, וואָס איז טאקע אָנגערופן גע־וואָרן אויפן נאָמען פון די ארבעטער פון דער וואָלבזשיכער הוטע.

אזעלכע פרייוויליקע טעג ווערן איבער גאנץ שלעזיע אָפט אָפּגעגעבן פארן אויפבוי פון ווארשע.

אויך די יידישע קוילן־גרעבער אין וואָלבזשיך האָבן אָפּגעארבעט א יום־טובדיקן טאָג, כדי צוצושטעלן עקסטרא ברען־מאטעריאל פאר די יידי־שע קינדערהיימען איבער גאנץ פּוילן.

די זאָרג פאר די קינדער איז גרויס נישט נאָר ביי די טראגישע

דעשטלעך פון די לעבנגעבליבענע יידן, נאָר אויך ביי דער פּראָגרעסיווער פּוילישער געזעלשאַפט, וואָס ווייזט ארויס א שטארקן אינטערעס אויפן געביט פון טראָגן הילף צו די טויזנטער פאריתומטע פּוילישע קינדער, ווע־מענס עלטערן זענען אומגעקומען אין שקלאַפן־לאגערן אָדער געפאלן אויפן שלאכטפעלד. א נעץ פון קינדערהיימען איז אויסגעשפּרייט אין די בערג פון נידערשלעזיע, אין די קוראָרטן, ווו עס פלעגן פארברענגען דייטשע מאגנאטן און די נאצישע קארפּן־קעפּ. איצטער זענען אין די פּרעכטיקע ווילעס און פירשטלעכע שלעסער איינגעאָרדנט קינדערהיימען און סאנא־טאָריעס. אהער ווערן געשיקט אויף אָפּרו אינטעלעקטועלע, קינסטלער, אר־בעטער, וועלכע צייכענען זיך אויס, און דער עיקר טאקע קינדער.

אין סלאָווענטשיצע, ביים ברעג פון טייך קלאָדניצא, איז אין גוט פון די בּרייסישע פירשטן האָהענלאָהע איינגעאָרדנט געוואָרן א קאָלאָניע פאר יוגנטלעכע, וואָס האָט זיך שנעל פארוואנדלט אין א מין „יוגנט־שטאָט" פאר מיידלעך און בחורים מיט א זעלבסט־פארוואלטונג, שולן און פאך־קורסן.

דער בירגערמייסטער פון דער דאָזיקער יוגנט־שטאָט איז דער 19־יעריקער יעזשי בעלדאָך פון קאטאָוויץ. די יוגנטלעכע זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין די פּאלאצארטיקע בנינים פון דעם ריזיקן האָהענלאָהע־גוט, וואָס האָט 140 העקטאר לאנד מיט אייגענע פיש־אָזיערעס און וועלדער.

אין שפּעטן נאָכמיטאָג זענען מיר מיט אונדזער ספּעציעלן צוג אָנ־געקומען קיין סלאָווענטשיצע און דאן דורכן וואלד אוועק צו פוס צו דער יוגנט־שטאָט, וואָס ליגט א מייל פון באן־הויף. ביים ראנד פון וואלד האָבן מיר געזען דעם ארבעטס און פארניכטונגס־לאגער בלעכהאמער, וואָס איז זייער ווייניק באקאנט, אָבער אויף דער מאפּע פון די קאָנצענטראציע־לאגערן איז ער באצייכנט מיט א רויט פּינטעלע, ענלעך ווי אָשוויענטשים.

אומצעשטערט איז פארבליבן דער הויכער הילצערנער פּלויט מיט דעם ארומגעצוימטן שטעכעדיקן דראָט און אינעווייניק שטייען נאָך גאנץ די שווארץ־באַפּארבטע באראקן, ווו די שקלאַפן־ארבעטער האָבן געוווינט. איבער די נידעריקע בודקעס שטרעקט זיך קאפּויער צום הימל דער רויט־ציגלדיקער קוימען פון קרעמאטאָריום, ווו די פארפּייניקטע יידישע אר־בעטער זענען טאָג און נאכט געוואָרן געברענט.

אין בלעכהאמער, אָדער ווי דאָס הייסט איצט אין פּויליש בלאכאָוו־ניאַ, האָט נישט ווייט פון לאַגער זיך געפונען די גרעסטע דייטשע פאבריק פון סינטעטישן בענזין, וואָס איז אויסגעארבעט געוואָרן פון קוילן. דאָ האָבן טאָג און נאכט געארבעט העכער 30.000 יידישע שקלאפן־ארבעטער און די אליאירטע עראָפּלאַנען האָבן נישט אויפגעהערט צו באָמבארדירן די דאָזיקע פאבריק. א לעבנגעבליבענער עדות פון דעם דאָזיקן לאַגער, דער דירעקטאָר פון דער יידישער „קאָלאָני סקאָלער" אין פּאריז, ד"ר ר. רייכמאַן, האָט מיר דערציילט, אז טויזנטער יידישע ארבעטער זענען דאָרט אומגעקומען בעת די לופט־אטאקעס.

די פאבריק־געביידעס אין בלעכהאמער זענען רואינירט, אָבער דער לאַגער מיט דעם קרעמאטאָריום שטייט ווי אן עדות, ווי א מצבה אויפן קבר פון צענדליקער טויזנטער פארברענטע און פארפייניקטע יידן.

דער פּלויט און די שטעכעדיקע דראָטן פון בלעכהאמער־לאַגער ציען זיך טיף אריין אין דעם סאָסנע־וואלד, וואָס פירט צו דער יוגנט־שטאָט סלאַוועניטשיצע. ווען מיר זענען געהאט אָפּגעגאנגען א שטיקל וועג אין וואלד, איז אונדז מיט געזאַנג אנטקעגנגעקומען א מחנה יונגוואַרג פון דער יוגנט־שטאָט. דאָס זענען זיי געשיקט געוואָרן, כדי מקבל פּנים צו זיין די אויסלענדישע געסט. דאָס זענען געווען יינגלעך און מיידלעך אין עלטער פון צען ביז זיבעצן און אכצן יאָר, קינדער פון געפאלענע פּארטיזאַנען, קינדער פון קוילן־גרעבער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער שווערער ארבעט — מיט איין וואָרט, די יוגנט, וואָס ווערט דערצויגן אין גייסט פון נייעם פּוילן.

די יוגנט־שטאָט סלאַוועניטשיצע ווערט באטראכט ווי אן עקספּערי־מענטאַלער דערציערישער אויפטו פון געבן דער יוגנט א מעגלעכקייט זעלבסטשטענדיק צו אָרגאניזירן זייער לעבן און פריי אויסצוּווײלן א באַרוף. די רעגירונג און די לאָקאַלע אדמיניסטראַציע סובסידירן מיט באדייטנדיקע סומען די דאָזיקע יוגנט־שטאָט, וואָס דאַרף אָבער אין דער צוקונפט אליין זיך קענען אויסהאַלטן דורך באַארבעטן דאָס לאַנד און אויסבויען פאר־שידענע ווארשטאטן.

שנעל האָט זיך פארקניפּט אונדזער געשפּרעך מיט דעם דאָזיקן יונג־וואַרג, וואָס האָט ארויסגעוויזן פיל פארשטענדעניש פאר דעם פאַקט, אז

זיי לעבן אין א נייעם פּוילן און אז אונטער די פריערדיקע רעזשימען וואָלטן זיי, די קינדער פון פּויערים און ארבעטער, נישט געהאט אזעלכע מעגלעכ־קייטן פון לערנען און געניסן פון ספּאָרט און פארוויילונגען אין אזא מוס־טערהאפטער יוגנט־געמיינשאפט, וואָס וואָלט בכלל אוממעגלעך געווען אין אלטן פּוילן. זיי האָבן ארויסגעוויזן א באזונדערע צופרידנקייט דערפון, וואָס זיי בויען זייער שטאָט אין א גוט פון די דייטשע פּרינצן האָהענלאָהע, די אָפּשטאמלינגען פון די דעספּאָטישע פּרייסישע הערשער.

אין איין הינזיכט בלויז איז די גייסטיקע אנטוויקלונג פון דער דאָ־זיקער יוגנט געבליבן פארגליווערט און דאָס איז אין באצוג צו דעם באגריף „ייד". דאָס האָבן זייערע לערער אפנים נישט געוואגט נאָך אָנצורירן. ווען איך האָב איינעם פון די יינגלעך א פרעג געטון, וואָס עס איז געווען הינ־טער דעם שטעכעדיקן דראָט, וואָס האָט אונדז כסדר באגלייט טיף אין וואלד אריין, כמעט ביז צו דער בריק, וואָס פירט צום אריינגאנג פון דער יוגנט־שטאָט, האָט דער בלאָנדער, לעבהאפטער און קלוגער 15־יעריקער בחור א זאָג־געטון: „דאָ האָבן די דייטשן געברענט יידן". ער האָט דאָס געזאָגט מיט דער גלייכגילטיקייט, מיט וועלכער ער האָט, למשל, געקענט אויך זאָגן, אז דאָ האָט מען געברענט קאווע...

בעת אונדזער באזוך האָבן אין דער דאָזיקער יוגנט־שטאָט זיך שוין געפונען 300 איינוווינער. מען האָט אָבער שוין געבויט א גאנצע ריי הילצערנע געביידעס, וואָס האָבן אינגיכן געדארפט אויפנעמען נאָך עטלעכע הונדערט יוגנטלעכע. ארום די געמויערטע פּאלאצלעך פון דער אמאָליקער פירשטן־פאמיליע זענען אויסגעוואקסן הילצערנע הייזקעס און אין די אלעיען האָבן זיך שוין פּאָרמירט גאסן מיט אויפשריפטן לויט די נעמען פון געפאלענע העלדן און פאַרשידענע היסטאָרישע אָרטשאפטן.

מיר האָבן אלזאָ געזען דעם סקעלעט פון א שטאָט, וואָס האלט אין געבוירן ווערן, א שטאָט פאר יוגנט, געבויט דורך יוגנט. די זין פון די קוילן־גרעבער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, האָבן כמעט אלע געזאָגט, אז זיי ווילן מער נישט פאָרזעצן דעם בארוף פון זייערע עלטערן. זיי האָבן זיך שוין פליסיק גענומען צו אנדערע פאכן, צו סטאָלעריי, שלאָסעריי און וועבעריי, וואָס ווערט דאָרט געלערנט אויף די פאך־קורסן.

ווען דער אָוונט איז צוגעפאלן, האָט זיך דערהערט א שארף געפּיי־

פּעריי. דאָס האָט דער פּירער פון דער יוגנט־מיליץ געררופן די דיזשורירנ־דיקע וואך צו פארנעמען די פּאָסטנס. די דאָזיקע יוגנט־שטאָט איז עטלעכע מאָל שוין געוואָרן איבערפאלן דורך וואלד־באנדעס, וועלכע זענען געקומען צורויבן שפייז, און דאָס יונגוואַרג האָט דעריבער באַקומען געווער און אוועקגעשטעלט א פּערמאנענטע וואך אונטער צוואנציק ביקסן.

מיט גרויס נייגיר האָט דאָס יונגוואַרג געפרעגט וועגן אמעריקע. זיי האָבן געהערט וועגן א „באָיס טאָון" אין אמעריקע, אָבער זיי זענען נישט געווען זיכער, צי דאָס איז בלויז א פילם, אָדער עס עקזיסטירט טאקע אין דער ווירקלעכקייט אזא שטאָט פאר יוגנטלעכע. די פירער פון דער דאָזיקער יוגנט־געמיינשאפט, יונגע אינטעליגענטע סטודענטן, האָבן אפילו אויסגעדרוקט א ווונש צו קומען קיין אמעריקע, כדי אָנצובינדן א קאָנ־טאקט מיט דער אמעריקאנער יוגנט, זיך לערנען פון אירע אויפטוען און אפשר אויך — האָט איינער באמערקט — צו באקומען עפּעס הילף.

„מיר זענען אזוי אָרים, עס פעלן אונדז אזוי פיל זאכן — האָט ער פאָרגעזעצט — מכשירים, ביכער, מוזיק־אינסטרומענטן"...

„מיר וואָלטן אזוי געדאדפט האָבן א דרוקעריי — האָט זיך אריינ־געמיש א הויכוווּקסיקער, דארער בחור מיט בלויע אויגן, וועלכער האָט זיך דאן מודה געווען, אז ער שרייבט לידער. — מיר נויטיקן זיך אין א צייטונג. דערוויל ווערט אונדזער וואנט־צייטונג געשריבן מיט דער האנט. מיר האָבן אפילו נישט קיין שרייב־מאשין".

דאָס וואָרט אמעריקע איז געגאנגען פון מויל צו מויל און ווי א צויבער־שיין צעלויכטן זייערע געזיכטער.

יונגע מיידלעך האָבן דערלאנגט טיי און ברויט, באשמירט מיט מארמעלאדע און לעבער־וווּרשט.

„דאָס איז פון דער „מומע אונרא" — האָט איינע פון די מיידלעך א זאָג־געטון.

דאָס האָט געמיינט, אז די מארמעלאדע און לעבער־וווּרשט שטאמען פון דער ווונדערלעכער אמעריקע.

עס האָט געהערשט א געהויבענע שטימונג. מיין אמעריקאנער מונ־דיר איז געווען דער צענטער פון אלעמענס אויפמערקזאמקייט. זיי האָבן דערין געזען א פארבינדונג מיט דעם לאנד, פון וועלכן מען האָט דערוואַרט

אזוי פיל. זיי האָבן מיך געפרעגט װעגן דעם לעבן פון דער אמעריקאנער יוגנט און װעגן די פינף מיליאָן אמעריקאנער פּאָליאקן.

די געהויבענע שטימונג איז אָבער פארשװוּנדן, װען איך האָב מײנע מיטשמועסער א פרעג־געטון, צי עס זענען אין דער דאָזיקער יוגנט־שטאָט פאראן אויך יידישע קינדער. „עס זענען דאָך פארבליבן קינדער פון יידישע פּארטיזאנען? — האָב איך געזאָגט — עס זענען דאָך פאראן קינדער פון יידישע קוילן־גרעבער? . . .

מײנע יונגע מיטשמועסער זענען מיטאמאָל געװאָרן אנטשװיגן, אויסגעטוישט צװישן זיך שטוינענדיקע בליקן און דאן האָט דער עלטסטער פון זיי, א לערער, א שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט:

„לײדער נישט״. . . — גלייך װי ער װאָלט אויסגעמיטן ארויסצוזאָגן װעגן דעם א פולן זאַץ, אז עס זענען נישטאָ קיין יידישע קינדער אין זייער יוגנט־שטאָט.

װען מיר זענען ארויס פון עס־צימער און שפּאצירט אין דער טונקעלער אלעיע, איז דער דאָזיקער לערער געװאָרן מער בארעדעװדיק. אין דער פינסטערניש האָט ער זיך געפילט באקװעמער און ער האָט דאן געזאָגט:

„עס איז נאָך פריצייטיק צו ברענגען אהער יידישע קינדער. עס נויטיקט זיך נאָך א גרויסע דערציאונגס־ארבעט. אָבער גלויבט מיר, דאָס מאטערט אונדז, מיר האָבן דאָס אין זינען. דערװייל אָבער איז עס נאָך אוממעגלעך״.

קאפיטל זעכצן

# ליכטיקייט אין דער טיפער פינסטערניש

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון פוילן באמיט זיך די רע־גירונג, אז די פולע גלייכבארעכטיקונג פאר אירע יידישע בירגער זאָל עקזיסטירן נישט נאָר בלויז אין די שיין־געפאָרעמטע פראזן פון דער פאַ־פירענער קאָנסטיטוציע, נאָר טאקע אין דער ווירקלעכקייט. באזונדערס זענען די דאָזיקע באמיאונגען מערקבאר אין די נייע געביטן, און ספעציעל אין שלעזיע. עס זענען דאָרט אָפן פאר יידן די טויערן פון די פאבריקן, די שאכטעס פון די קוילן־גרובן, די גרויסע פונקט ווי די קליינע אמטן אין די רעגירונגס־ביוראָען און עס איז אויך פריי פאר די יידן דער שליאך, וואָס פירט צו די פעלדער.

אין נידערשלעזיע האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען יידישע גע־וועלבער מיט יידישע נעמען אויף די שילדן. איך האָב זיך מאָדנע דער־פרייט, ווען איך האָב אויפן מארק אין ריכבאך דערזען א געוועלב מיט א גרויסן איבערשריפט: „רובינשטיין — שפייז־געוועלב".

אזא זאך איז זיך גאָרנישט פאָרצושטעלן אויף די אלטע פוילישע טעריטאָריעס. אין די שטעט און שטעטלעך פון שלעזיע האָב איך אויך געזען יידישע פלאקאטן אויף די ווענט, וואָס האָבן אָנגעזאָגט טעאטער־אונטערנעמונגען, קאָנצערטן, רעפעראטן און איך האָב אויך אומעטום גע־הערט קלינגען די יידישע שפראך.

עס איז מאָדנע, אָבער אזוי איז עס. אויף די נייע פוילישע טערי־טאָריעס, און ספעציעל אין נידערשלעזיע, פילן זיך די יידן נישט נאָר בלויז זיכערער, נאָר טאקע אויך היימישער, ווי אין זייערע אמאָליקע היימען אין די שטעט און שטעטלעך, פון וואנען זיי שטאמען. דאָ פאָרפאָלגט זיי

נישט דער האס פון די אלטע, גוטע שכנים, וועלכע קוקן מיט שטוינונג אויף צוריקקומענדיקע יידן און זענען גרייט מיט דער היימישער האק זיך צו פארמעסטן אויף יעדן ייד. פאר דער חוצפה פון פארלאנגען צוריק זיין פארמעגן.

די הייזער און פארמס, די פאבריקן און געוועלבער, וואָס זענען פאר־נומען געוואָרן דורך די יידן אין די נייע פוילישע טעריטאָריעס, זענען דאָס אייגנטום פון אנטלאָפענע נאצים. עס ליגט דעריבער דערין דער טעם פון א שטיקעלע נקמה, פון א ביסעלע גערעכטיקייט אין אָט דער קאלטער הארצלאָזער וועלט, וואָס איז אזוי שנעל אריבער צו דער טאָג־אָרדענונג איבער די זעקס מיליאָן פארגאזעוועטע, פארפייניקטע יידן.

די יידן אין שלעזיע פילן זיך אלס מיט־שותפים צו דעם דאָזיקן לאנד, ווו הונדערטער טויזנטער יידן האָבן דורך די זעקס יאָר פון קריג דאָ פארגאָסן זייער שווייס און בלוט אלס שקלאפן־ארבעטער אין די פאַ־בריקן און אויף די פארמס. אין קיין שום טייל פון די נאצי־אָקופּירטע געביטן אָדער אויף די דייטשע אייגענע טעריטאָריעס זענען נישט געווען אזוי פיל שקלאפן־לאגערן ווי אין שלעזיע, סיי אין דעם טייל, וואָס האָט באלאנגט צו פוילן און אויך אין דעם, וואָס האָט באלאנגט צו דייטשלאנד. דאָס זענען די יידישע שקלאפן־ארבעטער איינגעשפאנט געוואָרן אין דער דייטשער קריגס־אינדוסטרי, וואָס האָט אירע וויכטיקסטע ארסענאלן געהאט טאקע אויף דער שלעזישער ערד. די יידישע שקלאפן האָבן דאָ געבויט די אויטאָסטראדע: וורָאצלאוו־בערלין, און אונטער די בייטשן פון די נאצישע אויפזעער געארבעט ביי די אנטי־טאנק גרובנס און באריקאדן.

די יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע אין קאטאָוויץ האָט ארויסגעגעבן א ספּעציעלע מאפּע, וואָס באווייזט דעם נעץ פון קאָנצענטראציע־לאגערן אין פוילן בעת דער נאצישער אָקופּאציע. די איניציאטאָרין פון דער דאָ־זיקער אָריגינעלער מאפּע, די ערשטע פון דעם מין אין דער קארטאָגראַ־פישער וויסנשאפט, איז די אומדערמידלעכע ריטאַ מאסלאָווסקא, די ליי־טערין פון דער קאטאָוויצער אָפּטיילונג פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע.

די דאָזיקע הויך־געבילדעטע און אגב טאקע הויך־וווּקסיקע, שיינע פרוי אין די מיטעלע יאָרן איז פריציייטיק גרוי געוואָרן פון די שרעקלעכע

איבערלעבונגען און איז געבליבן איינע אליין פון איר צאָלרייכער פאַמיליע. איר גאַנצע ענערגיע און פעאיקייטן גיט זי אָפּ, כדי צו פאַרשפּרייטן די אויסגאַבן פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דאָס אומגליק פון פּוילישן יידנטום.

זי האָט אָבער געפילט, אז ביכער אליין זענען נישט גענוג, און אז צו די ביכער איז אויך נויטיק א מאַפּע, וואָס זאָל באַלד פון ערשטן אויגנבליק געבן א בילד וועגן דעם יידישן מאַרטירערטום און די נאַצישע פאַרברעכנס אויף דער פּוילישער ערד. די מאַפּע איז געצייכנט לויט די נייע גרענעצן פון פּוילן, אָבער פון דער בלויער גרענעץ־ליניע שטרעקט זיך אויך אויס אין דער אומענדלעכקייט פון ווייסן פּאַפּיר דער טייל פון מזרח־גאַליציע, וואָס באַלאַנגט שוין מער נישט צו פּוילן, אָבער ווו עס האָבן זיך אויך געפונען קאָנצענטראַציע־לאַגערן פאַר פּוילישע יידן.

אין די דערקלערונגען צו דער דאָזיקער מאַפּע ווערט געזאָגט, אז א שוואַרץ פּינטעלע באַדייט אַן אַרבעטס־לאַגער, א שוואַרצער דריי־עק באַדייט א פאַרניכטונגס־לאַגער און א רויט פּינטעלע באַדייט א פאַרניכטונגס־לאַגער און אַרבעטס־לאַגער צוזאַמען. די גרעסטע צאָל רויטע פּינטעלעך געפינט זיך אויף דעם שלעזישן אָפּשניט פון דער מאַפּע. אין שלעזיע האָבן די נאַצים איינגעאָרדנט די פיר שרעקלעכסטע לאַגערן. באַקאַנט זענען בלויז אָשוויענטשים און בירקענאַו. פון דעם זעלבן טיפּ זענען אויך געווען די אומבאַקאַנטע לאַגערן בלעכהאַמער און גראָס־ראָזען (וואָס באַרא פּאָעטישער נאָמען!). אין די צענדליקער האָט אָבער דערגרייכט די צאָל פון אַרבעטס־לאַגערן. דער אָפּשניט פון שלעזיע אויף דער מאַפּע פון ריטאַ מאַס־לאָווסקאַ איז ממש שוואַרץ פון די שוואַרצע פּינטעלעך.

אין מאָמענט ווען שלעזיע איז באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, זענען 7000 יידן אַרויס פון די לאַגערן. דאָס זענען געווען די יינגסטע און געזונטסטע, וועלכע האָבן באַוויזן איבערצולעבן דעם שקלאַפן־רעזשים אין די אַרבעטס־לאַגערן לענגאויס די ברעגן פון דער אָדער און ניסאַ, וואָס שטעלן מיט זיך איצט פאָר די גרענעצן פון נייעם פּוילן.

די 7000 יידן האָבן באַלד אויף צומאָרגנס נאָך דער באַפרייאונג אָנטייל גענומען אין איינשטעלן אָרדענונג אין די נייע פּוילישע געביטן. פון איינעגער איניציאַטיוו האָבן זיי אָרגאַניזירט א פּריוווילִיקע אינדוסטרי־

מיליץ, וואָס זאָל אָפּהיטן די פאבריקן פון פּארניכטונג און סאבאָטאזש. מיט געווער אין האנט האָבן זיי גלייך באזעצט די אינדוסטרי־צענטערן, די פאבריקן, ווארשטאטן, כדי צו ראטעווען פון פארניכטונג די מאשינען און רוי־מאטעריאלן, וואָס די אָפּטרעטנדיקע נאציס האָבן נישט באוויזן מיטצונעמען.

די באפרייטע יידן האָבן אויך פּריוויליק אָנטייל גענומען אין די שניט־בריגאדעס ביים אראָפּנעמען די תבואה פון די פעלדער, וואָס זענען דורך די אנטלאָפענע נאציס איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר. זיי האָבן מיטגעהאָלפן אויפשטעלן די ערשטע פּוילישע מלוכה־אדמיניסטראציע אויף די נייע געביטן און אין די ערשטע חדשים ממש אָנגעפירט מיט דער באַלעבאטישקייט פון א גאנצער ריי שטעט.

באלד האָט זיך אויך געשאפן דער וואָיעוואָדישער יידישער קאָמיטעט אין שלעזיע, וואָס האָט צו דער פּוילישער רעגירונג געשיקט א מעמאָראַנדום, אונטערשטרייכנדיק, אז די לעבנגעבליבענע יידן אין שלעזיע ווילן דאָ צוריק אויפבויען זייערע נייע היימען. אין דעם מעמאָריאל איז צווישן אנדערע געזאָגט געוואָרן:

„די פאריתומטע, עלנטע יידן ווילן צוריק אָנהייבן בויען א שעפערישן לעבן צווישן זייערע אייגענע, צווישן די, וועלכע פארשטייען זיך קעגנזייטיק. עס איז אין אינטערעס פון לאנד און עס וועט זיין אויך אן אויסדרוק פון מענטשלעכער גערעכטיקייט, אז די יידן זאָלן איינגעאָרדנט ווערן אין אזא געגנט, ווו זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו א פּראָדוקטיוו און שעפעריש לעבן".

אין שפּיץ פון דעם נייעם יידישן ישוב אין נידערשלעזיע האָט זיך געשטעלט דער יידישער ארבעטער־טוער פון באָריסלאוו, גאליציע, יעקב עגיט, וועלכער האָט ארויסגעוויזן גרויסע אָרגאניזאטאָרישע פעאיקייטן און איז אייגנטלעך געווען דער איניציאטאָר פון באזעצן יידן אויפן לאנד.

איך האָב דעם דאָזיקן יונגן ארבעטער־טוער, א געוועזענער פירער פון די לינקע פּועלי ציון אין באָריסלאוו, געקענט נאָך פון פאַרן קריג. בעת מיין איצטיקן באזוך אין פּוילן האָב איך זיך מיט יעקב עגיט צום ערשטן מאָל באגעגנט אין ווארשע אויף אן אויסערגעוויינלעכער קאָנפערענץ פון

די פאַרטרעטער פון יידישע קאָמיטעטן איבערן גאַנצן לאַנד, וואָס איז צו־נויפגערופן געוואָרן גלייך נאָך די קיעלצער געשעענישן.

די קאָנפערענץ האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון א דרינגנדיקער פראָנט־באַראַטונג, צו וועלכער די קאָמאַנדירן פון דער ערשטער פייער־ליניע זענען צונויפגערופן געוואָרן אין א מאָמענט פון געפאַר. די ערשטע פּונקטן אויף דער טאָג־אָרדענונג זענען געווען: אָרגאַניזירן א יידישע זעלבסטשוץ און עוואַקואירן די יידן פון די קלענערע שטעטלעך.

ביטערניש און פאַרצווייפלונג איז געווען דער לייטמאָטיוו אין די באַריכטן פון כמעט אַלע פאַרטרעטער פון די פאַרשידענע וואָיעוואָדישע קאָמיטעטן. דער פאָרשטייער פון לאָדזש האָט גערעדט וועגן געפאַר, וואָס דראָט די יידן אין די שטעטלעך אַרום דעם דאָזיקן גרויסן אינדוסטרי־צענטער; די פאַרטרעטער פון לובלין האָבן גערעדט וועגן פּאַניק; דער פאָרשטייער פון ביאַליסטאָק האָט אין די סאַמע שוואַרצסטע פאַרבן געשילדערט דאָס לעבן פון די דאָרטיקע יידן.

די פאַרטרעטער פון די קאָמיטעטן האָבן גאַנץ אָפן קריטיקירט די רעגירונג, פאַרוואָס עס איז נאָך אַלץ נישט דורכגעפירט געוואָרן קיין דעקרעט, וואָס זאָל אויסדריקלעך דעם אַנטיסעמיטיזם באַצייכענען אַלס פאַרברעכן קעגן דער מלוכה. זיי האָבן באַהויפּטעט, אַז דער עקזיסטירנדיקער געזעץ קעגן ראַסיזם האָט נישט די נויטיקע דערציערישע ווירקונג און עס מוז דירעקט געזאָגט ווערן, אַז העצערייען קעגן יידן זענען א פאַרברעכן.

דער איינציקער האָפּערדיקער טאָן, דער איינציקער גרוס וועגן וואַקסנדיקע יידישע ישובים און וועגן פּראָדוקטיווע דערגרייכונגען איז געקומען צום אויסדרוק אין באַריכט פון פירער פון וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין ווראָצלאַוו, יעקב עגיט. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די נייַ־אויסגעוואַקסענע יידישע ישובים אין נידערשלעזיע זענען גרייט אויפצונעמען די יידן פון די קלענערע שטעטלעך אין צענטראַל־פּוילן. זיין באַריכט האָט אויף דער דאָזיקער טרויער־פאַרזאַמלונג אַריינגעבראַכט א טאָן פון דערמוטיקונג.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך יעקב עגיט געזען ביי דער אַרבעט אין ווראָצלאַוו. אין די צימערן פון צענטראַל־קאָמיטעט, אויף וואָלאָדקיעוויטשאַ, האָט גערוישט ווי אין א בינשטאָק. נידערשלעזיע האָט שוין דאַן

מיט זיך פאַרגעשטעלט א ישוב פון קנאפע 100.000 יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען העכער 80.000 רעפּאַטריאַנטן פון רוסלאַנד. אין 46 שטעט און שטעטלעך זענען שוין געווען איינגעאָרדנט יידישע קאָמי־טעטן מיט פאַרצווייגטע אינסטיטוציעס — צענדליקער קינדערהיימען, קיכן, שפּיטאָלן, ביבליאָטעקן, שולן, דראַמאַטישע קרייזן און אפילו פאָלקס־אוניווערסיטעטן.

דער ברייט־פאַרצווייגטער אויפבוי־פּראָגראַם, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דעם צענטראַל קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן, איז דער־מעגלעכט געוואָרן א דאַנק די פאָנדן פון „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָ־מיטעט", וואָס האָט אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון דער קאָנסטרוקטיווער הילף פאַר די לעבנגעבליבענע פּוילישע יידן.

דער לייטער פון דער פּראָדוקטיוויזאַציע־אָפּטיילונג האָט מיר דער־לאַנגט א ראָזע זייטל ביבולע־פּאַפּיר, אויף וועלכן עס זענען געבראַכט געוואָרן דערמוטיקנדיקע ציפערן וועגן דער צאָל באַשעפטיקטע יידן אין נידערשלעזיע ביזן טאָג פון 10טן יולי 1946. די אַלגעמיינע צאָל באַשעפ־טיקטע יידן איז געווען 13.101, דערפון איבער 2000 אין ריכבאַך און צו העכער טויזנט אין די שטעט וואַלבזשיך, ווראָצלאַוו און ביעלאַווא. לויט די אינדוסטריי־צווייגן איז די גרעסטע צאָל יידן באַשעפטיקט געווען אין די טעקסטיל־פאַבריקן (1487 יידן), אין די גרובנס (906), מעטאַל־אינ־דוסטריי (377) און אַנדערע מלוכה־אונטערנעמונגען (3080). אין די קאָאָפּעראַטיוון זענען באַשעפטיקט געווען 1561 און אין אַנדערע געביטן — 5183 יידן.

דער יונגער ישוב האָט אָבער דאַן פּלוצים, אויפן הויכפּונקט פון זיין אַנטוויקלונג, איבערגעלעבט א שווידערלעכע אויפטרייסלונג צוליב דעם קיעלצער פּאָגראָם. נישט נאָר האָבן יידן גענומען לויפן פון שלעזיע, נאָר דורך ווראָצלאַוו זענען צו די גרענעצן אויך געלאָפן טויזנטער יידן פון גאַנץ פּוילן. איך האָב דאַן באַוווּנדערט דעם גלייכגעוויכט פון יעקב עגיט און זיינע מיטאַרבעטער אין וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין ווראָצלאַוו און זייער אומגעבראָכנקייט אין אָט די טעג פון פאַרצווייפלונג. מען האָט די אַנגעלאָפענע דורכוואַנדערער געמוזט באַזאָרגן מיט געלעגערס, מיט שפּייז און; דערביי האָבן די לאָקאַלע פירער געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען איינ־

צושטילן די פּאַניק, וואָס האָט ווי א שטורעם זיך גענומען פאַרשפּרייטן אויף צווישן די שוין איינגעזעסענע יידן אין די שטעט און שטעטלעך פון נידערשלעזיע.

פאַר די געביידעס פון די יידישע קאָמיטעטן אין ווראָצלאַוו, ריכבאַך, וואַלבזשיך, ביעלאַווא און קלאַצקאָ האָב איך געזען פאַרזאַמלט הונדערטער אומרואיקע יידן און צווישן זיי פיל פרויען מיט פּיצעלעך קינדער אויף די הענט. דאָס זענען געווען ניי־געבוירענע קינדער פון פרישע חתונות, וואָס זענען אין שלעזיע מאַסנהאַפט פאָרגעקומען צווישן די באַפרייטע יידן.

אַרום די קאָמיטעטן זענען הויפטזעכלעך געווען פאַרזאַמלט יידן פון די קלענערע שטעטלעך, פון די שטילע דערפער און פאַרמס, ווו די פּאַניק, וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער לופט, האָט געהאַט א שטאַרקערן אָפּ־קלאַנג, ווי אין די גרעסערע צענטערן. דער עולם איז דעריבער געקומען אין די גרעסערע צענטערן זיך דערוויסן וועגן דער לאַגע. טייל זענען גע־קומען בעטן ביי די קאָמיטעטן שפּייז און געלט, כדי אונטערצונעמען די נסיעה איבער דער גרענעץ. די מערהייט איז אָבער דירעקט אַוועק אין דער ריכטונג פון קלאַצקאָ, ווו אונטערן צודעק פון דער נאַכט האָבן הונדערטער און טויזנטער יידן ווייטער זיך געלאָזט אויף דער וואַנדערונג, צו די לאַ־גערן אין דייטשלאַנד.

מיט א גרופּע פון אַזעלכע פּליטים האָב איך מיטגעמאַכט דעם וועג פון פּוילן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. אונטערן צודעק פון דער פינסטערער נאַכט בין איך געגאַנגען מיט א גרעסערער פּאַרטיע מענער, פרויען און קינדער. מיר זענען געקראָכן איבער בערג, דורך וועלדער, איבערגעשיפט זיך איבער א טייכל און דאַן געטאָפּטשעט אין זומפּן. צווישן דער גרופּע, מיט וועלכער איך בין געגאַנגען, האָבן זיך געפונען יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן געהאַט אויף די הענט אויסגעטאַטואירטע נומערן פון אָשוויענטשים, בערגען־בעלזען און דאַכאַו. ווי נאָר די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט אין זומער פון 1945 זיי געהאַט באַפרייט — האָבן זיי צוריק זיך אומגעקערט קיין פּוילן און איצטער זענען זיי צוריקגעגאַנגען קיין דייטשלאַנד.

ווען מיר זענען אין דער פינסטערער נאַכט געהאַט אַריבער דאָס וועלדל, וואָס איז געלעגן אויפן סאַמע ראַנד פון דער פּוילישער גרענעץ, און מיר האָבן זיך שוין געפונען אויף דער טשעכישער טעריטאָריע, האָבן

אײניקע פון די פּליטים זיך אויסגעדרײט צו דער פּוילישער זײט און װי געזעגנט זיך מיט דער ערד, װוּ זײ האָבן מער נישט געקענט אײנאָרדענען זײער הײם, נאָך דעם װי זײערע אורעלטערן האָבן דאָרט אָפּגעלעבט העכער טויזנט יאָר.

דאָס צוריקגײן קײן דײטשלאַנד איז פאַר זײ געװען א שוידערלעכע איבערלעבונג. װעגן דעם האָבן זײ קײנמאָל פריער נישט געטראַכט, אָבער זײ האָבן זיך געטרײסט דערמיט, אז פון דײטשלאַנד װעלן זײ האָבן די געלעגנהײט זיך ארויסצובאַקומען אין דער אָפענער װעלט — קײן ארץ ישראל, קײן אמעריקע. זײ האָבן געהאָפט, אז לאַנג װעלן זײ נישט דאַרפן בלײבן אויף דער פאַרבלוטיקטער דײטשער ערד, אז די הומאַניטאַרע װעלט, אז די „פּאַראײניקטע פעלקער" װעלן דערהערן זײער װײ־געשרײ און עפענען פאַר זײ דעם װעג צו א פּערמאַנענטער הײם. מיט אָט דער דאָזי־קער האָפענונג האָבן זײ דורכגעמאַכט דעם שװערן װעג איבער דער גרע־נעץ און מיט דעם דאָזיקן גלויבן זענען זײ צוריקגעגאַנגען אין די לאַגערן ארײן קײן דײטשלאַנד.

פון יולי ביז סעפּטעמבער 1946 זענען פון פּוילן אנטלאָפן קרוב צו הונדערט טויזנט ייִדן. די רעפּאַטריאַציע פון פּוילישע ייִדן פון סאָװעט־רוסלאַנד איז שוין געװען כמעט װי פאַרענדיקט און אין פּוילן האָבן זיך דאַן געפונען ארום 180.000 ייִדן. באַזונדערס גרויס איז געװען די ייִדישע קאָנצענטראַציע אין די נײע פּוילישע געביטן און ספּעציעל אין נידער־שלעזיע, װוּ גאַנצע שטעט, פון װעלכע די דײטשע באַפעלקערונג איז גע־װאָרן עװאַקואירט, זענען געװאָרן באַזעצט דורך ייִדן.

אין דעם מאָלערישן פּעטראָלעסיע (אמאָל פּעטערסװאַלד) האָב איך געזען גלענצנד אײנגעאָרדנטע פאַרמס, װעלכע זענען מיט א טאָג, אָדער צװײ טעג פריער געהאַט פאַרלאָזט געװאָרן דורך די נײע ייִדישע אײגנ־טימער, נאָכדעם װי זײ האָבן שװער געהאַט אָפּגעהאָרעװעט בעת דעם פאַרזײ אין די פרילינגס־חדשים. אין די שטאַלן זענען די גרויסע ראַסאָװע קי געשטאַנען אומגעמעלקט און הינטערן שײער האָבן זיך געצױגן די פעל־דער, װוּ די שװערע זאַנגען פון געראָטענעם װײץ האָבן זיך געװיגט אונ־טערן געפּליסטער פון װאַרעמען, פאַרנאַכטיקן יולי־װינטל.

דאָס הארץ האָט געשניטן צו קוקן אויף אָט דער גאָט־געבענטשטער

ערד, אויף דער פּרעכטיקער לאַנדשאַפט, אויף די מאָדערנע הייזער און באַקוועמע איינריכטונגען, פון וועלכע די פריש־איינגעזעסענע יידן האָבן גענומען לויפן. דער ווירטשאַפטלעכער לייטער פון דער סטאַראָסטווע אין ריכבאַך, וועלכער האָט מיך געפירט איבער די פאַרמס פון פעטראָלעכיע, האָט מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן גערעדט וועגן די אַנטלאָפענע און אונ־טערגעשטראָכן, אַז אין נידערשלעזיע איז נישטאָ קיין שום גרונט פאַר קיין פּאַניק. ער האָט מיך געפירט פון פאַרם צו פאַרם, כדי מיך איבערצוצייגן, אַז נישט אַלע לאָזן זיך מיטרייסן פון דער בהלה־שטימונג.

אין די דאָזיקע פאַרמס האָב איך געטראָפן יידן צוריקקומען פון די פעלדער נאָך א טאָג פון שניט. די שטימונג צווישן זיי איז געווען א גע־מישטע. טייל פון זיי האָבן געהאַט באַשלאָסן אָפּוואַרטן „נאָך עטלעכע טעג״, אָבער אין דער אמתן זענען זיי שוין מיטן געדאַנק געווען ביי דער גרענעץ.

עס זענען אָבער אויך געווען פיל אַנטשלאָסענע, עקשנותדיקע יידן, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן נישט אַנטלויפן, אַז זיי וועלן זייערע נייע היימען און זייער ניי־דערוואָרבענע ערד פאַרטיידיקן אויפן אָרט.

צווישן די דאָזיקע אַנטשלאָסענע האָבן זיך געפונען לעאָן טעפּער און הענריק ראַבער, וועלכע האָבן אין פעטראָלעסיע איבערגענומען א פאַרם נאָך א ייד, וועלכער איז אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד נאָך דעם, ווי ער האָט באַקומען א דראָאונגס־בריוו. די דאָזיקע צוויי לעמבערגער יונגעלייט זענען צוריקגעקומען פון רוסלאַנד און מיטגעבראַכט מיט זיך פון דאָרט רוסישע פרויען. זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז זיי וועלן זיך נישט לאָזן אָפּשרעקן. ביידע זענען זיי געווען אָפיצירן אין דער פּוילישער קאָשטשיושקאָ־דיוויזיע און זיך באַטייליקט אין דער שלאַכט ביי לענינאָ. מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט האָבן זיי צו מיר געזאָגט : „מיר האָבן געקעמפט און מיר וועלן אויך ווייטער קעמפן. מיר וועלן נישט אַנטלויפן״.

די זעלבע אַנטשלאָסנקייט האָב איך אָנגעטראָפן צווישן יידישע אַר־בעטער אין דער שוועבער־אינדוסטרי און ספּעציעל צווישן די יידישע קוילן־גרעבער.

דאָס אַריינדרינגען פון יידישע אַרבעטער אין דער שוועבער־אינדוסטרי איז פון אָנפאַנג אָן געווען פיל דערפאָלגרייכער אין שלעזיע, דאָרט ווו דער

רעזשים האָט אין אַלגעמיין אַ פעסטערן באָדן. עס איז דערביי כאַראַקטע־ריסטיש, אַז טאַקע דערפאַר, ווייל אין שלעזיע האָבן די יידן נישט נאָר בלויז טעאָרעטיש נאָר אויך פּראַקטיש די מעגלעכקייט פון פרייען אויס־וואַל פון באַשעפטיקונג, דרענגען זיי זיך גראָד צו די שווערסטע אַרבעטן, צו וועלכע אַ ייד אין פּוילן האָט פריער קיינמאָל זיך נישט גענומען. יידן רייסן זיך איצט צו אַרבעט אין די הוטעס, צו די שמעלץ־אויוונס און ווי אין ערן־פּראָפעסיע באַטראַכטן יידישע אינטעליגענטן קוילן־גרעבעריי.

אין אָנהייב האָבן די פּוילישע אַרבעטער געקוקט מיט פאַרדאַכט אויף די יידישע אינטעלעקטועלע, וועלכע האָבן קיינמאָל פריער נישט גע־האַלטן קיין האַמער אין האַנט, אָבער די פלייסיקייט און פעאיקייט, וואָס די יידישע קוילן־אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן, האָבן אַלעמען איבערראַשט און די מיטגלידער פון די אַרבעטס־ראַטן האָבן געגרעדט וועגן זיי מיט דעם זעלבן שטאָלץ, ווי וועגן די פּוילישע אַרבעטער, וועלכע זענען געהאַט צו־ריקגעקומען פון פראַנקרייך.

* * *

אין דעם גרויסן מאָדערנעם קוילן־גרובן „ביאַליקאַמיען", אין דער פאַרשטאָט פון וואַלבזשיך, האָב איך זיך באַגעגנט מיט די יידישע קוילן־גרעבער. במשך פון אַ האַלבער שעה צייט האָב איך געוואַרט, ביז וואַנען יחיאל נוסבוים, איינער פון די פּירער פון די יידישע קוילן־גרעבער אין שלעזיע, איז אַרויפגעקומען פון דער טיפער שאַכטע.

אין דער מאַשינען־האַלע איז אָנגעגאַנגען אַ געקלינגעריי פון די סיג־נאַלן און מיטאַמאָל איז די ווינדע קאַפּויער געקומען פון דער טיפעניש און עס זענען אויסגעשטיגן צוויי פאַרסאַזשעטע מענטשן. איינער, אַ ריז מיט ברייטע פּלייצעס און מיט אַ שטאָלענעם העלם אויף דעם אָפּגעגאָלטן, פעטן קאָפּ, און דער צווייטער — אַ קליינינקער, אַ דאַרינקער, מיט אַראָפּ־הענגנדיקע שמאַטעדיקע מלבושים און גרויע האָר, וואָס האָבן זיך אָפּגער־געלאָקט פון הינטער דעם צעקנייטשטן היטל.

דאָס האָט דער ריז, אַ דייטשער שטיגער, ספּעציעל אַרויפגעבראַכט דעם יידישן קוילן־גרעבער, אויף וועלכן מיר האָבן געוואַרט.

פאַר מיר איז געשטאַנען דער 42־יאָריקער יחיאל נוסבוים. ער האָט

אין דער האנט געהאלטן א ברענענדיקן קארביד־לאָמפּ, מיט וועלכן די קוילן־גרעבער צעשיידן זיך נישט אין דער אונטערערדישער פינסטערניש. דער יידישער קוילן־גרעבער אין די שמאטעדיקע קליידער, וועמענס גע־זיכטס־צוגן זענען פארשמירט געווען מיט סאזשע, האָט אָבער געהאט א פּאָר ברענענדיקע אויגן. די רויטע ליפּן, וואָס האָבן זיך דייטלעך אויסגע־שניטן פון דעם פינסטערן געזיכט, האָבן אויסגעדרוקט אומגעבראָכענעם ווילן.

פאר מיר איז געשטאנען א נייער איוב, וועלכער איז פּונקט ווי זיין ביבלישער פאָרגייער שווער געפּרוּווט געוואָרן דורך זיין גאָט, אין וועלכן ער האָט אומדערשיטערלעך געגלויבט. ער האָט פארלוירן זיינע עלטערן, זיין ווייב און דריי קינדער און געבליבן איינער אליין אויף דער וועלט. אין קעגנזאַץ אָבער צום ביבלישן איוב האָט ער נישט פארשאָלטן זיין גע־בורטס־טאָג, אז „עס זאָל איבער אים געוועלטיקן די פינסטערניש און דער שאָטן פון טויט"...

דער דאָזיקער נייער איוב, פּונקט ווי טויזנט אנדערע שווער־גע־פּרוּווטע איוב־יידן, וועלכע זענען געבליבן אליין מיט וווּנדן אין הארץ און אויפן לייב, האָט געזוכט א נייעם גלויבן און א היילונג פאר זיין צעוווּנדיקט געמיט.

„איך האָב געפונען ליכטיקייט אין דער סאמע טיפסטער פינסטער־ניש" — האָט יחיאל נוסבוים אלעגאָריש א זאָג־געטון צו מיר און זיין פארסאזשעט שווארץ געזיכט האָט זיך ווי צעשיינט.

„איר זענט דאָך גאָר א פילאָזאָף" — האָב איך צו אים געזאָגט אן איבערראשטער פון דער דאָזיקער באמערקונג.

יחיאל נוסבוים איז אָבער נישט געוואָרן ארויסגעשלאָגן פון דער גלייכגעוויכט און געענטפערט:

„איך האָב געהאט א גוטן רבין"...

ער האָט מיר דאן דערציילט, אז ער איז געווען אן אָפּטער אריינגייער אין הויז פון הלל צייטלין, דעם גרויסן יידישן רעליגיעזן פילאָזאָף און שריפטשטעלער, וועלכער איז מיט א מארטירער־טויט אומגעקומען אין ווארשעווער געטאָ. ער איז געווען א תלמיד פון הלל צייטלין, גענאָסן פון

זיין רייכער ביבליאָטעק און פונקט ווי זיין גרויסער לערער געווען שטאַרק פרום און זיך פאַרנומען מיט קבלה.

וועגן זיינע איבערלעבונגען אין צייט פון קריג און ווי אַזוי ער איז געקומען צו דעם באַשלוס צו ווערן אַ קוילן־גרעבער, האָט יחיאל נוסבוים נישט געוואָלט רעדן אין דער אָנוועזנהייט פון די פאַרזאַמלטע אויסלענדישע געסט און די פאַרוואַלטער פון גרובן. דער ענין איז פאַר אים געווען צו אינטים, צו ווייטיקלעך.

„איך וועל אייך געבן מיינע פאַרצייכענונגען — האָט ער געזאָגט — דאָרט וועט איר געפינען מיין חשבון־הנפש".

אין דעם מאָמענט זענען אָנגעקומען נאָך צוויי יידישע קוילן־גרעבער, אברהם קליינהענדלער און פייוויש שולקלאַפּער, וועלכע האָבן נאָך נישט געטראָגן די פאַרסאַזשעטע מלבושים, ווייל זיי האָבן ערשט באַדאַרפט שפּעטער גיין צו דער אַרבעט מיט דער צווייטער שיכטע. אַלע דריי האָבן אונדז דערציילט, אַז די צאָל פון די יידישע קוילן־גרעבער אין וואַלבזשיך וואַקסט כסדר.

„מיר האָבן איצט אין פּוילן פולע רעכט — האָט איינער פון די פרישגעקומענע געזאָגט — און מיר ווילן פאַר אָט דעם נייעם פּוילן אָפּגעבן אַלע אונדזערע כוחות. מיר אַנטלויפן נישט".

יחיאל נוסבוים האָט איינגעשטימט מיט זיינע חברים, אָבער זיין אַנטשלאָסנקייט האָט אין זיך געהאַט די פילאָזאָפישע באַאַרבונג פון אַ מענטש, וועלכער איז צו זיין באַשלוס געקומען נאָך טיפע איבערלעבונגען, נאָך פערזענלעכע דערשיטערונגען. דער נייער לעבנס־וועג האָט זיך דעריבער ביי אים נישט פאַרוואַנדלט בלויז אין קיין טרוקענעם פּרינציפּ, נאָר אין אַן אידעאַל מיט אַ רעליגיעזער באַהויפּטונג.

אויף צומאָרגנס האָב איך פון יחיאל נוסבוים דערהאַלטן אַ דין שול־העפטל, פאַרשריבן מיט דראָבנינקע אותיותלעך. דער טיטל האָט געלויטעט: „פאַרצייכענונגען פון אַ יידישן קוילן־גרעבער".

איבערגעלאָדן מיט מליצה, מיט וועלכער יחיאל נוסבוים האָט זיך אָנגעזאַפּט פון די רבנישע ספרים, באַגייסטערט פון דער פאַנטעאיסטישער וועלט־אָנשויאונג, וואָס ער האָט פלוצים אַנטדעקט ווי אַ מין נייע רעליגיע, אָטעמען זיינע שורות מיט אַ לויטערן גלויבן אין אַ בעסערער וועלט. אין

די דאָזיקע פאַרצייכענונגען דערציילט יחיאל נוסבוים וועגן זיינע ראַנגלע־נישן און גאָט־זוכעריי:

„אָן גאָט איז מיר דאָס האַרץ געוואָרן ווי א וויסטעניש... איך בין פאַר די ביימער כורעים געפאַלן, געקושט דעם שטויב פון ווייסל־ברעג און אין קאַרטשנדיקע ווייען געבענקט נאָך א גאָט. מיט דורשט האָב איך גע־שלונגען די אַלטע און נייע ביכער און איך האָב געפונען גאָט אין אַלץ און אין אַלעמען, איך האָב געפונען גאָט אין דיר און אין מיר און אין דער גאַנצער מענטשהייט"...

נאָך די באַטראַכטונגען וועגן גאָט און מענטש און נאָכן אויסטענהן זיך מיט דער וועלט מאַכט נוסבוים פאָלגנדיקן פאַטעטישן אויספיר:

„איך בין א קינד פון אַן אַלט מאַרטירער־פאָלק, א פאָלק, וואָס האָט מיט שטאָלץ געקעמפט פאַר זיין ערלעכער עקזיסטענץ; א פאָלק, וואָס האָט געפּרעדיקט יושר, גערעכטיקייט און דערפאַר באַצאָלט מיט מיליאָנען קדושים. איך בין א קינד פון א פאָלק, וועמענס הויפּט־מידה איז ריינקייט און ערלעכקייט און דערפאַר האָט מען עס באַשפּיגן און באַשמוצט; איך בין א קינד פון א פאָלק, וואָס האָט אויסגעוויטיקט דעם וועלט־צער און אַלעמאָל געאָפּפערט די קעגנוואַרט אויפן חשבון פון דער צוקונפט, אויפן חשבון פון א בעסערן מאָרגן. אזא פאָלק וויל איך נישט פאַרלאָזן... מיין פאָלק האָט אָבער געהאַט א נישט־ריכטיקע באַציאונג צו פיזישער אַרבעט און איך האָב גענומען אויף זיך צו פאַרריכטן דעם דאָזיקן פעלער. איך האָב באַשלאָסן צו לעבן פון פיזישער אַרבעט. איך בין געוואָרן א פּראָלע־טאַריער. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער וועלט פון אַרבעט"...

יחיאל נוסבוים דערציילט דאַן זיינע איבערלעבונגען אין צייט פון קריג. אין האַרבסט פון יאָר 1939, נאָך דער ערשטער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע, בעת וועלכער זיין הויז איז פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן, איז ער מיט זיין פרוי און דריי קינדער אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. צוזאַמען מיט זיין פרוי האָט ער דאָרט געאַרבעט אין א פאַבריק און די קינדער האָבן באַזוכט די אָרטיקע שולע און זיך שטאַרק אויסגעצייכנט.

איז 1941. ווען סאָוועט־רוסלאַנד איז געוואָרן באַפאַלן דורך די נאַצים, האָט יחיאל נוסבוים זיך אָנגעשלאָסן אין דער רויטער אַרמיי.

ווענן אַט דעם מאָמענט פון צעשיידן זיך מיט זיין פאמיליע האָט נוסבוים געמאכט פאָלגנדיקע פארצייכענונגען:

„עס איז געקומען דער מאָמענט פון צעשיידונג מיט דער פאמיליע. איך האָב געמוזט פארלאָזן מיין קליינעם גן־עדן... „זייט געזונט, איך גיי", און אין לעצטן אויגנבליק האָב איך אויפגעכאַפּט דעם טיפן זיפץ פון מיין אסתרלען: „גיי, פּאפּא"... און דאן דעם אָנזאָג פון שרהלען: „זאָלסט זיך נישט לאָזן נעמען אין געפאנגענשאפט"... אין די שטילע קרישטאָל־ריינע אויגן פון מיין ווייב, פייגע, האָבן געפינקלט טרערן...

„איינגיכן איז אונדזער באטאליאָן אוועק פון שטאָט, די שטאָט, אין וועלכער איך האָב איבערגעלאָזט מיין פרוי און מיינע קינדער. פּונקט מיט א חודש שפּעטער איז לובנאָ געוואָרן פארגאָסן מיטן בלוט פון דער יידישער עדה. אין דעם בלוט האָט זיך אויך צונויפגעגאָסן דאָס בלוט פון מיין פרוי און קינדער. איצט שטיי איך אין טרויער, ווי אן אָבל. און באוויין די פארלוירענע לעבנס. יאָ, אסתרל, בלויז די נאכט, די שטומע נאכט הערט מיין טיפן וויי־געשריי. אסתרל, וואָס קען איך טון איצט פאר דיר? מיין הארץ איז פארגאָסן מיט הייסע, זודיקע טרערן. שרהלע, דיין הייסער אָנזאָג איז פאר מיר געווען א הייליקער געבאָט. און דו, משהלע, ווען איך האָב דיך פארלאָזט, ביסט דו נאָך געווען א פּיצעלע קינד. דו האָסט זיך אין דרויסן געשפּילט מיט די קינדער. איך האָב דיר נישט געוואָלט איבעררייסן און דערפאר זיך נישט געזעגנט מיט דיר.

„און דיר, פייגע, מיין ווייב, וואָס קען איך דיר זאָגן? דיין אָנדענק איז מיר הייליק. דיך, פייגע, קען איך מיט קיין צווייטער נישט פארבייטן. און אויב איך וועל נעמען א פרוי, איז נישט כדי זי זאָל דיך פארטרעטן. ניין, דאָס איז נישט מעגלעך. נאָר אויב איך וועל נעמען א פרוי, וועט עס זיין כדי פאַרצוזעצן דיין טרוים. ווייל איך קען נישט שלום מאכן מיט דעם געדאנק, אז איך זאָל אוועק פון דער וועלט און נישט פאָרזעצן אונדזער לעבן. איך וויל נישט, אז די קייט פון אונדזער לעבן זאָל זיך ענדיקן מיט מיר. איך וויל נישט זיין דער לעצטער אין אונדזער משפחה. דאָס ערשטע, וואָס איך מוז, איז באווייכערן דאָס לעבן מיט א קינד. פייגע, איך וויל ווייטער שפּינען דעם פאָדים פון אונדזער לעבן. איך האָב פליכטן פאר אונדזער פאָלק. אונדזער פאָלק איז אָפּגעגאנגען מיט טייכן בלוט. דער

פארשאָלטענער שונא האָט עס געוואָלט אינגאנצן אומברענגען. א דריטל האָט ער פארטיליקט און צווישן זיי ביסט דו מיט אונדזערע קינדער אומ־געקומען אין שרעקלעכע ליידן.

„איך מוז האָבן א קינד, איך מוז ברענגען א צושטייער צום נייעם לעבן... ביי מיין קינדס וויגעלע וועט שוין נישט שטיין מער קיין ווייס ציגעלע. צו קאָפּנס פון דעם וויגעלע וועט זיין דער טאטע, באוואכן און היטן דאָס קינד פון מערדערישע הענט. ער וועט שוין נישט צוזאָגן דעם קינד, אז עס וועט „האנדלען מיט ראָזשינקעס און מאנדלען". איך וועל זאָגן דעם קינד, אז ער מוז וואקסן א קעמפער. איך וועל אים דערציילן, אז ער האָט שוין געהאט א „פאָר־מאמע", פייגע האָט זי געהייסן, האָבן זי די אכזריותדיקע היטלעריסטן דערמאָרדעט. איך וועל אים דערציילן, אז ער האָט געהאט צוויי שוועסטערלעך און א ברודערל און זיי זענען אומגעקומען. ווי יונגע מארטירער...

„די ליידנדיקע מענטשהייט, א געפּרגוועטע אין שרעקלעכע יסורים, מאכט איצט דורך א גראנדיעזע אָנשטרענגונג פאר איר ענדגילטיקער דער־לייזונג. איך וויל זיך אקטיוו באטייליקן דערין. מיט מיין ערלעכער ארבעט וויל איך צוהעלפן דעם ארבעטנדיקן מענטש. אלע ערלעכע און בעסערע מענטשן מוזן דערין מיטהעלפן"...

דער באנגער צוריק צונויפקניפּן דעם איבערגעהאקטן לעבנס־פאָדים, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די מליצהדיקע, אָבער אזוי טיף־מענטשלעך ווירנדיקע פארצייכענונגען פון דעם קוילן־גרעבער יחיאל נוסבוים, איז דער באנגער פון די טויזנטער יידן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם היט־לער־מבול. אלע דענקען זיי אין ענלעכע טערמינען פון וועלט און פאָלק, ווי דאָס איז אויסגעדרוקט אין די באטעטישע שורות פון יחיאל נוסבוים. יעדער איינער פון זיי פילט, אז דורך זיין מויל רעדן צענדליקער טויזנטער אומגעקומענע, אז ער מוז אויספילן א בלויז, וואָס איז געבליבן נאָך די מיליאָנען יידן, וועלכע זענען אוועק מיטן רויך פון די קרעמאטאָריומס.

„אומדרייסט און נישט זיכער נעם איך די פען אין דער האנט — זאָגט יחיאל נוסבוים אין דער הקדמה צו זיינע פארצייכענונגען — איך האָב קיינמאָל מיט קיין שרייבעריי נישט געהאט צו טון. איך האָב ליבערשט געוואָלט לייענען, וואָס אנדערע האָבן אָנגעשריבן, און געוויס האָב איך

אויך קיין טאלאנט נישט דערצו. איך האָב געהאלטן, אז איך דאַרף הערן דאָס, וואָס די וועלט זאָגט און נישט לאָזן הערן די וועלט, וואָס איך זאָג. דאָס איז געווען אמאָל. אנדערש איז איצט, נאָך דעם ווי דער שונא האָט אומגעבראכט מיליאָנען פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, אונדזערע שענסטע גייסטער און גרעסטע קינסטלער לעבן מער נישט. היינט מוזן מיר צונויפזאמלען אלע מעגלעכע פאָלקס־כוחות און צוריק אויפשטעלן דאָס חרובע — להכעיס אלע שונאים לעבן מיר. אן עכאָ שרייט אומאויפ־הערלעך אין אונדז און רופט: דו מוזט ווייטער לעבן. מיר, דאָס אלטע פאָלק, הייבט ווידער אָן אלץ פון דאָס ניי״.

די דאָזיקע שורות האָט יחיאל נוסבוים פארצייכנט אין זיין שול־העפטל נאָך דעם ווי ער האָט פארזוכט דעם טעם פון דער שווערסטער ארבעט אין אינגעווייד פון דער ערד. ער האָט אלזאָ דאָס „נייע לעבן״ אָנגעהויבן פון די פונדאמענטן, אין די קוילן־שאכטעס און געפונען „ליכ־טיקייט אין דער סאַמע טיפסטער פינסטערניש״.

קאפיטל זיבעצן

# נייע גרענעצן: נייע האָפענונגען

די טעריטאָריאַלע ענדערונגען אין פּוילן ענדערן נישט נאָר בלויז דעם עקאָנאָמישן פּרצוף פון לאַנד, נאָר דרייען אויך צוריק דאָס ראָד פון דער געשיכטע אויף גאַנצע 600 יאָר. אין יאָר 1335 האָט דער פּוילישער קעניג, קאַזשימיעזש דער גרויסער אָפּגעגעבן זיינע מערב געביטן צום טשע־כישן קעניג, דעם גערמאַנער, יאַן דער לוקסעמבורגער, וועלכער האָט דערפאַר זיך אָפּגעזאָגט פון זיינע פּרעטענזיעס צום פּוילישן טראָן.

האָבנדיק פאַרזיכערט פּוילן פון מערב, האָט קאַזשימיעזש דער גרוי־סער דאַן אָנגעהויבן די עקספּאַנסיע אויפן מזרח. אין 1340 האָבן די פּוילישע קאַוואַלעריע־שוואַדראָנען פאַרנומען לעמבערג, די הויפּט־שטאָט פון רויטן רייסן, און עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן דער מאַרש פון פּוילן צו מזרח.

דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס דאָס פּוילישע פאָלק האָט נישט געקענט מוחל־זיין זייער גרויסן, פאַרהערלעכטן קעניג און געוויסע פּוילישע היסטאָריקער באַטראַכטן די דאָזיקע ווענדונג פון קאַזשימיעזש דעם גרויסן אַלס אַן אומפאַרגעבלעכן פעלער, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע דורות געהאַט אַ טראַגישע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון פּוילן. די דאָזיקע ווענדונג ווערט דורך זיי באַטראַכט אַלס אַ קאַפּיטולאַציע לגבי דעם מעכ־טיקן גערמאַנישן שכן און ווי אַ פיינטלעכע עקספּאַנסיע קעגן די שוואַכערע סלאַווישע ראַסן־ברידער.

איצט, נאָך העכער 600 יאָר, ווערן קיין ווראָצלאַוו, די הויפּט־שטאָט פון נידערשלעזיע, אַריבערגעטראָגן די פּוילישע קולטור־אוצרות פון לעמ־בערג. עס זענען געבראַכט געוואָרן העכער 150.000 בענדער און 7.000

מאנוסקריפטן פון דער רייכער לעמבערגער „אָסאָלינעאום"־ביבליאָטעק, פיל קונסטווערק און אנדערע פוילישע קולטור־מאָנומענטן, וואָס זענען במשך פון 600 יאָר אויסגעוואקסן אין דער אמאָליקער הויפט־שטאָט פון רויטן רייסן.

קיין ווראָצלאוו האָבן טראנספּאָרטן געבראכט אויך די לייוונטן פון דער „ראצלאַוויצער פּאנאָראמע", וואָס איז מיט העכער א האלבן יאָר־הונדערט צוריק געמאָלן געוואָרן דורך די גרויסע פוילישע קינסטלער, יאן סטיקאָ און וואָיטשעך קאָסאַק. אין די דאָזיקע בילדער איז פאראייביקט געוואָרן די היסטאָרישע שלאכט פון יאָר 1794, אין וועלכער דער פירער פון פוילישן אויפשטאנד, טאַדעאוש קאָשטשיושקאָ, האָט ביי ראצלאַוויצע, אין דער געגנט פון קיעלץ, געשלאָגן דעם רוסישן גענעראל טארמאסאָוו.

די „ראצלאַוויצער פּאנאָראמע" איז געווען דער שטאָלץ פון פוילישן לעמבערג און פון גאנצן לאנד פלעגן פּאָליאקן עולה רגל זיין, כדי צו זען די דאָזיקע בילדער פון פוילישער העלדישקייט. די פּאנאָראמע ווערט צוריק אויפגעשטעלט און אָנשטאָט ווי אמאָל קיין לעמבערג, וועט מען איצט פון גאנץ פּוילן שטראָמען קיין ווראָצלאוו, כדי צו זען די היסטאָרישע סצענעס, ווי אזוי פּוילישע פּויערים האָבן מיט קאָסעס און העק געקעמפט קעגן די צארישע קאָזאקן.

נישט נאָר בלויז די קולטור־מאָנומענטן פון לעמבערג ווערן אריבער־געטראָגן קיין ווראָצלאוו, נאָר אויך די לעבנגעבליבענע פּוילישע אינטע־ליגענץ פון לעמבערג, די פּראָפעסאָרן, שריפטשטעלער און קינסטלער, האָבן זיך אריבערגעטראָגן קיין ווראָצלאוו און גענומען דאָרט אויפבויען א פּוי־לישן קולטור־צענטער.

דאָס ראָד פון דער געשיכטע דרייט זיך צוריק. אין 14טן יאָרהונ־דערט, ווען דער גערמאנישער קעניג, יאן דער לוקסעמבורגער, האָט ווי א פּאָרלויפער פון היטלעריזם ברוטאל גערמאניזירט די פּוילישע באַפעל־קערונג פון ווראָצלאוו, האָבן גערמאניזירטע פּאָליאקן און אויך ליבעראלע דייטשן אויסגעוואנדערט קיין רייסן און געוואָרן וויכטיקע מיטבויער פון פּוילישן צענטער אין לעמבערג.

קיין לעמבערג האָבן אויך דאן פון ווראָצלאוו אויסגעוואנדערט אלט־איינגעזעסענע יידן, וועלכע זענען אונטער דעם נייעם גערמאנישן הערשער

פאַרפאָלגט געוואָרן כמעט אויף דעם זעלבן אופן ווי אונטער דעם נאַציש׳ן רעזשים.

אין יאָר 1345 האָט דער קעניג יאַן דער לוקסעמבורגער, ענלעך ווי די נאַצים מיט אַן ערך 600 יאָר שפּעטער, געהייסן פאַרניכטן דאָס יידישע בית עולם אין וורָאצלאַוו און פאַרנוצן די מצבות צו בויען אַ פעסטונג. די כראָניקער פון דער דעמאָלדיקער צייט דערציילן, אַז 50 מענטשן האָבן במשך פון ניין טעג געאַרבעט ביים אַריבערטראָגן די יידישע מצבות צום אָרט, וווּ די שטאָט־פאָרטיפיקאַציע איז געבויט געוואָרן. דאָס אַליין איז אַ באַווייז, ווי גרויס עס איז שוין דעמאָלט געווען די יידישע קהילה אין וורָאצלאַוו (ברעסלאַו). די יידן זענען צונויפגעדרענגט געוואָרן אין אַ מין געטאָ און זיינט דאַן זענען אָפט פאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף יידן.

שפּורן פון יידישן לעבן אין שלעזיע און ספּעציעל אין וורָאצלאַוו גרייכן ביזן טיפן מיטלאַלטער. אין 10טן יאָרהונדערט האָבן יידן אין שפּאַניע אָנגעקניפּט פאַרבינדונגען מיט די יידן אין וורָאצלאַוו. דער שפּאַניש־יידי־שער רייזנדער א ב ר ה ם א י ב ן י ע ק ב האָט אין יאָר 973 באַזוכט וורָאצלאַוו און אין זיינע רייזע־פאַרצייכענונגען דערמאָנט וועגן באַגעגע־נישן מיט יידן.

שפּעטער, אין 12טן, 13טן און 14טן יאָרהונדערט זענען די יידישע ישובים אין שלעזיע שטאַרק זיך צעוואַקסן. יידן האָבן די ערשטע באַאַרבעט די שלעזישע זילבער־גרובן. אין 14טן יאָרהונדערט האָבן זיך אין ברעסלאַו געפונען אַזש דריי שולן. די עלטסטע יידישע מצבה, וואָס איז געפונען געוואָרן אין ברעסלאַו, דאַטירט זיך נאָך פון יאָר 1203.

וורָאצלאַוו איז אויך געווען דאָס וויגעלע פון געשריבענעם פּויליש׳ן וואָרט. אין 13טן יאָרהונדערט, ווען אין פּוילן איז די קולטור־שפּראַך געווען אויסשליסלעך לאַטיין, איז אין דעם הענריקאָווער קלויסטער הינטער וורָאצ־לאַוו, אין יאָר 1210, אָנגעשריבן געוואָרן דער ערשטער זאַץ אין פּויליש און דאָס ערשטע געדרוקטע געבעט־בוך אין פּויליש איז אין יאָר 1475 דערשינען אין נישט קיין אַנדערער שטאָט, ווי טאַקע אין וורָאצלאַוו. דאָס איז נישט קיין צופאַל, ווייל וורָאצלאַוו איז פאַר פּוילן אַלעמאָל געווען דאָס פענסטער צו דער מערב־וועלט, די בריק, דורך וועלכער די מערב־קולטור,

אירע דערפינדונגען און באַגריפן האָבן דערגרייכט קיין וואַרשע, קראָקע און לעמבערג.

צווישן די פּוילישע היסטאָריקער און קולטור־פאָרשער גייט איצט אָן א לייַדנשאַפטלעכער געיעג פון אויפלעבן די פאַרגעסענע, פאַרשטויבטע בלעטער פון דער פּוילישער געשיכטע אין שלעזיע. צענדליקער ביכער און בראָשורן דערשיינען אויף דער דאָזיקער טעמע. די פּרעסע איז פול מיט אַרטיקלען און באַריכטן פון שרייבער, וועלכע דעקן אויף די פאַרווישטע שפּורן פון פּוילישן אייגנאַרט אויף דער שלעזישער ערד. דער אילוסטריר־טער זשורנאַל „שלעזיע", וואָס דערשיינט אין וראָצלאַוו און פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט דער פּוילישער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט אויף דער שלעזישער ערד, ווערט פאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן.

אפילו די פּוילישע פּליטים, וועלכע געפינען זיך אין די דייטשע לאַגערן און ווילן נישט צוריקקומען קיין פּוילן, האָבן אויסגעדריקט זייער סאָלידאַריטעט מיט דער פּוילישער רעגירונג אין דער פראַגע פון פאַרטיי־דיקן די רעכט פון פּוילן צו שלעזיע. דער קאַמף פאַר די דאָזיקע רעכט איז אפשר דער איינציקער פּונקט, אויף וועלכן עס קומען זיך צונויף די צעקריגטע צדדים אין פּוילן. דאָס איז די פּאָפּולערסטע לאָזונג פון דעם איצטיקן רעזשים, וואָס האָט אַנטוואָפנט א גרויסן טייל פון זיינע קעגנער.

די פּוילישע פּאָליטישע עמיגראַציע אין אויסלאַנד פאַרשפּרייט דערוי־בער קלאַנגען, אַז סוף כל סוף וועט רוסלאַנד די מערבֿ־געביטן צוריק אָפּ־געבן צו דייטשלאַנד, און זיי האָפן דערויף, ווי אויף דעם שווערסטן קלאַפּ, וואָס דער איצטיקער רעזשים אין פּוילן קען באַקומען.

לעמבערג איז נאָך אַלץ די אומפאַרהיילטע וווּנד ביים פּוילישן פאָלק. אפילו די שטיצער פון דעם נייעם רעזשים רעדן וועגן לעמבערג מיט טיפן טרויער. וראָצלאַוו דאַרף פאַרנעמען דאָס אָרט פון לעמבערג, אָבער אין די קאַפּעען פון דער דאָזיקער נידערשלעזישער הויפּט־שטאָט האָב איך אָפט געהערט די אָרקעסטערס שפּילן דאָס פּאָפּולערע לידל „נאָר אין לעמבערג"... (טילקאָ וו לוואָוויע), וואָס דער עולם, און צווישן זיי טאַקע פיל פּריש־רעפּאַטריאירטע לעמבערגער, האָבן מיט בענקשאַפט מיטגעזונגען.

די נייע געביטן, וואָס פּוילן האָט איצט באַקומען, זענען ווירטש־שאַפטלעך און געאָגראַפיש אומפאַרגלייכלעך וויכטיקער, ווי די געביטן,

וואָס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן צו רוסלאַנד. ביי דעם דאָזיקן אויסטויש איז דאָס אגראַר־אינדוסטריעלע פּוילן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אן אינדוסטריעל־אגראַרן לאַנד. אויפן אָרט פון די 181.000 קוואַדראַט־קילאָמעטער אויפן מזרח, וואָס זענען אריבער צו רוסלאַנד, האָט פּוילן אויפן מערב געוווּנען בלויז 104.000 קוואַדראַט־קילאָמעטער. דער איבערוואָג אין דעם שטח פון די פאַרלוירענע געביטן קען אָבער אין קיין פאַל נישט פאַרגליכן ווערן צום איבערוואָג אין דער ווירטשאַפטלעכער באַדייטונג, וואָס די נייע געביטן האָבן פאַר פּוילן. די פּינסקער בלאָטעס, פּאָלעסיע און וואָלין און אפילו די שטחים ארום לעמבערג, סטאַניסלאַוואָוו, טאַרנאָפּאָל, ווילנאָ און נאָוואָגרודעק, וואָס זענען אריבער צו דער סאָוועטישער אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, קענען נישט פאַרגליכן ווערן צו די הויך־קולטיווירטע און שטאַרק־אינדוסטריאַליזירטע געגענטן אויפן מערב.

דער איינציקער וויכטיקער פאַרלוסט זענען די רייכע נאַפט־קוואַלן אין באָריסלאַוו, מזרח־גאַליציע, וואָס האָבן געגעבן פינף ביז זעקס הונדערט טויזנט טאָן נאַפט יערלעך. דערפאַר אָבער האָט רוסלאַנד אלס קאָמפּענסאַציע איבערגעלאָזט צו פּוילן די העכסט־מאָדערנע איינריכטונגען אין די שלעזישע קוילן־גרובן, וואָס שטעלן איצט אוועק פּוילן אלס דעם ערשטן קוילן־עקספּאָרטער אין איצטיקן אייראָפּע. אין יאָר 1946 האָט פּוילן עקספּאָרטירט 13 מיליאָן טאָן קוילן. אין 1947 איז דער ציפער געשטיגן צו 20 מיליאָן טאָן און 1948 דערוואַרט מען זאָל דער עקספּאָרט דערגרייכן 28 מיליאָן טאָן.

חוץ קוילן געפינען זיך אין נידערשלעזיע אויך פיל אנדערע רייכע נאַטור־אוצרות, ווי ניקל, מאַגנעזיום, פּאָטאַס, כראָם, קופּער און אויך זילבער און ארסעניק־גאָלד. אויף די שלעזישע פעלדער זענען אפילו געפונען געוואָרן שפּורן פון אוראַניום.

אין די פאַרלוירענע פּראָווינצן האָבן זיך געפונען 59.471 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און אין די נייע געביטן געפינען זיך 234.959, אלזאָ פיר מאָל אזויפיל.

די נייע געגנטן אין פּוילן, וואָס נעמען ארום דריי פּראָווינצן — שלעזיע, פּאָמערן און מזרח־פּרייסן — שטעלן מיט זיך פאָר העכער א דריטל פון דער גאַנצער איצטיקער פּוילישער טעריטאָריע. אויסער זייער ווירט־

שאפּטלעכער באַדײַטונג זענען זײ אומגעהויער װיכטיק פון א סטראַטעגישן שטאַנדפּונקט. די פּוילישע היסטאָריקער שטרײַכן אונטער, אַז די טײַכן אָדער און ניסא, בײַ װעמענס ברעגן עס ציען זיך איצט די פּוילישע גרענעצן, שטעלן מיט זיך פאָר די נאַטירלעכע, געאָגראַפישע גרענעץ צװישן פּוילן און דײַטשלאַנד. אַזױ זענען די פּוילישע גרענעצן געװען אין די צײַטן פון דער פּוילישער קעניגלעכער דינאַסטיע, די פּיאַסטן. דער דײַטשער אימ־פּעראַטאָר פרידריך באַרבאַראָסאַ (דער רױטבערדיקער) האָט די דאָזיקע גרענעץ באַצײכנט אַלס די „אומדורכדרינגבאַרע פּוילישע מױער" („װעלוט מורום פּאָלאָניאַם אַמביט").

אױב אין דער צײַט פון דער אַטאָמישער באָמבע און די ראַקעטס איז לעכערלעך צו רעדן װעגן דער סטראַטעגישער באַדײַטונג פון אַ טײַך, איז אָבער דאָס צוריקשטעלן די אַלטע „פּוילישע מױער" בײַ די ברעגן פון דער אָדער און ניסא אַ גרױסע מאָראַלישע קרעפטיקונג פאַרן פּוילישן פאָלק, װאָס האָט אין פאַרלויף פון די לעצטע 600 יאָר כסדר געליטן פון דײַטשע אינװאַזיעס, װאָס זענען געקומען טאַקע פון דער דאָזיקער געגנט.

דאָס אײַנשליסן די נײַע מערבֿ־געביטן צו פּוילן איז אַ נאַטירלעכער אױסגלײַך פון דער פּוילישער געאָגראַפישער לאַגע אין אײראָפּע, װאָס קײנער קען נישט אָפּלײקענען. דאָס פאַרקירצט די פּוילישע גרענעץ מיט דײַטש־לאַנד פון 1900 קילאָמעטער אױף 375 קילאָמעטער און גיט פּוילן אַ ים־ברעג פון 500 קילאָמעטער מיט אַזעלכע װיכטיקע פּאָרטן, װי: דאַנציג, קאָלבערג און שטעטין. די נײַע גרענעצן האָבן אױך געמאַכט אַ סוף צום „דאַנציגער קאָרידאָר", אײנע פון די שלימזלדיקע לײזונגען פון װערסאַי־לער טראַקטאַט. דער דאָזיקער „קאָרידאָר" איז אײגנטלעך געװען אַ קאָ־רידאָר פון אינטריגעס און קאָנפליקטן צװישן פּוילן און דײַטשלאַנד און דאָרט האָט טאַקע היטלער אין סעפּטעמבער 1939 אָנגעהױבן זײַן אָפּענ־סיװע קעגן פּוילן.

די פּאָליאַקן באַגנוגענען זיך אָבער נישט מיט דער װירטשאַפטלעכער און סטראַטעגישער באַרעכטיקונג פון די נײַע גרענעצן, נאָר באַמיען זיך מיט אַלע כּוחות איבערצוצײַגן די װעלט, אַז די נײַ־דערװאָרבענע געביטן זענען אור־פּויליש. עס װערן געבראַכט היסטאָרישע באַװײַזן, װאָס גרײַכן אַזש ביז צום טיפן מיטלאַלטער. אַזױ למשל װערט דורך פּוילישע היסטאָ־

ריקער ארויסגעבראכט דער פאקט, אז די אלטע טאָפּאָגראפישע נעמען פון שלעזיע זענען פון פּוילישער אָפּשטאמונג, וואָס זענען בלויז אויף אן אומ־נאטירלעכן אופן גערמאניזירט געוואָרן.

א בייערישער געאָגראף פון 9טן יאָרהונדערט באשטעטיקט, אז אין שלעזיע האָבן געוווינט פּוילישע שבטים. שפּעטערדיקע דייטשע היסטאָ־ריקער שטעלן פעסט, אז שלעזיע האָט אין 10טן יאָרהונדערט באלאנגט צו דער מלוכה פון פּוילישן קעניג מיעשקאָ דער ערשטער. אויף דער גרויסער וועלט־מאַפּע, וואָס איז אין יאָר 1280 געמאכט געוואָרן דורך די מאָנאכן פון דייטשן קלויסטער אין ערבסדאָרף, פיגורירן בלויז צוויי פּוילישע שטעט: „סיוויטאַס פּאָלאָניאַ (וואָס מיינט באשטימט קראָקע) און וורצלאַוו, די שטאָט פון די פּוילישע בישאָפן.

שלעזיע איז שפּעטער איבערגעגאנגען פון פּוילן צו טשעכיע און פון טשעכיע צו דייטשלאנד. די פּוילישע באפעלקערונג פון שלעזיע איז אָבער טראָץ די פארשידענע אָקופּאציעס געבליבן טריי דער פּוילישער קרוין; און ביז דעם 16טן יאָרהונדערט האָבן די פּויפּסטן באטראכט שלעזיע אלס א פּויליש לאנד.

ווי ווייט די פּוילישע טראדיציעס זענען געבליבן לעבעדיק אין שלעזיע, באווייזט דער פאקט, אז נאָך 600 יאָר פון דייטשער אָקופּאציע און גער־מאניזאציע האָט די שלעזישע באפעלקערונג אין די יאָרן 1919—1921 דורכגעפירט אזש דריי אויפשטאנדן קעגן די דייטשן.

גלייך נאָך דער באפרייאונג פון שלעזיע האָט דער קאטוילישער שריי־בער ד״ר וולאדיסלאוו יאן גראבסקי פארעפנטלעכט א גרעסערע בראָשור מיט היסטאָרישע באווייזן וועגן דער אור־פּוילישקייט פון די נייע פּוילישע טעריטאָריעס.

„מיט וואָרט און טאט — פירט אויס גראבסקי — האָט פּוילן באוויזן, אז פּאָמערן און שלעזיע האָבן נאָך איר געבענקט און בענקען, ווי נאָך דעם נאָענטסטן משפחה־מיטגליד, אז זי באדארף זיי, ווי אן אָרגאניזם נויטיקט זיך אין לונגען, כדי צו אָטעמען, און אז זי וועט זיך קיינמאָל פון זיי נישט אָפּזאָגן... מיר ווייסן וועגן דעם און קיינער וועט אונדז דעם דאָזיקן באוווסטזיין נישט אוועקרויבן... מיר ווילן אָבער, אז דאָס

זאָלן אויך פאַרשטיין אונדזערע היינטיקע אַליאירטע, מיט וועלכע מיר האָבן זיך פאַרברידערט אין ליידן און אין געמיינזאַם־פאַרגאָסענעם בלוט״...

דער דאָזיקער שרייבער, וועלכער רעדט וועגן דער קריסטלעכער מיסיע, וואָס פּוילן האָט דורכצופירן אין שלעזיע, און וועגן „אריינברענגען קריס־טוסן אין די פּאַראומריייניקטע קריסטלעכע געבעט־הייזער אין שטעטין, וורצלאַוו, קאָלאָבזשעג, דאַנציג און מאַריענבורג״, מאַכט פאָלגנדיקן אויספיר:

„צווישן די פעלקער אויף אונדזער ערד איז דאָס ריזיקע סאָוועטן־רוסלאַנד די ערשטע צוגעטרעטן דורכצופירן דעם דין וחשבון, כדי מיט איר אייגענעם בלוט אָפּצוצאָלן אַ היסטאָרישן חוב צו פּוילן, די באַשיצערין פון סלאַוויאַנערטום קעגן די דייטשן. מאַרשאַל סטאַלין פאַרענדיקט דאָס גרויסע ווערק, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן דורך באָלעסלאַוו כראַברי — דעם פּאַגראַמירער פון די דייטשן״...

די דאָזיקע בראַשור, אין וועלכער דער פּוילישער קעניג באָלעסלאַוו כראָברי, וועלכער האָט געשטורעמט קיעוו, ווערט אין איין אָטעם פאַר־גליכן מיט סטאַלינען, איז אָפיציעל פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צו צענדלי־קער טויזנטער רעפּאַטריאַנטן פון רוסלאַנד. דאָס איז איינע פון די צאָל־רייכע פּאַראַדאָקסן אין איצטיקן פּוילן...

די ראָמאַנטיש־געשטימטע פּאָליאַקן האָבן אַ נייגונג צו סימבאָלן און האָבן ליב צו מאַכן געשיכטלעכע פאַרגלייכן. אַ יונגער מיליטערישער קאַפּעלאַן, מיט וועלכן איך האָב זיך צונויפגעשמועסט אין וואַרט־זאַל פון „גראַנד האָטעל״ אין וורצלאַוו, האָט מיטן ברען פון אַן אמתן מיסיאָנער מיך געוואָלט איבערצייגן, אַז וורצלאַוו איז פיל פּוילישער ווי לעמבערג. דער מיליטערישער גלח איז אין וואַרט־זאַל געזעסן מיט זיינע וואַליזעס, גרייט אַריבערצוגיין צום באַנהויף, וואָס געפינט זיך קעגנאיבער דעם האָטעל.

ער האָט אָבער צוליב מיר באַשלאָסן צו פאָרן מיט אַ שפּעטערדיקן צוג, ווייל עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיינע אַרגומענטן וועגן לעמבערג און וורצלאַוו האָבן נישט אינגאַנצן געטראָפן צו מיין איבערצייגונג. ער האָט דאַן פּרובירט מאַכן אויף מיר אַן איינדרוק דורך אַרויסברענגען דעם

סימבאָלישן צופאַל פון דער דאַטע פון 8טן מאַי, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער שטאָט ווראצלאַוו.

„איז עס נישט מאָדנע? —האָט דער יונגער גלח מיט באַגייסטערונג געזאָגט צו מיר. — דעם 8טן מאַי 1341 איז דערמאָרדעט געוואָרן דער פוילישער מאַרטירער פון אַמאָליקן שלעזיע, בישאָף נאַנקער, און דעם 8טן מאַי 1945 איז שלעזיע באַפרייט געוואָרן פון די דייטשן"...

ווען אויך דאָס האָט נישט געמאַכט אויף מיר קיין צו גרויסן איינדרוק, האָט ער מיר דאַן געגומען דערציילן די מערקווירדיקע געשיכטע וועגן דעם דאָזיקן פוילישן בישאָף, וועלכער ווערט באַצייכנט אַלס א מין פוילישער „זשאַן ד'אַרק". בישאָף נאַנקער האָט געקעמפט און איז געפאַלן מיט גאַנצע הונדערט יאָר פריער פאַר דער פאַרגעטערטער פראַנצויזישער העלדין. דער דאָזיקער בישאָף האָט נישט אָנערקענט דעם אָפּמאַך צווישן פוילישן קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן און יאַן דעם לוקסעמבורגער. ער האָט אויף אייגענער האַנט געפירט דעם קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון שלעזיע און אפילו געשטעלט א באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין דער פעסטונג פון מיליטשאַ. נאָך דעם ווי די פעסטונג איז געפאַלן, האָט בישאָף נאַנקער פאָרגעזעצט זיין קאַמף פון דער קירכלעכער אַמבאָנע און אין אויגוסט פון יאָר 1339 געלייגט אין חרם אריין דעם טשעכישן קעניג יאַן דעם לוקסעמבורגער, ווי אויך די דייטשע ריטער, וועלכע האָבן אים געשטיצט.

אַלע באַמיאונגען מצד די דייטשע ריטער, אז בישאָף נאַנקער זאָל צוריקציען דעם חרם, האָבן נישט געהאָלפן. יאַן דער לוקסעמבורגער האָט דאַן באַשלאָסן צו פאַרניכטן דעם פוילישן בישאָף און דעם 8טן מאַי 1341 איז בישאָף נאַנקער געוואָרן אָפּגעסמט דורך די שלוחים פון קעניג.

* * *

מיט ברענענדיקן אייפער האָבן די נאַציס אין שלעזיע פאַרניכטעט די אַלטע קולטור־היסטאָרישע מאָנומענטן, וואָס האָבן עדות געזאָגט אויף דער פוילישקייט פון דער דאָזיקער טעריטאָריע. זיי האָבן אָבער דאָך נישט באַוויזן אַלץ אויסצוראָטן. אין דער קירכע אין אָפּאָלע האָב איך הינטערן

אַלטאַר געזען די סאַרקאָפאַגן פון די פיר פּיאַסט־פּירשטן, באָלקאָ דער 1טער, דער 2טער, דער 3טער און דער 4טער, וועלכע זענען דאָרט געקומען צו קבורה צווישן די יאָרן 1313 און 1437.

די סאַרקאָפאַגן פון גרויען זאמד־שטיין שטעלן פאָר די מיטלאַלטער־לעכע פּירשטן אין זייער פולן ריטערלעכן טראַכט, מיט פּאַנצערס, שפּיזן און שילדן. אויף די שילדן געפינט זיך דער פּוילישער אָדלער אָן א קרוין, אזוי ווי דער אָדלער ווערט איצט טאַקע אָפיציעל באַנוצט אין פּוילן.

אויך אין דער קליינער זייטן־קאַפּעלע פון דער זעלבער גאָטישער קירכע איז דער שוואַרצער הילצערנער סופּיט אינקרוסטירט מיט ווייסע פּוילישע אָדלערלעך אָן קרוינען. די שטאָט אָפּאָלע איז האַלב־רויאינירט און די מויערן פון די חרובע הייזער זענען באַדעקט מיט פּיינטלעכע אויפ־שריפטן קעגן דעם פירער פון דער אָפּאָזיציע: „מיקאָלאַיטשיק איז — בירגער־קריג".

פון די זאמדיקע דערפער ארום די בעסקידן־בערג אין גאַליציע האָבן טויזנטער פּויערים איבערגעוואַנדערט און פאַרנומען די פאַרלאָזענע דייטשע פאַרמס אין די שלעזישע פּראָווינצן, די ערד פון די פּוילישע פּיאַסטן־פּירשטן. פאַרן קריג זענען די דאָזיקע איבערוואַנדערער געווען דער הויפּט־אָנשפּאַר פון דער פּויערים־פּאַרטיי פון ווינצענטי וויטאָס, וועמענס יורש עס איז איצט דער אָפּאָזיציע־פירער סטאַניסלאַוו מיקאָלאַיטשיק.

אונטערן פּילסודסקי־רעזשים האָבן די דאָזיקע פּויערים זיך געבונ־טעוועט קעגן די הויכע שטייערן, געפאָדערט ערד און אין זומער פון יאָר 1937 אָנגעהויבן א מאַסן־שטרייק פון אָפּשטעלן דעם צופיר פון דאָרפישע פּראָדוקטן אין די שטעט אריין. די פּויערים פון די גאַליצישע דערפער האָבן פאַרלייגט די וועגן, נישט דורכגעלאָזט קיין פורן מיט שפּייז אין די שטעט אריין און געשטעלט א ווידערשטאַנד דער מאָטאָריזירטער פּאָליציי. פּויעריש בלוט האָט זיך געגאָסן אויף די וועגן.

די דאָזיקע איבערגעוואַנדערטע פּויערים אין שלעזיע באַלאַנגען איצט צו דער פּוילישער אַרבעטער פּאַרטיי (פּ.פּ.ר.), וואָס פאַרנעמט דאָס אָרט פון דער אמאָליקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דאָס הייסט נישט, אז אין זייערע מוחות איז פאָרגעקומען עפּעס אן אידעאָלאָגישער איבערברוך. זיי זענען

ווייטער געבליבן די זעלבע אבערגלויבעריש־פרומע קאטאָליקן. ווי אמאָל, און דער גייסטיקער פירער אין דער געמיינדע איז ווייטער דער גלח.

זיי ווייסן בלויז איין זאך, אז די „פּ.פּ.ר." איז די פּארטיי, וואָס האָט זיי געגעבן די איניציאַטיוו צו דער איבערוואנדערונג און זיי געהאָלפן אויס־טוישן די שטרויענע כאטקעס אויף פיינע, מאָדערנע באַלעבאַטישקייטן מיט עלעקטריש ליכט און גאז, און אז אָנשטאָט די פּיצלעך פּרוכטלאָזע, זאמדיקע ערד האָבן זיי באקומען פון 6 ביז 16 העקטאר פאר א משפּחה.

אָט דעם נייעם טיפּ פּויערים, וועלכע באַלאנגען צו דער פּ.פּ.ר., האָב איך געזען אין דעם מוסטער־דאָרף נאָווא נאַפּראַווא, וווּהין עס האָט איי־נגעלעך זיך אָנגעהויבן דער פּיאָנירן־מאַרש פון די פּוילישע פּויערים קיין שלעזיע. אויפן וועג פון אָפּאָלע קיין נאָווא נאַפּראַווא האָבן מיר נאָך גע־טראָפן ליגן איבערגעקערטע, פאַרזשאַווערטע טאנקען, שווערע פעלד־קאַ־נאָנען מיט די לופעס פאַרריסן צום בלויען הימל, אָבער אויף די פעלדער האָט זיך שוין געוויגט די צייטיקע תּבואה — דער ערשטער געראָטענער פאַרזיי פון די נייע איבערוואנדערער.

דער נאָמען פון דעם מוסטער־דאָרף „נאָווא נאַפּראַוואַ" נעמט זיך דערפון, וואָס די ערשטע גרעסערע גרופּע איבערוואנדערער איז אין דעם דייטשן דאָרף ליבער געקומען פון דאָרף נאַפּראַווא, מישליניצער פּאָ־וויאַט, קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט.

דאָס גאַליציאנער דאָרף נאַפּראַווא האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א טיפּישן מוסטער פון די איבערבאַפעלקערטע דערפער אין קליין־פּוילן. די פּויערים האָבן דאָרט געהאַט נישט מער ווי צוויי העקטאר, איין העקטאר, און טיילמאָל אפילו בלויז א ברוכטייל פון א העקטאר, וואָס עלטערן האָבן צוגעטיילט זייערע חתונה־געהאַטע קינדער, וועלכע זענען אוועק אויף איי־גענער באַלעבאַטישקייט. אין דער פּוילישער עקאָנאָמיק זענען די דאָזיקע ווירטשאַפטן באַצייכנט געוואָרן אלס „קאַרליק־באַלעבאַטישקייטן", וואָס זענען נישט אימשטאַנד געווען אויסצוהאַלטן קיין פּויערים־פאַמיליע.

וועגן דעם אַלטן דאָרף נאַפּראַווא איז פאַרן קריג פיל געשריבן גע־וואָרן אין דער פּוילישער פּרעסע. דאָס דאָרף, וואָס האָט ארויסגעגעבן א גאַנצע ריי טאַלאַנטירטע שרייבער און יונגע ראַדיקאַלע פּויערים־פירער, איז געווען דער סינאָנים פון אָרימקייט, ווו די מיינסטע פּויערים האָבן שרעקלעך

געהונגערט. פון נאַפּראַוואַ שטאַמט דער טאַלענטירטער פּאָעט און פּראָ־זאַאיקער יאַלו קורעק, וועמענס ראָמאַן „די גריפּע בושעוועט אין נאַפּראַוואַ" האָט אין יאָר 1935 באַקומען די העכסטע ליטעראַרישע אויסצייכענונג אין פּוילן.

פון נאַפּראַוואַ שטאַמט אויך דער פּויערים־שרייבער אַנטאָני אָלכאַ, וועלכער האָט אין דעם דאָרף אַרויסגעגעבן די ערשטע צייטשריפט פאַ־פּויערישער ליטעראַטור אונטערן נאָמען „דאָס דאָרף און זיין געזאַנג" (וויעש אי יעי פּיעשן). אַרום דער דאָזיקער צייטשריפט האָבן זיך געזאַמלט פּויערים־שרייבער פון גאַנץ פּוילן און אפילו פּוילישע פּויערים־שרייבער פון פראַנקרייך, די פאַראייניקטע שטאַטן און בראַזיל. דאָס דאָרף נאַפּראַוואַ האָט אַלזאָ מיט זיך פאָרגעשטעלט א צענטער פון פּויערישן שעפערישן געדאַנק אין פּוילן.

צוויי חדשים נאָך דער באַפרייאונג פון שלעזיע, דעם 12טן יוני 1945, האָט די ערשטע גרופּע פּויערים פון דאָרף נאַפּראַוואַ זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון ליבער, ווו די מרגלים, די פאָראויסגעשיקטע שלוחים, האָבן אויסגעפונען, אַז די בעסטע ערד און דאָס פּאַסיקסטע אָרט צו באַזעצן זיך זענען די דערפער אַרום דער שטאָט פראָנדניק, וואָס ליגט אויף מערב־זייט פון טייך אָדער.

די פאָראויסגעשיקטע מרגלים פון נאַפּראַוואַ, וועלכע האָבן זיך פאַר־האַלטן ביים דאָרף ליבער, האָבן אָן שוועריקייטן אויסגעפונען, אַז ליבער האָט גאָרנישט צו טון מיט דעם דייטשן באַגריף „ליבע" אָדער „ליבשאַפט", נאָר אַז דאָס איז א פאַרקריפּלונג פון דעם אַלטן פּוילישן נאָמען „לובזשאַ, און אַז נאָך אין טיפן מיטלאַלטער האָבן דאָ געוווינט פּוילישע פּויערים.

די שלוחים פון נאַפּראַוואַ, יוזעף מאַיערעק, קורעק, קאָלאָדזשעיטשיק און קאָוואַלעץ האָבן אויף די מיט מאָך־פאַרוואַקסענע שטיינערנע מצבות פון אָרטיקן בית עולם אָנגעטראָפן פיל פּוילישע נעמען און אין דער קירכע האָבן זיי צווישן אַלטע געבעט־ביכער אַנטדעקט פרעדיקס פון פּוילישע גלחים פון אור־אַלטע צייטן, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן ערשט אין יאָר 1900.

נאָך דריי טעג וואַנדערונג זענען די ערשטע 89 פּוילישע פּויערים־

פאמיליעס אָנגעקומען אין דאָרף ליבער, אָדער לובזשא, און אויף צומאָרגנס איז ביים ארייננאנג צום דאָרף שוין געשטאנען אן אויפשריפט מיט דעם נייעם נאָמען: „נאָווא נאפּראַווא" (דאָס נייע נאפּראווא). צוזאמען מיט דער ערשטער גרופּע איבערוואנדערער פון אלטן נאפּראווא איז אויך מיט־געקומען דער פּויערים־פּאָעט אנטאָני אָלכא, וועלכער האָט אָנגעשריבן א בוך וועגן דער אנטשטייאונג פון דעם דאָזיקן נייעם פּויערים־ישוב אין שלעזיע.

אָט ווי אזוי אנטאָני אָלכא שילדערט די געבורט פון דער נייער געמיינדע:

„אין א ווינקל פון דעם ריזיקן קירכן־הויף איז אוועקגעשטעלט גע־וואָרן א גרויסער טיש. אויף א הינקנדיקן שטול, וואָס די פּויערים האָבן געפונען ערגעץ אין דער טעפּעריי, האָט זיך אוועקגעזעצט בירגער פּערטש מיט זיין הוט פאררוקט אויפן שטערן און אין א מאנטל, וואָס האָט נאָך געטראָגן אויף זיך דעם שטויב פון די ווייטע וועגן. נעבן טיש איז אין דער ערד ארייגעקלאפּט געוואָרן א שטעקן, צו וועלכן עס איז צוגעשלאָגן געוואָרן אן אומגעהובלעוועט ברעטל. דער שווארצער, אומגעלומפּערטער אויפשריפט, וואָס איז געמאכט געוואָרן אין דער שנעל, האָט זיך געלייענט: „די קאנצעלאריע פון דער געמיינדע נאָוואַ נאַפּראַוואַ. די אמט־שעהן: טאָג און נאכט — ביז צום אָפּרוף".

„בירגער פּערטש, פון בארוף אן אינזשיניער, אן עלטערער מענטש, האָט פארשניצט זיין בלייפעדער, מיט די פינגער א קעם־געטון זיין גרוי־ווערנדיקע באָרד און געזאָגט: בירגער, מיר הייבן אָן. גיט אָן לויט דער ריי אייערע נעמען, דעם צושטאנד פון אייערע פאמיליעס און אזוי ווייטער. שטופּט זיך נישט, שטעלט זיך אין דער ריי, היט אָפּ אָרדענונג".

די בויער פון נאָוואַ נאַפּראַוואַ האָבן פון אָנהייב געהאט אויסצו־שטיין אלע שוועריקייטן פון א ניי־געבוירענעם ישוב, טראָץ דעם וואָס אלץ איז דאָ געווען גרייט. די רעשטלעך געבליבענע דייטשן און די געשלאָגענע נאַצישע אָפּטיילונגען אין די וועלדער זענען באפאלן דאָס דאָרף, אונטער־געצונדן הייזער, פארסמט דאָס וואסער. אָבער די שוועריקייטן זענען שנעל געוואָרן באזייטיקט און בעת מיין באזוך אין דעם דאָזיקן מוסטער־דאָרף,

סוף יולי 1946, האָבן זיך דאָרט שוין געפונען איבער טויזנט איבערגע־וואנדערטע פוילישע פויערים.

די איבערוואנדערער פון דעם אָרימען דאָרף אין די בעסקידן־בערג, וועלכע האָבן אמאָל געוווינט אין הייזקעס מיט שטרויענע דעכער, האָבן איצט פארנומען געמויערטע הייזקעס מיט פיין מעבל, ראַדיאָ־אַפּאַראטן און אַלע אנדערע באקוועמלעכקייטן פון א מאָדערנער דייטשער באַלעבאַטיש־קייט. אַנשטאָט א העקטאר אָדער צוויי העקטאר זאמדיקער ערד אין דעם אַלטן נאַפּראַווא, האָבן זיי איצט געהאט פון 7 ביז 14 העקטאר לאַנד.

די איבערוואנדערונג איז נישט געווען חלילה קיין פּיאָנירישער קרבן, נאָר אן אויסבעסערונג פון זייער לאגע און דאָס, וואָס מען האָט זיך אזוי פיל צעשריבן וועגן דעם אויפטו און צעזונגען וועגן די דאָזיקע איבער־וואנדערער און אפילו נאָך ארויסגעגעבן ביכער וועגן זיי, האָט ממש פאר־שיכורט די פויערים, וועלכע האָבן פאר אונדז זיך געקלאָגט אויף דער רעגירונג, פארוואָס מען גיט זיי נישט גענוג פערד, בהמות און מכשירים.

ווען איך האָב זיי אָבער געפרעגט, וואָס זיי טוען מיט די פּראָדוקטן, וואָס בלייבן זיי, האָט איינער פון די פירנדיקע פויערים, אין וועמענס הויז מיר האָבן זיך פארזאמלט, א זאָג־געטון: „מיר פארקויפן עס אויפן פּאסעק... נא פּאסקו!” (א פּוילישער זשארגאָן־אויסדרוק פאר ספּעקולאציע, אָדער שווארצן מארק).

אונדזערע באַגלייטער פון מיניסטעריום פאר די נייע געביטן זענען געווען איבערראשט און פּרובירט די פויערים צו קאָריגירן: איר מיינט אוודאי אויפן פרייען מארק”...

דער פויער האָט זיך אָבער נישט געפילט געפּלעפּט און געזאָגט: „עס איז אַלץ איינס”...

אינמיטן פון אונדזער געשפּרעך איז ארייננגעשפּרונגען א יונגער, געשיקטער גלח אין א לאנגער שווארצער סוטאנע און פרייַלעך זיך באגריסט מיט די פויערים און מיט די געסט. ער האָט אויסגעשריגן: „זאָל געלויבט זיין”... און צו איינעם פון די פויערים א זאָג־געטון מיט א טאָן פון א פריינטלעכן פאָרוואורף: „זאָג נאָר, יאן, איך האָב געהערט, אז עס זענען דיר געבוירן געוואָרן פיר חזירימלעך. איינס קומט מיר”...

דער פויער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און גלייך ווי דאָס וואָלט געווען א נאטירלעכע זאך געזאָגט: „אוודאי, אוודאי, איך וועל ברענגען".

מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט, אז די פויערים, די מיטגלידער פון דער פּ.פּ.ר., און אפילו זייערע אקטיוויסטע טוער גיבן אָפּ פרייוויליקע טעג, כדי צו באארבעטן די 15 העקטאר לאנד, וואָס דער גלח האָט באקומען צוגלייך מיט די פויערים.

ווען איך האָב געפרעגט דעם גלח, ווי אזוי עס זענען זיינע באציאונגען מיט די פויערים, האָט ער מיט א האָפערדיקן, פריילעכן טאָן געענטפערט: „ווי א פאסטוך צו זיינע שאָף"...

די קירכע אין נאָווא נאַפּראַווא נעמט אריין נאָרמאל פון 700 ביז 800 מענטשן, אָבער אין די זונטיקן איז די קירכע איבערפולט איבער די ברעגן. אלע איינוווינער אָן אויסנאם קומען צו די גאָטעס־דינסטן. דער סעקרעטאר פון דער אָרטיקער פּ.פּ.ר., וועלכן איך האָב געפרעגט, צי אויך ער איז אן אָפטער באזוכער אין דער קירכע, האָט מיט שטוינונג מיך אָנגעקוקט און געענטפערט: „פארשטייט זיך".

די איצטיקע איינוווינער פון נאָווא נאפּראווא שטאמען נישט נאָר בלויז פון דער אלטער נאפּראווא, נאָר אויך פון אנדערע דערפער אין גאַליציע און באזונדערס פון מישלעניצע, אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאפט, פון וואנען עס שטאמט דער באקאנטער פוילישער פאשיסטישער פירער אַדאַם דאָבאָשינסקי. אין זומער פון יאָר 1936 האָט אדאם דאָבאָשינסקי אָרגאניזירט א פאשיסטישן מארש אלא מוסאָליני, פארכאפּט דעם פּאָליצײ־אמט אין מישלעניצע און במשך פון עטלעכע טעג געהערשט איבער דעם שטעטל. דאָס איז געווען א מיניאטור־רעוואָלט קעגן דעם רעזשים פון די פּולקאָווניקעס, אָבער א רעוואָלט אויף רעכטס. זינט דעמאָלט איז דער אוואנטוריסטישער דאָבאָשינסקי אין די אויגן פון פיל צוריקגעשטאַנענע פויערים אויסגעוואקסן אלס א מארטירער. אין פיל פויערישע כאטעס, ספּעציעל ארום מישלעניצע, איז געהאָנגען דאָס בילד פון אדאם דאָבאָשינסקי, וועלכער איז דורך די יאָרן פון קריג געשטאנען אין שפּיץ פון דער רעאקציאָנערסטער פוילישער עמיגראציע־גרופּע אין לאָנדאָן.

א פּראָגרעסיווער פוילישער פויערים־פירער אין שלעזיע, וועלכער פארנעמט א וויכטיקן רעגירונגס־פּאָסטן, האָט פאר מיר שארף קריטיקירט

דעם טומל, וואָס ווערט אין דער אָפיציעלער רעגירונגס־פּרעסע געמאַכט ארום דער נאָווא נאַפּראַווא, און דערביי איראָניש באמערקט, אז נישט אין איין הויז פון די נייע איבערוואנדערער אין נאָווא נאַפּראַווא געפינט זיך נאָך דאָס בילד פון אדאם דאָבאָשינסקי, וואָס די פּויערים האָבן מיטגע־בראכט מיט זיך פון זייער אלטער היים אין מישלעניצע.

איך האָב גאנץ קלאָר געזען די שטעך פון דער לעגענדע, וואָס איז אויף א טאנדעטנעם אופן צונויפגעסטריגעוועט געוואָרן ארום די פּויערים פון דער נאָווא נאפּראווא. די דאָזיקע פּויערים דרייען זיך ארום ווי מיוחסים און זענען נאָך אלץ אומצופרידן. זיי האָבן זיך פאר אונדז געקלאָגט, אז ביי זיי, ווי אויך אין די ארומיקע דערפער, פעלן בעלי־מלאכות, אז זיי נויטיקן זיך אין שניידער, שוסטער, סטאָלערס און מעכאניקער. ווען איך האָב זיי אָבער געפרעגט, צי עס וואָלטן זיך דאָ נישט געקענט באזעצן יידישע בעלי־מלאכות פון די שכנותדיקע שטעט, האָבן זיי אָנגענומען א מויל מיט שווייגן. אפילו די פּויערים פון דער נאָווא נאפּראווא, די פּיאָנירן פון דער נייער איבערוואנדערונג, האָבן אין דער הינזיכט דערווייל זיך נאָך ווייניק וואָס געענדערט.

נישט נאָר איז דערווייל אוממעגלעך, אז יידישע בעלי־מלאכות זאָלן זיך באזעצן אין די דערפער און זיך צונויפלעבן מיט די ניי־איבערגעוואנ־דערטע פּויערים, נאָר עס איז נאָך נויטיק א לאנגע אויפקלערונגס־ארבעט, ביז וואנען אין די מוחות פון די דאָזיקע פּויערים וועט אויסגעוועפּט ווערן דער אנטיסעמיטישער גיפט. פיל פּוילישע איבערוואנדערער פון צענטראל־פּוילן און גאליציע, וועלכע קומען קיין שלעזיע און נידערשלעזיע, זענען איבערראשט צו זען, אז אין די שטעטלעך געפינען זיך יידישע קראָמען און זייער ערשטע רעאקציע איז צו באָיקאָטירן די דאָזיקע געוועלבער.

אין דעם שטעטל גלוכאָלאזי, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון מוס־טער־דאָרף נאָווא נאַפּראַווא, זענען בעת מיין באזוך געווען פינף יידישע קראָמען. די דאָזיקע קרעמער האָבן מיר אָבער דערציילט, אז זייערע קונים זענען אין אָנהייב געווען הויפּטזעכלעך די דייטשע איינוווינער. היות אָבער ווי די לעצטע דייטשן ווערן ארויסגעשיקט און זייער אָרט פארנעמען פריש־אָנקומענדיקע פּאָליאקן, וועלן די יידישע קרעמער סוף־כל־סוף מוזן שליסן די געוועלבלעך, ווייל זיי ווערן דורך די פּאָליאקן גאנץ אָפן באָיקאָטירט.

די יידישע קרעמער האָבן אָבער דערביי צוגעגעבן, אז די מאגיסטראט־באאמטע מיטן בירגערמייסטער אין דער שפּיץ פירן אן ענערגישן קאמף קעגן דעם און קומען דעמאָנסטראטיוו צו זיי אין די געוועלבער אריין. די ווירקונג איז אָבער דערווייל נאָך זייער א שוואכע. די יידישע קראָמען פּוס־טעווען, דאקעגן אָבער זענען פול די פּוילישע געוועלבלעך, וואָס טראָגן אויפשריפטן: „פּויליש געשעפט" אָדער „קריסטלעך געשעפט" — לויטן גוט באקאנטן נוסח אין פארמלחמהדיקן פּוילן.

א יידישער קרעמער אין גלוכאָלאזי האָט מיר דערציילט, אז ער האָט אפילו שוין באקומען א וואָרענונגס־בריוול זיך אָפּצוטראָגן. אזעלכע בריוו־לעך האָבן אויך באקומען יידישע פארמער אין פּעטראָלעסיע און אין אנ־דערע געגנטן, ווו יידן האָבן באקומען ערד. אָבער אין שלעזיע זענען די יידן נישט אזוי איבערגעשראָקן און די מאכט איז פיל ענערגישער און ווירקזאמער ביים אויסראָטן דעם אנטיסעמיטיזם. פאר די יידישע שולן שטייען באוואָפנטע פּאָליציאנטן און מען קען דאָ הערן ווי די קינדער זינגען יידישע לידער. יידן זענען דאָ קאָנדוקטאָרן אויף די טראמווייען און אווי־טאָבוסן און פילן נישט אזוי די פיינטלעכע אטמאָספער ווי אין זייערע אלטע היימען אין צענטראל־פּוילן. באזונדערס אנטשלאָסן פילן זיך דאָ די יידן, וועלכע זענען באפרייט געוואָרן פון די שלעזישע לאגערן און אויך די, וועלכע האָבן אין די רייען פון די פּוילישע באטאליאָנען, זייט ביי זייט מיט דער רויטער ארמיי, באפרייט די שלעזישע ערד.

## קאפיטל אכצן

# דער יידישער חורבן אין נישט־צעשטערטן קראָקע

אין קיין שום שטאָט אין פוילן פילט מען נישט אזוי דעם יידישן חורבן, ווי אין דעם פּרעכטיקן קראָקע, וואָס איז כמעט נישט אָנגערירט געוואָרן פון קריג.

די גאסן פון געוועזענעם ווארשעווער געטאָ זענען א חורבה אין א חורבה. די שולן און בתי־מדרשים פון דער הויפּט־שטאָט האָט געטראָפן דער זעלבער גורל ווי די קירכעס. אָבער אין קראָקע, אין דער געוועזענער הויפּט־שטאָט פון נאַצישן גענעראַלגאָווערנעמענט, ווו עס איז נישט גע־רירט געוואָרן אפילו קיין שטיין פון די אַלטע קירכעס און פעסטונגס־אַרטיקע פּאַלאַצן, איז נאָך וויסטער די וויסטעניש פון די געשענדעטע שולן און בית עלמינס.

„עס ברענט אין מיר א טיפע שאַנד פאַר דער דאָזיקער שטאָט" — האָט אויפריכטיק צו מיר געזאָגט א יונגער פּוילישער שריפטשטעלער, מיט וועלכן איך האָב שפּאַצירט איבער די גרינע, פרידלעכע גאסן פון קראָקע — „אין ווארשע פיל איך זיך שטאָלצער, דערהויבענער און אויך זיכערער" — האָט ער אַקצענטירנדיק דאָס לעצטע וואָרט מיך דורכגענומען מיט זיין פאָרשערישן בליק און געוואַרט אויף מיין רעאַקציע.

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און א דערמוטיקטער פון דער שטו־מער הסכמה, האָט ער פאָרגעזעצט :

„אויך לאָדזש איז נישט געוואָרן אָנגערירט, אָבער עס איז נישט קיין פאַרגלייך. וואָס איז דען לאָדזש, וואָס פאַרא טראַדיציעס האָט זי, ווו שטעקט איר פּוילישקייט? אין די פאַבריקן פון די דייטשן שייבלער און

גראָמאַן — אָבער קראָקע, קראָקע, דאָס וויגעלע פון דער פּוילישער געשיכטע, פון דער פּוילישער קולטור! — אומפאַרגעבלעך!״

מיר זענען אַרויס פון די „פּלאַנטן״, פון דעם אייגנאַרטיקן פּאַרק, וואָס שלענגלט זיך דורך דער שטאָט ווי אַ טייך, און אָנגעקומען צום וואַוועל — צום קעניגלעכן שלאָס, וווּ עס איז געווען דאָס זיץ־אָרט פון נאַציאָנאַלן גענעראַל־גובערנאַטאָר, ד״ר האַנס פראַנק.

דאָס געקאָוועטע גרויסע טויער פון וואַוועל איז געווען געשלאָסן, די גרין־פּאַטינירטע קופּערנע טורעם־דעכער האָבן געבלענדט אין דער זון און איבער דער הויכער שלאָס־מויער האָט געקלעטערט דער ווילד־וויין.

עס איז געווען רואיק, שטיל — אַן אמתע אידיליע. די דאָזיקע אויסטערלישע פרידלעכקייט אַרום דעם וואַוועל האָט שוין אינגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון אומגעדולד מיין עקסטאַטישן באַגלייטער, וועלכער האָט מיטאַמאָל אויסגעשריגן:

„איך וויל שוין בעסער די וואַרשעווער חורבות!״ און אַ נעם־טוענדיק מיך האַסטיק פאַרן אָרעם, האָט ער מיט צוגעאיילטע טריט אַוועקגעשפּאַנט פון וואַוועל.

„די דאָזיקע רעטונג פון קראָקע איז אַ געמיינהייט און נישט קיין נס!״ — האָט ער נערוועז אַרויסגעשעפּטשעט און געזעגנענדיק זיך מיט מיר, גענומען איילן צו זיין באַשעפטיקונג אין רעדאַקציע.

איך האָב גוט פאַרשטאַנען דעם ליבעראַלן פּוילישן שריפטשטעלער, וועלכער האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער אומבאַשעדיקטקייט פון זיין היים־שטאָט. ער אַליין איז דורך די יאָרן פון קריג געווען אין אַ שקלאַפן־לאַגער אין דייטשלאַנד און ער האָט דעריבער דערוואַרט צו טרעפן אַן אַנדער קראָקע, נישט אַזוי זאַט, זעלבסטצופרידן און צוריקגעשטאַנען.

דאָס פּרצוף פון רעאַקציאָנערן קראָקע איז אַמבעסטן געקומען צום אויסדרוק בעת דעם רעפערענדום אין זומער פון יאָר 1946, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פיל בעסערן פּראָבע־שטיין פאַר די שטימונגען פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, ווי די וואַלן פון 19טן יאַנואַר 1947.

בעתן רעפערענדום האָט די באַפעלקערונג באַראַפט ענטפערן „יאָ״ אָדער „ניין״ אויף דריי קאַרדינאַלע פראַגן, אויף וועלכע עס שטיצט זיך דער נייער רעזשים אין פּוילן: 1) צי עס זאָל ווערן אָפּגעשאַפט דער סענאַט

פון פוילישן פּארלאַמענטארן סיסטעם; 2) צי עס זאָלן נאציאָנאליזירט ווערן די גרויסע פאבריקן און דורכגעפירט ווערן אן אגראר־רעפאָרם און 3) צי מען זאָל אָנערקענען די נייע גרענעצן.

די פּויערים־פּארטיי פון סטאניסלאוו מיקאָלאיטשיק האָט גערופן צו שטימען — „ניין" בלויז אויף דער ערשטער פראגע, אָבער צוגעשטימט אויף די איבעריקע צוויי פראגן. אין קראָקע האָט אָבער 62 פּראָצענט פון דער באפעלקערונג אויך געשטימט „ניין" אויף דער צווייטער פראגע, דאָס הייסט: קעגן דער נאציאָנאליזירונג פון דער שווער־אינדוסטרי און קעגן דער אגראר־רעפאָרם, און 23 פּראָצענט האָבן געשטימט קעגן די נייע גרענעצן.

דאָס האָט טאקע באשטעטיקט דעם פאקט, אז אין קראָקע, ווו דער „וואווער", דער „בארבאקאן" און אלע אנדערע מיטלאלטערלעכע פעס־טונגס־מויערן זענען געבליבן אומבארירט, איז אויך געבליבן אומבארירט די אלטע פינסטערע רעאקציע.

די צייטונג פון די פּוילישע קוילן־ארבעטער „גורניק" האָט וועגן אויסגאנג פון רעפערענדום געמאכט פאָלגנדיקן קאָמענטאר:

„אזא נאציאָנאלן פארראט קען נישט קיין שום אנדערע שטאָט אין פּוילן, ווו 23 פּראָצענט, כמעט א פערטל פון דער שטים־בארעכטיקטער באפעלקערונג, וויל, אז די מערב־געביטן, די צוריק־דעראָבערטע אלטע ערד פון די פּיאסטן, זאָל צוריק אָפּגעגעבן ווערן צו דייטשלאנד. אין זייער האָס צום פּוילישן פאָלק זענען זיי אזש גרייט צו דינען די טויט־שונאים פון פּוילן, די דייטשן... דאָס וועלן די פּוילישע ארבעטער נישט פארגעסן די קראָקעווער אויסוואורפן.

„די פּוילישע ארבעטער פארשטייען, פארוואָס די קראָקעווער אויס־וואורפן ווייזן ארויס אזא האס צו אלעם, וואָס איז יונג און שעפעריש אין פּוילן, ווייל די דאָזיקע אויסוואורפן חלומען וועגן די צייטן, ווען דאָס פּוי־לישע פאָלק איז אומגעקומען אין די לאגערן און זיי האָבן געמאכט גאָל־דענע געשעפטן אונטער די שוץ־פליגל פון היטלעריסטישן גובערנאטאָר פראנק.

„קראָקע, כלומרשט דער צענטער פון פּוילישער וויסנשאפט, קולטור און קונסט, איז געוואָרן פארהאסט דורך דער פּוילישער ארבעטערשאפט".

קראָקע איז געווען די פּריילעכסטע שטאָט אונטער דער נאַציסטישער אָקופּאַציע. די נאַצישע באַאַמטע, וועלכע האָבן דאָ פאַרפאַסט די גרויליקסטע מאָרד־פאַראָרדענונגען, האָבן אַליין אָבער געזוכט אביסל „געמיטלעכקייט" און העפלעך געשמייכלט צו די פּוילישע דאַמען. די מערהייט פון דער רעאַקציאָנערער קראָקעווער באַפעלקערונג האָט גלייכגילטיק זיך צוגעקוקט צום טראַגישן גורל פון די 80.000 קראָקעווער יידן. די יידישע הענדלער זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן הינטער די מויערן אין אַלטן יידישן קוואַרטאַל, אין קאַזשימיעזש, און די „נאַציאָנאַל־געשטימטע" פּאָליאַקן האָבן געהאַנדלט מיטן אָקופּאַנט. אין דער צייט, ווען גאַנץ פּוילן איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט און די באַפעלקערונג האָט געהונגערט, האָט אין קראָקע געהערשט פּראָספּעריטעט.

די ליבעראַלע אינטעליגענץ און די פּראָגרעסיווע אַרבעטער האָבן געמאַכט אויפריכטיקע אָנשטרענגונגען צו אַנטוויקלען אַן אונטערערדישע טעטיקייט. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין אָנשפּאַר אין דער באַפעלקערונג פון קראָקע, וואָס האָט כמעט ווי גלייכגילטיק אויפגענומען דעם „יודאַש"־מאָרד איבער די ליבעראַלע פּראָפעסאָרן פון קראָקעווער אוניווערסיטעט, וועלכע דער גובערנאַטאָר האַנס פראַנק האָט פאַרנאַרט און פאַרשיקט אין א פאַרניכטונגס־לאַגער.

אין אָט דער אַטמאָספער פון מאָראַלישער געפאַלנקייט, וואָס האָט באַהערשט א גרויסן טייל פון קראָקעווער בירגערטום, איז דעריבער באַזונדערס שווער געפאַלן די אונטערערדישע טעטיקייט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, די פּ.פּ.ס., וואָס האָט אַנטוויקלט א באַזונדערע אַקציע צו ראַטעווען אירע יידישע חברים פון די געטאָס און פון די לאַגערן. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער אַקציע איז געשטאַנען דער פּ.פּ.ס.־פירער פון קראָקע, יוזעף ציראַנקיעוויטש, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּ.פּ.ס. אין פּוילן און זינט 1947 פּרעמיער פון דער ערשטער סטאַבילער רעגירונג. די קראָקעווער פּ.פּ.ס. האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אויפן געביט פון צושטעלן פאַלשע „אַרישע" פּאַפּירן און אַנדערע דאָקומענטן, אַדאַנק וועלכע פיל צענדליקער יידן זענען טאַקע געראַטעוועט געוואָרן. אויסער דעם האָט די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָנגעפירט א פאַרביטערטן קאַמף קעגן פּאָליאַקן, וועלכע האָבן פאַרראַטן אויסבאַהאַלטענע יידן.

אין מערץ פון 1943 איז אין קראָקע אנטשטאנען א צווישן־פּאר־טייאישער קאָמיטעט צו העלפן יידן, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „ראדא פּאָמאָצי זשידאָם — קראסגווו" (ראט צו העלפן יידן — קראָקע), אין וועלכן עס זענען אריין פארטרעטער פון דער פּ.פּ.ס., פון דער דעמאָקראטישער פּארטיי און פון דער פּויערים־פּארטיי. די דאָזיקע אָרגאניזאציע אין קראָקע איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אונטער דער נאצישער אָקופּאציע איינ־געפירט א ספּעציעל געריכט צו משפּטן און אויסצופירן טויט־אורטיילן קעגן פּאָליאקן, וועלכע האָבן איבערגעגעבן יידן אין די הענט פון דער געשטאפּאָ.

אין דעם יזכור־בוך וועגן קראָקעווער געטאָ, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע, געפינען מיר א גענויע שילדערונג וועגן דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער פּוילישער אונטערער־דישער אָרגאניזאציע, געשריבן דורך איינעם פון אירע פירער, טאדעאוש סעווערין. ער ציטירט א גאנצע ריי רירנדיקע פאקטן, ווי אזוי פּויערים האָבן באצאָלט מיט זייער לעבן פאר אויסבאהאלטן יידן. ער גיט אָבער דערביי צו מיט טיפן פארדרוס וועגן דער מגפה פון שאנטאזש און פארראט נישט נאָר בלויז קעגן די יידן, נאָר אויך קעגן פּאָליאקן, וועלכע האָבן אויסבא־האלטן ביי זיך זייערע יידישע פריינט.

כדי צו באקעמפן די דאָזיקע פארדאָרבנקייט, האָט די אונטערערדישע אָרגאניזאציע פארעפנטלעכט אן אויסרוף, אין וועלכן זי האָט געוואָרנט, אז יעדער איינער, וואָס וועט „שאנטאזשירן די בירגער פון דער פּוילישער מלוכה, אָדער וועט צולייגן א האנט צו דער דערמאָרדונג פון א פּוילישן בירגער, וועט באשטראָפט ווערן מיט טויט". טאדעאוש סעווערין שטרייכט אָבער אונטער מיט פארביטערונג: „נישט איינמאָל האָבן אונזערע הערצער געבלוטיקט דערויף, וואָס די געשפּענסטיקע לאָזונג פון דער אלטער פּוי־לישער שליאכטע „עס איז פריי אין פּוילן, ווי יעדער וויל", האָט אויפ־געהויבן דעם קאָפּ גראָד דעמאָלט, ווען דאָס גאנצע פאָלק האָט זיך גע־דארפט פאראייניקן, דיסציפּלינירן און צוזאמען קעמפן קעגן שרעקלעכן אָקופּאנט. מיר האָבן געשטרעבט איינצופירן דעם פּרינציפּ, אז איין גזעץ פארפליכטעט לגבי אלע בירגער פון לאנד, אָן שום אויסנאם. די אָנשטרענ־

גונג אין דער ריכטונג האָט זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע שטערונגען צוליב דער פּראָפּאַגאַנדע פון אָקופּאַנט, וועלכער האָט צעמישט די מוחות".

מיט דער גאַנצער נאַקעטקייט ווערט דער דאָזיקער צושטאַנד פון פאַרראַט לגבי די יידישע מיטבירגער געשילדערט אין די פאַרצייכענונגען פון דעם פּאָעט אדאַם כּאָלעווקאַ. „איך ווייס גוט — שרייבט פּאָלעווקאַ — אַז עס זענען געווען פיל ערלעכע, איידעלע פּאָליאַקן צווישן דער אינטע־ליגענץ, צווישן די גייסטלעכע, צווישן די ארבעטער און אויך צווישן די פּויערים, וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן, כדי צו ראַטעווען יידן. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג איז אָבער געווען גלייכגילטיק צו די דאָזיקע גרויזאַמע פאַקטן און נישט איינער האָט זיי אויפ־גענומען מיט צופרידנקייט. דאָס האָט זיך אָפט אויסגעדריקט אין אַזעלכע באַמערקונגען: „מיר זענען נישט באַגייסטערט פאַר די דאָזיקע מעטאָדן, אָבער מיר מוזן צוגעבן, אַז היטלער טוט פאַר אונז אַן ארבעט, וואָס מיר וואָלטן אין קיין פאַל נישט געווען אימשטאַנד אַזוי גרינטלעך דורכצופירן.

„ווען איך האָב אין אַ געוויסן הויף געהערט די דאָזיקע ווערטער — שרייבט ווייטער דער פּאָעט — האָב איך זיך אויפגעשטעלט פון טיש און געזאָגט: „פאַר מיר האָט עס היטלער נישט געטון, ווייל איך בין נישט קיין באַנדיט".

דערויף האָט דער גאַסט־געבער געזאָגט צום פּאָעט: „איר זענט צו עמפּינדלעך, צו סענטימענטאַל. די, וואָס ווילן מאַכן געשיכטע, מוזן האָבן שטאַרקע נערוון. איך זע נישט קיין אַנדער מיטל, ווי אַזוי צו באַזייטיקן די יידן פון אונזער נאַציאָנאַלן לעבן".

„דאָס — שטרייכט אונטער דער פּאָעט — האָט געזאָגט אַ מענטש, וועלכער ווערט היינט זייער אָפט דורכגענומען מיט הומאַניטאַרן צאָרן קעגן יעדער אַזוי־גערופענער „אומגערעכטיקייט", וואָס ווערט באַגאַנגען לגבי עמיצן מצד דעם אַפּאַראַט פון דער יונגער פּאָלקס־דעמאָקראַטיע. עס פאַרשטייט זיך, אַז לויט דער דאָזיקער פּערזאָן האָבן יענע פאַרברעכנס געהאַט זייער געזעלשאַפטלעכן ציל, ווייל די קרבנות זענען געווען יידן, און איצט ווערן די עוולות באַגאַנגען לגבי אַן אַנדערן מין מענטש, לגבי פּאָליאַקן".

דער כּאָעט אדאַם פּאָלעווקאַ דערציילט אויך, אַז בעת דער אָקופּאַציע

האָבן די רעכטע עלעמענטן אין פּוילן פאַרשפּרייט פּאָלגנדיקע באַהויפּ־טונג: „די דײַטשן װעלן אויף היטלערס קבר װאַרפן שטײנער און די פּאָליאַקן װעלן לײגן בלומען, און דאָס דערפאַר, װײל היטלער האָט פאַר־ניכטעט די דײַטשן און אונדז באַפרײַט פון די ײדן".

דער פּאָעט פּאָלעװקא ציטירט דאָן דאָס ליד „עס טוט װײ", װאָס איז אין יאָר 1940 אָנגעשריבן געװאָרן דורכן קראָקעװער ײדישן פּאָלקס־דיכטער מרדכי געבירטיג, װעלכער איז דעם 4טן יוני 1942 דערשאָסן גע־װאָרן אין קראָקעװער געטאָ. דאָס ליד איז אין אַ פּוילישער איבערזעצונג געװאָרן פאַרשפּרייט דורך דער אונטערערדישער באַװעגונג.

אָט זענען עטלעכע סטראָפן פון געבירטיגס ליד:

„סיטוט װײ,
סיטוט שרעקלעך װײ,
װען ניִשט דער פרעמדער שונא,
נאָר זײ! —
פּוילנס זין און טעכטער,
װעמענס לאַנד אַמאָל
װעט שעמען זיך מיט זײ, —
לאַכן, קײכן פון געלעכטער,
זעענדיק אין גאַס,
װי אונדזער בײדנס שונא
טרײבט מיט ײדן שפּאַס,
שלאָגט און פּײניקט אַלטע לײַט,
פּלינדערט אומגעשטערט,
שנײדט אַזוי װי ברויט מען שנײדט
ײדן אָפּ די בערד...
און זײ,
װאָס זענען איצט װי מיר
געבליבן אָן אַ לאַנד,
װאָס פילן איצט װי מיר
דעם װילדן שונאס האַנט,

לאכן, פרייען זיך און לאכן  
אין אזא מאָמענט,  
ווען פוילנס שטאָלץ און כבוד  
ווערט אזוי געשענדט,  
ווען פוילנס ווייסער אָדלער  
וואלגערט זיך אויף דער ערד,  
צווישן בערד.  
סיטוט וויי,  
שרעקלעך טוט עס וויי!"

פיל טראגישער, ווייל פול מיט ביטערער איראָניע קומט אן ענלעכע באשולדיקונג צום אויסדרוק אין דעם לעצטן ליד, וואָס עס האָט פאר איר דערמאָרדונג אָנגעשריבן די יידיש־פוילישע דיכטערין פון קראָקע, זוזאַנאַ גינטשאַנקאַ, וועלכע האָט געלעבט אין קראָקע אויף ארישע פאפירן און איז געוואָרן דענונצירט דורך א פוילישן שכן.

דער באקאנטער פוילישער פּאָעט יוליאַן פּשיבאָש, צו וועמען עס איז דערגאנגען דער „פּאָעטישער טעסטאמענט" פון זוזאנא גינטשאנקא, שרייבט וועגן דעם מערקווירדיקן ליד:

„אין דער פוילישער ליריק איז עס די רירנדיקסטע שטימע וועגן דער שרעקלעכסטער טראגעדיע פון אונדזער צייט, וועגן דער יידישער מאר־טירערשאפט. איך קען זיך נישט אָפּטרייסלען פון דעם איינדרוק. מיר האָבן דאָס דאָזיקע ליד איבערגעלייענט פון א צעקנייטשט, צעריסן שטיקל פאפיר, אויף וועלכן די דיכטערין האָט געשריבן מיט א בלייפעדער. דאָס שטיקל פאפיר האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א „גריפּס", וואָס ווערט ארויסגעשיקט פון דער תפיסה. איך פרוּוו זיך דערמאָנען די ביטערסטע ווידוים און די אממיינסטן פארצווייפלטע ווערטער פון פּאָעטן פארן טויט. קיין איינס פון זיי דערגרייכט אָבער נישט צו דעם דאָזיקן שטאָלצסטן פון די פּאָעטישע טעסטאמענטן. „מיין טעסטאמענט" פון זונאנא גינטשאנ־קא מאכט צונישט דעם פוסטן קינסטלערישן שטאָלץ און באשולדיקט די מענטשלעכע בעסטיע, און דאָס טוט וויי, ווי אן אומפארהיילטע ווּנד. עס איז א דערשיטערנדיק ליד"...

„נאָן אָמניס מאָריאַר" (איך וועל נישט שטאַרבן אינגאַנצן) —
שטאָלצע חפצים מיינע,
לאָנקעס פון מיינע טישטעכער, פעסטונגען פון מיינע טרייע אלמערס,
אויסגעשפרייטע ליילעכער, טייער בעטגעוואַנט,
און קליידער, העלע קליידער וועלן נאָך מיר בלייבן.
איך האָב נישט איבערגעלאָזט דאָ קיין שום יורש,
זאָל דעריבער די יידישע זאַכן אויסזוכן דיין האַנט,
ראָמינאָווסאַ, לעמבערגערין, בראַוו, פּאָליצייאיש ווייב,
כיטרע מסורטע, מאַמע פון א פּאָלקס־דייטש.
נאָך וואָס פרעמדע, דיר און דיינע נאָענטע צום ווילזיין,
נאָענטע מיינע — דאָס איז קיין פראַזע, קיין פוסטער אויסדרוק.
איך געדענק וועגן אייך, ווייל ווען די נאַצים זענען געקומען,
האָט איר אויך מיך געהאַט אין זינען, וועגן מיר זיך דערמאָנט.
זאָלן מיינע פריינט זיך אָוועקזעצן ביי א בעכער
און פאַרטרינקען מיין לוויה און מיין האָב און גוטס:
די טעפּיכער און מאַקאַטעס, די שיסלען און די לייכטער —
זאָלן זיי טרינקען א גאַנצע נאַכט און אין באַגינען
זאָלן זיי דאָס גאָלד און די טייערע שטיינער נעמען זוכן
אין די קאַנאַפּעס, אין די מאַטראַצן, קאָלדרעס און דיוואַנען,
און ווען די אַרבעט וועט זיי ברענען אונטער די הענט
וועלן די קנוילן פון פערדישע האָר און ים־היי,
די וואָלקנס פון צעריסענע פערינעס און קישנס,
זיך באַהעפטן צו אייערע הענט און זיי פאַרוואַנדלען אין פליגלען.
דאָס וועט מיין בלוט דאַן צונויפקלעפּן דעם פוך מיט די פערדישע האָר
און די באַפליגלטע רויבער פאַרוואַנדלען אין מלאכים".

דער פּאָעט יוליאַן פּשיבאָש, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט דאָס ליד פון דער דערמאָרדעטער זוזאַנאַ גינטשאַנקאַ, האָט אין יזכור־בוך וועגן קראָקעווער געטאָ אָנגעשריבן א טיף־מענטשלעכן עפּיטאַף וועגן דער פאַרניכטונג פון קראָקעווער יידנטום. אונטערשטרייכנדיק, אַז די נאַצים האָבן ביי

די דערמאָרדעטע יידן געוואָלט אוועקנעמען אפילו דעם מאיעסטעט פון טויט, פארענדיקט פשיבאָש:

„מיין פען ציטערט און איך מוז שווייגן. היינט, ווען איך שרייב די דאָזיקע ווערטער אין דריטן יאָרטאָג פון פארטרייבן די יידן פון קראָקע, ווייס איך בלויז איינס: כל זמן איך וועל נישט כאָטש מיט איין וואָרט אריינטראָגן אין דער פאָעזיע די משא פון אָט דער דאָזיקער שוידערלעכ־סטער זאך, וועל איך זיך נישט פילן קיין פרייער פאָעט, און דאָס דערפאר, ווייל איך האָב עס איבערגעלעבט, ווייל איך בין נישט געשטאָרבן אין אָט דער צייט פון האס, פיין און קאמף".

דער אָריגינעלער פוילישער פראָזאאיקער יאן וויקטאָר דערציילט אין דעם זעלבן יזכור־בוך וועגן א יידישער מאמע מיט פיר קינדער, וועלכע זענען פארפרוירן געוואָרן ביי א בוים, ווו עס איז געוואָרן דערשאָסן און באגראָבן זייער מאן און פאָטער, ביי ווען די נאצים האָבן געפונען פאר־שטעקט א ברויט, און ער פירט אויס:

„אויב דאָס יידישע פאָלק וועט אויפשטעלן א מאָנומענט, כדי צו דערמאָנען די דאָזיקע פארשאָלטענע צייטן, וועט מען דארפן אויסהאקן אין שטיין דאָס בילד פון דער דאָזיקער פארצווייפלטער מוטער, א פאר־טיפטע אין ווייטיק, וועלכע איז צוזאמען מיט אירע קינדער געשטאָרבן אויפן קבר פון זייער פאָטער".

די ליבעראלע פוילישע שריפטשטעלער, וועלכע באטייליקן זיך אין יזכור־בוך וועגן קראָקעווער געטאָ, האָבן טיף איבערגעלעבט די טראגעדיע פון דער יידישער באפעלקערונג, הגם זיי האָבן דאָס אלץ אָבסערווירט בלויז פון דרויסן. וועגן דעם באמערקט מאקע יאן וויקטאָר, וועלכער האָט דעם 16טן מערץ 1943 אין זיין טאָגבוך געמאכט פאָלגנדיקע פארצייכענונג:

„די ידיעות דרינגען דורך די מויערן, ווי בלוט דורך א באנדאזש פון א וווּנד. עס טריפט נישט קיין בלוט, אָבער מען זעט די רויטקייט".

* * *

דאָס לעצטע מאָל האָב איך באזוכט קראָקע אין זומער פון יאָר 1936. אין דער רואיקער, גאָרטנדיקער שטאָט האָט דאן געהערשט שפאנונג. עס

איז אַנגעגאנגען דער גרויסער סאָציאַליסטישער פּראָצעס, וואָס האָט גע־דויערט פערציק טעג.

אין דעם מיטלאַלטערלעכן, פּאַרטונקלטן געריכטס־זאַל זענען אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק געזעסן אַרבעטער און סאָציאַליסטישע טוער, באַשולדיקטע אין פאַרברעכנס, וואָס זענען געוואָרן אינסצעניזירט דורך אַגענטן פון דעם דעמאָלדיקן פּאָליציי־רעזשים.

עס איז געווען אַ פּראָצעס װעגן אַ שטרײק און אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע, בעת װעלכער עטלעכע אַרבעטער זענען געוואָרן דערשאָסן און פיל שווער פאַרוווּנדעט. די פאַרוווּנדעטע און צעשלאָגענע זענען עס טאַקע גע־בראַכט געוואָרן צום משפּט.

די פאַרטיידיקער פון די אָנגעקלאָגטע אַרבעטער זענען געווען די ליבן פון דער פּױלישער אַדוואָקאַטור, וואַצלאַוו שימאַנסקי און לעאָן בער־רענסאָן, וועלכע האָבן אין די צאַרישע צייטן פאַרטיידיקט פּוילישע רעוואָ־לוציאָנערן און צווישן זיי אויך יוזעף פּילסודסקי און אייניקע פון די „פּאָל־קאָוניקעס״, וועלכע האָבן אין צייט פון קראָקעווער פּראָצעס געהערשט אין פּוילן.

מעכטיק האָבן אין געריכטס־זאַל אָפּגעקלונגען די שטימען פון די פאַרטיידיקער, וועלכע האָבן אייגנטלעך זיך פאַרוואַנדלט אין אָנקלאָגער פון דעם הערשנדיקן רעזשים. דאָס איז אָבער שוין געווען דאָס שוואַנען־ליד פון די פאַרטיידיקער פון דער פרייהייט אין פּוילן, דער לעצטער אויס־געשריי פון זייערע צעצאָרנטע געמיטער.

דער נאַצישער שכן האָט שוין דאַן געהאַט אויסגעשפּרייט זיין לאַפּע איבער דער פּוילישער פּרעסע און דאָס געשפּענסט פון דער סוואַסטיקע האָט שוין פאַרטונקלט די פּוילישע הימלען.

פון קראָקע בין איך דאַן אַלס קאָרעספּאָנדענט געפאָרן קיין שפּאַניע און אין טאָלעדאָ, סאַראַגאָסאַ און באַרצעלאָנאַ געזען די רעשטלעך פון די דאָרטיקע, אַמאָל־בליענדיקע יידישע צענטערן. דאָ און דאָרט אַ שטיקל מצבה מיט אַ העברעאישן אויפשריפט אריינגעמויערט אין דער וואַנט פון אַ נייער געביידע; אַ קירכע, איבערגעמאַכט פון אַ שול און אין די קעלערן פון די קאַטעדראַלעס האָב איך געזען די אינסטרומענטן פון דער אינקוויזיציע.

איצטער, מיט צען יאָר שפּעטער, האָב איך אין קראָקע געהאַט די זעלבע רעגונגען פון טרויער ווי אין טאָלעדאָ און אין באַרצעלאָנאַ. איין שול פאַרוואַנדלט אין א גאַראַזש פאַר פייערלעשער, א צווייטע — אין א מאַגאַזין פון טעאַטער־דעקאָראַציעס און פון די צאָלרייכע מאָנומענטן אויף די קראָקעווער בית עלמינס איז דאָ און דאָרט פאַרבליבן בלויז אן איינצל־נער שטיין. דאָס איז אָבער נישט דער ערשטער חורבן אין דער לאַנגער געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין קראָקע.

געטאָ־מויערן זענען אין קראָקע שוין געשטאַנען מיט הונדערטער יאָר צוריק אונטער דער הערשאַפט פון די פּוילישע קעניגן, וועמענס געביין רוט אין די סאַרקאָפאַגן פון וואַוועל. בלוט־בלבולים און פּאָגראָמען זענען נישט איינמאָל געמאַכט געוואָרן אין די געסלעך פון אמאָליקן געטאָ, אָבער נאָך יעדן אומגליק איז געוואַקסן די עקשנות פון די קראָקעווער יידן, וועלכע האָבן מיט שטאָלץ געקלאַפּט אין טויער פון קעניגלעכן וואַוועל־שלאָס און געפאָדערט גערעכטיקייט ביי די פּוילישע מלכים.

די ערשטע העצער קעגן יידן אין קראָקע זענען אין אָנהייב פון 14טן יאָרהונדערט געווען די סוחרים און האַנטווערקער פון דייטשער אָפּשטאַ־מונג. אונטער זייער איינפלוס איז אין 1392 דורך דעם קראָקעווער שטאָט־ראַט דורכגעפירט געוואָרן א באַשלוס, אַז יידן, וועלכע קויפן הייזער ביי קריסטן, טאָרן זיי נישט פאַרקויפן ווייטער צו קיין יידן.

יעדער אומגליק, וואָס איז געקומען אויף דער שטאָט, איז אויסגע־נוצט געוואָרן אויף העצערייען קעגן יידן. די קראָקעווער יידן האָבן אָבער נישט נאָכגעגעבן און בעת דעם בלוטיקן פּאָגראָם פון 12טן יוני 1494 האָבן זיי געשטעלט אן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד קעגן די קריסטלעכע רויבער.

דער שטאָט־ראַט האָט דאַן צו זיין מאַיעסטעט דעם קעניג אריינגע־טראָגן א באַשולדיקונג קעגן די יידן, ווי קעגן „די אייביקע שעדיקער פון דער קריסטלעכער שטאָט און דעם קריסטלעכן מענטש". דער קעניג יאַן אַלברעכט האָט זיך געלאָזט באַאיינפלוסן פון שטאָט־ראַט און געהייסן אריינוואַרפן אין א קעלער די פירער פון דער קהילה מיט איר פירער רב יעקב פּאָליאַק אין דער שפּיץ. אַדאַנק אָבער דעם פּראָטעסט פון דעם גרויסן

פוילישן הומאַניסט פיליפ קאַלימאַך, זענען די קהילה־פירער געוואָרן באַ־פרייט, אָבער די לאַגע פון די יידן אין קראָקע איז נישט געוואָרן פאַרבעסערט.

אונטערן איינפלוס פון זיין ברודער, קאַרדינאַל פרידעריק, האָט דער קעניג יאַן אָלברעכט באַשלאָסן צו באַזייטיקן די יידן פון קראָקע און דער דעקרעט וועגן דעם, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1495, האָט אַלס הויפּט־מאָטיוו אָנגעגעבן, אַז „די יידן זענען די סיבה פון אַלע אומ־גליקן און אומרוען".

די שטאָלצע קראָקעווער יידן האָבן אָבער נישט נאָכגעגעבן. זיי האָבן נישט געוואָלט אויסוואַנדערן און האָפנדיק אויף בעסערע צייטן, דערווייל זיך באַזעצט אין דעם שכנותדיקן שטעטל קאַזשימיעזש, ווו עס האָט נאָך פון די צייטן פון קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן עקזיסטירט אַ קליינע יידישע קהילה. דאָ האָט די יידישע באַפעלקערונג ווידער גענומען וואַקסן, אַדאַנק די נייע צוואַנדערער פון דייטשלאַנד און טשעכיע.

די געסלעך און פּלעצער פון קראָקע, פונוואַנען די יידן זענען געוואָרן אַרויסגעטריבן, האָבן באַקומען אַנדערע נעמען און עס זענען אָפּגעווישט געוואָרן די שפּורן פון די שולן, וואָס די ערשטע קראָקעווער יידן האָבן דאָרט געהאַט אויפגעבויט.

דאָרט, ווו עס שטייט היינט די יאַגיעלאָנער ביבליאָטעק מיט אירע פּרעכטיקע אַרקאַדן, האָט ביים אָנהייב פון 14טן יאָרהונדערט זיך געפונען דאָס ערשטע בית המדרש אין קראָקע. דאָרט, ווו עס קרייצן זיך איצט די גאַסן פון דער הייליקער אַנאַ און די יאַגעלאָנער, איז געווען דער „יידישער מאַרק". אין דער צווייטער העלפט פון 15טן יאָרהונדערט האָט דאָ געראַוישט פון די יידישע הענדלער און האַנטווערקער.

דאָ, אויף דעם אַמאָליקן „יידישן מאַרק" (פאָרום יודעאָרום), אין שכנות פון דעם ערשטן קראָקעווער קירכעלע אויפן נאָמען פון הייליקן וואָיטשעך, זענען אויך געהערט געוואָרן די ערשטע העץ־רעדעס קעגן יידן. נעבן דעם קירכעלע האָט אין יאָר 1454 אויף דער גאַס געדרשנט דאָס „פּאָ־טערל קאַגלין" פון דער דעמאָלדיקער צייט, יאַן קאַפּיסטראַנאָ, וועלכן מען פלעגט רופן „גאָטס בייטש". זיינע העצערייען האָבן גורם געווען נישט איין פּאָגראָם אויף די קראָקעווער יידישע איינוווינער.

אויף דעם זעלבן מאַרק זענען אָבער אויך געהערט געוואָרן לויב־

ווערטער פאר די פאטריאָטישע פוילישע יידן. אין יאָר 1526, ווען דער פרייסישער פירשט, אלבערכט האָהענצאָלערן, האָט מיט הכנעה זיך געבוקט פאר דעם זיגרייכן פוילישן קעניג זיגמונט דעם 1טן, זענען ביי דער זעלבער צערעמאָניע פארטיילט געוואָרן אדל־טיטולן צו די ריטער. דעמאָלט האָט דעם אדל־טיטל באקומען אויך דער ייד מיכאל עזאָפאָוויטש, דער גרויס־פירשטלעכער באנקיר.

ביים אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט, ווען עס האָבן אין פוילן און איבער גאנץ אייראָפּע זיך גענומען טראָגן נייע ווינטן פון פרייהייט און טאָלעראנץ, האָבן די מער־פארמעגלעכע קראָקעווער יידן זיך גענומען ארי־בערטראָגן אין צענטער פון שטאָט, אָבער די יידישע קהילה, וואָס האָט איינגעהאלטן איר אייגנארט, איז ווייטער געבליבן אין די גרענעצן פון דעם אמאָליקן שטעטל קאזשימיעזש. במשך פון יאָרהונדערטער זענען דאָרט אויסגעוואקסן שולן, בתי־מדרשים, ישיבות און אויף אירע בית עלמינס זענען געקומען צו קבורה די גרויסע קראָקעווער גאונים, וועלכע האָבן געשמט בכל תפוצות ישראל.

אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט איז קראָקע אויך אויסגעוואקסן אין א צענטער פון מאָדערנער יידישער קולטור און דאָס אדאנק דער דרוקעריי פון יוסף פישער, וואָס האָט זיך געפונען אויף גראָדזקא נומ. 63. יוסף פישער, חזן פון נייעם קראָקעווער טעמפל, האָט זיין דרוקעריי געגרינדעט אין יאָר 1879 און זי איז שנעל געוואָרן באַ־רימט איבער דער גאנצער יידישער וועלט. ביים סוף פון 19טן יאָרהונ־דערט האָט פישער ארויסגעגעבן די העברעאישע צייטשריפט „הזמן" אונ־טער דער רעדאקציע פון ראובן אשר ברוידעס. דאָ האָט זיך אויך געדרוקט דער „המגיד" און ביים אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט איז די דאָזיקע דרוקעריי געוואָרן א צוציאונגס־פונקט פאר די וויכטיקסטע יידישע און העברעאישע שרייבער איבער גאָר דער וועלט.

קיין קראָקע איז פון רוסלאנד געקומען דער נאַציאָנאלער יידישער דענקער און שריפטשטעלער אחד העם (אשר גינזבורג) און ביי פישערן געדרוקט זיין „השלוח". צו פישערן זענען אויך געקומען די פּאָעטן חיים נחמן ביאליק, דוד פרישמאן, מענדעלע מוכר ספרים, ח. ראוועניצקי, שלום עליכם, ד"ר יוסף קלויזנער, אברהם רייזען און שלום אש, כדי צו דרוקן

ביי אים זייערע ווערק. פון ניו־יאָרק און סינסינעטי, פון אָדעס און ווארשע, פון אלע יידישע צענטערן איבער דער וועלט האָבן מחברים געשיקט צום דרוקן זייערע ווערק ביי פישערן אין קראָקע.

איצטער איז אין די קראָקעווער דרוקעריען נישטאָ אפילו קיין איין יידיש אות. אין דעם יידישן טייל פון קראָקע הערשט וויסטקייט. די היס־טאָרישע שולן זענען נישט געוואָרן אויפגעריסן מיט דינאמיט ווי אין ווארשעווער געטאָ. אפילו די הייזער זענען נישט געוואָרן צעשטערט. עס זענען אָבער פארשוווּנדן די קראָקעווער יידן מיט זייער אייגנארטיקן טראכט —לאנגע שווארצע קאפּאָטעס, געקרייזלטע פּאות און פּלושענע קאפּעלושן—, וועלכע האָבן תמיד אזוי שטאָלץ פּאראדירט איבער די גאסן פון קראָקע און זיך געפילט ווי די מיטבויער פון דער דאָזיקער שטאָט. עס איז, ווי אין טאָלעדאָ און ווי אין בארצעלאָנא, בלויז דאָ און דאָרט א מצבה, דאָ און דאָרט א טויטער מאָנומענט.

עס איז אָבער דאָך אנדערש. אין דעם מיטלאלטערלעכן געריכט, ווּ איך האָב אין זומער אין יאָר 1936 געזען משפּטן אומשולדיקע ארבעטער־פירער, האָב איך אויף דער באשולדיקונגס־באנק איצט געזען משפּטן די „פּאטריאָטן פון וואלד". נישט אָן א סימבאָל איז אויך דער פאקט, אז דער יידישער סאָציאליסטישער פירער, ד"ר דראָבנער, וועלכער איז בעת דעם פּראָצעס פון יאָר 1936 געזעסן אויף דער באשולדיקונגס־באנק, איז איצט דער פּרעזידענט פון דער שטאָט קראָקע.

ד"ר דראָבנער האָט אָבער ווייניק וואָס צו טון מיט יידישקייט. וואָס אן אמת גיט ער זיך ענערגיש אָפּ מיט דער ארבעט פון קאָנסערווירן די פארבליבענע יידישע אלטערטימלעכקייטן. דער דאָזיקער אינטערעס זיינער איז אָבער ענלעך צו דעם אינטערעס, וואָס עס האָט פאר די יידישע אלטער־טימלכקייטן אין שפּאניע ארויסגעוויזן דער אָפּשטאמלינג פון די מאראנען, דער סאָציאליסט פערנאנדאָ דע לאָס ריאָס, וועלכער טראָגט אויך א בערדל, ווי זיין פּוילישער חבר, ד"ר דראָבנער.

די ענלעכקייטן זענען אפשר א צופאל, אָבער דער צופאל איז דאָך מערקווירדיק. דאָס היינטיקע פּוילן האָט אין זיך א סך ענלעכקייטן מיט שפּאניע און ספּעציעל האָב איך עס געפילט אין קראָקע. עס איז אָבער דאָך אנדערש. אין פּוילן הויזן איצט אונטער איין דאַך „ביידע שפּאניעס" —

דאָס מיטלאַלטערלעכע און דאָס נייע רעפּובליקאַנישע שפּאַניע. דער אונ־טערשיד איז אָבער, וואָס דאָס אינקוויזיטאָרישע פּוילן איז אונטער דער ערד, בעת אין שפּאַניע איז דערווייל נאָך אונטער דער ערד די רעפּובליק.

* * *

צווישן די עטלעכע טויזנט יידן, וועלכע געפינען זיך איצט אין קראָקע, זענען פאַראַן ווייניק קראָקעווער. די מערהייט זענען לעבנגעבליבענע יידן פון די ארומיקע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע, וועלכע זענען געקומען קיין קראָקע בלויז אויף דערווייל, כדי איבערצוּוואַרטן, אָדער פון דאַנען צו זוכן א וועג צום ווייטערן וואַנדערן.

דער פּרעזידענט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אמעריקע, הערבערט ב. זוסמאַן, האָט נישט געדאַרפט פאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך צו זוכן די לאַנדסלייט. ער האָט פיל פון זיי געטראָפן אין קראָקע און די איבעריקע אין שלעזיע, ווּ זיי גרופּירן זיך אויפסניי אין לאַנדסמאַנשאַפטן, לויט די נעמען פון זייערע היים־שטעטלעך. אויך סעמועל וואָהל, פּרעזי־דענט פון קאַונסיל פון וואַרשעווער יידן אין ניו־יאָרק, האָט בעת זיין באַזוך אין פּוילן זיך צונויפגעטראָפן מיט די וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין לאָדזש, ריכבאַך און אנדערע שטעט.

די דאָזיקע באַוועגונג פון אידענטיפיצירן זיך לויט די שטעטלעך פון זייער אָפּשטאַמונג, וואָס איז אזוי נאַטירלעך אין ווייטן אמעריקע, זעט אויס מאָדנע אין פּוילן, ווּ, למשל, די טאַרנאָווער לאַנדסלייט אין קראָקע, אָדער די קיעלצער אין לאָדזש זענען פון זייער היים־שטעטל דערווייטערט בלויז אויף עטלעכע צענדליק מייל.

אפנים אָבער, אז אין די פאַרביטערטע געמיטער פון די עלענטע יידן אין פּוילן זענען די דאָזיקע עטלעכע צענדליק מייל פיל ווייטער, ווי די טויזנטער מייל פאַר זייערע לאַנדסלייט אין אמעריקע.

די קראָקעווער יידישע קהילה איז א גלות־קהילה. אפילו דער רב, ר' משה שטיינבערג, איז נישט קיין קראָקעווער. ער שטאַמט גאָר פון בראָד. די איינציקע שול, וואָס איז אָפן, איז דער טעמפּל, מיט וועלכן עס איז פאַרבונדן דער נאָמען פון דעם פאַרשטאָרבענעם ציוניסטישן מנהיג און

לאַנג־יאָריקן פּוילישן סעים־דעפּוטאַט, ד״ר יהושע טהאָן. ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם לעצטן גרויסן פּרעדיקער אין דער קראָקעווער קהילה. ער האָט דעם באַלעמער פאַרוואַנדלט אין א טריבונע פון יידישן קאַמף אין פּוילן. אין די וואָכן־טעג איז איצט די שול פון ד״ר יהושע טהאָן פּוסט. בלויז אין די שבתים און אין יום־טובים קומען זיך צונויף עטלעכע מנינים.

דער איצטיקער קראָקעווער רב האָט מיר דערציילט, אַז עס קומען צו אים טאָג־טעגלעך פיל פּאָרלעך, כדי צו נעמען חופּה און קדושין. מיט גרויס פרייד האָט ער אונטערגעשטראָכן העם פאַקט, אַז אין איין טאָג זענען אין קראָקע געבוירן געוואָרן צוויי יידישע צווילינגס, און אַז ביידע זענען געווען פּאָרלעך — יינגל און מיידל...

טראָץ דעם אָבער האָט דער רב נישט אויסגעדרוקט קיין צו גרויסע האָפענונג וועגן דעם ווייטערדיקן אויפבוי פון א פּערמאַנענטער, שעפע־רישער יידישער קהילה אין קראָקע. די לעבנגעבליבענע קראָקעווער יידן זענען ווייט שוין נישט דורכגענומען מיט דער עקשנות פון זייערע עלטערן און זיידעס, וועלכע זענען בייגעשטאַנען אַלע מיטלאַלטערלעכע פאַרפאָל־גונגען אין דער אמאָליקער קעניגלעכער הויפּט־שטאָט פון פּוילן, נישט אָפּ־געטרעטן, זיך פאַרטיידיקט און ווייטער געבויט די קראָקעווער קהילה.

דאָ און דאָרט האָב איך אפילו באַמערקט יידישע געשעפטן, אָבער די יידישע אייגנטימער באַהאַלטן נישט נאָר בלויז זייערע נעמען, נאָר אויך זייערע פּנימער, און כדי צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמופלאַזש, האָבן זיי אריינ־גענומען קריסטלעכע שותפים.

די געסלעך פון דעם יידישן צענטער, וווּ עס איז געווען דאָס געטאָ אין מיטלאַלטער און אויך אין די מיטלאַלטערלעכע נאַצי־צייטן פון צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט, זענען ווייניק באַשעדיקט. די יידישע וווינונגען זענען אָבער פאַרנומען געוואָרן דורך פּאָליאַקן פון די אָרומיקע שטעטלעך און דערפער, וועלכע האָבן אויך איבערגענומען דעם האַנדל אויף דער באַרימ־טער קראָקעווער „טאַנדעטאַ״.

די הויכע גאַס (שעראָקאַ), דער צענטער פון אמאָליקן יידישן געטאָ אין קראָקע, איז איצט פול מיט די נייע סוחרים, וועלכע גייען אַרום מיט דעם ביסל אַלטוואַרג אויף די הענט. מען פאַרקויפט שיך, פּיקסענע קעל־נער, קליידער, כלים און אינסטרומענטן. עס איז פאַר קיינעם נישט קיין

סוד, אז דאָס איז די איבערבלייבעניש נאָך די פארשוווּנדענע יידן, וואָס גייט אזוי פון האנט צו האנט. דער געמויערטער פארקאן פון רמ״א בית עולם איז פון אויבן ביז אראָפּ פארדעקט מיט טעפּיכער, פּוטערווארג און קליידער. יעדער נייער פּוילישער סוחר האָט זיך זיין שטיקל בית עולם וואנט און זיין שטעלעכל, א ירושה נאָך דער פארשוווּנדענער יידישער קהילה.

דאָס אלטע רמ״א בית עולם איז געוואָרן פולשטענדיק פארניכטעט. עס איז בלויז געבליבן די מצבה פון רמ״א, וואָס טראָגט אויף זיך די דאטע פון יאָר 1572 און א טייל פון דעם ריזיקן דאָמב, וואָס האָט באשאָטנט דאָס פאמיליע־קבר פון דעם גרעסטן קראָקעווער גאון, ר׳ משה איסערלעס (לויט די ראשי תיבות — רמ״א), וועלכער האָט איינגעפירט די אינסטי־טוציע פון „מעות חיטים״, צו באזאָרגן מיט מצות אויף פּסח די אָרימעלייט אין יעדער קהילה.

אין דעם יאָרצייט פון רמ״א, וואָס פאלט אוים אין ל״ג בעומר, פלעגן טויזנטער פרומע יידן פון גאנץ פּוילן קומען קיין קראָקע און דאָס קבר פון דעם גאון פארשיטן מיט צונויפגעראָלטע צעטעלעך, אין וועלכע די עולה־רגלניקעס האָבן פארשריבן דאָס געבעט פון זייערע פארביטערטע גע־מיטער. אין מעת־לעת פון דער יאָרצייט האָבן אויף דעם אייזערנעם פּלויט, וואָס האָט ארומגעצוימט דאָס פאמיליע־קבר פון רמ״א, געברענט טויזנטער ליכט. אין לויף פון יאָרן האָבן די אייזערנע שטאכעטן זיך אויסגעבויגן פון דער היץ און פון דעם ריזיקן בוים איז אראָפּגעפאלן די קאָרע. צו אלעמענס איבערראשונג איז אָבער דער בוים געוואקסן און געוואקסן, זיך צעצווייגט, צעגלידערט און געשיצט די מצבות. די נאצישע וואנדאלן האָבן אוועקגעשלעפּט דעם אייזערנעם פּלויט, אָפּגעהאקט די צווייגן פון דעם ריזיקן דאָמב און געבליבן איז בלויז דער אָפּגעשיילטער גוף פון בוים מיט א פּאָר גרינע צווייגן און די איינציקע פארבליבענע מצבה פון רמ״א.

אָנשטאָט דעם בארג קוויטלעך פון אמאָל האָב איך איצט נעבן דער דאָזיקער איינזאמער מצבה געזען ליגן צעקנייטשטע, אָפּגעריבענע שפּיל־קאָרטן, פארפעצטע צייטונגען און פּושקעס פון אמעריקאנער קאָנסערוון, „אונרא״־שטאָף, וואָס די פּוילישע הענדלער פון שכנותדיקן מארק לאָזן דאָ איבער פון זייערע אָרימע מאָלצייטן.

פאַרוואָס פון די פינף ריזיקע סאַרקאָפאַגן פון דער איסערלעס־פאַמיליע האָבן די וואַנדאַלן איבערגעלאָזט גראָד די מצבה פון רמ״א, איז א רעטעניש, אין וועלכער פרומע יידן זעען א צייכן פון זיין ליבן נאָמען. די מצבה פון רמ״א האָט זיך געפונען אין מיטן און פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען די מצבות פון זיין ברודער יצחק, פון דער שוועסטער מרים־בעלא, איר מאַן ר׳ יוסף כץ (כהן צדק), דער מחבר פון ספר „שארית ישראל״ און דאַן דער ראש פון דער פאַמיליע, ישראל איסערלעס, וועלכער האָט אַרום 1550 אויסגעוואַנדערט פון רעגענסבורג און זיך באַזעצט אין דער דעמאָלט שוין באַרימטער קראָקעווער קהילה.

ישראל איסערלעס האָט געפירט גרויסע געשעפטן מיט ווראָצלאַוו און פּראַג, געגעבן באַדייטנדיקע סומעס פאַר דער קהילה און אַרום 1553 אויסגעבויט א שול, וואָס איז שפּעטער אָנגערופן געוואָרן אויפן נאָמען פון זיין גאונישן זון, ר׳ משה איסערלעס (רמ״א). דער קראָקעווער שטאָט־ראַט האָט אָבער נישט געלאָזט עפענען די שול און ערשט אין יאָר 1556 האָט דער קעניג זיגמונט אויגוסט פּערזענלעך אונטערגעשריבן די דערלויבעניש צו עפענען די שול.

אויף דעם רמ״א בית עולם זענען געקומען צו קבורה די גרעסטע גאונים פון דער רומפולער קראָקעווער קהילה. עס האָט זיך דאָרט געפונען דער קבר פון גרויסן בעל מקובל, נתן נאָטע ספּירא, דער מחבר פון „מגלה עמוקות״, און פון דעם תוספות. יום־טוב, ר׳ יום־טוב ליפּמאַן העלער, דער אורזיידע פון דעם קינסטלער אַרטור שיק. עס איז אָבער נישט געבליבן קיין שפּור פון די דאָזיקע מצבות. דאָס דאָזיקע היסטאָרישע בית עולם איז דורך די נאַציס געוואָרן דורכגעאַקערט און אויפן גראָז רוען איצט די נייע הענדלער פון קראָקעווער געטאָ.

די רמ״א שול איז פּונקט ווי אַלע אַנדערע שולן געוואָרן אויסגעפּלינדערט. אויפן באַפעל פון גובערנאַטאָר האַנס פראַנק האָט מען פון אַלע קראָקעווער שולן אַרויסגעריסן די איינגעמויערטע, אַלטע קופּערנע הענגל־לייכטער, מנורות און הילצערנע שניצערייען. פראַנק האָט דערמיט אויסגעפּוצט זיין וווינונג אויפן וואַוועל און אויך זיין פּאַלאַץ אין קזשעשאָוויצע, הינטער קראָקע.

דאָס יידישע אַקאַדעמישע הויז אויף פּזשעמיסקאַ 3 האָט ד״ר פראַנק

פארוואנדלט אין א שאנד־הויז פאר די רייכסווער־סאָלדאטן, ווי דאָס האָט געהייסן אויף די נומערירטע איינטריטס־קארטן: „ווערמאכטס באָרדעל, קראָקע, פשעמיסקא 3, איינטריטס־קארטע נומ״...

אויף א שרעקלעכן אופן האָבן די נאציס געשענדעט די עלטסטע שול אין קראָקע און אייננטלעך די עלטסטע שול אין גאנץ פוילן, וואָס איז געוואָרן אויסגעבויט אין דער צווייטער העלפט פון 14טן יאָרהונדערט. די דאָזיקע שול מיט איר פּרעכטיקן גאָטישן סופיט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א קונסט־ווערק פון מיטלאלטערלעכער ארכיטעקטור, האָבן די נאציס פארוואנדלט אין א מאסן־קלאָזעט פאר זייערע סאָלדאטן.

אין דער דאָזיקער שול, וואָס איז געווען דער שטאָלץ פון דער קראָקעווער קהילה, האָבן געפּרעדיקט די בארימטסטע רבנים און במשך פון הונדערטער יאָרן זענען דאָרט פאָרגעקומען די וואלן צו דער קראָקעווער קהילה און אויך פּאטריאָטישע פארזאמלונגען. אין די אויפשטאנד־טעג פון 1794 האָט אין דער שול צו די פארזאמלטע יידישע פאטריאָטן גערעדט דער פירער פון פּוילישן אויפשטאנד טאדעאוש קאָשטשיושקאָ. דאָ האָט אויך די קראָקעווער יידן גערופן צו רעוואָלט הרב בעריש מייזעלס, איינער פון די וויכטיקסטע יידישע פירער בעת די פּוילישע אויפשטאנדן אין 1848 און 1863.

די האלב־חרובע, געשענדעטע קראָקעווער שולן זענען געשלאָסן. בלויז אין דער קופּע־שול האָב איך געטראָפן איינגעאָרדנט אן אָרטאָדאָקסישן קיבוץ אויפן נאָמען פון „חפץ חיים״. עס זענען אָנגעשטעלט געווען טאפּ־טשאנעס מיט שטרוי־זעק און עס האָבן זיך אויך דאָרט געפונען ווארשטאטן צו לערנען סטאָלעריי און שלאָסעריי. די עטלעכע צענדליק בחורים האָבן געשטאמט פון אלע עקן פּוילן און האָבן דאָ אָפּגעפינסטערט די טעג, ווארטנדיק אויף א געלעגנהייט צום ווייטערדיקן וואנדערן.

די זעלבע בחורים, וועלכע האָבן געארבעט ביים ווארשטאט, האָבן עטלעכע שעה אין טאָג אויך געלערנט אין גרויסן פּאָליש פון דער שול. עס איז אלזאָ געווען א געמיש פון תורה און מלאכה. אין דער שטיל האָבן אָבער די דאָזיקע פרומע יונגעלייט זיך אויך געגרייט למלחמה. די זיכער־הייטס־מאכט האָט דעם קיבוץ צוגעטיילט עטלעכע אלטע ביקסן מיט שטריק,

אַנשטאָט רימענס, און פולע 24 שעה אין מעת לעת געוואכט, גרייט אָפּ־צושלאָגן יעדן נייעם איבערפאַל.

דער קיבוץ איז געווען איינגעאָרדנט בלויז אין דער ווייבער־שול, צו וועלכער עס פירן טרעפּ פון הויף. די מענער־שול איז מוראדיק פאַר־וויסט, די ווענט אָפּגעשיילט און בלויז דאָ און דאָרט זעט זיך ארוים א געבליבענער פסוק פון די אויפשריפטן, וואָס האָבן באַדעקט די ווענט. אויף איין אָרט האָב איך באַוויזן איבערצולייענען א פסוק פון תהילים: „יושב בשמים ישחק"... (דער וואָס זיצט אין הימל לאכט).

ווען איך האָב צום צווייטן מאָל איבערגעחזרט דעם פסוק, וואָס איז אויף א מאָדנעם אופן געבליבן גאנץ לעזבאר אויף דער אָפּגעשיילטער וואנט, האָט איינער פון די ישיבה־בחורים ארום מיר א זאָג־געטון מיט ביטערניש: „ווייי איז צום געלעכטער" און א צווייטער האָט צוגעגעבן: „עס איז א געלעכטער מיט יאשטשערקעס"...

די קופּע שול איז חרוב געוואָרן ערשט נאָך דער באפרייאונג פון פוילן. דאָס איז געשען דעם 5טן מאי 1945. אויפגעהעצט פון א בלבול וועגן א דערמאָרדעט קריסטלעך קינד, האָט א המון פּאָליאַקן זיך א לאָז געטון צו דער קופּע־שול, וווּ עס האָבן זיך געהאט איינגעאָרדנט עטלעכע הונדערט יידן, צוריקגעקומענע פון די לאַגערן און די וועלדער. טרעפנדיק זייערע היימען פארנומען דורך פּאָליאקן, האָבן די לעבנגעבליבענע קראָ־קעווער יידן זיך איינגעאָרדנט אין דער איינציקער שול, וואָס איז ווי דורך א נס אויפגעהיטן געוואָרן דורך דער נאַצישער פארניכטונג.

דער אויפגעהעצטער המון האָט מיט די מעסערס זיך געוואָרפן נישט נאָר בלויז אויף די יידן, נאָר אויך צעשניטן די ספרי־תורות.

איך האָב געקוקט אויף דער קופּע צעשניטענע, געשענדעטע ספרי־תורות און נישט געקענט שלום מאכן מיטן געדאנק, אז אזא וואנדאליזם האָט געקענט אָפּגעטון ווערן אין דער קולטור־שטאָט קראָקע, וואָס איז נישט נאָר דאָס וויגעלע פון דער פּוילישער קונסט און וויסנשאפט, נאָר אויך א פעסטונג פון דער קאטוילישער קירך אין פוילן און ווּו דער רויטער קארדינאל־הוט ווערט געטראָגן דורך דעם שטאָלצן סאפיעהא, וועלכער האָט מיט גרויס מוט אָנגעפירט זיין פאסיוון ווידערשטאנד קעגן דעם נאַ־צישן אָקופּאנט.

ק א פ י ט ל   נ י י נ צ :

# קאַרדינאַל פירשט סאַפּיעהאַ

דער אכציק־יאָריקער אדאם סאפּיעהא האָט דעם רויטן קארדינאל־הוט באקומען ערשט ביים סוף פון יאָר 1945, נאָך דער נאצישער מפּלה. אין די קאטוילישע קרייזן אין פּוילן האָט לאנג געהערשט אן אומצופרי־דנקייט קעגן וואַטיקאַן, פאַרוואָס פירשט סאפּיעהא, ערצבישאָף פון קראָקע זינט 1911, האָט דעם רויטן קארדינאל־הוט נישט באקומען פריער.

גראָד אין די יאָרן פון דער נאצישער אָקופּאציע האָבן די קאטאָליקן אין פּוילן דערוואַרט, אז די דאָזיקע הויכע קירכלעכע נאָמינאציע וועט ווערן צוגעטיילט דעם פירשט סאפּיעהא, כדי צו פאַרשטאַרקן זיין אויטאָריטעט. מען האָט דאָס דערוואַרט נאָך בפּרט צוליב דעם, ווייל דער פּרימאַט פון דער פּוילישער קירך, קארדינאל אויגוסטוס הלאָנד, האָט דורך דער גאנצער צייט פון דער נאצישער אָקופּאציע געלעבט אין אויסלאנד, בעת סאפּיעהא איז געבליבן אין פּוילן און אָנגעפירט א מין פּאסיוון ווידערשטאנד קעגן די נאַצים.

קארדינאל סאפּיעהא האָט דעם נאצישן גובערנאַטאָר ד״ר האנס פראנק נישט געלאָזט אריבערטרעטן די שוועל פון זיין פּאלאַץ און אלע־מאָל דעמאָנסטראַטיוו צוריקגעשיקט פראנקס איינלאַדונגען צו קומען צו אים אויפן וואַוועל. דער נאצישער גובערנאטאָר האָט באזונדערס אויפגע־צאָרנט קעגן קארדינאל סאפּיעהא, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אז ער האָט אין פּאלאַץ אויפגענומען א דעלעגאציע פון קראָקעווער רבנים, וועלכע זענען געקומען אים בעטן צו אינטערווענירן קעגן דער געפאַר פון דעפּאָר־טירן די יידן פון געטאָ.

ווען דעם שטילן קאמף צווישן קארדינאל סאפּיעהא און דעם נאצישן

מושל ווערן אין קראָקע דערציילט פיל פּיקאַנטע געשיכטעס. אמפּאָפּולערסטן איז אָבער די מעשה וועגן דער אויפנאַמע, וואָס קאַרדינאַל סאַפּיעהא זאָל ענדלעך זיך האָבן אַנטשלאָסן צו געבן פאַר די נאַצישע קאַרפּן־קעפּ, נאָך דעם. ווי ער האָט באַקומען אַן ערנסטע דראָאונג.

סאַפּיעהא האָט דאַן די נאַצים געהייסן סערווירן מיט ערזאַץ־קאַווע, שוואַרץ ברויט און מאַרמעלאַד. ווען די נאַצישע געסט האָבן אויסגעדריקט זייער שטוינונג צוליב אָט דעם אָרימען „כּיבוד", האָט דער קאַרדינאַל גע־זאָלט ענטפערן, אַז דאָס איז די איינציקע שפּייז, וואָס דאָס פּוילישע פאָלק האָט איצט.

נאָך דער דערקלערונג, וואָס דער פּרימאַט פון פּוילן קאַרדינאַל הלאָנד האָט אָפּגעגעבן אין צוזאַמענהאַנג מיטן קיעלצער פּאָגראָם, האָב איך געמאַכט באַמיאונגען וועגן אַן אינטערוויו מיטן קאַרדינאַל פּירשט סאַפּיעהא, כּדי צו הערן זיין מיינונג וועגן דער דאָזיקער אַנגעווייטיקטער פראַגע. איך האָב באַקומען א וואַרימע רעקאָמענדאַציע פון א פּראָמינענטן קאַטוילישן שריפטשטעלער צו די רעדאַקטאָרן פון קאַטוילישן וואָכנבלאַט „טיגאָדניק פּאָווּשעכני" אין קראָקע, וועלכע האַלטן אָן גאָר נאָענטע באַציאונגען מיט קאַרדינאַל סאַפּיעהא.

דורך די שרייבער פון „טיגאָדניק פּאָווּשעכני" האָב איך דאָס געזאָלט באַקומען די פאַרבינדונג מיט קאַרדינאַל סאַפּיעהא. איך בין דעריבער אוועק אויף ווישלניאַ 12, אין דעם אַלטן קוואַרטאַל פון קראָקע, וווּ די רעדאַקציע פון דעם קאַטוילישן וואָכנבלאַט איז איינגעאָרדנט. די געביידע מיט די געוועלבטע סופיטן און קליינע פאַרקראַטעטע פענסטערלעך מאַכט דעם איינ־דרוק פון א קלויסטער. אַזוי איז אויך די אַטמאָספער אין די גרויסע טונ־קעלע רעדאַקציע־צימערן, וווּ די ווענט זענען באַהאַנגען מיט רעליגיעזע בילדער און קרוציפיקסן. אויף דער שוועל זענען מיר אַנטקעגנגעקומען נאָנעס אין ווייסע הויבן, בלאַסע געזיכטער און שוואַרצע, לאַנגע קליידער.

עס האָט מיך אויפגענומען איינער פון די רעדאַקטאָרן, אַנטאָני גאָ־לוביעוו, וועמענס קריסטוס־בערדל (נישט בלאָנד, נאָר שוואַרץ) האָט אַזוי מאָדנע האַרמאָנירט מיט דער גאַנצער אומגעבונג. איך האָב זעלטן ווען געטראָפן א שרייבער, וועמענס אויסזען און נאָמען זאָל אַזוי מאָדנע שטי־מען מיט דעם קלימאַט פון זיינע ווערק, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דעם

דאָזיקן קאטוילישן מיסטיקער און היסטאָריאָזאָף, וועלכער זוכט צו באַ־ווייזן די ליכט־זייטן פון מיטלאלטער. דער ערשטער רעפלעקס פון מיין באגעגעניש מיט דעם דאָזיקן מאן איז געווען: א דאָסטאָיעווסקי־פערסאָנאזש. דאָס האָט געווירקט נישט נאָר בלויז דער רוסישער קלאנג פון דעם נאָמען, נאָר אויך דער מיסטישער גלאנץ אין זיינע אויגן.

אנטאָני גאָלוביעוו האָט מיר ארויסגעוויזן נישט נאָר בלויז די גע־וועגלעכע קאָלעגיאלע קורטואזיע, נאָר גאנץ באזונדערע פריינטלעכקייט. ער האָט מיך באגלייט צום סאפיעהא־פאלאץ אויף פראנציסקאנסקא נומ. 3 און פאָרגעשטעלט פארן קאנצלער פון קארדינאל, אונטערשטרייכנדיק ספעציעל די וויכטיקייט פון דער רעקאָמענדאציע, וואָס איך האָב געבראכט מיט זיך. דער הויך־וווּקסיקער, גרויער, אָבער ביז גאָר ענערגישער קאנצלער סטעפאן מאזאנעק, האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט זיינע דורכדרינגלעכע קלוגע אויגן און אויף זיינע בלייכע ליפּן האָט זיך באוויזן א פיל־זאָגנדיקער שמייכל. ער האָט אלץ פארשטאנען. ער האָט זיך אָריענטירט, ווער איך בין און וואָס איך וויל. ער האָט מיך דאן פאָטערלעך ארומגענומען און געזאָגט:

„זיין עמינענץ גיט פרינציפּיעל נישט קיין אינטערוויוען, אָבער איך באדויער אויפריכטיק, וואָס איר וועט אפילו נישט אימשטאנד זיין כאָטש זיך צו באגריסן מיטן קארדינאל, ווייל ער געפינט זיך אויף זומער־אָפּרו אין ראבקי".

איך האָב אָבער געטראָפן אן אויסלענדישן זשורנאליסט, וועלכער איז דורך קארדינאל סאפיעהא יאָ אויפגענומען געוואָרן אין זיין קראָקע־ווער פאלאץ. דאָס איז געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון דער לאָנדאָנער „דעילי מעיל", האַרי אשברוק, א געוויסנהאפטער רעפּאָרטער, וועלכער האָט דעם פירשט־קארדינאל צווישן אנדערן אויך געפרעגט וועגן קיעלצער פּאָגראָם. דאָס, וואָס דעם קארדינאלס קאנצלער האָט אין דעם זעלבן פאלאץ מיר געענטפערט אויף דער דאָזיקער פראגע, האָט פולשטענדיק געשטימט מיט דעם נוסח, וואָס אשברוק האָט מיר איבערגעגעבן וועגן דעם ענטפער פון קארדינאל זעלבסט:

טיפע באדויערונג צוליב דער טראגישער פאסירונג, אָבער אויך דער גוט־באקאנטער ליטמאָטיוו וועגן צופיל יידן אין דער רעגירונג. דער קאנצלער פון קארדינאל האָט די דאָזיקע באמערקונג געמאכט אין א טאָן

פון א מין פרײנטלעכער עצה צו די ייִדן און נישט פון קײן פּאָרװורף, װי דאָס האָט געטון קארדינאל הלאָנד.

נאָך די באמערקונגען װעגן דער טראגישער װירקלעכקײט אין איצ־טיקן פּוילן, האָט דער קאנצלער פון קארדינאל סאפּיעהא מיך גענומען אויף א היסטאָרישער עקסקורסיע איבער די זאלן פון מיטלאלטערלעכן פּאלאץ. די בילדער און גאָבעלינען, די בארעליעפן און סטאטועז, װאָס זענען צונויפגעזאמלט אין די גרויסע זאלן, דערצײלן װעגן דער רײכער פארגאנגענהײט פון דער בארימטער סאפּיעהא־פאמיליע, װאָס פארנעמט אן אָנגעזעען אָרט אין דער געשיכטע פון פּוילן.

* * *

אין באצוג צום איצטיקן רעזשים װענדט אָן סאפּיעהא א טאקטיק פון שװײגן און דאָס װערט דורך געװיסע גרופּן פון רעגירונגס־לאגער דיס־קאָנטירט אלס אן אויסדרוק פון לאָיאליטעט מצד דעם געװאגטן קארדינאל, װעלכער װאָלט לויט דער באהויפּטונג פון די זעלבע גרופּן זיך נישט גע־שראָקן צו זאָגן, װאָס ער טראכט, באזונדערס, װען ער װאָלט געהאלטן, אז די קירך איז אין געפאר.

דער פּרימאס פון פּוילן איז קארדינאל הלאָנד, אָבער די ברײטע קא־טױלישע מאסע, װערט באהויפּטעט, די אמתדיק־פרומע באפעלקערונג, װאָס טרײבט נישט קײן פּאָליטיק, קוקט צו קארדינאל סאפּיעהא, װי צו זײער גײסטיקן פירער. די גרויסע פּאָפּולאריטעט פון קארדינאל סאפּיעהא נעמט זיך באזונדערס דערפון, װאָס ער איז דורך דער גאנצער צײט פון דער נאצישער אָקופּאציע פארבליבן אין פּוילן.

פּאָליטישע רכילות־טרײבער אין פּוילן באהויפּטן, אז אפילו בײם באשטימען די איצטיקע גרענעצן פון פּוילן האָבן די סאָװעטן זיך גערע־כנט מיטן פירשט סאפּיעהא און איבערגעלאָזט אויף דער פּוילישער זײט די צװײ רעזידענצן פון דער סאפּיעהא־פאמיליע, די אמאָליקע רעזידענץ אין קאָדען, נעבן בריסק און די נײע רעזידענץ אין קראסיטשין, נעבן פּשעמישל.

װי װײט דאָס שטימט מיטן אמת איז שװער צו זאָגן. דאָס איז ענלעך

צו דער באהויפּטונג, אז ווען מיקאָלאַיטשיק וואָלט אין מאָסקווע באלד
געווען איינגעשטימט זיך אָנצושליסן אין דער „לובלינער רעגירונג", וואָלט
ער אימשטאנד געווען „אָפּצוראטעווען לעמבערג פאר פּוילן". א פאקט איז
אָבער, אז סיי קאָדען און סיי קראסיטשין ליגן טאקע ממש אויף דער גרעַ־
נעץ־ליניע צווישן פּוילן און רוסלאנד און ווען מען ווארפט א בליק אויף
דער מאפּע באקומט מען דעם איינדרוק, אז די וועלכע האָבן באשטימט די
נייע גרענעצן פון פּוילן, האָבן פּאָרזיכטיק גענוצט זייערע בלויע אָדער רויטע
בלייפעדערס, כדי חלילה נישט דורכצושטרייכן די צוויי אָרטשאפטן, קאָדען
און קראסיטשין, וווּ עס געפינען זיך די גיטער און שלעסער פון דער סאַ־
פּיעהא־משפחה.

קאפיטל צוואנציק

# די ערשטע סימנים פון א ניי פוילן

דער אָפּגרונט פון יידישן אומגליק איז אין פוילן אזוי טיף, די זומפּן פון האס אזוי פארשפרייט, אז ווערטלאָז זעען אויס די סימנים פון דער נייער ווירקלעכקייט, וואָס טויכט שוין אויף, און פארפירעריש דאכט זיך אויס דאָס ליכט, וואָס פּאָספּאָריזירט פון דער פוילעניש. אין דער גאמע פון מיינע געשילדערטע איבערלעבונגען אין פוילן וואָלט אָבער געפעלט א טאָן, וואָס האָט אזוי אָפּט אין מיר אויפגעלויכטן אפילו אין די מאָ־מענטן פון דער ביטערסטער אנטוישונג, אויב איך וואָלט אויך נישט ארויסגעבראכט אָט די שוין עקזיסטירנדיקע סימנים פון ענדערונגען, וואָס האלטן ביים געבוירן ווערן אין פוילן.

דאָס וואָס עס איז געטון געוואָרן צו די יידן אין פוילן, קען מיט קיין שום זאך נישט ווערן פארגיטיקט. די ווונד איז אומהיילבאר, אָבער דער שארית הפליטה פון די יידן, וואָס בלייבט אין לאנד, איז איצט א גלייכער מחותן צו דעם אָנהייב פון א נייעם פוילן, וואָס ווערט געבוירן אין שווערן געראנגל.

אנטיסעמיטישע סטודענטן אין קראָקע האָבן געמאכט סקאנדאלן בעת דער פאָרשטעלונג פון דער פּיעסע פון סטעפאן אָטווינאָווסקי „וויעלקאנאָץ״, וואָס שילדערט דעם הערבאיזם פון די יידן אין די געטאָס, די טיף מענטש־לעכע באציאונג, וואָס ליבעראלע פּאָליאקן האָבן ארויסגעוויזן צו זיי און אין וועלכער עס ווערט אויך נישט פארשוויגן דער פאררעט פון נאציאָנא־ליסטישע פּאָליאקן. די פאשיסטישע סטודענטן האָבן פּראָטעסטירט, אָבער די פּיעסע, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין מלוכהשן טעאטער, איז ווייטער געשפּילט געוואָרן.

אויך אין די פריערדיקע יאָרן האָט מען אויף דער פוילישער בינע אויפגעפירט פיעסן מיט יידישע „העלדן”. אָבער דאָס זענען געווען מיינ־סטנס יידישע ווּכערניקעס, קאָמישע פערסאָנאַזשן און אין בעסטן פאַל די טראַדיציאָנעלע יידישע קרעטשמער, וועלכע זענען אין די לעצטע יאָרן שוין פולשטענדיק פאַרשוווּנדן פון דער פוילישער ווירקלעכקייט. איצט ווערט אין פוילן דורך פוילישע שרייבער פיל געשריבן וועגן יידן, וועלכע האָבן די ערשטע געגעבן דעם סיגנאַל צום באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן נאַצישן אונטערדריקער. דאָס לייגט א פונדאַמענט פאַר גאָר א נייער באַ־ציאונג צו די יידן אין פוילן.

אין דער פאַרמלחמהדיקער פוילישער פרעסע איז קיינמאָל מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט געוואָרן וועגן דער עקזיסטענץ פון א יידיש טעאַטער, יידישער קונסט, יידישער ליטעראַטור. דאָס פּאָזיטיווע, דאָס שעפערישע אין יידישן לעבן האָבן די פוילישע שרייבער און קולטור־טוער נישט גע־וואָלט זען. זיי האָבן אויפגעכאַפּט בלויז דאָס עקזאָטישע, דאָס קאָמישע, דאָס נעגאַטיווע. אויך דער סאָציאַליסטישער „ראָבאָטניק” האָט נישט געהאַט דעם מוט אין דער רובריק פון טעאַטער־רעפּערטואַר צו דרוקן אפילו איין שורהלע וועגן יידישן טעאַטער.

איצט ווערט אין דער פוילישער פרעסע מיט פיל סימפּאַטיע געשריבן וועגן דער אנטשטייאונג פון יעדן יידישן קלוב, וועגן יידישע קאָפּעראַ־טיוון, און מיט אמתן צאָרן ווערט געשריבן וועגן דעם יידן־האַס, וואָס וואָרצלט נאָך טיף אפילו אין די פוילישע מאַסן, וועלכע האָבן שוין שלום געמאַכט מיטן איצטיקן רעזשים. די וואָרצלען זענען נאָך אין דער פינס־טערניש, אָבער איבער די שפּיצן פאַלט שוין א שיין.

פאַרן קריג האָט אין פוילן עקזיסטירט א גרויסע פויליש־יידישע פרעסע — פינף יידישע טאָג־צייטונגען אין דער פוילישער שפּראַך, מיט א גרויסן טיראַזש. די דאָזיקע צייטונגען זענען געשטאַנען אויף א הויכן ליטעראַרישן ניוואָ, אָבער אפילו ליבעראַלע פוילישע שרייבער האָבן קיינ־מאָל נישט מיטגעאַרבעט אין די דאָזיקע צייטונגען. אין דער הינזיכט האָט געהערשט א פולשטענדיק געטאָ. איצט איז אויף דעם געביט פאָרגעקומען א קאַרדינאַלע ענדערונג. פוילישע שרייבער באַטייליקן זיך סיי אין די

זשורנאַלן, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן דורך פאַרשידענע יידישע גרופּירונגען, און באַזונדערס אין די אויסגאַבן פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע.

פּוילישע ליבעראַלע שרייבער, וועלכע האָבן פאַרן קריג דורך וואָרט און שריפט געבראַכט צום אויסדרוק זייער פּראָטעסט קעגן די וואַקסנדיקע סאָציאַלע אומרעכט אין לאַנד, האָבן אויסגעמיטן צו באַרירן דעם יידישן מאָמענט. איצטער האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער קאַמף פאַר אַ נייעם פּוילן מוז זיין אָפן און קלאָר אויף דער גאַנצער ליניע און אַז דער יידישער מאָמענט איז אַן אינטעגראַלע טייל דערפון.

יוליאַן פּשיבאָש, דער פירנדיקער סירעאַליסטישער פּאָעט אין פּוילן, האָט דעם נייעם פּאָליטישן רעאַליזם אין פּוילן דערפילט אויף זיין אייגע־נער הויט. ווען איך האָב אים דערציילט, אַז מען האָט מיך געוואָרנט נישט צו פאָרן אין מיין היים־שטעטל אריין, האָט ער מיך געטרייסט, אַז אויך ער קען נישט באַזוכן זיין אַלטע מוטער ערגעץ אין אַ גאַליציישן דאָרף, ווייל די „יינגלעך פון וואַלד" האָבן אים שוין דאָרט עטלעכע מאָל געזוכט און דאָס דערפאַר, ווייל ער איז אַ מיטגליד פון נאַציאָנאַל־ראַט.

איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז פּשיבאָש, וועלכן איך קען אַלס אַן אויפריכטיקן און געוויסנהאַפטן מענטש, האָט געפילט אַ באַפרידיקונג דערין, וואָס ער קען מיר מיין פאַרביטערונג לינדערן מיט זיין אייגענער.

עס איז מערקווירדיק, אַז גראָד אין קראָקע, וואָס איז אַ פעסטונג פון דער רעאַקציע, האָב איך געטראָפן פיל פּוילישע אינטעלעקטועלע און קינסטלער, וועלכע האָבן מיט גרויס זאָרג גערעדט וועגן דעם הערשנדיקן אַנטיסעמיטיזם. איך האָב אויך דאָ באַמערקט גאָר אַן אינטענסיווע צוזאַ־מענאַרבעט צווישן די פּוילישע ליבעראַלע אינטעלעקטועלע מיט דעם יידישן היסטאָרישן קאָמיטעט.

דאָס איז אפשר באַזונדערס צו פאַרדאַנקען דער פּערזאָן פון פּאָעט־פּאַרטיזאַן מיכאַל מ. באָרוויטש (באָרוכאָוויטש), אויף וועלכן עס קוקן מיט גרויס אָפּשיי נישט נאָר בלויז די ליבעראַלע פּוילישע קרייזן אין קראָקע, נאָר אויך די פאַרביסענע רעאַקציאָנערן.

מיכאַל באָרוויטש־באָרוכאָוויטש האָט פאַרן קריג באַלאַנגט צו דעם קרייז פון די פּוילישע סאָציאַליסטישע סטודענטן (פּ.פּ.ס.) אין קראָקע, וועלכע פאַרנעמען איצט פירנדיקע פּאָזיציעס אין דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט.

זיין נאָענטער חבר, דער 36־יאָריקער יוזעף ציראַנקעוויטש, איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעמיער פון דער ערשטער סטאַבילער רעגירונג. ציראַנקעוויטש האָט דאָס טאַקע אָנגעפירט מיט דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באָרוויטשן אַרויסגעראַטעוועט פון דעם יאַנאָווער פאַרניכטונגס־לאַגער ביי לעמבערג. די רעטונג פון באָרוויטשן געהער צו די וווּנדער־טאַטן פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג און באָרוויטש האָט באַרעכטיקט די איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג פון זיינע קראָקעווער סאָציאַליסטישע חברים מיט יוזעף ציראַנקעוויטש אין דער שפּיץ. ער האָט דאָס באַרעכטיקט אויף אַ טאָפּלטן אופן: אַלס אַ שרייבער און אַלס פירער פון די פּאַרטיזאַנען אין דער מיעכאָווער געגנט, אַרום קראָקע.

איך האָב באָרוכאָוויטשן נאָך געקענט פון פאַרן קריג און פלעג זיך מיט אים באַגעגענען בעת מיינע באַזוכן אין קראָקע. איך האָב דעריבער מיט דער גרעסטער שפּאַנונג געוואַרט אויף דער ווידער־באַגעגעניש מיט דעם העלדישן פּאָעט־פּאַרטיזאַן, וועמענס לעגענדאַרע מעשים זענען צו מיר דערגאַנגען נאָך פאַר מיין איצטיקן קומען קיין פּוילן.

קורץ פאַרן קריג, אין 1938, האָט באָרוויטש פאַרעפנטלעכט אַ ראָמאַן אונטערן נאָמען „ליבע און ראַסע", אין וועלכן עס זענען צווישן אַנדערן אויך געשילדערט געוואָרן די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די דאָזיקע בעלעטריסטישע שילדערונגען זענען אָבער קוים אַ בלאַסער אָפּשיין פון דעם, וואָס באָרוויטש האָט אין עטלעכע יאָר אַרום אַליין איבערגעלעבט אין די נאַצישע לאַגערן אין פּוילן און באַזונדערס אין דעם „לאַגער פון די לאַגערן, ווי עס איז אָנגערופן געוואָרן דער פאַרניכטונגס־לאַגער אין יאַנאָוו, נעבן לעמבערג.

זיינע איבערלעבונגען אין דעם דאָזיקן לאַגער האָט באָרוכאָוויטש באַשריבן אין צוויי ביכער: „דער אוניווערסיטעט פון די מערדער" און „ליטעראַטור אין לאַגער". די דאָזיקע דערשיטערנדיקע שילדערונגען האָב איך איבערגעלייענט ווי נאָר איך בין געהאַט אָנגעקומען קיין פּוילן. דאָס האָט די אומדערמידלעכע ריטאַ סאָבעל־מאַסלאָווסקאַ די ביכער פון באָרוויטשן מיר געבראַכט דירעקט אין מיין האָטעל צימער אריין און דאָס איז געווען מיין לעקטור אין די ערשטע שלאָפלאָזע נעכט אין וואַרשע. איך בין דעריבער טאָפּלט איבעראַשט געוואָרן צו טרעפן באָרוויטשן אַזוי אומפאַר־

ענדערט, פול מיט לעבן און אומגעבראָכענעם ווילן. איך האָב געהאַט דעם אײנדרוק, אַז אין דעם מענטש איז פולשטענדיק פאַרשוווּנדן דאָס געפיל פון שרעק.

ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך מיט באָרוויטשן געגאַנגען איבער די פינסטערע קרומע געסלעך פון אַלטן קראָקע און ער האָט דערציילט פאַרשידענע עפּיזאָדן פון זײַנע אויסטערלישע איבערלעבונגען. איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער אָנקומען אין האָטעל, אָבער ער האָט פאַרצויגן דעם שפּאַציר צווישן די אַלטע מויערן, איבער וועלכע די שבּעטע לבנה האָט זיך גענומען זילבערן. ווען ער האָט באַמערקט מײַן אומרו צוליבן פּלוצימדיקן אָפּהילך פון טריט אין דער אײַנגעשלאָפענער שטאָט, האָט ער שמייכלענדיק פון טאַש אַרויסגעצויגן אַ פּיסטויל. דער פּאָעט באָרוויטש האָט זיך אַלזאָ נאָך אַלץ נישט געהאַט צעשיידט מיט באָרוויטשן דעם פּאַרטיזאַן.

איך האָב באַוווּנדערט, ווי אַזוי דער דאָזיקער צאַרטער און הויךקולטיווירטער באָרוויטש האָט מיט קאַלטער לאָגיק גערעדט וועגן דער לאַגע אין פּוילן. פאַר אים איז דער איצטיקער צושטאַנד אַ ווײַטערדיקער עטאַפּ פון אַ קאַמף, אין וועלכן ער איז באַטייליקט במשך פון די לעצטע זיבן יאָר. דער פּיסטויל און די פּאָעזיע זענען פאַר אים צוויי אינסטרומענטן פון דעם דאָזיקן קאַמף. פאַר דער פּאָעזיע האָט ער אָפּט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן און כּדי צו קעמפן פאַר איר, האָט ער באַנוצט דעם פּיסטויל.

אין דעם יאַנאָווער לאַגער האָט דער שקלאַפן־אַרבעטער מיכאל באָרוויטש, וועלכער האָט דאַן נישט געהאַט קיין נאָמען, נאָר אַ נומער, אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, כּדי אויפצושרײַבן אַ סטראָפע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין זײַן מוח. אין זײַן בוך „די ליטעראַטור אין לאַגער" דערציילט באָרוויטש וועגן דעם ערשטן ליד, וואָס ער האָט דאָרט אָנגעשריבן, און ווי אַזוי די אָנרעגונג איז געקומען דערצו. דעם דאָזיקן שאַפונגס־פּראָצעס אין מיטן פון הונגער און שקלאַפן־אַרבעט שילדערט באָרוויטש אין אַ קאַפּיטעלע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער באַציל פון ליטעראַטור". אָט איז דער אָנהייב פון דער דאָזיקער פאַרניכטונג:

„אײַזיקער יאַנואַר 1943. זעכצן שעה (אָן איבעררײַס) אין מעת־לעת אויפן בײַסיקן פראָסט. אין אַזעלכע באַדינגונגען קען אַ מענטש לײַכט זיך

פארוואנדלען אין אן אייז־ליכטל. מיר האקן דאָס אייז און באזייטיקן דעם שניי אין לעמבערג. דאָס מאָל אויף זאמארסטינאָווסקא גאס. ביי דער דאָ־זיקער ארבעט הייבן מיך אָן צו פייניקן די ווערטער פון א ליד, וואָס האלט ביים געבוירן ווערן. ווי נאָר איך האָב זיך קלאָר געמאכט (אינסטינקטיוו) דעם דאָזיקן פּראָצעס, האָב איך, נישט איבעררייסנדיק די ארבעט, אין גערדאנק גענומען שלייפן און פרעציזירן די באזונדערע שורות פון ליד. ווען די ערשטע סטראָפע איז געוואָרן פארטיק, האָב איך געטראכט וועגן פארנאָטירן זי. אָפּפירנדיק מיין ווענעלע מיט אייז אין קאנאל אריין, האָב איך אויף א קופּע מיסט אין גאס באמערקט א שטיקל שמוציק פּאפּיר. איך האָב ארויסגעצויגן מיין בלייפעדער און נוצנדיק דאָס מיסט־ווענעלע אלס א שרייב־טיש האָב איך מיט דער פארפרוירענער האנט שנעל אויפ־געשריבן די פארטיקע סטראָפע. דאָס פּאפּיר און די בלייפעדער האָב איך צוריק ארייננעשטופּט אין קעשענע און אין גערדאנק האָט זיך אָנגעהויבן שפּינען א צווייטע סטראָפע".

אָט אין אזעלכע באדינגונגען האָט באָרוויטש און אויך אנדערע שרייבער אין דעם זעלבן לאגער געשאפן לידער און פּאָעמעס, וואָס זענען געלייענט געוואָרן אויף געהיימע פארזאמלונגען. די דורכגעפרוירענע שקלאפן־ארבעטער זענען אין די נעכט אראָפּ פון זייערע געלעגערס, זיך געזאמלט ארום דעם פּאָעט, וועלכער האָט פאר זיי פאָרגעטראָגן זיין ניי־גע־שאפן ליד. דער דורשט נאָך א שעפעריש וואָרט איז געווען אזוי גרויס, אז די מענטשן זענען באהערשט געוואָרן פון א „דאלטאָניזם אויף די פארבן פון געפאר", ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט איינער פון באָרוויטשעס לאגער־חברים.

אין דעם יאנאָווער לאגער זענען צוזאמען מיט באָרוויטשן צונויפ־געזאמלט געווען פיל אינטעלעקטועלע, שרייבער, געלערנטע, פילאָזאָפן, היסטאָריקער און אלע האָבן זיי זיך באטייליקט אין די ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס באָרוויטש האָט דער ערשטער אָנגעהויבן און אָנגעפירט. אין אָנהייב איז די מערהייט געווען קעגן די דאָזיקע געפערלעכע אונטער־נעמונגען פון דעם „משוגענעם" באָרוויטש. אָבער שפּעטער האָבן אלע זיך געזאמלט ארום אים, ווי ארום א ליכטיקן פלאם, וואָס האָט זיי געוואָרעמט, דערמוטיקט און געשטארקט, און דער עולם אין לאגער האָט שוין מיט

אומגעדולד געוואַרט אויף די ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס פלעגן פּאַרקומען צוויי, דריי מאָל א וואָך.

צוזאַמען מיט באַרוויטשן האָט זיך אין דעם לאַגער אויך געפונען דער יונגער באַגאַבטער יידישער פּראָזאַאיקער ירחמיאל גרין, דער מחבר פון ראָמאַן „די וועבער פון קאָלאָמייע", וואָס האָט געהאַט באַקומען דעם פּרייז פון יידישן פּען־קלוב אין פּוילן. גרין האָט אין לאַגער געשריבן א ראָמאַן וועגן דעם לעבן פון די שקלאַפן־אַרבעטער און אויף די ליטעראַ־רישע אָוונטן פאָרגעלייענט קאַפּיטלען. אויך זיין פרוי, העלענא, האָט אָנ־געשריבן א ליד אין יידיש, וואָס איז מיט דער צייט געזונגען געוואָרן דורכן גאַנצן לאַגער.

באַרוויטש דערציילט, ווי אזוי העלענא גרין איז אָנגערעגט געוואָרן צו דעם דאָזיקן ליד: ביים אָרגאַניזירן א פּראָבע פון ווידערשטאַנד האָב איך איינעם פון די אַרגומענטן פאָרמולירט אין דער פאָלגנדיקער לאָזונג: מיר זענען מיטן טויט אויף „דו!" דער דאָזיקער זאַץ, וואָס איז אין דעם קאָנקרעטן פאַל געווען בלויז איינער פון די אַרגומענטן וועגן דער נויט־ווענדיקייט פון ווידערשטאַנד, האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט און געוואָרן א זעלבסטשטענדיקע לאָזונג. דאָס האָט אויך צווישן אַנדערע באַוויזן העלענא גרין אָנצושרייבן דאָס פאָלגנדיקע ליד, וואָס איז אין לאַגער געזונגען געוואָרן מיט דער מעלאָדיע פון דעם פּאָפּולערן פאָלקס־ליד „מיין טאַטע איז א סמאַראָוואָזניק":

„מיר זיצן ביים זאַמד־באַרג צופּוסנס
און טרינקען לחיים מיטן טויט.
מיר לאַכן פון פעלקערס גרויסן יחוס
און אַרבעטן ווי אין חול־המועד.

די נאָענטע האָבן מיר שוין פאַרלוירן
מיר דריקן די בילדער צו דער ברוסט,
מיר לעבן ווי אויפּסניי געבוירן
אזוי ווי עס קען א לאַגעריסט.

מיר טרינקען מיטן טויט לחיים
און בייסן צו פארשימלט ברויט.
מיר ציילן ספירה צום באפרייען
ביים טויער פון פארמאכטן פלויט".

איינער פון די לאַגעריסטן האָט אויף פּויליש איבערזעצט דאָס פּאָפּולערע ליד פון אברהם רייזען „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן", אין וועלכן די שקלאַפן־ארבעטער האָבן געזען ווי א מין אָפּקלאַנג פון זייער גורל. אויך אין דעם שכנותדיקע פּרויען־באַראַק האָט מען גענומען נאָכטון דעם ביישפּיל פון די מענער און דורכפירן ליטעראַרישע אָוונטן. דאָרט האָט זיך געפונען די צוועלף־יאָריקע יאַנקאַ העשעלעס, די טאָכטער פון פארשטאָרבענעם רעדאַקטאָר פון דער לעמבערגער „כווילאַ", וועלכע האָט געשריבן לידער און זיי פאָרגעלייענט.

באָרוויטש האָט מיר דערציילט, ווי אזוי נישט קוקנדיק אויף טויט־געפאר איז יאַנקאַ העשעלעס אריבערגעקומען צו אים אין לאַגער אריין, כדי אים פאָרצולייענען אירע לידער. גערירט פון דער דאָזיקער אויסטערלישער געוואַגטקייט פון דעם קינד, האָט באָרוויטש איר אוועקגעגעבן דעם טייערסטן אוצר, וואָס ער האָט פארמאָגט — א האַלב־צעריסן ביכעלע מיט די שאַפונגען פון אדאַם מיצקעוויטש. יאַנקאַ העשעלעס איז אויך געוועזן די ערשטע, וואָס באָרוויטש האָט ארויסגעראַטעוועט פון לאַגער, נאָך דעם ווי ער אליין איז אין יאָר 1943 פון דאָרט געהאַט געראַטעוועט געוואָרן.

איך האָב זיך אין קראָקע געטראָפן מיט יאַנקאַ העשעלעס, וועלכע איז איצטער אַלט 15 יאָר. זי איז נישט גענוג אויסגעוואַקסן פאר איר עלטער, אָבער אין אירע אויגן איז פארבאָרגן א וועלט מיט טרויער. טרערן האָבן מיך געשטיקט אין האַלדז, ווען איך האָב געקוקט אויפן עלנטן, באַגאַבטן מיידל, וועלכע איז שוין אן אויטאָרין פון א בוך „מעמוארן" — אירע שוידער־איבערלעבונגען פון לאַגער.

אונדזער באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין הויז פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע. מיכאַל באָרוויטש און זיין נאָענטסטער מיטארבעטער, דער יידיש־פּוילישער שריפטשטעלער יוסף וואָלף, האָבן צו דער 15־יאָריקער יאַנקאַ העשעלעס זיך באַצויגן ווי צו א גלייכער קאָלעגין, וועלכע האָט א

װיכטיקן צושטײער צוצוטראָגן צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער מאַר־טיראָלאָגיע אין פּױלן. פּונקט װי באָרװיטש און װאָלף האָט יאַנקאַ העשע־לעס דורכגעמאַכט פֿאַרשידענע לאַגערן און אַלס צװעלף־יאָריק קינד גע־װאָרן אַרײַנגעצױגן אין דער אונטערערדישער באַװעגונג.

איך האָב געקוקט אױף דער 15־יאָריקער מעמואַרן־שרײַבשטעלערין און זיך דערמאָנט, אַז קורץ פֿאַרן קריג, אין יאָר 1938, האָב איך בעת מײַן לעצטן באַזוך אין לעמבערג געפֿירט פֿאַר דער האַנט די דעמאָלט זיבן־יאָריקע יאַנקאַ. איר פֿאָטער, דער שטרענגער רעדאַקטאָר פֿון דער „כװילאַ", װוּ איך האָב מיטגעאַרבעט, האָט מיר, זײַן אױסלענדישן קאָרעספּאָנדענט, אָנגעטון אַ גרױסן כּבֿוד און מיך מיטגענומען אױף אַ שפּאַציר מיט זײַן יונג טעכטערל, װאָס איז אים געהאַט געבױרן געװאָרן ערשט אין די שפּעטע יאָרן פֿון זײַן לעבן.

די רעדאַקציע־קאָלעגן האָבן דאָס באַטראַכט פֿאַר אַ באַזונדערס גרױסע אױפֿמערקזאַמקײט צו מיר מצד דעם שטענדיק צוריקגעצױגענעם, כּמעט אומפּערזענלעכן רעדאַקטאָר, װעלכער האָט קײנעם נישט פֿאַרגונען אױסצורעדן אַ װאָרט מיט זײַן געראָטענער בת־יחידקע, װאָס ער האָט אַרומגערינגלט מיט איבערגעטריבענער, ממש קרענקלעכער ציטערדיקײט...

דאָס דאָזיקע צעפּיעשטשעטע קינד האָט באַװיזן איבערצולעבן פֿינף יאָר פֿון די סאַמע שרעקלעכסטע פֿאַרפֿאָלגונגען, געזען פֿאַר זיך דעם טױט אין זײַנע פֿאַרשידנסטע געשטאַלטן און מיט דער פֿרישקײט פֿון אַ קינד און דער זאַכלעכקײט פֿון אַ זקן אױפֿגעשריבן אירע גרױל־דערפֿאַרונגען אין נאַצישן טױטן־לאַגער.

* * *

דעם לעצטן נאָכמיטאָג פֿאַרן פֿאַרלאָזן קראָקע האָב איך פֿאַרבראַכט אין הױז פֿון אַ באַקאַנטן פּױלישן קינסטלער. איך בין געגאַנגען אַהין אין דער באַגלײטונג פֿון דעם דיכטער יוליאַן פּשיבאָש און דאָרט געטראָפֿן אַ גאַנצע רײ פּױלישע שרײַבער און קינסטלער, װעלכע פֿלעגן די זומערס פֿאַרברענגען אין מײַן הײם־שטעטל קאַזשימיעזש. עס איז געװען אַ גע־בורטס־טאָג פֿײַערונג פֿון באַלעבאָס און אין דער אַטעליע, װוּ די װענט

זענען געווען באהאַנגען מיט בילדער אין העלע, בונטע פארבן, האָט גע־הערשט אן אויפגעהייטערע שטימונג, אונטערגעוואַרעמט מיט בראָנפן און ווייַן.

איינער פון די אָנוועזנדיקע קינסטלער האָט מיר דערציילט, וואָס פארא צרות ער האָט דורך די יאָרן פון דער אָקופּאַציע געהאַט אויסצו־שטיין ביים אויסבאַהאַלטן זיין יידישע פרוי. ער איז כסדר געוואָרן שאַנ־טאַזשירט דורך פּוילישע מוסרים, וועמען ער האָט געמוזט אָוועקגעבן ממש דאָס לעצטע העמד פון לייב. טראָץ אַלעמען האָט ער דאָך זי באַוויזן צו ראַטעווען.

ביים סוף פון דער אויפנאַמע איז געקומען דער יידישער קינסטלער יוזעף נאַכט, וועלכן איך האָב געקענט פון מאָנפּאַרנאַס אין פּאַריז. ער איז עטלעכע וואָכן פארן אויסברוך פון קריג געהאַט געקומען אויף אַ באַזוך צו זיינע עלטערן אין קראָקע און איז שוין אַזוי געבליבן שטעקן דורך דער גאַנצער צייט פון דער אָקופּאַציע. אויך אים האָבן זיינע חברים־קינסטלער באַוויזן אויסצובאַהאַלטן.

פּונקט ווי צווישן די שרייבער, האָב איך אויך צווישן די קינסטלער באַמערקט גאָר אַן אַקטיוון אינטערעס פאַר דעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, ווי קיינמאָל פריער אין פּוילן. דאָס דערקלערט זיך נישט נאָר דערמיט, וואָס די רעגירונג שטיצט באַזונדערס שטאַרק די אַנטוויקלונג פון דער ליטע־ראַטור און קונסט, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס שרייבער, קינסטלער און בכלל אינטעלעקטועלע פאַרנעמען גאָר הויכע שטעלעס אין דער רעגירונג. די שרייבער און קינסטלער רעדן וועגן דער איצטיקער רעגירונג, ווי וועגן אַ רעגירונג פון אייגענע היימישע מענטשן און אַזוי איז אויך די קריטיק — אָפן, אָן צערעמאָניעס.

מען באַרעדט קאַפּעמעסיק דעם אָדער יענעם מיניסטער, וועלכער איז אַ געוועזענער שול־חבר פון איינעם, אַ לאַנדסמאַן פון אַ צווייטן אָדער אַ מיטלאָקאַטאָר אין אַ צימערל פון אַ דריטן אין די יאָרן פון די ערשטע שריפטשטעלערישע שריט אָדער גאָר אַ געוועזענער „מיטלאָקאַטאָר" פון דער תפיסה־צעלע אין די יאָרן פון די שווערע פאַרפאָלגונגען אונטער די פריערדיקע רעזשימען. צווישן די פּוילישע שרייבער און קינסטלער האָב

איך נישט געמערקט קיין שפור פון צוריקגעהאַלטנקייט ביים קריטיקירן דעם רעזשים, ווי דאָס איז אין שכנותדיקן סאָוועטן־לאַנד.

דעם לעצטן אָוונט אין קראָקע האָב איך פאַרבראַכט אין דער קינסטלער־קאַפע „קאַוויאַרניאַ אַרטיסטאָוו". פונקט ווי אין ווראָצלאַוו, האָט דער אָרקעסטער אויך דאָ געשפּילט דאָס לידל „טילקאָ וועָ לוואָוויע" (נאָר אין לעמבערג). פאַרלעך האָבן געטאַנצט אַמעריקאַנער רומבאַס, גענוי ווי מיט צען יאָר צוריק בעת מיין לעצטן באַזוך אין קראָקע.

פאַר האַלבער נאַכט איז צווישן דעם טאַנצנדיקן עולם מיטאַמאָל געוואָרן אַ געטומל און עס האָט זיך דערהערט אַן אויסגעשריי: „ביטע פאַרנעמען די פּלעצער ביי די טישלעך". ביי די טירן איז געשטאַנען באַוואָפנטע פּאָליציי און פון פּאָדיום, ווו דער אָרקעסטער האָט געשפּילט, האָט אַ יונגער בחור אין ציוויל אין אַ העפלעכן טאָן זיך געווענדט צו די פאַרזאַמלטע צו בלייבן רואיק אויף די פּלעצער, ביז וואַנען עס וועט דורכגעפירט ווערן די קאָנטראָל פון די דאָקומענטן.

„בירגער — האָט ער געזאָגט — מיר טוען עס אין אייער אינטערעס. מיר זוכן „שאַבראָווניקעס" (רויבער פון פּאָלקס־פּאַרמעגן) און פאַררעטער, וועלכע האָבן באַוויזן אויסצומיידן די האַנט פון דער גערעכטיקייט. מיר זענען מיטגלידער פון בּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן און מיר טוען די דאָזיקע אַרבעט פרייוויליק, ווי אַ בירגערלעכע פליכט".

אָן שום אינצידענט זענען די יונגע אַרבעטער געגאַנגען פון טיש צו טיש, קאָנטראָלירנדיק די דאָקומענטן, וועלכע זיי האָבן פאַרגליכן מיט אַ רשימה נעמען, וואָס זיי האָבן מיט זיך געהאַט. די מערהייט פון דעם עולם האָט זיך לעגיטימירט מיט דער „קענקאַרטע" פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. דאָס איז אַ גרויע קאַרטאָנען ביכעלע מיט אַ פאָטאָגראַפיע, פאַרזען מיט דעם סטעמפּל פון דער געשטאַפּאָ און אַ סוואַסטיקע אין דעם דייטשן אָדלער. די מערהייט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג באַנוצט זיך נאָך אַלץ מיט די דאָזיקע דאָקומענטן פון דער אָקופּאַציע, וואָס זענען נאָך נישט אויסגעטוישט געוואָרן אויף די נייע פּוילישע דאָקומענטן.

ביי אונדזער טיש האָט מאַקסימיליאַן באָרוויטש דער ערשטער דערלאַנגט זיין דאָקומענט און ווען דער אָנפירנדיקער אַרבעטער האָט דערזען דעם נאָמען באָרוויטש, האָט ער זיך גענומען אַנטשולדיקן און שוין מער

נישט געוואָלט קאָנטראָלירן די דאָקומענטן פון אונדזער גרעסערער גרופּע ביים טיש. דער נאָמען באָרוויטש האָט אינגאנצן צעטומלט דעם קאָנטראָלער, וועלכער האָט נישט געקענט ממש געפינען קיין ווערטער, ווי אזוי זיך צו אנטשולדיקן.

די רעוויזיע האָט קיין שום רעזולטאטן נישט געבראכט און ווי נאָר די פּאָליציי איז אוועק, האָט דער אָרקעסטער פאָרגעזעצט דאָס שפּילן און דער עולם האָט ווייטער געטאנצט.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין פּוילן, ווען איך האָב בייגעוווינט אן אָבלאווע פון דער פּאָליציי און עס איז מערקווירדיק, אז די דאָזיקע קאָנטראָל איז דורכגעפירט געוואָרן גראָד אין א קאפע, ווו עס קומען זיך צונויף קינסטלער, שרייבער און בכלל אינטעלעקטועלע, פאר וועלכע קראָקע איז איינער פון די וויכטיקסטע צענטערס אין איצטיקן פּוילן.

כאראקטעריסטיש איז, אז צווישן די שרייבער און קינסטלער איז די אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג פיל שוואכער, ווי צווישן די וויסנשאפטלער און באזונדער טאקע צווישן די פּראָפעסאָרן פון די צאָלרייכע קראָקעווער וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס. אין א היפשער מאָס טאקע אדאנק די פּראָפעסאָרן איז דאָס פעסטונגארטיקע קראָקע געבליבן די פעסטונג פון דער רעאקציע. טראָץ דעם אָבער איז אפילו דאָס וויסנשאפטלעכע קראָקע נישט אינגאנצן אָפּגעריסן פון דער שעפערישער אויפבוי־ארבעט אין פּוילן.

קורץ פאר מיין אָנקומען אהין איז אין קראָקע אָפּגעהאלטן געוואָרן די דריטע סעסיע פון דעם „וויסנשאפטלעכן ראט פאר די ניי־צוגעקומענע געביטן” (ראַדאַ נאוקאָוואַ דלאַ זאגאדניען זשיעם אָדזיסקאַניך), אויף וועלכער עס זענען באהאנדלט געוואָרן ווירטשאפטלעכע, פּאָליטישע און קולטורעלע פּראָבלעמען פון די נייע געביטן.

אין די דאָזיקע בעראטונגען האָבן זיך באטייליקט די מיטגלידער פון די וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס, פּראָפעסאָרן פון אוניווערסיטעטן, ווי אויך פאָרשטייער פון דער רעגירונג. דער ראט האָט דאן אָנגענומען א רעזאָלוציע וועגן קולטיווירן די פארבליבענע פּוילישע שפּורן אין די נייע געביטן. אין דער דאָזיקער רעזאָלוציע ווערט געזאָגט: „די פּוילישע וויסנשאפטלעכע וועלט ווענדט זיך צו דער געזעלשאפט און צו דער מאכט מיט א הייסן רוף צו נעמען אונטער שוץ און אויפבויען די פּוילישע מאָנומענטן

אין וורעצלאוו, וואָס שטאַמען פון די פּיאַסט־צייטן... די דאָזיקע מאָנו־מענטן זענען פאַר דער שטאָט וורעצלאוו דאָס זעלבע, ווי דער וואַוועל פאַר קראָקע און דער זיגמונט־ראָטהויז פאַר פּויזן".

* * *

אויפן וועג צוריק קיין ווארשע האָב איך געהאט א באַגעגעניש מיט א פאָרשטייערין פון דעם דעקלאַסירטן פּוילישן אדל, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם רוקנביין פון דער אונטערערדישער אָפּאָזיציע. אין דעם אויטאָמאָביל, וואָס האָט אונדז געפירט צום קראָקעווער פלי־פעלד, האָט נעבן מיר פאַרנומען א פּלאַץ א בלאָנד יונג מיידל, געקליידט באַשיידן, אָבער מיט פיל געשמאַק. אין די פאַרשידענע קלייניקייטן פון איר גאַרדעראָבע האָט מען געקענט באַמערקן איבערבלייבענישן פון וווילשטאַנד. אירע שיך־אויסשטאַרנדיקע, אַלאַבאַסטער־ווייסע ציין האָבן מיט זיך אויסגעדרוקט ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט.

אַעראָפּלאַן־רייזעס זענען אין פּוילן טייער און די פּאַסאַזשירן זענען מיינסטנס אויסלענדישע געסט, רייכע סוחרים, הויכע רעגירונגס־באַאַמטע אָדער פאָרטרעטער פון ווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע קערפּער־שאַפטן, וועלכע רייזן אין אן אָפיציעלער מיסיע. מיין שיינע שכנטע האָט נישט באַלאַנגט צו קיין שום פון די אויבנאויסגערעכנטע קאַטעגאָריעס. זי איז געווען א גוט־באַצאָלטע באַאַמטין פון א פּריוואַטער האַנדלס־פירמע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט.

„איך האָב אייך נעכטן באַמערקט אויף דער גאַס אין קראָקע אין דער געזעלשאַפט פון יוליאַן פּשיבאָש —האָט זי געזאָגט. — ער איז מיין באַליבטער פּאָעט".

ווען איך האָב איר געזאָגט מיין נאָמען, איז זי געווען איבערראַשט פון דעם מאָדנעם רינג פון צופאַלן און האָט מיר דערציילט, אז אין יאָר 1943, נאָך דער פאַרניכטונג פון געטאָ, האָט זי צופעליק ביי א ביכער־הענדלער אויף דער גאַס אין ווארשע באַמערקט מיין בוך „צווישן נאַלעוו־קעס און אייפל־טורעם" אין דער פּוילישער שפּראַך.

„די נאַלעווקעס האָבן שוין דעמאָלט נישט עקזיסטירט — האָט זי באַמערקט. — איך האָב דעריבער געשטוינט, פון וואַנען עס נעמט זיך איצט אַ בוך וועגן די נאַלעווקעס. איך האָב עס געקויפט, איבערגעלייענט און אוועקגעגעבן אַ פריינדין צו לייענען״.

זי האָט מיך פאַרשעריש דורכגענומען מיט אירע בלויע אויגן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז זי איז נישט אינגאַנצן איבערצייגט, אַז דאָס בין איך טאַקע דער מחבר פון דעם בוך. דער צופאַל איז פאַר איר געווען צו איבערראַשנדיק. אַזוי איז עס אויך געווען פאַר מיר.

נאָך אָט דעם עפּיזאָד איז די שטאָלצע, צוריקגעהאַלטענע מאַריאַ וו. געוואָרן מיט מיר היימישער און אויב אין אָנהייב האָט זי געגעבן אויס־מיידנדיקע ענטפערס אויף מיינע פראַגן וועגן איר פאַרגאַנגענהייט, פאַמיליע און פּאָליטישע נייגונגען, איז די דאָזיקע צוריקגעהאַלטנקייט שטופנווייז פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט דער ערד אונטער אונזער אַעראָפּלאַן. ווען מיר האָבן זיך שוין געפונען הויך אין די וואָלקנס, האָט די יונגע מאַריאַ וו. פאַר מיר געעפנט דאָס האַרץ און דערציילט איר פּערזענלעכע דראַמע — די דראַמע פון הונדערטער און אפשר טויזנטער ענלעכע טעכטער און זין פון דעם דעקלאַסירטן און רואינירטן פּוילישן אדל. דער אופן, ווי אַזוי די דאָזיקע פּריצישע טאָכטער האָט אויפגענומען די דערשיטערנדיקע ענ־דערונגען אין איר לעבן, איז אַ באַווייז פון אַ נייעם צוגאַנג פון שלום־מאַכן מיט דער שווערערווירקלעכקייט.

איר פאָטער, אַ גרויסער גוט־באַזיצער, האָט צוליב דער נייער אַגראַר־רעפאָרם פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן. פון גרויס פאַרביטערונג איז ער אוועק אין וואַלד און זיך אָנגעשלאָסן אין דער „נ.ס.ז.״. די מוטער איז פון צרות געשטאָרבן און זי, די איינציקע טאָכטער, איז אוועק צו אירע קרובים קיין וואַרשע. פאַרן קריג האָט זי שטודירט אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך. איצט איז זי באַשעפטיקט אַלס קאָרעספּאָנדענטין פון פרעמדע שפּראַכן און פאַרדינט טאָפּלט ווי אַ דורכשניטלעכער רעגירונגס־באַאַמטער. נאָך העכער אַ יאָר צייט פון אונטערערדישער טעטיקייט האָט איר פאָטער אין פרילינג פון 1946 איבערגעריסן מיט דער „נ.ס.ז.״, זיך געמאָלדן צו דער מאַכט און באַקומען אַרבעט אַלס קליינער באַאַמטער אין ראַדאָמער שטאָט־ראַט.

דאָס דאָזיקע פּריציזשע מײדל האָט דעם אונטערערדישן װידערשטאַנד באַצײכנט אַלס אַן „אומזין".

„מיר פּאָליאַקן —האָט זי מיט ביטערער איראָניע באַמערקט— האָבן זיך נאָך אַלץ נישט אױסגעלערנט צו קענען לעבן פאַר פּױלן. אונדזער העכ־סטער אידעאַל איז נאָך אַלץ צו שטאַרבן פאַר פּױלן. װען מײן פאָטער האָט אין פרילינג פון יאָר 1945 באַשלאָסן אַװעקצוגײן אין װאַלד אַרײן — האָט זי מיר דערצײלט— האָט ער אַ קוש־געטון מײן קראַנקע מוטער, װעלכע איז געלעגן אין בעט, און אַרומנעמענדיק מיך אױסגערופן : „איך גײ אָפּ־געבן מײן לעבן פאַר פּױלן".

„איך —האָט זי אונטערגעשטראָכן— בין שױן פולשטענדיק אױס־געהײלט דערפון. פאַר מיר זענען יוגנט־יאָרן אַ טױטע פאַרגאַנגענהײט, װאָס װעט שױן קײנמאָל נישט צוריקקומען. דער הױף, די גאָװערנאַנטקעס, די באַראָבקעס — דאָס אַלץ איז פאַרבײ. פאַר מיר איז קלאָר, אַז איך מוז זיך איצט אױפבױען מײן לעבן מיט מײנע אײגענע אָנשטרענגונגען".

װען איך האָב זי געפרעגט, פאַרװאָס זי מיט אירע גלענצנדיקע שפּראַך־קענטענישן האָט זיך נישט באַמיט צו באַקומען אַ שטעלע אין אַ רעגירונגס־אינסטיטוציע, װוּ מען זוכט אַזעלכע כוחות, האָט זי געענטפערט:

„אײניקע פון מײנע פרײנט און באַקאַנטע האָבן טאַקע אַזױ געטון. זײ האָבן פיל שנעלער זיך צוגעפּאַסט צו דער נײער װירקלעכקײט. זײ זענען אפילו געװאָרן מיטגלידער פון דער „פּ.פּ.ר." און באַקומען גוטע שטעלעס אין די אױסלענדישע פאַרטרעטערשאַפטן פון דער פּױלישער רעגירונג. איך בין אָבער פּסיכיש נאָך נישט צוגעגרײט דערצו, הגם רעאַל גענומען איז דאָס דער אײנציקער װעג. איך קען אָבער נישט מאַכן אַזאַ שנעלן שפּרונג. עס קען זײן, אַז איך טרײב איבער, אָבער עס דאַכט זיך מיר, אַז מען װאָלט געקוקט אױף מיר מיט אומצוטרױ און דאָס אָנגענומען װי אַן אומאױפריכטיקן, רײן־קאַריעריסטישן באַשלוס. איך האָב מורא, אַז די פאַרגאַנגענהײט פון מײן פאָטער זאָל נישט אַמאָל װאַרפן אַ פאַרדאַכט אױף מיר.

„איך פיל דעריבער, אַז איך מוז נאָך אָפּװאַרטן. דער איבערברוך מוז ערשט רײף װערן אין מיר. איך האָב דעריבער באַשלאָסן דערװײל נאָך אַלץ צו אַרבעטן אַלס באַאַמטע אױף אַ פּריװאַטער שטעלע. פון דער

צוויטער זייט אָבער וואָלט איך דאָך געוואָלט אָנטייל נעמען אין דעם אויפבוי פון מיין לאַנד און נישט שטיין פונדערווייטנס פון דעם אַלעמען, וואָס קומט פאָר ארום מיר. איך וואָלט וועלן האָבן דאָס געפיל, אַז איך לייג צו א האַנט צום אויפבוי פון חרובן פוילן".

דער ווידוי פון דעם פּריציזשן מיידל, וואָס איך האָב צופעליק באַגעגנט אין אַעראָפּלאַן פון קראָקע קיין וואַרשע, איז געווען ווי א באַשטעטיקונג פון דער באַהויפּטונג, וואָס איך האָב אָפט געהערט אין די רעגירונגס־קרייזן, אַז די יוגנט פון אַלע שיכטן און אַלע קלאַסן גייט מיט מיטן נייעם רעזשים, וואָס גיט איר א געלעגנהייט צו לערנען און ווערן נוצלעך פאַר זייער לאַנד.

אין אָנהייב האָט די דאָזיקע באַהויפּטונג מיר אויסגעזען צו זיין נישט מער ווי א פּרומער ווונטש אָדער א פּראָפּאַגאַנדע־פראַזע. נאָך דעם אָבער ווי איך האָב דורכגעמאַכט מיין רייזע איבער פּוילן האָב איך זיך איבערצייגט, אַז עס שטעקט דערין פיל אמת. די יוגנט אין פּוילן געניסט שוין די פרוכטן פון דער נייער אָרדענונג. דאָס זענען די קינדער אין די זומער־קאָלאָניעס, וואָס זענען לעצטנס אויסגעבויט געוואָרן צו א גיגאַנטישן פאַרנעם, דאָס זענען די בורסעס אין די שולן און פאַך־קורסן, ווי אויך די ברייט־פאַרצווייגטע סקויטן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווערן שטאַרק געשטיצט דורך דער רעגירונג. נישט איין פאָטער פון די דאָזיקע קינדער געפינט זיך נאָך אין וואַלד מיט די טעראָריסטן, אָבער די קינדער געפינען זיך אונטערן אויפזיכט פון דער רעגירונג.

איך האָב אויך באַגעגנט א גאַנצע ריי יונגע זין און טעכטער פון אַקטיווע פּוילישע פּאָליטישע עמיגראַנטן אין לאָנדאָן, וועלכע האָבן וועגן זייערע פאָטערס גערעדט נישט מיט קיין ביטערניש, נאָר מיט באַדויערונג און זיי באַצייכנט אַלס פאַרפירטע דאָן קיכאָטן. די דאָזיקע יונגעלייט און מיידלעך פאַרנעמען שטעלעס אין דער רעגירונג טראָץ דעם, וואָס זייערע פאָטערס פירן אָן די פאַרביסנסטע העץ־קאַמפּאַניעס קעגן דעם נייעם רעזשים אין פּוילן.

קאפיטל איין־און־צוואנציק

# א בליק אין דער צוקונפט

נאָך מיין רייזע איבערן לאנד האָב איך אנדערש געקוקט אויף ווארשע און אויף די רעגירונגס־אינסטיטוציעס, וואָס זענען צעוואָרפן איבער דער חרובער שטאָט. אין ווארשע איז מען פארכאַפּט פון דעם פּאָליטישן קאמף צווישן דער אָפּאָזיציע און דער רעגירונג, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויפן שטח פון עטלעכע גאסן. מען זעט דעריבער נישט דאָס אויפבוי־ווערק און די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר פון טאָג צו טאָג איבערן גאנצן לאנד.

עס איז אמת, אז פּוילן געפינט זיך אין דער איינפלוס־ספערע פון סאָוועט־רוסלאנד און אז רוסלאנד האלט אן אויג אויף די אינערלעכע געשעענישן אין פּוילן. פּוילן איז באשטימט נישט קיין דעמאָקראטיע אין דעם זין, ווי דער דאָזיקער באגריף ווערט פארשטאנען אין אמעריקע, עס איז אָבער אויך אמת, אז דער רעזשים אין פּוילן איז אינגאנצן אנדערש פון דעם רעזשים אין סאָוועט־רוסלאנד. פּוילן גייט זיך דאָך איר אייגענעם וועג. אזוי למשל איז אין פּוילן נישט אָנגערירט געוואָרן די פעסטונג פון דער קאטוילישער קירך און עס עקזיסטירט אויך נישט אין פּוילן די אוניפאָרמירטקייט פון דער פּרעסע, ליטעראטור, קונסט, וויסנשאפט און דערציאונג, ווי דאָס איז אין רוסלאנד. אויך איז פּוילן נישט אָפּגעשלאָסן געוואָרן פאר דעם פרעמדן באזוכער און באזונדערס פאר דער אויסלענדישער פּרעסע ווי דאָס איז אין סאָוועטן־לאנד.

דער רעפערענדום פון יוני 1946 האָט אין פּוילישן פּארלאמענט אנולירט די אינסטיטוציע פון סענאט. דאָס באגרענעצט די קאמפס־מעגלעכקייטן פון דער אָפּאָזיציע און פארשטארקט דעם אויטאָריטעט פון רעגירונגס־אפּאראט. די ערשטע סיים־וואלן אין באפרייטן פּוילן, וואָס זענען

פאַרגעקומען אין יאַנואַר 1947, האָבן געבראַכט א מפּלה פאַר דער פּויִלישער פּויערים פּאַרטיי פון סטאַניסלאַוו מיקאָלייטשיק (פּאָלסקיע סטראָנניצטוואָ לודאָווע — פּ.ס.ל.), וואָס האָט באַקומען בלויז 28 מאַנדאַטן אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון 444. די ניי־געשאַפענע פּויערים־פּאַרטיי (סטראָנניצטוואָ לודאָווע — ס.ל.) האָט באַקומען 106 דעפּוטאַטן און אַזוי אַרום מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן צו דער דריטער פּאַרטיי אין רעגירונגס־בלאָק. דער דאָזיקער איבערראַשנדיקער נצחון פון מיקאָלייטשיקס קעגנער אין דער פּוילישער באַוועגונג איז דערגרייכט געוואָרן, נאַטירלעך, מיט דער הילף פון דער רעגירונגס פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין.

טראָץ דער וואַל־מפּלה פון מיקאָלייטשיקן וואָלט פאַלש געווען אונטערצושאַצן די באַדייטונג פון זיין פּאַרטיי, וואָס האָט באַקומען 1.154.847 שטימען (10.3 פּראָצענט אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 11.244.873 אָפּגעגעבענע שטימען). דאָס איז אַ ריזיקער פּראָצענט, ווען מען נעמט אין אַכט די באַדינגונגען, אונטער וועלכע די וואַלן זענען פאָרגעקומען און די באַגרענעצונגען, פון וועלכע מיקאָלייטשיק האָט געליטן ביים אָנפירן זיין וואַל־פּראָפּאַגאַנדע.

די צוויי וויכטיקסטע פּאַרטייען אין רעגירונגס־בלאָק זענען: די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ — פּ.פּ.ר.) און די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ — פּ.פּ.ס.), וועלכע האָבן באַקומען אַ גלייכע צאָל דעפּוטאַטן — צו 119. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט באַקומען 38 דעפּוטאַטן, די קאָנסערוואַטיווע „סטראָנניצטוואָ פּראַצי" (לייבאָר פּאַרטיי) — 17 דעפּוטאַטן; די גרופּע „נאָווע וויזוואָליעניע" (נייע באַפרייאונג) — 12 דעפּוטאַטן און די קאַטוילישע גרופּן — דריי דעפּוטאַטן. צוויי דעפּוטאַטן זענען אומאָפּהענגיקע.

די פּ.פּ.ר. פאַרנעמט די שליסל־פּאָזיציעס אין דער רעגירונג — דאָס אויסערן־מיניסטעריום און די מיניסטעריומס פון עפענטלעכער זיכערהייט („בעזפּיעטשענסטוואָ"), אינדוסטריע און דערציאונג. דער פירער פון דער פּ.פּ.ר., גאָמולקאַ, איז דער ערשטער וויצע־פּרעמיער און אויך מיניסטער פאַר די נייע טעריטאָריעס. די פּ.פּ.ס. האָט דעם אַמט פון פּרעמיער און די פאָלגנדע זעקס מיניסטעריומס: עפענטלעכע אַדמיניסטראַציע, אַרבעט און

סאָציאַלע פאַרזיכערונג, אויסלענדישער האַנדל, פינאַנס, אויפבוי און יוסטיץ. דער צווייטער וויצע־פּרעמיער און די מיניסטעריומס פאַר אגרי־קולטור, וועלדער, פּאָסט און טעלעגראַף, קולטור און קונסט זענען באַזעצט דורך מיטגלידער פון דער נייער פּויערים־פּאַרטיי. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז פאַרטרעטן אין דער רעגירונג מיט דריי מיניסטאָרן און די קאָנסער־וואַטיווע לייבאָר־פּאַרטיי מיט צוויי.

דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, באָלעסלאַוו ביערוט, און דער מיניסטער פאַר נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, מאַרשאַל ראָלאַ־זשימיערסקי, באַלאַנגען נישט אָפיציעל צו קיין שום פּאַרטיי, אָבער עס איז אַלעמענס סוד, אַז זיי האָבן די פולע צושטימונג נישט נאָר בלויז פון דער פּ.פּ.ר., נאָר אויך פון מאָסקווע.

טראָץ דעם, וואָס אין דער פּוילישער רעגירונג זענען פאַרטרעטן פאַרשידענע פּאַרטייען, איז די פּ.פּ.ס. דאָך די איינציקע פּאַרטיי מיט אַן אייגענעם פּרצוף. די אַנדערע פּאַרטיי־גרופּן זענען דירעקט אָדער אומדירעקט אונטערן איינפלוס פון דער פּ.פּ.ר. די פּ.פּ.ס. איז נישט אַלעמאָל מסכים מיט דער פּאָליטיק פון דער פּ.פּ.ר., סיי אין אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן און סיי אין אָנגעלעגנהייטן פון דער אויסערן־פּאָליטיק. אַלע פּוילישע פּאַרטייען פון רעגירונגס־בלאָק זענען גרייט צו אַקצעפּטירן פינאַנציעלע הילף פון אַמעריקע, אָבער די פּ.פּ.ס. שטרעבט אויך צו אַ פּאָליטישער צוזאַמענאַר־בעט מיט די מערבֿ־דעמאָקראַטיעס און דורך דעם אָפּצושוואַכן רוסלאַנדס איינפלוס אין פּוילן.

דאָס סלאַווישע פּוילן, וואָס שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע ביים אָרגאַ־ניזירן דעם סלאַווישן בלאָק אין אייראָפּע, גראַוויטירט גיכער צו דער לאַ־טיינישער קולטור, צו רוים און צו פּאַריז און נישט צו מאָסקווע. מיט פראַנקרייך האָבן זיך גלייך איינגעשטעלט גוטע באַציאונגען און דאָס דער־פאַר, ווייל פראַנקרייך זעט אין פּוילן נישט נאָר בלויז אַז אָנשפּאַר אין דער פּאָליטיק קעגן דייטשלאַנד, נאָר ווייל פּוילן איז נאָך אַלץ אַ וויכטיק הינטערלאַנד פאַר דער פראַנצויזישער שפּראַך און קולטור, וואָס מאַכט איצט דורך אַ בין־השמשות. וואַרשע האָט מען אַלעמאָל גערופן „קליין פּאַריז".

די באַציאונגען מיט ענגלאַנד ווערן בעסער, אָבער אין ענגלאַנד איז

איינגענעסטעט די פּוילישע פּאָליטישע עמיגראַציע מיט דער גלות־אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס און ווי די באַציאונגען פון ענגלאַנד מיט פּוילן זאָלן זיך נישט פאַרבעסערן, וועט די פּוילישע עמיגראַציע דאָרט כסדר אינטריגירן.

מיט אייפערזוכט אָבסערווירט מען אין פּוילן די פריַנדלעכע באַציאונגען, וואָס הערשן צווישן אַמעריקע און טשעכאָסלאָוואַקיע. פּאָליאַקן, וועלכע פאַרטראַכטן זיך וועגן דעם דאָזיקן פּראָבלעם, קענען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס די טשעכישע רעגירונג איז פיל בעסער געזען אין וואַשינגטאָן, ווי די פּוילישע, הגם ביידע זענען אַזוי ענלעך אין זייער צוזאַמענשטעל. איך האָב אָבער פון אַ יונגן סאָציאַליסטישן רעדאַקטאָר אין פּוילן געהערט אַ נאַאיווע באַמערקונג, אַז די בעסערע מערכה פון טשעכאָסלאָוואַקיע איז צו פאַרדאַנקען באַזונדערס דער פּערזאָן פון טשעכישן אויסערן־מיניסטער, יאַן מאַסאַריק.

„איך בין אין אַמעריקע נישט געווען —האָט דער יונגער זשורנאַליסט צו מיר געזאָגט—, איך קען זיך אָבער פאָרשטעלן, אַז יאַן מאַסאַריק, וועלכער האָט יאָרן לאַנג געלעבט אין אַמעריקע און אַמאָל אפילו געאַרבעט אין אַן אַמעריקאַנער פאַבריק, איז אימשטאַנד מער צו דערגרייכן אין אַמעריקע פאַר זיין לאַנד, ווי אַן אויסערן־מיניסטער, צו וועלכן עס איז באַלד פון אָנהייב אָן פאַראַן אַ פאַראורטייל, אַז ער איז געוואָרן „געשולט אין מאָסקווע".

פאָרזעצנדיק זיינע אויספירונגען, האָט דער יונגער זשורנאַליסט באַמערקט: —„איך בין איבערצייגט, אַז אַן ענלעכע ראָל אין דער דערנענטערונג צווישן פּוילן און אַמעריקע וואָלט למשל געקענט שפּילן פּראָפ. אָסקאַר לאַנגע, ווען ער וואָלט געשטאַנען אין שפּיץ פון דער פּוילישער אויסערן־פּאָליטיק".

פּראָפ. לאַנגע האָט דאַן גראָד געוויילט אין וואַרשע און איך האָב געקענט אָבסערווירן דעם גאַנץ־באַזונדערן אינטערעס, וואָס די פּרעסע און בכלל די פּוילישע עפענטלעכקייט האָט אַרויסגעוויזן צו אים. עס האָט דאַן אין וואַרשע זיך געפונען אַ גאַנצע ריי פּוילישע דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער פון אַנדערע לענדער, וועלכע זענען געהאַט אַרויסגערופן געוואָרן אויף באַראַטונגען. קיין איינער פון זיי האָט אָבער נישט צוגעצויגן אַזאַ אויפמערקזאַמקייט. ווי די פּערזאָן פון ד"ר אָסקאַר לאַנגע, און דאָס דערפאַר,

ווייל אין אים האָט מען געזען דעם מענטש, וועלכער פֿאַרבינדט פּוילן מיט דער מערב־העמיספּערע, מיט אַמעריקע, צו וועלכער די פּאָליאַקן קוקן מיט באַזונדערער האָפֿענונג.

די דאָזיקע באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט צו פּראָפֿ. לאַנגע מצד די פּירנדיקע קרייזן אין פּוילן האָב איך געקענט אָבסערווירן בעת אַ ספּעציעלן אויפֿנאַם, וואָס דער פּרעמיער־מיניסטער האָט געגעבן פֿאַר דעם פּוילישן פֿאַרטרעטער ביי די פֿאַראייניקטע פֿעלקער. אין די סאַלאָנען פֿון דער געביידע פֿון מיניסטאָרן־ראַט, וואָס איז מיט געוואַלדיקער שנעלקייט צוריק אויפֿגעבויט געוואָרן אויף דער חורבֿער קראָקעווער פֿאָרשטאָט, זענען פֿאַרזאַמלט געווען עטלעכע הונדערט געסט — פֿאַרטרעטער פֿון דער פֿירנדיקער פּוילישער אינטעליגענץ, פּאָליטיקער, געלערנטע, שריפֿטשטעלער, קינסטלער און אויך גייסטלעכע; עטלעכע גלחים אין שוואַרצע סוטאַנעס, אַ פּראַוואָסלאַוונער פּאָפּ מיט אַ לאַנגער באָרד און אויך אַ רבֿ, דער ייִדישער הויפּט־ראַבינער אין דער פּוילישער אַרמיי.

די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער פֿאַרזאַמלטער פּוילישער עליטע האָט צוגעצויגן דער פֿאַקט, וואָס אין נאָמען פֿון אָפּוועזענדן פּרעמיער האָט דאָס איינלייטונגס־וואָרט געהאַלטן יאַקוב בערמאַן, אויף וועלכן מען קוקט אין וואַרשע, ווי אויף דעם פּאָליטישן קאָפּ פֿון דער רעגירונג. איבערן זאַל איז אַדורך אַ געמורמל, ווען דער מיטל־וווּקסיקער, יונגער יאַקוב בערמאַן איז פֿון אַן אינעווייניקסטער טיר דערשינען אויפֿן זאַל און דעם אָפֿיציעלן טייל פֿון דער אויפֿנאַמע געעפֿנט מיט אַ קורצער איינלייטונג, אין וועלכער ער האָט פֿאָרגעשטעלט דעם ערן־גאַסט, פּראָפֿ. אָסקאַר לאַנגע.

דאָס דערשיינען פֿון יאַקוב בערמאַן איז קאָמענטירט געוואָרן ערשטנס — אַלס אַן אויסדרוק פֿון ספּעציעלער אַכטונג צו דער פּערזאָן פֿון אָסקאַר לאַנגע און צווייטנס — ווי אַ באַווייז, אַז אין קעגנזאַץ צו די באַהויפּטונגען וועגן דער געהיימניספֿולער ראָלע פֿון יאַקוב בערמאַן, וועלכער האַלט זיך כלומרשט ווי אַ פֿאַרשטעלטע „גרויע עמינענץ", איז ער גאָר עפֿנטלעך אַרויסגעטרעטן פֿאַר אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון פּוילישע פּערזענלעכקייטן פֿון אַלע לאַגערן.

עס איז געווען אַ הייסער יולי־נאָכמיטאָג. די זון האָט רויט זיך געזעצט הינטער די מויערן פֿון דער רואינירטער שטאָט, אָבער דער פֿאַר־

זאמלטער עולם איז אויף א ווײַלע פאַרטראָגן געוואָרן אין גאָר אַן אַנדערער וועלט, אין דער וועלט פון דאָרפישער אידיליע און פּויערישן שטייגער־לעבן. דאָס האָט א שווישפּילער פאָרגעטראָגן פראַגמענטן פון רעימאָנטס גרויסן ווערק „די פּויערים". באַלד אָבער איז צוריק געקומען די הארטע טראגישע ווירקלעכקייט, ווען פּראָפ. אָסקאַר לאַנגע האָט גענומען רעדן וועגן אינ־טערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וועגן דער נייער וועלט פון אַטאָמישער ענערגיע און וועגן דער ראָלע, וואָס פּוילן קען שפּילן ביים באַפעסטיקן דעם שלום אין אייראָפּע דורך אַן ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט די גרויסע מלוכות און דורך אָפּשוואַכן די דייטשע אַגרעסיווע כוחות.

הינטער דעם רעדנער, ביי דער וואַנט, האָט זיך געפונען א בראָנ־זענע סטאַטוע פון קאָפּערניק — א מיניאַטור־קאָפּיע פון דעם מאָנומענט, וואָס איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דער זעלבער גאַס, נישט ווייט פון דעם פּאַלאַץ פון מיניסטאָרן־ראַט. די שטראַלן פון דער אונטערגייענ־דיקער זון האָבן אין רעגנבויגנדיקע שטרייפן אַרומגעוויקלט דעם בראָנזע־נעם ערד־קוגל אין דער האַנט פון מיטלאַלטערלעכן פּוילישן אַסטראָנאָם, וועלכער האָט געענדערט דעם סדר־העולם. אין דער זעלבער צייט, ווען קאָפּערניק האָט אין קלויסטער פון וואַרמין אָנגעזאָגט דער וועלט וועגן זיין גרויסער אַנטדעקונג, האָט ער גלייכצייטיק געוואָרנט און געבעטן הילף קעגן דעם גערמאַנישן איבערפאַלער:

„מיר ווערן געפייניקט דורך פייער און שווערד, דורך רויבערישע אי־בערפאַלן — האָט קאָפּערניק אין יאָר 1516 פון זיין קלויסטער אין פּאָ־מערן געשריבן צום פּוילישן קעניג זיגמונט. — מיר ווערן פאַרשקלאַפט און האָבן נישט אפילו קיין איין רואיקע שעה אין אונדזערע היימען... מיר זענען אויסגעשטעלט אויף דער גנאָד און אומגנאָד פון די פאַר־ברעכער"...

אויפן פּאָן פון דעם קאָפּערניק־מאָנומענט און אין אָנבליק פון דעם חורבן וואַרשע, וואָס האָט זיך געזען דורך די ברייטע פענסטער פון פריש־אויפגעבויטן רעגירונגס־פּאַלאַץ, האָבן ווי א פאָרזעצונג געקלונגען די באַ־מערקונגען פון פּראָפ. לאַנגע וועגן דער ניי־אַנטדעקטער אַטאָמישער וועלט און וועגן דייטשלאַנד, ווי וועגן דעם אייביקן שונא פון פּוילן.

* * *

די נייע פּוילישע שטאַטס־לייט האָבן זיך באַפרייט פון דעם קראַנק־האַפטן חלום וועגן א וועלט־מאַכט, וועגן קאָלאָניעס, ווי דאָס איז געווען אונטערן רעזשים פון די פּולקאָווניקעס. די נייע פּאָליטישע קאָנסטעלאַציע האָט אָבער איצט אין דער ווירקלעכקייט ארויסגערוקט פּוילן אין שפּיץ פון די קליינע מלוכות אין צענטראַל־איירּאָפּע. אין פּוילן ווערט איצט פיל גערעדט וועגן ים, עס קומען פאַר ים־פייערונגען און די צייטונגען ווידמען גאַנצע נומערן די פּראָבלעמען פון פּוילישן ים.

אין דעם חרובן וואַרשע איז דעם 10טן מערץ 1947 אונטערגע־שריבן געוואָרן דער ערשטער פּויליש־טשעכישער אָפּמאַך פון פריינטשאַפט און קעגנזייטיקער הילף. אין דער איירּאָפּעאישער הויפּט־שטאָט, וואָס האָט אממיינסטן געליטן פון נאַצישער פאַרניכטונג, ווערט איצט געבויט די שוץ־וואַנט קעגן דער אויפלעבונג פון דער דייטשער אגרעסיע אויפן מזרח. די דאָזיקע באַוועגונג מוז אין רעזולטאַט אָפּשוואַכן די איינפלוסן פון סאָוועט־רוסלאַנד אין דייטשלאַנד. צי איז אָבער רוסלאַנד גרייט מקריב צו זיין אירע איינפלוסן אין דייטשלאַנד און צי וועט זי מאַכע ווייטער שטיצן די נייע פּוילישע גרענעצן?

פּוילישע שטאַטס־לייט זענען איבערצייגט, אז יאָ, און באַהויפּטן, אז רוסלאַנד שאַצט אָפּ די ראָלע פון פּוילן אין דעם דאָזיקן סיסטעם פון די אָפּמאַכן צווישן די סלאַווישע פעלקער און גיט זיך אָפּ א קלאָרן דין וחשבון, אז די דאָזיקע אָפּמאַכן וועלן נישט האָבן קיין קיום, אויב פּוילן וועט נישט זיין שטאַרק און אין א געוויסן זין אומאָפּהענגיק.

די נייע פּוילישע גרענעצן זענען א לעבנס־פראַגע אויך פאַר טשע־כאָסלאָוואַקיע. די טשעכן נויטיקן זיך אין א צוגאַנג צום ים און דאָס ווערט זיי גאַראַנטירט דורך פּוילן, וואָס גיט די טשעכן די פּריווילעגיע צו באַנוצן זיך מיט דעם אָדער־טייך צום פּאָרט פון שטעטין, ווו די טשעכן וועלן באַ־קומען אן אויטאָנאָמע זאָנע. די דאָזיקע פּריווילעגיע פון וואַסער־טראַנס־פּאָרט פאַר די טשעכן האָט אין א גרויסער מאָס צוגעגרייט דעם באָדן צום אָפּמאַך צווישן פּוילן און טשעכיע. דאָס איז דער ערשטער שריט אויפן וועג פון פאַרהיילן די טיפע וווּנדן, וואָס די ביידע סלאַווישע שכנים האָבן זיך קעגנזייטיק פאַראורזאַכט אין די יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

די דאָזיקע נייע גרענעצן פון פוילן שאפן אלזאָ א נאטירלעכע דערנענ־טערונג צווישן טשעכיע און פוילן.

אין דעם סאָוועטישן טייל פון בערלין, נעבן דער האלב־חרובער אראניענבורגער סינאגאָגע, האָב איך געזען א ריזיקן אויפשריפט אין דייטש מיט א ציטאטע פון סטאלינען, און וועלכער עס זאָגט זיך: „די דערפארונגען פון דער געשיכטע באווייזן, אז היטלערס קומען און גייען, אָבער דאָס דייטשע פאָלק, דער דייטשער שטאט בלייבט".

דער דאָזיקער פסוק פון סטאלינען האָט נאטירלעך אלס צוועק די סימפאטיע פון דייטשן פאָלק פאר סאָוועט־רוסלאנד. צי דאָס איז אָבער געגנוג אין דעם מאראטאָנישן געיעג צווישן די אליאירטע מלוכות צו גע־ווינען די פריינטשאפט פון די דייטשן? צי קען דאָס פארגיטיקן די דייטשן פאר די טעריטאָריעס אין פאָמערן, שלעזיע און נידערשלעזיע, וואָס זענען אוועקגעגעבן געוואָרן צו פוילן פון רוסלאנדס האנט? דאָס בלייבט אָפן פאר דער צוקונפט.

פוילישע שטאטסלייט פון לינקס און פון רעכטס, אפילו די פירער פון דער לענאלער אָפּאָזיציע אין לאנד, פילן, אז פוילן פארוואנדלט זיך אין דעם שליסל צום סיסטעם פון פאקטן, וואָס רוסלאנד אָרגאניזירט אין צענטראל און מזרח־אייראָפּע און אז צוליב דעם איז נישט אין אינ־טערעס פון דער סאָוועטישער פּאָליטיק איינצושלינגען פוילן און זי פאר־וואנדלען אין א זיבעצענטער רעפּובליק, ווי דאָס שרעקן אזוי אָפט פוילישע עמיגראנטן אין לאָנדאָן.

די פּאָליטישע ראָל פון פוילן וואָלט אָבער געוואָרן רעדוצירט צו נול, אויב מען וואָלט ביי איר צוגענומען די נייע געביטן, ארום וועלכע דער דיפּלאָמאטישער קאמף ווערט אלץ שארפער און שארפער. ערשט דאַן וואָלט פוילן געדראָט צו ווערן א וואסאל פון די סאָוועטן.

רעאל־דענקנדיקע פוילישע פּאָליטיקער באהויפּטן, אז אויב רוסלאנד וואָלט צוליב איר „פריינטשאפט מיט דייטשלאנד" זיך צוריקגעצויגן פון שטיצן די נייע פוילישע גרענעצן, וואָלט דאָס פולשטענדיק אונטערגע־בראָכן די נאטירלעכע באזע פאר פריינטלעכע באציאונגען צווישן די צוויי לענדער, אויף וואָס עס איז אויך מסכים די אָפּאָזיציע פון סטאַניסלאוו מיקאָלאַיטשיק. דאָס וואָלט דערפירט צו א פונאנדערפאל פון רעגירונגס־

בלאָק און ערשט דאַן וואָלט אין פּוילן זיך צעפּלאַקערט דאָס פייער פון בירגער־קריג. נישט וועלנדיק רעזיגנירן פון איר השפּעה אין פּוילן, וואָלט דאַן רוסלאַנד אינטערווענירט אין פּוילן און אַזוי אַרום אָפּגעווישט די זעלבסטשטענדיקייט פון פּוילישן שטאַט.

די מערב־מלוכות האָבן אַלזאָ פאַר זיך די זעלבע דילעמאַ בנוגע פּוילן, ווי רוסלאַנד האָט עס. די מחברים פון די צוקינפטיקע שלום־אָפּ־מאַכן וועלן דעריבער מוזן אַרויסווייזן דעם נויטיקן פאַרנונפט, כדי ווי געהעריק צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון די פּוילישע גרענעצן. יעדער באַשלוס, וואָס זיי וועלן מאַכן, וועט זיין פון אומגעהויערער וויכטיקייט פאַר דער צוקונפט פון אייראָפּע.

דאַנציג און דער קאָרידאָר זענען געווען דער פּולווער־פאַס פאַרן ערשטן אויפרייס אין לעצטן וועלט־קריג און די נייע פּוילישע גרענעצן לענגאויס די טייכן אָדער און ניסאַ זענען אַ וויכטיקער פאַקטאָר ביים באַפעסטיקן דעם שלום אין דער וועלט.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו


## ביז איצט דערשינען:

1) מארק טורקאָוו: מלכה אָווּשיאַני דערציילט... (אויספארקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספארקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספארקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספארקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש (אויספארקויפט)
6) זרובבל: בארג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספארקויפט)
7) אלחנן צייטלין: אין א ליטעראַרישער שטוב (אויספארקויפט)
8) ד"ר ח. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (איינדרוקן פון א רייזע)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13
10) מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן
11) ד"ר מאיר באַלאַבאַן: די ייִדן־שטאָט לובלין
12) ישראל אפרת: הײמלאָזע ייִדן
13) ד"ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר
14) דוד פלינקער: א הויז אויף גזשיבאָוו
15) ד"ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ
16) קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (זאַמלונג פון דאָקומענטן)
17) חיים גראַדנע: פּליטים
18) ש. קאַטשערגינסקי: פּאַרטיזאַנער גייען!... (ווילנער געטאָ)
19) פרידע זרובבל: נע ונד (פאַרצייכנונגען פון א פּליטה)
20) מרדכי שטריגלער: מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט
22) ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים: וואַרשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס: א וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן: צווישן שרעק און האָפענונג

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

ש. איזבאן: „אומלעגאלע" יידן שפּאלטן ימען
לעאָ פינקעלשטיין: מגילת פּוילן
יאָנאס טורקאָוו: אזוי איז עס געווען... (חורבן ווארשע)
שלמה וואגא: חורבן טשענסטאָכאָוו
שמחה פּאָלאקעוויטש: כ'בין געווען אין טרעבלינקע
ר. שושנה־קאהאן: אין פייער און פלאמען (טאָגבוך)
רחל ה. קאָרן: לידער
א. אלמי: מאָמענטן פון א לעבן
מרדכי שטריגלער: אין די פאבריקן פון טויט

## עס גרייט זיך צום דרוק:

רחל אויערבאך: מאטעריאלן פונעם רינגעלבלום־ארכיוו
מיכאל באָרוויטש: ארישע פּאפּירן (דאָקומענטן)
מיכאל בורשטין: ביי די טייכן פון מאזאוויע
הרב אברהם ביק: צען דורות פּוילישע גאונים
נח גריס: קינדער אינעם קאמף (דאָקומענטן)
יאנינא העשעלעס: מיט די אויגן פון א 12־יעריק קינד
עוזר ווארשאווסקי: שמוגלארס
ז. וואסערצוג: יאנוש קאָרטשאק
יוסף וואָלף: לייענענדיק פּרצן
אברהם זאק: ווארשעווער געטאָ
ד"ר הלל זיידמאַן: געשטאלטן פונעם ווארשעווער געטאָ
ה. לייוויק: דער נס פון געטאָ
צפּורה קאצענעלסאָן־נאכומאָוו: יצחק קאצענעלסאָן
א. נחתומי: דאָס לעבן רופט
מ. נודעלמאן: אָפּגעשפּילט...
מיכאל און צבי ראיאק: חורבן גלובאק
י. ראפּאפּאָרט: י. מ. ווייסנבערג
א. ל. שוסהיים: גאַליציע
ד"ר ח. שאָשקעס: א לעבן, וואָס איז פארביי...
ל. שפּיזמאן: די חלוצישע באוועגונג אין פּוילן
ד"ר יוסף טענענבוים: דער לעמבערגער פּאָגראָם
מ. צאנין: א שליחות אין ווארשע
שמואל צעסלער: זאבלודאָווע — די לעגענדע פון א שטעטל
בער י. ראָזען: טלאָמאצקע 13

## פרעסע שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

אברהם זאַק שרייבט וועגן דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" אין אן ארטיקל א"נ „אין וויטן ארגענטינע" („דאָס נייע לעבן", לאָדזש, מאַי 1947):

פון דעם וויטן ארגענטינע דער־האלטן מיר לעצטנס דערפרייענדיקע גרוסן — גרוסן אין געשטאלט פון פיינע, וואָגיקע ביכער. דאָס זענען אויסגאבן פון דעם דאָרט געגרינ־דעטן פארלאג „דאָס פּוילישע יידנ־טום" ביים צענטראל־פארבאנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע. דער לייטער און רעדאקטאָר פון דאָזיקן פארלאג איז אונדזער אלט־באקאנ־טער ווארשעווער זשורנאליסט מארק טורקאָוו.

דער דאָזיקער פארלאג האָט אנט־וויקלט א זייער אינטענסיווע טעטי־קייט. אין משך פון פארגאנגענעם יאָר איז שוין דערשינען א גאנצע סעריע ביכער, ווי: „י. ל. פּרץ" פון ה. ד. נאָמבערג, „טרעבלינקע" פון וו. גראָסמאן און י. ווערניק, „מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו" פון פּרץ גראָנאטשטיין, „חורבן לאָדזש" פון י. טאבאקסבלאט, „בארג חורבן" פון זרובבל, „אין א ליטעראַרישער שטוב" פון אלחנן צייטלין, „געלעב־טער דורך טרערן" פון מ. נודעלמאן. אין גיכן דערשיינען דאָרט נאָך א גאנצע ריי ווערק סיי פון שריפטשטע־לער, וועלכע זענען אומגעקומען אין היטלערישן גיהנום, ווי פּראָפ. ד"ר מאיר באלאבאן, ד"ר יצחק שיפּער, ד"ר עמנואל רינגעלבלום, סיי פון שרייבער, וואָס האָבן על־פּי־נס אויס־געמיטן דעם אומקום.

די אלע ארויסגעגעבענע ביכער אין דערמאָנטן פארלאג זענען צוזא־מען א בכבודיקער מאָנומענט דעם פארשניטענעם לעבן פון יידן אין פוילן, אונדזערע מיליאָנען ברידער, וועלכע זענען אוועק מיטן רויך פון די דייטשע קאלך־אויוונס...

דאָס ערשטע בוך, וואָס דער פאר־לאג האָט ארויסגעגעבן, איז מא־רק טורקאָווס „מלכה אָװשיאַני דער־ציילט". דאָס איז א כראָניק פון אונדזער טראגישער צייט. „א שיל־דערונג פון א יידיש מיידל, וואָס האָט דורכגעמאכט די גאנצע נאַצי־עפּאָפּייע". ליידן און פּיין, שקלאפן־ארבעט, הונגער, קעלט, שמוץ. גרויל


מארק טורקאָוו
מלכה אָװשיאַני דערציילט...
כראָניק פון אונדזער צייט
ארויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע
בוענאָס־איירעס 1946

פון נעטאָ און גיהנום פון לאַגערן: אַשוויענטשים, ראַווענסבּרוק א״אַנד. עס ציט זיך לאַנג פאַרן יונגן וועזן דער שוואַרצער קאָשמאַר, שוואַרץ ווי דער טויט און פינסטער ווי דער קבר...

די דאָזיקע דערציילונג, וועלכע איז אין גרונט שוין איצט פאַר אונדז איינע פון א סך, רירט אונדז מיט איר פשטות, מיט איר אוממיטלבאַרקייט, מיט איר שווידערלעכער אויטענטישקייט. ווייל וויפל מיר זאָלן נישט זאַמלען די דאָזיקע מאַטעריאַלן, וויפל היסטאָרישע קאָמיסיעס זאָלן נישט פאַרצייכענען און פאַרפיקסירן, — וועט דער דאָזיקער שוואַרצער תהום קיינמאָל נישט אויסגעשעפּט ווערן. יעדער קרבן דעקט אויף נאָך א פּרט, נאָך א שטריך, גיט צו נאָך א קאַפּיטל צו אונזער גרויסער טראַגישער מגילה...

אזא רירנדיקער קאַפּיטל צו אונזער פּיין־מגילה, איז בלתי ספק דאָס בוך „מלכה אָווּשיאַני דערציילט״.

פון א באַזונדערן ווערט איז דאָס בוך „י. ל. פּרץ״ — א זאַמלונג אַרטיקלען און עסייען פון ה. ד. נאָמבערג וועגן י. ל. פּרץ. די דאָזיקע אַרטיקלען נאָמבערגס זענען געווען צעוואָרפן איבער פאַרשידענע צייטשריפטן, געשריבן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן וועגן אונדזער גרויסן קלאַסיקער. די דאָזיקע אַרבעטן נאָמבערגס זענען אין בוך געגעבן געוואָרן אין א כראָנאָלאָגישן סדר, ווי זיי זענען געשריבן געוואָרן. א דאַנק דער זאָרגעוודיקער מי פון דער רעדאַקציע „דאָס פּוילישע יידנטום״ האָבן מיר איצט א ניי בוך פון ה. ד. נאָמבערג — א וואָגיקער צושטייער דער יידישער ליטעראַטור. מיט רעכט באַצייכנט עס די רעדאַקציע ווי „אַן אינטערעסאַנטן פּרץ־דאָקומענט״ און ווי „אַן אינטערעסאַנטן נאָמבערג־דאָקומענט״.

א בכבודיקער אויפטו פון פאַרלאַג איז אויך דאָס אַרויסגעבן אויפסניי אלחנן צייטלינס „אין א ליטעראַרישער שטוב״. דאָס מאָל איז דאָס בוך דערשינען מיט אַריינפיר־




ווערטער פון ש. ניגער און מאַרק טורקאָוו און א נאָכוואָרט פון אהרן צייטלין.

אין בוך קומט אויך אריין, ווי א צוגאָב, דער איבערדרוק פון אלחנן צייטלינס א זאַמלונג לידער א״נ „א ביכעלע לידער״, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געהאַט דערשינען אין וואַרשע.

אלחנן צייטלין מאָלט אין זיין ווערק אויף א קינסטלערישן אופן די ליטעראַרישע שטוב — די שטוב פון זיין גרויסן פאָטער. ער גיט אונדז בילדער, באַגעגענישן, עפּיזאָדן, געשעענישן און וויקלט פאַר אונדז פונאַנדער א שטיק געשיכטע פון אונדזער פאַרגאַנגענעם ליטעראַריש לעבן; פון א רייכער, פילפאַרביקער גייסטיקער סביבה, ווי ס׳איז געווען די סביבה פון גרויסן שריפטשטעלער און דענקער הלל צייטלין איז משך פון א גאַנצן דור. ווער איז דען נישט דורכגעגאַנגען די ליטעראַרי־

שע שטוב פון הלל צייטלין? אין אלחנן צייטלינס שילדערונגען גייט פאַר אונדז פאַרביי, ווי אויף אן עקראַן, א גאַנצע גאַלעריע געשטאַלטן פון אונדזערע פּען־מענטשן, שרייבער, וועלכע האָבן געשאַפן און געווירקט אין משך פון יאָרן. נעמען, וועלכע זענען אריין אין אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע. צווערשט הלל צייטלינס שטוב אין ווילנע, שפּעטער אין וואַרשע אויף שליסקע 60, ווו דער קרייז צעוואַקסט זיך. מיר זעען די גאַנצע ליטעראַרישע סביבה, די גייסטיקע עליטע. פאַרשידענע צייטן, פאַרשידענע סיטואַציעס. די שילדערונגען נעמען אַרום די תקופה פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. די אַרבעט אלחנן צייטלינס איבער די ווייטערדיקע טיילן פונעם ווערק ווערט איבערגעריסן דורכן היטלער־קאָשמאַר.

א פאַרדינטע אויפמערקזאַמקייט שענקט דעם בוך דער באַקאַנטער קריטיקער ש. ניגער, וועלכער גיט אין זיין אריינפיר א זייער וואַרעמע אָפּשאַצונג פונעם ווערק. דאַן קומט דער צווייטער אריינפיר פון מאַרק טורקאָוו: „אלחנן צייטלין און זיין סביבה". אין דער דאָזיקער אַרבעט שילדערט טורקאָוו די בכבודיקע פּאָזיציע, וועלכע אלחנן צייטלין האָט פאַרנומען אין דער יידישער זשורנאַליסטיק. ער דערציילט אויך ביי וועלכע טראַגישע אומשטענדן אלחנן צייטלין האָט אין וואַרשעווער געטאָ, אין דעצעמבער 1942, די נשמה אויסגעהויכט... ווי „א סך האָבן מיט א טיפן זיפץ מקנא געווען דעם נפטר, וואָס ער גייט אַוועק פון דער וועלט מיט א נאַטירלעכן טויט"... מיט א „לוקסוס־טויט"...

רירנדיק, דורכגעדרונגען מיט גרענעצלאָזן צער, איז דער דיסקרעטער נאָכוואָרט, וואָס קלינגט ווי א הספד, פון דיכטער אהרן צייטלין — דער עלטערער ברודער פון אלחנן. דאָס זענען שורות, וואָס ווייען מיט אומגעשטילטן, אינטימען טרויער נאָך אונדזערע קדושים וטהורים...

„ביסט מיט די הייליקע נשמות פון דיין פאָלק. ביסט מיט דיין פאָלק, אלחנן"...

*

„מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו" פון פּרץ גראַנאַטשטיין איז א בוך אָן ליטעראַרישע פּרעטענזיעס; אָבער עס האָט א ווערט ווי א דאָקומענט פון אונדזער טראַגישער צייט. דער מחבר גיט דאָ א שלל טיפּן פון א יידיש שטעטל אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. טיפּן אַלערליי — פון אַלטן דור און פון נייעם, די יוגנט. די געשטאַלטן זענען אויטענטישע. מענטשן, וועלכע ווערן אָנגערופן מיט די נעמען און פון א סך ווערן אַפילו געגעבן פאָטאָגראַפיעס,




באַזונדער און אין גרופּעס. יידן אין קאַפּאָטעס און אין שמאָלע חסידישע היטעלעך: גבאים, מיוחסים, שמשים, חשובע באַלעבאַטים און

ווייבער נשים צדקניות, גבאיטעס, פירזאָגערינס פון דער ווייבער־שול או"ו. און פון דער אנדערער זייט: היינטוועלטיקע בחורים און מיידלעך געזעלשאפטלעכע טוער און פּאַרטיי־לייט, אינטעליגענטן, בעלי־מלאכות, ארבעטער. דאָ זעט איר די טיפּיש־יידישע גאס מיט אלע פּאַרטייען פון עקסט־רעכט ביז עקסט־לינק: „אגודה", „מזרחי", אלע ציוניסטי־שע שאַטירונגען, „בונד" און קאָ־מוניסטן. מ'פירט א טעטיקייט, מ'טומלט זיך, מ'קעמפט צווישן זיך, ווי דער שטייגער איז. אין דאָזיקן שטעטל סאָקאָלאָוו־פּאָדלאסקי — האָט געברויזט א פול־בלוטיק יידיש פאָלקס־לעבן און עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט א מוסטער פון א יידישן שטעטל אין פאַרמלחמהדיקן פוילן.

דער מחבר גיט צו דעם בוך אַן אונטערטיטל: „שילדערונגען, ביל־דער און פּאָרטרעטן פון א שטאָט אומגעקומענע יידן, און אזוי טאַקע נעמען מיר עס אויף. דאָס בוך איז פאַקטיש א יזכור־בוך, א מצבה נאָך א יידיש שטעטל. עס וואָלט כדאי געווען, אז יעדע שטאָט, יעדעס שטעטל זאָל אזוי ארום פאַראייביקט ווערן; אָבער נישט יעדער יידישער ישוב אין פוילן האָט זוכה געווען צו לאָזן נאָך זיך א קדיש־זאָגער...

ווי געזאָגט: דאָס בוך פון פּרץ גראנאטשטיין פּרעטענדירט נישט אויף ליטעראַרישקייט. עס איז א כראָניק, א פּשוטע פארצייכענונג פון מענטשן, פון רעאַלע געשטאַלטן און געשעענישן. אמאָל געלינגט עס אים בעסער, אמאָל ערגער. אלע קאַ־פּיטלען פון בוך זענען אָבער דורכ־געדרונגען מיט דער טיפסטער וואַ־רעמקייט, מיט דער גרויסער ליבע פון מחבר צו זיין היימישער סביבה, צום יידישן שטעטל, צו אירע בעלי חלו־מות, צום פולסירנדיקן לעבן, וואָס איז געווען און נישטאָ...

*

מיט זשורנאַליסטישן עספּרי איז אָנגעשריבן דאָס בוך „פוילן — 1946" פון ד"ר ח. שאָשקעס.

ד"ר שאָשקעס איז אַן אונדזערי־קער, א באַקאַנטער זשורנאַליסט און וועלט־רייזנדער. א לאַנג־יאָריקער גע־זעלשאַפטלעכער עסקן אויפן וואַר־שעווער באָדן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, פון ווארשע איז ער ארויס שוין אין מלחמה־צייט. געווען שוין אפילו איינער פון די געצוווּנגענע „יידן־ראַטלער" און נאָר על־פּי־נס האָט ער זיך ארויסגעראַטעוועט קיין אויסלאַנד און נישט געטיילט דעם גורל פון אלע ווארשעווער יידן.

ווי א וועלט־רייזנדער, האָט ער אויך דאָס מאָל אונטערגענומען א טורנע. אָבער דאָס מאָל איז עס נישט סתם א רייזע. איצט איז עס א נסיעה אויף קבר־אבות. איצט איז עס, ווי דער מחבר אליין באַצייכנט עס אין ערשטן קאַפּיטל, „א קדיש אויף די חורבות פון געטאָ".

ד"ר שאָשקעס איז געקומען קיין פוילן סוף ווינטער, אין די ערשטע חדשים פון 1946. ס'איז נאָך געווען פאר דער רעפּאַטריאַציע פון די פּוי־לישע יידן פון סאָוועט־רוסלאַנד. די שטימונג צווישן קליינעם ביסל יידן איז נאָך געווען א זייער אומרואי־קע... דאָ און דאָרט האָבן נאָך גע־ווילדעוועט די „נ.ס.ז."־באַנדעס. יידן מיט א „גוטן אויסזען" (דאָברי וויג־לאַנד") האָבן זיך ס'רוב אויסבאַ־האלטן אונטער ארישע נעמען... אויף די פּוילישע וועגן און אין די באַנען האָבן יידן געהאַט אָפטמאָל „סיור־פּריזן". דאָך האָט דער ד"ר שאָש־קעס אין א מונדיר פון אַן „אונראַ"־אָפיציר באַקוקט גרינטלעך אונדזער גאַנצן חורבן, באַזוכט א ריי שטעט און שטעטלעך, געהאַט אַן א שיעור באַגעגענישן מיט ניצול־געוואָרענע יידן, באַקענט זיך מיט דער יידישער ווירקלעכקייט אין פוילן און דאָס אלץ, וואָס ער האָט געזען, געהערט און אויפגענומען מיט זיין געניטן

זשורנאַליסטישן חוש, האָט ער גע־געבן אין זייער בולטע, לעבעדיקע בילדער, אין א פיינער, אָנציענדיקע־פאָרם.

ד"ר שאַשקעס איז געקומען אויף די חורבות פון אונדזער לעבן אין ערשטן פעריאָד פון פוילנס באַפריי־אונג. מ'קאָן זאָגן „אויף דער הייַ־סער מינוט". דאָס גרויזאַמע בילד פון וואַרשעווער געטאָ, די בערג ציגל אויף נאַלעווקעס, גענשע, נאָ־וואָליפּיע, נאָוואָליפּקי, מוראַנאָוו האָבן אים טיף דערשיטערט און די איינדרוקן זיינע זענען שוואַרצע, פינסטערע... צי קאָן דען א ייִד, דער־צו נאָך א וואַרשעווער ייִד, אַנדערש אויפנעמען אָט דעם חורבן?... ווען ער קומט אַביסל שפּעטער, וואָלט ער כאָטש געהאַט א שטיקל טרייסט אין דעם נייעם, אמת, קליינעם ישוב, וואָס בויט זיך אויף די חורבות. דאָס וואָלט אים דערמאָנט, אז „עם ישראל חי"...

זייער רירנדיק איז זיין באַגעגע־ניש אין וואַרשע מיט דער פרוי ד"ר פּעליציע טשערניאַקאָוו. די אלמנה נאָך זיין נאָענטן פריינט אינזש. אַדאַם טשערניאַקאָוו, דער „עלט־סטער" פון „יודנראַט", וועלכער האָט פאַרענדיקט זיין לעבן אין וואַר־שעווער געטאָ מיט ציאַן־קאַלי...

און נאָך מער רירנדיק איז דער־פאַרעפנטלעכטער בריוו, וואָס די אלמנה האָט איבערגעגעבן ד"ר שאַשקעס — א פיינלעכער לאַנגער בריוו וועגן איר מאַן. עס איז א דאָ־קומענט, וואָס וואַרפט א שיין אויף א קאַשמאַרפולן פּלאָנטער.

„ביים פרישן קבר פון מיין מאַן —דערציילט זי אין בריוו— האָט ד"ר קאָרטשאַק געזאָגט: „גאָט האָט דיר אָנגעטרויט דעם כבוד פון דיין פאָלק, און צו גאָט האָסטו דעם כבוד צוריקגעגעבן".

ברענגענדיק דעם דאָזיקן בריוו, פאַרענדיקט ד"ר שאַשקעס דאָס קאַ־פּיטל:

„די אלמנה פון דעם וואַרשעווער־געטאָ וויינט אויס איר צער פאַר דער ייִדישער געשיכטע".

*

אין סך־הכל: דער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום" אין אַרגענטינע טוט א גרויסע, א הייליקע אַרבעט. די אַלע ביכער, וואָס ער גיט אַרויס, זענען א מאָנומענט פאַרן פּוילישן ייִדנטום — סיי אין דער תקופה ביז 1939, סיי אין די גרויליקע יאָרן פון אומקום.

**יעקב לעשצינסקי** שרייבט וועגן פּראָפ. ד"ר מאיר באַלאַבאַנס בוך „די ייִדן־שטאָט לובלין", וואָס איז דערשינען אין דער ייִדישער איבערזעצונג פון א. ל. שוסהיים, אַן אַרטיקל א"נ „לובלין — אירע רבנים און צדיקים" (דער פאָרווערטס", ניו־יאָרק, 1טער יוני 1947):

אַרגענטינע איבערראַשט אונדז אַלץ מער און מער. ס'קומען פון דאָרטן נייע ביכער, און מיר איבער־צייגן זיך אַלץ מער, אז דער רעדאַק־טאָר מאַרק טורקאָוו אַרבעט מיט א סיסטעם, מיט א טיפן פאַרשטאַנד פאַר דער הויכער מיסיע, וואָס דער פון אים געגרינדעטער פאַרלאַג האָט אויסצופילן. די נייע מתנה איז באַ־לאַבאַנס בוך וועגן דער שטאָט לוב־לין. און ס'ווילט זיך ממש אויס־שרייען: וואָס פאַר א קלוגער און געלונגענער אויסוואַל! ווי צוגעפּאַסט צו אונדזער איצטיקער שטימונג, ווען מיר זוכן אַזוי טרייסט אין אונ־דזער רייכער פאַרגאַנגענהייט, אין אונדזער גייסטיקער ירושה, אין אי־רע ווירקלעכקייטן און נאָך מער אין אירע לעגענדעס, אין אירע לעגענ־דאַרע מענטשן און אין זייערע פּע־

איקייטן צו דערטרינקען די צרות און שרעק פונעם גלות אין שאפן אין זייערע פאנטאזיעס ווונדערבארע וועלטן, וועלטן פון טיפן גלויבן אין א ליכטיקער צוקונפט, אין א קומענדיקער יושרדיקער וועלט.

און דער קלוגער אויסוואל איז דאָך טאָפּלט צוגעטראָפן—די שטאָט לובלין איז דאָך אזוי אָנגעזאפּט הן מיט למדנות־ירושה און הן מיט חסידות־פאנטאזיעס! און פּראָפעסאָר מאיר באלאבאן, דער דאָזיקער בארופענער היסטאָריקער פונעם פּוילישן יידנטום, איז יענער טיפ געשיכטע־שרייבער, וואָס פּאסט אזוי פאר די בענקשאפטן, וועלכע שרייען ארויס פון אונדזערע צעריסענע פארווונדעטע הערצער. באלאבאן האָט נישט געשריבן קיין גאנצע ווערק, ווי למשל, זיין טאלאנטפולער קאָלעגע שיפּער. באלאבאן האָט כמעט נישט געלאָזט קיין איין גרויס סיסטעמאטיש ווערק. אָבער טאָקע צוליב דעם איז אזוי גוט, וואָס טורקאָוו האָט אים אויסגעקליבן אלס דעם ערשטן אין דער רייע, וועמען מיר זענען פארפליכטעט צו שטעלן א מצבה און פון וועמען מיר קאָנען באקומען אפשר די בעסטע פאָרשטעלונג, ווי דאָס יידישע לעבן אין פּוילן האָט געברויזט מיט שאפונגס־ענערגיע, ווי רייך די שאפונגס־קוואלן זענען דאָרטן געווען, ווי צעזייט און צעוואָרפן ס'זענען געווען אינעם יידישן פּוילן די פעלדער פון יידישע גייסטיקע געבורטס־ווייען און וויפל שאפונגס־זוימען ס'זענען געגאנגען פארלוירן א דאנק די גלות־באדינגונגען פון יידישן לעבן.

דער היסטאָריקער־סיסטעמאטיקער, דער מייסטער פון גרויסע ווערק, מוז דאָך געבן די רעזולטאטן, די גרויסע ליניעס פון פּראָצעסן און ער מוז דעריבער ארויסלאָזן אפשר דעם עיקר: די אונטערערדישע וואָרצלען פון גייסטיקע באוועגונגען; די נשמה־ראנגלענישן ביים געבורט פון נייע שטראָמען; די נשמה־שמערצן און נשמה־קאמפן פון די שאפער און טרעגער פון נייע באוועגונגען. באלאבאן איז געווען דווקא דער ליבהאָבער פון אויפקלייבן מיט געוואל־

פּראָפ. ד״ר מאיר באלאבאן




דיגער געדולד אָט די דאָזיקע אונטערערדישע וואָרצלען, אָט די דאָזיקע אינטימע קאמפן פון רבנים און צדיקים, פון למדנים און חסידישע רביים. און זיין ווערק, די שטאָט לובלין, איז אין דעם פּרט דאָס מוסטערווערק פון זיין גאנצער, גרויסער, לאנגיאָריקער שעפערישער ארבעט. דאָס איז נישט די געשיכטע פון יידן אין דער שטאָט לובלין. ניין! דאָס זענען געשיכטעס פון יידישע גאסן, פון יידישע געשעפטן, פון יידישע אינסטיטוציעס, פון יידישע מענטשן, פון פארביקע און העכסט אינטערעסאנטע יידישע טיפּן. מיט איין וואָרט, שטיקער יידיש לעבן, נישט ווי זיי ווערן פינטעלעך אין א גרויס און סיסטעמאטיש ווערק, נאָר ווי זיי ווערן געבוירן און לעבן זייער אייגענעם לעבן, רייסן זיך צו ווירקן און באקומען א פּלאץ אין דער יידישער געשיכטע.

דעם בוך וועט לייענען מיט א פארכאפּטן אָטעם דער יידישער ווי־סנשאפטלער, אָבער מיט נאָך מער ברען און היץ דער פּשוטער ייד, וואָס

בענקט נאָך זיך, נאָך זיינע יונגע יאָרן, נאָך זיינע דערמאָרדעטע עלטערן, נאָך דער שיינער ווייסער באָרד פון זיין זיידן. ביי מאיר באַלאַבאַן קאָן מען נישט תמיד וויסן, צי ער נעמט ערנסט די געשיכטעס און גילגולים און רעטענישן וואָס ער דערציילט וועגן רבנים און צדיקים. זיין איראָניע איז אַזוי טיף באַהאַלטן, אַז מאָמענטנווייז הייבט מען אָן צוזאַמען מיט אים גלויבן אין די ניסים ונפלאות פון די צדיקים.

איך האָב נאָר געענדיקט לייענען דעם קאַפּיטל וועגן דעם „חוזה פון לובלין", דעם זעער פון לובלין. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ רעדט זיך וועגן זען אַ סך, אַ סך ווייטער פון דער אייגענער נאָז און זען נישט מיט פּשוטע מענטשלעכע אויגן, נאָר מיט גאָטס גנאָד, מיט גאָטס ברכה. ס'איז די צייט פון אויפקומען פון חסידות — אַן אויסערגעוויינלעכע צייט, אָנגעלאָדן עפּעס מיט אַ מאָדנעם גייסטיקן שטאָף, וואָס רייסט זיך פון טיפע באַהעלטענישן, פון ערגעץ ווייט און טיף־פאַרשטעקטע קוואַלן. אין אייראָפּע בליט דעמאָלט די השכלה־צייט, די ראַציאָנאַליסטישע צייט. דער אייראָפּעאישער געדאַנק ווענדט זיך אָפּ פון די רעליגיעזע סודות פון מיטלאַלטער, פון די גלויבונגען אין כישוף און אויך אין מכשפים און באַזונדערס אין מכשפות; ער וויל אַלץ פאַרשטיין מיטן שכל און גלויבט, אַז מען קאָן אַלץ פאַרשטיין און אפילו זיך דערגראָבן צו די באַהאַלטנסטע סודות פון דער נאַטור. און אין דער זעלבער צייט לעבן יידן אין דער זעלבער אייראָפּע, אַביסל אין דער זייט פון דעם ברייטן אייראָפּעאישן וועג, זייער אייגן לעבן, וואָס אַנטלויפט פונעם שכל הישר, פון דער טרוקענער גמרא, פון דער מוח־אַרבעט און וואַרפט זיך אַריין מיט אַן איבערנאַטירלעכן כוח אין חסידות, אין גלויבן, אַז דער מענטש, דער פּשוטסטער מענטש, נאָר מיט אַ וואַך האַרץ, מיט אַ זאַפּטיקער נשמה, מיט נשמה־פליגלען, קאָן איבערקערן וועלטן. אין ערגסטן פאַל, נישט אַליין, נאָר דורך תפילה צווינגען דעם אַלמעכטיקן איבערצוקערן וועלטן — מאַכן צו־שפּאָט און געלעכטער אַלע געזעצן פון דער נאַטור, פונעם מענטשלעכן שכל, פון די כלומרשטע געזעצן פון ערדישן לעבן.

און אָט ווערט געבוירן אין אַ קליין שטעטל נישט ווייט פון לובלין, אין אַ שטוב פון אַ רב, אַ יינגל, וועמען מען גיט אַ נאָמען יעקב יצחק. דער בעל־שם איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע, אָבער זיין תלמיד, באַקאַנט מיטן נאָמען דער מגיד, פאַרשפּרייט זיין הייליקע תורה און צויבערט יידישע וועלטן. די פּוילישע מלוכה צעפאַלט זיך. יידן פאַרלירן פּרנסות און פּאָזיציעס אין לעבן. זיי ווערן צעטיילט צווישן דריי נייע מלוכות — צווישן רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן. נייע באַדינגונגען און גאָט ווייסט וווּהין דאָס קאָן פירן. אין עסטרייך און פּרייסן וויל מען שטאַרק פון יידן מאַכן מענטשן" — דאָס האָט געמיינט, אַז זיי זאָלן אָפּשערן זייערע בערד און פּאות, אויסטון זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס, אַוועקוואַרפן זייערע חדרים און ישיבות און ווערן „מענטשן", דאָס הייסט גויאים, רחמנא ליצלן. אין רוסלאַנד טראָגט מען זיך אויך אַרום מיט געדאַנקען וועגן רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן. זענען געווען פּוילישע יידן, וועלכע האָבן מיט גרויסער זאָרג און מיט שווערער מי געהאָרעוועט אַרום די פראַגן, ווי איינצואָרדענען דאָס וואָכעדיקע יידישע לעבן ביי די נייע פּאָליטישע באַדינגונגען. אָבער נאָך מער איז מען געווען פאַרנומען מיט דער זאָרג, ווי צו באַוואָרענען די יידישע נשמה מיט יידישן גלויבן, ווי די דאָזיקע יידישע נשמה אָנפילן מיט יידישן זאַפט און מיט יידישער עקשנות, אַז זי זאָל זיך נישט אויסגליטשן אין די נייע צייטן, וועלכע קומען אָן, און

וועלן איבערקערן די טראַדיציאָנעלע יידישע וועלט.

דער ייִנגל איז פון די סאַמע יונגע יאָרן געווען נישט קיין געוועלנלעך קינד — „ער האָט שטענדיק גע־האַלטן די אויגן צוגעמאַכט און זיי געעפנט נאָר צום לערנען". צו צען יאָר האָט ער געדאַוונט מיט אַזאַ התלהבות, אַז מען האָט געזען טרערן אין זיינע אויגן. מיר פאַרשפּאָרן זאָגן, אַז ער האָט נישט נאָר גוט פאַרשטאַנען די טייטש פון די ווער־טער, נאָר שוין טיף געפילט דעם זין און דעם אינהאַלט פון די תפילות — פון די יידישע תפילות, וואָס זענען אַזוי פול מיט יידישן צער און אַזוי אָנגעזאַפּט מיט גלויבן אין אַלגעמיי־נעם קומענדיקן צדק און יושר, אין מלכות שדי.

צו 14 יאָר מאַכט מען אים חתונה, אָבער די כלה איז אים נישט געפעלן און ער ווערט נעלם כמעט פון אונטער דער חופּה. ער הייבט אָן וואַנדערן און וואָגלען — נישט גלאַט סתם זיך אַרומשלעפּן איבער דער זינדיקער וועלט. ער פאָרט פון איין הויף צום צווייטן, פון איין צדיק צום צווייטן. ער זוכט נישט נאָר תורה — נאָר ליכט, התלהבות, הימלישע פייערן. וואַלגערט ער זיך אין הויף ביים מגיד, שפּעטער ביים רבין אלימלך און אומעטום באַמיט ער זיך צו בלייבן נישט באַמערקט. אָבער די צדיקים פילן זיין גייסט און דערקענען אין אים אַן אויפגייענדיקן שטערן, און זיי רופן אים צו זיך און גרייטן אים אָן פאַר זיין הויכער מיסיע אין חסידות.

פאַרשטייט זיך, אַז אָן דעם שטן טוט זיך גאָר נישט — כדי דער־גרייכן הייליקע הויכן, מוז מען פריער זינקען אין תהום פון טומאה. און דער חוזה פון לובלין האָט געהאַט געגנוג קאַמפן מיטן שטן, אָבער ער האָט אים תמיד באַזיגט. און יעקב יצחק איז סוף כל סוף געוואָרן דער גרויסער רבי, וואָס האָט זיך באַזעצט אין לובלין און דאָרטן געפירט דעם גרויסן קאַמף מיט די גרעסטע רבנים־מתנגדים און דאָרטן געפירט דעם גרויסן הויף, אָבער תמיד באַשיידן, תמיד אַריינגעטון אין תפילות און געבעטן און תמיד געזיגט נישט מיט מחלוקתן, נאָר מיט זיין הייליקער נאַטור און מיט זיין אמתער תמימות.

אָט איז אַ צווייט אינטערעסאַנט קאַפּיטל — וועגן דעם „ועד ארבע ארצות", וועגן דעם יידישן פּאַרלאַ־מענט אין פּוילן, וואָס האָט עקזיס־טירט אַרום 300 יאָר. ס'איז נישט קיין וויץ, אַז דאָס איז געווען אַ יידי־שער פּאַרלאַמענט. אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. געגנוג צו זאָגן, אַז דער דאָזיקער יידישער סעים, וואָס פלעגט זיך צונויפקומען יעדעס יאָר אין לובלין ביים גרויסן יאַריד, האָט גע־האַט צו זאָרגן פאַר די שטייערן פון דער מלוכה, האָט געהאַט רעכט צו רעגולירן דעם יידישן האַנדל, האָט געהאַט רעכט צו זאָרגן פאַר די רעכט פון פאַרשידענע סאָציאַלע גרופּעס און די גאַנצע פאָלקס־דערציאונג, אין ברייטסטן זין פון וואָרט, איז געלעגן אין זיינע הענט. זיינע תקנות, זיינע באַפעלן, זיינע שטראָפן, זענען געווען די מלוכה־געזעצן. ווידמעט באַלאַבאַן אַ קאַפּיטל דעם דאָזיקן יידישן פּאַרלאַמענט און אין זייער פּשוטע ווערטער און מיט זייער אַ סך פּשוטע ביישפּילן גיט ער אַ קלאָר בילד וועגן דעם אויפקום פון דאָזיקן ועד ארבע ארצות און וועגן זיינע פונקציעס. הייבן הייבט ער אָן פון אַ פאַקט, וואָס וואַרפט באַלד אַ העל ליכט אויף די יידישע רעכט אין אַמאָליקן פּוילן. אַ רייכער ייד, וואָס האָט נישט געוואָלט צאָלן די הויכע שטייערן, וועלכע די פּויזנער קהילה האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, איז אַנטלאָפן קיין האַנאָווער (דייטש־לאַנד). דער ועד פון דער פּויזנער קהילה קלאָגט־צו דעם יידישן גביר צום ועד ארבע ארצות, צום העכסטן יידישן אָרגאַן אין לאַנד. דער גביר ווערט אַריינגעוואָרפן אין חרם און אין אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן בריוו

צו דער קהילה אין האנאָווער ווערט געפּאָדערט, אַז מען זאָל דאָרטן דורכפירן דעם חרם, ווייל „ווער ס'איז פאַרשאָלטן אין איין שטאָט, מוז זיין פאַרשטאָלטן אין אַלע אַנדערע שטעט". און דער חרם דאַרף שטרענג דורכגעפירט ווערן ביז דער גביר „וועט חרטה האָבן און וועט מיט עניוות דערקלערן, אַז ער וויל זיך צוריקקערן אין זיין ווין־שטאָט און העלפן טראָגן אַלע לאַסטן פון דער קהילה".

פּראָפעסאָר באַלאַבאַן באַהאַנדלט אין זיין בוך נישט נאָר געטלעכע זאַכן און נישט נאָר גייסט־אינטערעסן. אָט איז אַ קאַפּיטל וועגן יידישע בעלי־מלאכות אין פּוילן און זייער קאַמף מיט די קריסטלעכע צעכן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט צולאָזן יידן צו האַנטווערק. און דעם יידישן האַנדל ווערט אָפּגעגעבן אַ גאַנץ קאַפּיטל און נאָר אָפּט אויך גרויסע טיילן פון אַנדערע קאַפּיטלען. און אַלע פראַגן ווערן באַהאַנדלט גרינג, לעבעדיק, מיט ביישפּילן פון לעבן, מיט פּרטים, וועלכע מאַכן יעדע פראַגע זייער קלאָר, און מיר פאַרשפּאָרן צוגעבן, אַז אויך מיט קאָמפּעטענץ.

**שמואל ראָזשאַנסקי** שרייבט וועגן ד"ר יעקב שאַצקיס „אין שאָטן פון עבר" („די יידישע צייטונג", בוענאָס איירעס, דעם 27סטן אַפּריל 1947):

ד"ר יעקב שאַצקיס סטודיעס צונויפגעזאַמלטע אין דעם בוך „אין שאָטן פון עבר" — אַרויסגעגעבן דורכן צ. פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע" ווי דער 13טער באַנד פון דער סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" — איז אַ ווערטפולער צושטייער אויף צו קענען די באַציאונגען צווישן יידן און קריסטן. מיר זעען דאָ שטרעבונגען פון יידן און טענדענצן פון יידישקייט הן אין שאָטן פון אייגענעם געזונטן לעבן, הן אין נעראַנגל, שותפות אָדער דורכפאַל מיטן שטן מקטרג.

דער עיקר שילדערט דאָס בוך, ווי אַזוי יידן האָבן זיך געפילט בעת זיי האָבן זיך געוואָלט אידענטיפיצירן מיט פּוילישע פּאַטריאָטן און ווי אַזוי פּוילישע פּאַטריאָטן, ס'רוב פּריינט, האָבן זיך צו זיי באַצויגן אין קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט אָדער פרייהייט פון לאַנד. דאָ שווימען אַרויף פּראָבלעמען פון אַסימילאַציע און געשטאַלטן פון באַרימטע אַסימילאַטאָרן און משומדים. אַנטקעגן זיי געפינען זיך אָבער אויפבליצן פון דער יידישער רעליגיעזער און פאָלקסטימלעכער ראָמאַנטישקייט. פּאַראַן, אַזוי אַרום, אין אַ געוויסער מאָס אַ באַלאַנסירונג. אַנטקעגן די בילדער „אין דראַנג צו טאָטאַלער אַסימילאַציע" און די „פראַנקיסטישע שמד־באַוועגונג", געפינט זיך „דרייהונדערט יאָר צאינה וראינה". אַנטקעגן די טונקעלע זייטן זעען מיר די ליכטיקע זייטן. אַנטקעגן „אַ זעלטענע כאַראַקטעריסטיק פון דער יידישע־שמד־בורזשואזיע" ווייזט אונדז דער היסטאָריקער „די עלטסטע געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין וואַרשע", ווי אויך „אַ פּראָיעקט צו גרינדן אַ שול(ע) פאַר יידישע בעלי־מלאכות אין וואַרשע, אין יאָר 1836" און „צו דער געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין קעניגרייך פּוילן (1840—1860)".

פון איין זייט — אין שאָטן פון פאָלקס־לעבן; פון דער צווייטער זייט — דער שטן מקטרג פון אַסימילאַציע און שמד.

איר זעט דאָ, ווי דער היסטאָריקער אָריענטירט אין לעבן און

זיינע קאָנפליקטן. צילבאַוווּסט, פּראַקטיש, מיט וואַכזאַמען חוש פאַר דער ווירקלעכקייט.

דאָס באַטראַכט ד״ר יעקב שאַצקי ווי די אויפגאַבע פון יידישן היסטאָריקער און דערפאַר שטאָלצירט ער, וואָס ער איז אַ זון פון יידישן פּוילן. „דער יידישער היסטאָריקער אין פּוילן — שרייבט ער אין דער הקדמה צום בוך — איז געווען דער אמוניציע צושטעלער פאַר די קעמפּנדיקע רייען פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. די אַרגומענטן און ראיות, וואָס אַ היסטאָריקער האָט אויסגעגראָבן פון שטויביקע און פינצטערע אַרכיוו־קעלערן, האָבן נאָך אין בוך באַקומען אַן אַקאַדעמישן תיקון. אין לעבן זענען זיי אויסגענוצט געוואָרן אין קאַמף פאַר רעכט אויף דער טריבונע פון פּוילישן סיים, אין די רעדעס פון פּאָליטישע נאַציאָנאַלע טוער, אין דער ליידנשאַפטלעכע פּאָלעמיק אין דער פּרעסע" (ז. 7).

באַשאָנקען מיטן טאַלאַנט אַרויסצוברענגען שווערע ענינים אויף אַ לייכטן אופן און מיט גרינגן לשון, פירט אונדזער אַקאַדעמיקער אַרויס מיט פּאָלקסטימלעכער קלאָרקייט פיגורן און פּראָבלעמען, וועלכע געהערן צו גרויסע באַוועגונגען. ער שרייבט אַזוי לייכט, שאַצקי, אַז עס דאַכט זיך אויס, ווי ער וואָלט פּאָפּולאַריזירט אַזאַ אָדער אַנדערע פראַגע, אַזאַ אָדער אַנדערע פּערזענלעכקייט, בעת אין אמתן פירט ער אַרויס אַ סך פאַקטן, וועלכע זענען אין דער יידישער געשיכטע־ליטעראַטור לחלוטין נייע און וועדליג זייער פאַרנעם, גרינטלעכקייט און קאָנצעפּציעס, ברענגען זיי אַריין נייעסן אין דער אַלגעמיינער געשיכטע.

עס איז, למשל, אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן „אַדאַם מיצקיעוויטש און די יידן", אַ טעמע, מיט וועלכער ד״ר יעקב שאַצקי עפנט זיין בוך „אין שאָטן פון עבר". צייט די דאָזיקע שטודיע איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן (אין די „צוקונפט" פון 1923), איז די דאָזיקע טעמע נאָך אַ סך מאָל באַהאַנדלט געוואָרן. געווען אפילו אַ צייט, ווען זי האָט געדינט פאַר אַ שטורמישער פּאָלעמיק און עס האָט געהאַלטן ביי אַ גרויסן סקאַנדאַל און אַ ביטערן פּראָצעס. נאָר פון דער־אָ גאַנצער פּאָלעמיק איז דער גרונט־געדאַנק און די היסטאָרישע קאָנצעפּציע וועגן דער באַציאונג צווישן דעם גרעסטן פּוילישן פּאָעט און די יידן נישט געענדערט געוואָרן. ד״ר שאַצקיס שטודיע איז אַלץ די איינציקע גרינטלעכסטע שילדערונג פון יענער עפּאָכע, ווען מיצקיעוויטש, פאַרכאַפּט פון מיסטיציזם, האָט געחלומט אַריינצוקומען אין פּוילן מיט אַ יידישן לעגיאָן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין טערקיי און וואָס האָט באַדאַרפט רעוואָלוציאָניזירן פּוילן, אַז די פּאָליאַקן גופא זאָלן מיטגעריסן ווערן אין קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט (1855). דאָס איז זייער אַ וויכטיק קאַפּיטל, וואָס די פּוילישע היסטאָריקער און ליטעראַטור־קריטיקער האָבן נישט געהאַט קיין חשק קלאָר פאַרצושטעלן. אין דעם זין איז סימפּטאָמאַטיש, וואָס יוזעף קאַלענבאַך, איינער פון די גרינטלעכסטע מיצקיעוויטש־פאָרשער, האָט אין זיין צוויי־בענדיקן ווערק איבער דעם דיכטער, אַלץ קלאָר געשילדערט, נאָר אַז ער איז צוגעקומען צום יידישן לעגיאָן, מיט וועלכן מיצקיעוויטש האָט זיך פאַרבונדן, האָט ער פאַרלוירן דעם לשון, איז געוואָרן פאַרנעפּלט און עס האָבן אים אויסגעפעלט אינפאָרמאַציעס אפילו... עס איז פאַר די קריסטן ווייניק געווען, וואָס סיי מיצקיעוויטש איז געווען זיכער, אַז די יידן וועלן אין אַ סביבה פון טאָלעראַנץ און ליבשאַפט זיך אַסימילירן, ווי דאָס האָבן אויך געהאָפט צו „דערגרייכן" די יידישע לעגיאָנערן, וועלכע האָבן געוואָלט אוועקגעבן זייער לעבן פאַר פּוילן.

וואָס עס קען ווערן פון אזא אסי־מי׳לאציע־פּאטריאָטיזם? אויף דעם גיט שאצקי אַן ענטפער דורך דער לעצטער שטודיע, מיט וועלכער ער שליסט דאָס בוך „אין דראנג צו טאָטאלער אסימילאציע". אין דעם קאָלירפולן פּאָרטרעט פון אלעקסאנדער קרויזהאַר, רייך אין פּרטים, וועלכע זענען אומגעהויער כאראקטעריס־טיש פאר דער אנטוויקלונג פון דער פּערזענלעכקייט, זעען מיר דעם יידישן היסטאָריקער, וואָס איז אין זיין גײַיִעג נאָך פּולער פּוילישקייט אוועק צו שמד, איז געוואָרן מיט דער צייט א רעאקציאָנער און א פּרו־מער קאטאָליק. „אין קרויזהאַרס לעבן און אין זיין ליטעראַרישער טעטיקייט — פאַרענדיקט שאצקי זיין שטודיע, וואָס איז געווען פאַר־עפנטלעכט אין „ייוואָ־בלעטער" אין 1943 — זעען מיר א שטיק טאָטאַלע אסימילאציע, א געשיכטע פון איינעם, וואָס האָט אָנגעהויבן ווי א פאָרשער פון יידישן עבר און פאַר־ענדיקט ווי א פארלייקענער פון יידישן היינט" (ז. 228).

ד"ר יעקב שאצקי דערשיינט פאַר אונדז נישט בלויז ווי א היסטאָרי־קער וועלכער וויל דערציילן, וואָס איז געווען, סתם צוליב דערציילן. ער באוואָפנט אונדז מיט ראיות און ארגומענטן, סיי בעת ער שטעלט אונדז אוועק אונטערן שאָטן פון אָרימען אָבער זוניקן יידישן לעבן, ביי דער „צאינה וראינה", סיי ווען ער שטעלט אונדז אוועק קעגן שטן מקטרג, וואָס טרייבט צו אסימילא־ציע און שמד —

**מלך ראַוויטש** שרייבט וועגן חיים גראדעס בוך „פּליטים" („אונדזער וואָרט", פּאריז, דעם 25סטן סעפּטעמבער 1947):

דער פולער טיטל פון חיים גראַ־דעס נייעם בוך לייענט זיך: פּליטים־לידער און פּאָעמען, געשריבן אין ראטן־פאַרבאנד אין 1941—1945, די זעכציק לידער אויף די 181 זייטן פון בוך זענען איינגעטיילט אין פינף ציקלען: פּליטים, אדעם צו דער־זון, דער דיכטער, דערקענסט מיך נישט, מיט דיין גוף אויף מיינע הענט. דאָס בוך האָט ארויסגעגעבן דער, שוין איצט בארימטער, יידי־שער פארלאג פון צענטראַל־פאַר־באנד פון די פּוילישע יידן אין אַר־גענטינע אונטער דער לייטונג פון מארק טורקאָוו און אברהם מיטל־בערג. דאטע: בוענאָס איירעס, 1947. דאָס בוך איז גראפיש באצירט דורך דעם קינסטלער ארטור קאלניק אין אויסגעשטאַט מיט א פּאָרטרעט פון דעם דיכטער, געצייכנט: בען.

שוין אַן אנדערהאלבן צענדליק יאָר איז גראדע באקאנט אין דער יידישער ליריק. ער שטאמט פון ווילנע. געהערט צו דער דאָרטיקער גרו־פּע „יונג־ווילנע" צוזאמען מיט אברהם סוצקעווערן, אלחנן וואָגלער, לייזער וואָלף, ש. קאטשערגינסקי א"א. אין זיין יוגנט — און היינט, אין 1947, איז ער ערשט א ל"ו לויט די יאָרן — איז ער געווען א מוסרניק. אין יאָר 1935 איז דער־שינען זיין זאמלונג „יאָ", וואָס האָט אי צוליב דעם טיטל, אי צוליב דעם אינהאלט און אי צוליב דער פאָרם זיך גאָר שטארק באמערקט. אין יאָר 1915 האָט דער „איקוף" אין ניו־יאָרק ארויסגעגעבן אַן עטלעכע הונ־דערט־זייטיקע זאמלונג פון גראדעס ביז דעמאָלטיקע לידער.

ווען עמיצער וואָלט מיך געפרעגט אויף איין איינציק וואָרט אויף צו באצייכענען מיט דעם חיים גראדעס לידער —און אפשר זיין גאנצן מהות — וואָלט איך געזאָגט: קוואליקייט.

קוואליקע שפּע אין אלע באצי־אונגען איז דאָ אין זיין ליד. עס

קוואַלן דאָ די געדאַנקען און נאָך מער די געפֿילן, נאַטירלעך, עס קוואַלט דאָס לשון, עס מיניעט מיט אַלע קאָלירן און עס רודערט מיט אַלע קלאַנגען, עס קוואַלן די גראַמען, עס קוואַלן די ריטמען, און — ווי די טבע איז שוין אין אַזעלכע פֿאַלן — אָפּטמאָל אויף קאָסטן פֿון צימצום. און צימצום איז דאָך דאָס כּישוף־פֿלעמל, וואָס אַלע דיכטער לויפֿן אים נאָך אַלע זייערע יאָרן און דערגרייכן עס אין דער אמתן קיינ־מאָל נישט, כאָטש עס דאכט זיך נישט איין דיכטער, אַז אָט אָט און דווקא ער האָט עס יאָ דערגרייכט. דערגרייכן דעם צימצום הייסט אין דער אמתן אויפֿהערן שרייבן... וועלכער דיכטער וויל דאָס. עס איז בלויז אַ רעלאַטיווע זאַך: ווי נאָענט אַ דיכטער קומט צו צו אָט דעם כּישוף־פֿלעמל.

אין גאָר אַ סך, און עס דאכט זיך מיר אַפֿילו, אַז מער ווי אין אַלע אַנדערע לידער־זאַמלונגען זיינע, האָט חיים גראַדע אין זיינע פּליטים־לידער דעם צימצום דערווייטערט. די פּליטים־לידער זענען אַ דיכטערישער אָפּשיין פֿון די ליידן פֿון די הונדערטער־טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך אין לאַנגע און טראַגישע קאַראַוואַנעם געראַטעוועט אויפֿן מזרח פֿון אייראָפּע, אין ראַטנפֿאַרבאַנד, אַנטלויפֿנדיק פֿאַר די חיילות פֿון דעם דזשינגיס־כאַן פֿון אונדזערע טעג. צעריסענע משפּחות זענען דאָ געווען כּמעט אַ רעגל און אַזוי אויך גראַדעס קליינע און יונגע משפּחה פֿון בלויז אים און זיין פֿרוי פֿרומע־ליבע קלעפּפֿיש־גראַדע, וואָס איז אין סעפּטעמבער 1943 אוועקגעפֿירט געוואָרן צום טויט פֿון ווילנער געטאָ. איר אָנדענק איז געווידמעט דער פֿינפֿטער און לעצטער ציקל פֿון בוך: מיט דיין גוף אויף מיינע הענט. גראַדע אַליין איז פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן אויף יאָרן קיין טיף־אַזיע, צו די בוכאַרער געגנטן, מיט די דאָרטיקע יידן־רעשטלעך. און אין מיטן דערינען לידער, יידישע לידער... איז עס גורל, איז עס שגעון, איז עס אַ טייוולישע שפּיל אַזאַ, אָדער אַ געטלעכער מוז?

אינאיינעם מיט אַלעמען וואַלגער איך
זיך אויפֿן וועג אין די גריבער,
פֿאַרגראָבן די פּנימער ליגן מיר
פֿינסטער און וואָיען,
אַ קראַנקער בין איך, וואָס געדענקט
נישט זיין נאָמען אין פֿיבער,
דאָך לאָזט מיך נישט אָפּ דער
שגעון —
איך שרייב.
ווען הימל און ערד מישן אויס זיך
אין בלייערנע שלאַקסן,
און סיקרימט אויס דער טויט־שרעק
מיין פּנים, דעם בלייכן,
לייגט רואיק אוועק זיך אַ האַנט
אויף מיין אַקסל:
פֿאַרצייכן.
איך שרייב אין סכנה און טרויעריק
בין איך, געפּייניקט פֿון ספֿק:
וועט ערגעץ דער שטורעם
דערקייקלען מיין פּאַרמעט?
איך שרייב און מיין ליד מוז נאָך
קלינגען לייכטסטראַפֿיק,
כאָטש שווער איז מיין קאָפּ און מיין
האַרץ איז פֿון צער מיר
אַ פֿעלזיקער אָפּברוך פֿון טאָג איז
מיין נאַקעט לייב,
איך זיץ אויפֿן שוועל פֿונעם זון־
אונטערגאַנג און איך שרייב.

כאָטש דאָס ליד דאָ אויבן איז אפשר נישט דאָס בעסטע פֿון די זעכציק אין בוך, איז עס אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פֿון אָט דעם בוך גראַדעס, דערפֿאַר האָבן מיר עס גאַנץ ציטירט. אויך סוצקעווער, וואָס איז אַליין אין געטאָ געבליבן, האָט אונטער נאָך מער טראַגישע באַדינגונגען געשריבן, געשריבן זיין ליד. אין אָט דעם איינגעשפּאַרטן שרייבן איז גרויסער גורל און גרויסע שליחות פֿון יידישן דיכטער, פֿון אונדזער גאַנצער יידישער ליטעראַטור אין די איצטיקע טעג.

אַ דאַנק דער קוואַליקייט פון זיין גאַנצן מהות דעם דיכטערישן איז גראַדע אין טיפן תוך איינער פון די בעסטע דיטיראַמבישע דיכטער אונ־דזערע. זיין ליד בעט זיך צו קוואַ־ליקן, באַגייסטערטן, און דאָס הייסט טאַקע דיטיראַמבישן, פלייצנדיקן וואָרט־אויסגוס און אויך איבערגוס. עס דאַכט זיך אפילו, אז עס פּאָרט זיך נישט דאָס געמיט פון אַ מוסרניק מיט דעם געמיט פון דעם דיכטער פון דער אמעריקאַנער פּרעריע אין פעלקער־געמיש וואָלט וויטמען, נאָר אין גראַדעס ליד פּאָרט זיך עס. און אפילו אין אָט די פּליטים־לידער האָט ער אַ דיטיראַמבישן ציקל „אָדעם צו דער זון". כאָטש בלויז 13 זייטן נעמט אָט דער ציקל אַרום — אנט־פּלעקט זיך אין אים גראַדע אין זיין גאַנצער דיכטערישער קראַפט, אין פולן גלאַנץ. פאַרהאַנגען דאָרט צווישן די שורות צו דער זון אָט אַזאַ מין רוף: פון די אייביקע, שניי־איקע בערג — ווו דו קרייזסט אום אַליין אין די נעפּלען די בלויע — קום אַראָפּ און פאַרענדיק דיין ווערק — דעם מענטש. — און ווען עמי׳ז וואָלט מיך געפרעגט אויף די סאַמע צענטראַלע שורות פון די פּליטים־לידער, די טיפסטע און די דער־הויבנסטע, וואָלט איך געזאָגט, אַז אָט דאָס זענען די שורות: קום אַראָפּ און פאַרענדיק דיין ווערק — דעם מענטש...

כמעט אַ העלפט פון בוך פילן אויס די טראַגישע, עראָטישע, סעק־סועלע אפילו, קאַשמאַרן אין לידער־פאָרם, וואָס גראַדע האָט געשריבן וועגן זיין אומגעקומענער פרוי. דאָס ליכטיקסטע צווישן אָט די לידער איז די ווייטנגליענדיקע וויזיע, דאָס ליד „ליכט" (זייט 160). און כאָטש אָט די לידער זענען אזוי טיף־פּערזענ־לעך, געהערן זיי אָבער צו דעם בוך — אזוי האָבן דאָך הונדערטער־טויזנטער געליטן. נאָך איין נר תמיד אין ליד, אין נאָך איין ווינקל פון דער יידישער טראַגעדיע 1933—1945 איז אַנגעצונדן געוואָרן מיט גראַדעס בוך: פּליטים.

---

וועגן אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער ביכער־סעריע
„דאָס פּוילישע יידנטום" זיך ווענדן:

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**

Pueyrredón 667 Buenos Aires

